
ספר זכרון לקהילות
רמברטוב
אוקוניב מילוסנה
יזכור
העורך: שמעון קאנץ

YIZKOR-BOOK IN MEMORY OF

# REMBERTOV, OKUNIEV, MILOSNA

ועד הספר — בוך־קאָמיטעט:

יצחק קלוגמן

מרדכי רבינרזון | יעקב רובין־שהם
יהודה שולמן | שושנה אוסטשגה־רביוב
אלחנן גרוכובסקי | שמחה פוקס

העורך: שמעון קאנץ

עורך־משנה: שלמה שידלובסקי




הוצא לאור על־ידי אירגון יוצאי רמברטוב, אוקוניב ומילוסנה
בישראל, ארה"ב, צרפת, מקסיקו־סיטי, קנדה, טשילי וברזיל
תל־אביב תשל"ד 1974




# ־בוך

**צום פאראייביקן דעם אנדענק**
**פון די חרוב־געווארענע**
**יידישע קהילות**

# רעמבערטאוו
# אקוניעוו, מילאסנע



# גל
# עד
# לזכרון
# עולם




מקהילותינו לא נותרו אלא עיי חרבות, עפר ואפר, אפר התבערה הנוראה ואפר קדושינו ומעונינו, שחוללו בידי זדים. ערכי הרוח הלכו לטמיון, היו לבז ועלו באש, והיהודים, נושאי הערכים האלה, נשמדו ואינם.

גדול כים שברנו ואין לנו נחומים. יהמה הלב ויפרכס מכאב כשאנו מעלים בזכרוננו את תמונת ההווי היהודי בקהילותינו, את החיים היהודיים רב־גווניים שצמחו בהן והעמיקו שרשים.

נשמור אותם בזכרוננו ונקיים את זכרונותינו־אנו לדורות הבאים, וכך נקדש את זכר קדושינו, למען יהיו צרורים בצרור החיים של עמנו בדפי הספר הזה.

יהא הספר גל־עד לזכרון־עולם !

יתגדל ויתקדש...

**ועד הספר**




נשמות מליוני אחינו ואחיותינו שנכרתו מארץ החיים, את כל בית ישראל שהובל לטבח ואפרו התפזר בכל קצווי תבל; את המעונים והגבורים, את אלה אשר נפלו במערכות הקרב, הרימו את נס המרד ויקדשו את שם ישראל בלחמם ובנפלם בין חומות הגיטו הבוער, בשורות גדודי הפרטיזנים, ביערות ובחזיתות ברחבי אירופה כולה ובלבם חזון העליה למולדת, אמונה באדם ובגאולת ישראל.

## יזכור אלקים

ויחונן את אפרם של קרבנות עם ישראל, עם מקדשי השם, שהובלו המונים המונים אל תאי הגאזים ובתי המשרפות ורמץ עצמותיהם פוזר לדשן שדות גויים מבלי שישאר ציון וזכר, שריד וסימן לחייהם ופעלם עלי אדמות.

## יזכור אלקים

ויצרור בצרור חיי הנצח את הקהילות רמברטוב, אוקוניב ומילוסנה יחד עם מאות ואלפי קהילות קדושות בגולת אירופה שנכרתו ונעקרו בדמי חייהן על זקניהן ועל טפם, אבות על בנים, אמהות על יונקיהן, רבנן על תלמידיהן.

## יזכור אלקים

את כל אלה שהומתו ונשחטו ונשרפו ונחנקו ונהרגו בכל מיני מיתות משונות ואכזריות בידי הצוררים הנאצים בשנות הזוועות ת"ש–תש"ה על חטאם האחד כי ה סבני־אמונה, זרע יצחק ויעקב.

## נזכור

ונספוד לכם בכל כ"ב האותיות, ששפתיהם בהן שירי־תוחלת רנו.

**נזכור — לא נשכח!**



**אלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה, כי בלעוני זרים כעוגה בלי הפוכה.**

(התחלת ה"פיוט" עשרה הרוגי מלכות בעבודת יום הכפורים).

# אלה אזכרה

אי אפשר לתאר במלים את חורבנו של עם ישראל בשנות ת"ש—תש"ה.

אי אפשר כלל למצוא ביטוי הולם לגודל צערנו על אבדן ששת המיליונים יהודים, קדושים וטהורים, שעלו על המוקד בתקופת החורבן הנורא של יהודי אירופה.

אי אפשר למצוא איש שיוכל לקונן את קינת החורבן הזה.

אי אפשר אפילו לנו לעשות כעת דבר בשביל קדושים אלה.

אי אפשר אפילו להקים מצבה על קברם, כי הנצים הארורים שרצחו אותם, שרפו את גופותיהם ולא נודע אנה הלך אפרם.

אבל אי אפשר לנו לשכוח אותם.

אם כי מצבת אבן לא נוכל להקים על קבריהם, הרי יש לאל ידנו להציב להם מצבה סמלית במרתף השואה על הר־ציון בירושלים, ונוכל גם להעמיד להם מצבה רוחנית.

מצבה זו — תולדות העיר וזכרונות אשיה — היא נר לזכרם, למען יחיה לעולמי־עד.

ונסיים בתפילה שהיא גם סופו של הפיוט "עשרת הרוגי מלכות" ליום הכפורים:

חנון, הביטה ממרומים,
תשפוכת דם צדיקים ותמצית דמים
תראה בפרגודך והעבר כתמים,
מלך יושב על כסא רחמים!

# אל מלא רחמים

דיין אלמנות ואבי יתומים
אל נא תחשה ותתאפק
לדם ישראל שנשפך כמים
תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה
במעלות קדושים וטהורים
כזוהר הרקיע מאירים
ומזהירים לנשמותיהם של
קדושי

## רמברטוב, אקוניב
## ומילוסנה

אנשים ונשים ילדים וילדות
שנהרגו ונשחטו ונשרפו
ונחנקו ונקברו חיים
כלם קדושים וטהורים
ויצרור בצרור החיים את נשמתם

## ארץ אל תכסי דמם

# בשער הספר



שרידי העיירות רמברטוב, אוקוניב ומילוסנה מגישים בזה ספר־זכרון לזכר יהודי העיירות הללו שנספו בשואה האיומה, על־ידי קלגסי היטלר ימח־שמם.

אחריות גדולה רובצת עלינו להציב יד ושם לקדושינו ולהש־איר שם ושארית לדורות שיבואו, שידעו על חיי הורינו ומשפחותינו, שקיימו חיי קהילה תוססים ומאורגנים והשתלבו — יחד עם יתר חלקי העם — בפעולות להחדרת ושמירת הערכים הנצחיים של האומה.

נגולל בספר זה, עד כמה שידינו מגעת, את החיים התוססים שלהם וכיצד חיו ופעלו במשך שנות קיומם, עד הימים המחרידים של תקופת ההרס והחורבן, כאשר הקהילות נהרסו עד היסוד. כמובן, שאין באפשרו־תנו לשרטט תמונה שלמה מפעולותיהם של יקירינו, משמחתם ומיגונם, על כל פרטיהם, כי חלק מהשרידים הלכו כבר לעולמם ויחד עמם גם זכרונותיהם והרבה עשו גם שיני הזמן. נשתדל כמיטב יכלתנו להעלות על הכתב איך התפתחו הקהילות הקטנות הללו בתקופת קיומן הקצרה, כי לא היו עתיקות כקהילות אחרות.

לא נשארו לפליטה לא פנקסי הקהילה ולא פנקסי חברה־קדישא ולא תעודות אחרות, ולכן עיקרו של הספר הוא המציאות הקרובה, זו של השנים בין שתי המלחמות העולמות, והמקור היחיד להכרתה הוא הזכרון של יחידים מבני־עיירותינו.

הזכרונות נכתבו בדם־לבם של כותביהם ומספריהם, ותוכם רצוף אהבה רבה. אכן כולנו נושאים בלבנו את עיירת־ילדותנו, עיירה זערערת שלנו, כי היא התחנה ממנה יצא מסענו הראשון, שם ספגנו את האהבה לעמנו ולארצנו, ומדי דברנו בה עולים בזכרוננו האישים והעסקנים,

הלומדים ופשוטי העם, שקיימו חיי־חברה ערים, הקימו מוסדות סוציאליים, מוסדות־צדקה ומעל לכל — מוסדות־חינוך: חדרים ובתי־ספר.

ישמשו איפוא הדפים הללו כנר זכרון לקדושינו ויהוו גל־עד צנוע לקהילות האמורות שחדלו להתקיים ונשארו רק חרותים על לוח לבנו.

כוונתנו להנציח שמם וזכרם של יקירינו לא באה כדי להוסיף עוד ספר למדף הספרים. אין אנו מתיימרים להידמות לקהילות הגדולות והוותיקות שהוציאו ספרים עבי קרס, המעוטרים במגילות יוחסין מרבות השנים. בעוד שלספרים הללו נרתמו סופרים ומשוררים מחוגים שונים, שנמנו על יוצאי הקהילה, הרי בספרנו לא הושם הדגש על הכח הספרותי והוא מכיל רק חומר כרונולוגי, המתאר את חייהם של היהודים היקרים הללו. זאת היא מטרתנו וזו המגמה העומדת לנגד עינינו בהנציחנו את הקהילות הקדושות שחוסלו על ידי הצורר במחנות ההשמדה ומקומם לא נודע.

דפי הספר ישמשו כמצבה לזכרם של יקירינו הקדושים הי״ד ומדי פעם בפעם, כשניקח ספר זה בידינו בכדי להזכר באלה שהיו ואינם עוד, תהיה זאת מעין הליכה על קברי אבות. גם בנינו אחרינו והדורות הבאים ילמדו להכיר מתוכו את מקור מחצבתם ואת אלה שהיו מושרשים במסורת אבות, שמרו בקדושה על רציפות הדורות, הוסיפו דף של מעשים טובים כשותפים נאמנים לכרם בית ישראל בפולין ושמשו חוליה נכבדה בשלשלת המפוארת, ששמה היתה ״יהדות פולין״.

ספר זכרון זה הוא גם קול זעקה שלא ידום לעולם ולא תרפה מתביעת־נקם בעד הדם שנשפך על אדמת־פולין. תפקידו ויעדו של ספר זה הוא לא רק להזכיר נשכחות, להקים יד לאלה שמתו על קידוש השם, להעלות נר־זכרון לנשמות הקדושות והטהורות, אלא גם להשמיע תביעה כתובה באותיות של אש ודם:

״זכור את אשר עשה לך עמלק!״

בכלל זה גם העמלקים של המאה העשרים, מרוצחים שידיהם מגואלות בדם, הממשיכים בשנאת־יהודים עד היום.

צוואתם של קדושינו היתה: זכור ואַל תשכח!

**יצחק קלוגמן**

# והגדת לבנך




## אריינפיר

אין דאָזיקן יזכור־בוך צום אָנדענק פון אונדזערע קדושים שפּיגלט זיך אָפּ דער טראַגישסטער חורבן פון דריי יידישע קהילות: רעמבערטאָוו, אָקוניעוו און מילאָסנע; אויפן פאָן פון אַ שווידערלעכער עפּאָכע, ווען אַ וועלט האָט רואיק צוגעקוקט זיך צום ווילדסטן באַרבאַריזם פון די היטלעריסטישע קאַניבאַלן, ווי זיי האָבן מיט גרויליקער אכזריות, נאָך די שווידערלעכסטע מאַראַלישע און פיזישע עינויים, אויסגעשאָכטן אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, זעקס מיליאָן מענער, פרויען און קינדער.

מיט גלייכגילטיקע הערצער און אָפּגעטעמפּטע מוחות האָט די קריסטלעכע וועלט פאַרמעקט דאָס גרעסטע פאַרברעכן פון אונדזער אומגליקלעכער צייט און איז גרינג איבערגעגאַנגען צו טאָג־טעגלעכע פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע באַטראַכטונגען און פארגעבונג.

אונדזער יזכור־בוך איז דערפאַר אויך דאָס בוך פון חשבון, וואָס עס וועלן נישט אויפהערן מאָנען די הונדערטער טויזנטער יתומים פון פאַרטיליקטע משפּחות. פון די זכרונות אין דאָזיקן ספר גייט אויף דאָס רייכע אין גייסט יידיש לעבן אין אונדזערע מקומות, וואָס איז אַזוי ברוטאַל חרוב געוואָרן. עס קומען אויף די היימיש־נאָענטע גע־שטאַלטן מיט זייער וווּנדערלעכער אמונה און הויכער מאָראַל, זייערע שיינע מידות, זייער יום־טוב און אינדערוואָכנס, זייער גרויסן יידישן כוח, הייליקע עקשנות און דורכגענומענקייט מיט רחמים, מיט אהבת המקום און אהבת הבריות — אַלץ איז אומגעברענגט געוואָרן מיט דער גרויזאַמסטער אכזריות.

מיט הייליקן ציטער דערפילן מיר דעם געבאָט צו פּאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע נאָענטע און טייערע. מיר דערמאָנען דערשיינונגען און שטרעמונגען, וואָס זענען מסוגל צו באַפרוכפּערן אונדזער טאָג־טעגלעכקייט און באַשיינען מיטן ליכט, וואָס האָט געשטראַלט פון אונדזערע שבת־יום־טובדיקע טאָטעס און מאַמעס און די נשמה יתירה האָט זיך נישט אָפּגעטון פון זיי אפילו אין די גרויע וואָכן־טעג. מיר לעבן אויף די זכרונות פון די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן מיט אַזאַ דורשט איינגעזאַפּט אין זיך יידיש און אייראָפּעאיש וויסן, קולטור, אידעאַלן, געשטרעבט צו נאַציאָנאַלער גאולה, צום איינפירן יושר און ברידערלעכ־קייט. אַלע זענען זיי געווען געלייטערט אין הייליקן פלאַם פון שטאָלצער יידישקייט. אַזעלכע זענען אויך געווען די יידן פון אַ גאַנץ יאָר, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ערלעכקייט, פשטות און טיף־מענטשלעכע מידות.

אונטער די חורבות פון יידישן פוילן ליגן אויך צעשמעטערטע רעמבערטאָוו, אָקוניעוו און מילאָסנע. אין מיר האָט דערפאַר די גאַנצע צייט געלעבט דער חוב, וואָס ליגט אויף אונדז אַלע, צו שטעלן אַ מצבה די מענטשן, מיט וועלכע איך בין צוזאַמען געוואַקסן פון מיינע פריסטע יוגנט־יאָרן און האָב צונויפגעזאַמלט די געשטאַלטן וועלכע האָבן געהאַט זייער פּאַרדינסטפולן חלק אין אַלע צווייגן פון יידיש לעבן אין שטעטל, אומעטום ווו עס האָט געשפּראָצט מיט איניציאַטיוו און שאַפונגס־ענערגיע.

מיט לייב און לעבן האָב איך זיך אַריינגעטון אין דער דאָזיקער אַרבעט, צונויפצוקלויבן די געלייטערטע פונקען פון זייערע נשמות און דאָס טיף מענטשלעכע אין אַלע זייערע דערהויבענע מעשים. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך שרייב וועגן זיי, איז בלויז אַ בלאַסער אָפּשיין פון דעם גרויסן פלאַם, וואָס האָט געברענט אין זיי, אָבער אַזוי איז דאָך יעדער נר־תמיד — נישט מער ווי אַ קליין ליכטל ביים ארון־קודש, אָבער דאָך אַנטהאַלט עס אין זיך די גאַנצע מיסטישע קדושה פון השארת־הנפש, פון מתייחד־זיין זיך מיטן אָנדענק פון די אַוועקגעגאַנגענע.

עס איז איבער אונדזערע כוחות צו באַשרייבן אין דער גאַנצער ברייט און טיף די גרויסקייט פון אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן. מיין ציל איז געווען אַרויסצוהייבן זייערע גייסטיקע ווערטן, וועלכע מיר הערן נישט אויף צו באַוווּנדערן, אָן אונטערשיד צו וועלכער שטרעמונג זיי האָבן געהערט. כ׳האָב זיך אָנגעשטרענגט ווי ווייט מעגלעך איבער־

צוגעבן דעם געשיכטלעכן אמת, אָבער כ'האָב עס נישט געטון מעכאַניש, נאָר מיט דער גאַנצער אהבה, וועלכע כ'האָב איינגעזאַפּט אין זיך אין מיין היימשטעטל און האָב געהאַט די מעגלעכקייט צו קענען די מענטשן פּערזענלעך, דערפילן זייער ערלעכקייט פון אייגענער דערפאַרונג און פאַרנעמען די המשכדיקייט פונעם היינט מיטן נעכטן.

די אַלע געשטאַלטן ווערן דורך מיר באַשריבן אין יידיש, רעכענענדיק זיך דערמיט, וואָס יידיש לשון איז געווען די שפּראַך פון אונדזערע עלטערן, פון דער יוגנט און פון די קינדער וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס פון די וויגן. אונדזערע שטילע, ערלעכע טאַטעס און מאַמעס האָבן אין יידיש לשון אַריינגעגאָסן די גאַנצע שפע פון זייער געמיט, דאָס ליבטיקע און דערהויבענע אין זייער לעבן און דעם שוידער פון זייער לעצטן אויסגעשריי אין די מינוטן ווען זיי האָבן אָפּגעגעבן די נשמות דעם בורא.

מיר שרייבן אויך דאָ פון אַלע אונדזערע נאָענטע וועלכע זענען אין די ערשטע מלחמה־טעג אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל פון זייערע משפחות און היימען און זענען געלאָפן איבער די פּוילישע וועגן זיך ראַטעווען און דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן אָדער געלאָפן אויף יענער זייט סאָוויעטישער גרענעץ און אויך דאָרט נישט געראַטעוועט זיך פון טויט.

זאָלן די בלעטער פון דעם בוך, דורכגעזאַפּטע מיט טרערן און בלוט, זיין אַ מצבה פאַר אונדזערע נאָענטע און טייערע, וואָס זענען אומ־געקומען מיט כלערליי מיתות און פּיינען; פאַרצערט געוואָרן אין די פלאַמען און גאַז פון טרעבלינקע, אין די תפיסות און לאַגערן אין וויטן סיביר.

זאָל דאָס בוך אויך זיין אַ מצבה אויף איינצלנע און מאַסן־קברים, וואָס זייער אָרט איז נישט באַוווּסט.

זאָל אין די יזכור־בלעטער אָפּקלינגען דער רוף און וואָרענונג צו די פעלקער, וועלכע האָבן זיך נישט ווּסנדיק געמאַכט ווען אונדזער בלוט האָט זיך געגאָסן פאַר אַלעמען אין די אויגן.

זאָל דאָס געדעכעניש פון אונדזערע קדושים לייכטן ווי אַן עמוד האש פאַר אונדז און פאַר די ווייטערדיקע דורות און זאָלן די נעמען פון אונדזערע קהילות בלייבן איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער און אין די הערצער פון אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער.

**שלמה שידלאָווסקי**

# קורות העיירה



"איכה ישבה בדד..."

# די
# געשיכטע פון שטעטל

# העיירה וקורותיה

ההיסטוריון שיחפש תמונה רבתי של תולדות עם על פי דוגמה בזעיר אנפין, הסופר שיבקש לחבר אפוס על עולם ששקע, על גווני גווניו השונים, על כל הגלוי והסמוי והנרמז שבו, יקח את רמברטוב היהודית לדוגמה מתאימה. דווקא משום הטיפוסיות שלה, ודווקא מפני שלא היתה יוצאת דופן. היא גילמה את כל הצדדים המהותיים של הגורל היהודי בתקופה בין שתי מלחמות העולם. כל דפוסי הקיום וכל רחשי רוח ואידיאולוגיה מצאו להם ביטוי בקהילת רמברטוב: המאבק בין הישן והחדש. היו בה חסידים ומשכילים, יהודים תמימים וטובים, למדנים חריפים ויהודים פשוטים, אך בעלי לב ומוסר. היה בה נוער נפלא, תוסס וער, שהתעתד לגאולה.

כאלו היו גם אוקוניב ומילוסנה, והיה אם ישאל השואל לעיירות החרבות אם יש להן עוד שם וזכר בלב בניה, יגיד לו המגיד: אדרבה, פתח את הספר הזה וקרא בו. הלא כעבור בין בתרי־לב, כן עובר אתה בין דפי הספר הזה, אשר בו לבבות מפעמים ומת־רפקים על דורות האבות. קרא וראה כי חן העיירות על בניה וכי כחותם היא קבועה בלבותיהם, ויען כי חיה היא בלב בזכרונם אות היא, כי נכונו להן ולאוצרותיהן חיי־עולמים בתולדות עמנו.

דפי הספר הזה מעלים מתהום הנשייה רשומות ורשמים מן העבר, דמויות יקרות ונעלות, ציורי אימים ועדויות מזעזעות מנתיב היסורים והאבדן; ציון להנצחת אישים ומוסדות; גל־עד של עלי־יגון ודווי, ספוגי רגשות אהבה וכליון נפש; נפש — להשארת הנפש של היקר והקדוש, שנעקר והושמד ברשעות מרצחים זידונים. ערכו של הספר הוא בערכי החיים הגנוזים בו, בנשמה היהודית העממית הצרורה בדפיו, המשמשים כעין אספקלריה מאירה לדמותן של העיירות, תכונותיהן וסגולותיהן, דברי־ימיהן ואורחות־חייהן, לבטיהן ועלילותיהן, אנשיהן בחולין ובקודש.

כזה הוא הקסם אשר לרשימות ולמאמרים בספר זה, חן הפש־טות העולה מן הכתוב על־ידי שרידי האינטליגנציה, עסקני ופעילי המפלגות, אותם הצעירים הנלהבים שראשיהם הכסיפו בינתיים; כל אחד עם פרק מזכרונותיו, כל אחד ועולמו עמו, סגנונו ודרכי־הבעתו וצינורות־יניקתו, אך לעינינו נראים הם כממלאים ומשלימים עולם אחד גדול, אליו אנו חוזרים בהתעוררות חדשה, כי בחזרנו אליהם אנו מתוודעים אל עצמנו, שבים למקורנו.

שמעון קאנץ

לזכר משפחתי הקדושים שנפלו ונרצחו
ע"י הרוצחים הנצים בטרמבלינקה







האמא: פייגעלע
האחים: ברוך, לייבל, אַנשל, שלמה שאול
אחיות: חוהלע, פערעלע
הגיסים:
אהרן פרקל, ישראל אהרן ביאַלער, דודקע בראַמבערג
והגיסה ליבעלע ומשפחותיהם

ה' ינקום דמם!

יזכור ה' את נשמות:
האבא ר' מנחם מנדל, האח נפתלי, אחות גיטעלע זכרונם לברכה
אשר נפטרו לפני השואה ברמברטוב

המתאבל:
יצחק קלוגמן

## לזכרון עולמים



יחיאל ובריינה וב"ב
זונשיין ז"ל

חנוך וינטה
רבינרזון ז"ל



מיט טיפן ווייטאק דערמאָנען מיר דאָ
אונדזער אומפאַרגעסלעכע פאַמיליע,
וועלכע איז אומגעברענגט געוואָרן
דורך די באַנדיטישע דייטשן

טאַטע־מאַמע:
**טוביה און חיה בימבליך**

ברידער:
**יאנקל און לייזער**

שוועסטער:
**פראדל,ביילע און רבקה**



פאַראייביקן:
שיינדל בימבליך־מינץ, קרית־חיים
אברהם בימבליך, טאָראָנטאָ

## נשמתם עדן



לזכר משפחתי "בית פינקלשטיין" שנפלו ונרצחו ע"י הנאצים ימ"ש
בטרמבלינקה

האמא:

**אטל פינקלשטיין**

האחים:

**אברהם, יהושע, שכנא, משה ומשפחותיהם**

האחיות:

**צביה, לאה, פייגע והגיס בערל בראמבערג ומשפחותיהם**

יהא זכרם שמור לעד

המתאבל:

**אלימלך פינקלשטיין**, נהריה

לזכרון עולם של משפחתנו היקרה מ"בית השוחט",



יהושע קדים (אוסטווינד)



מאיר, פייגע־לאה מיודובניק
הילדים: חיה־אסתר, אברהם־יצחק וחיים־שלמה



פסקה שניצר, חיה, נפתלי ושיינדל רפפורט
יושבות מימין: פרומט וחנה שניצר
יושבות על הדשא: רבקה ולאה רפפורט

**שנרצחו באכזריות ע"י הרוצחים הגרמנים בטרמבלינקה**



יחזקאל, יפה ופנינה רפפורט
הדוד של יפה



יושבים:
יחזקאל רפפורט, אברהם יצחק מיודובניק, צורטל ברכה רפפורט, חיים שלמה בינם, פייגע לאה וחיה אסתר מיודובניק.
עומדים:
יחיאל, מנשה ומרדכי רפפורט

ת. נ. צ. ב. ה.

המנציחים:

**מאָטל וגליקע**

מבית השוחט אבינו ר' ישראל יצחק רפפורט ז"ל

שורה 1 — מימין לשמאל:

אמא — **תהילה** לבית **סטרושביעצקה** מקלוין

אבא — **שמואל**

סבתא — **שרה** לבית **גרוכובסקי**

שורה 2 — מימין לשמאל:

אח — **יהודה**

הבן — של **חיה־ברכה ואברהם**

אחות — **חיה־ברכה**

שורה 3 — מימין לשמאל:

אחות — **דאָבע־לאה**

**ראובן** — הבן של **יהודה וחוה**

אשתו של אחי יהודה — **חוה** לבית **זרומב**

שורה 4 — מימין לשמאל:

אחות — **באשע**

אח — **שלמה**

אח — **אברהם־יצחק**

אח — **בנימין**

המנציחים:

יעקב רוביך־שהם

צבי־מרדכי רובין

גיטל־טובה קוצינסקי־רובין



# לזכרון נצח

**משפחתי — בית אוסטזשגה שנספו בשואה בטרמבלינקה**

למעלה (מימין, בעמידה): **האבא צבי, האמא בתיה, והדוד פסח.**

באמצע (מימין): **האח דוד, אחות שושנה, הסבתא תהלה.**

בשורה שלישית (יושבת): **הסבתא שרה רודניצקי, אחותי רחל ואחי פנחס.**

במסגרת: **אחותי חנה ואחי שלמה.**

מנציחה:

**שושנה אוסטזשגה־רביוב**

## חבל על דאבדין ולא משתכחין!



לזכרון נצח

מיינע טראַגיש אומגעקומענע

עלטערן

**ר׳ יהושע און לאה**

**אַליוועגשטיין**

און די גאַנצע משפחה

ליבל אַליוועגשטיין, חיפה

אויפן בילד: די מאַמע לאה ז״ל מיט צוויי אייניקלעך

לזכרון עולמים

מיין טראַגיש אומגעקומענעם

טאַטן

**ר׳ ישעיה זילבערבערג**

מיינע שוועסטער און ברידער

מיט זייערע משפחות

פייגע אַליוועגשטיין־

זילבערבערג

אויפן בילד: מיין ברודער משה ז״ל און מייע שוועסטער רבקה ז״ל

## לזכרון עולם

### של משפחתנו היקרה מרמברטוב אשר נרצחו ע"י הפושעים



האבא: שאָלקע רובין



האמא: יאָספע רובין



האח: אברהם רובין



האח: יעקֹב רובין
עם אשתו שרה

הגרמנים בטרמבלינקה בשנת 1942 ה׳ ינקום דמם!





אחות:

## ריווטשע רובין

אחות:

## סאַלטשע רובין

יהא זכרם ברוך!

המתאבלים:

חנה רובין־שטרנברג

לאה רובין־שקרלט

תל־אביב



לזכר עולם נשמות קדושים מעונים

טאַטע־מאַמע:

**נחמיה** און **רבקה פרידמאַן**

ברודער:

**שמחה**

שוועסטער און שוואָגער:

**אברהם** און **דאָבע דולמאַן** מיט זייער איינציק קינד

שוועסטער:

**פייגע**

מומע: **סימע**

און דער אומגעקומענער אין ישראל בעד המולדת, מאַן און שוואָגער
**שלמה אייזנבערג**

פאַראייביקן זייער אָנדענק:

**אנשל** און **שיינדל פרידמאַן**, חיפה

## יזכור





מיינע עלטערן:

**דוד** און **חיה אַסטזשעגא**

ברידער:

**אברהם מרדכי, יאנקל יאָסל**

שוועסטער:

**שרה ליבע, שיינדל** און **עטל**

וועלכע זענען דורך די רוצחישע נאַצישע מערדער אומגעברענגט געוואָרן
על קידוש השם אין טרעמבלינקע

ביגון־עולמים:

**בתיה (בעטי) אסטזשעגא־האָרן**

און מאַן **איזי (פיטסבורג)**

# תוכן העניינים — אינהאלט



## הווי ודמויות — געשטאַלטן און לעבנסשטייגער

## חיי החברה, תרבות והווי — לעבנסשטייגער קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט

זייט



## אימי השואה — חורבן און אומקום

## אוקוניב



## מילאָסנע



יצחק קלוגמן

# ראשיתה של העיירה



עיירה הקטנה הזאת, היא כמעט הצעירה מכל העיירות שבפולין. שנות חייה קרוב לששים שנה בס"ה. למרות גילה הצעיר, התפתחה במהירות רבה ועלתה יחסית על כל שכנותיה, שהיו מבוגרות ממנה בהרבה. החיים התוססים שבה, הצבוריים והתרבותיים, העלו אותה למקום נכבד בין העיירות הקטנות בסביבתה. הגורם לכך היה קירבתה לוורשא עיר הבירה, ששכנה קילומטרים ספורים בלבד מרמברטוב. המגע היום־יומי עם עיר הבירה הוציא אותה מן המנטליות של העיירות הקטנות שיש להן אופי מיוחד.




תחנת הרכבת ברמברטוב — די רעמבערטאָווער באַן־סטאַציע

הנה למשל, פרט אחד שיטיל אור על מהותה של עיירתנו: כידוע, המודד של רמת התושבים נקבע לפי החיים התרבותיים השוררים במקום. בהקשר לכך יכולים להעיד הרבה כוחות אינטלקטואלים, מכל החוגים שנשארו עוד בחיים ותרמו הרבה להתפתחותה הרוחנית, שרמברטוב הצטיינה בשטח זה למופת מכל הבחינות. ארגונים מכל החוגים, החל מאגודת ישראל ועד פועלי־ציון, ניהלו פעולות כל אחד בשטח שלו, בממדים נרחבים, שלא עמדו בכל יחס לגדלה של העיירה.

ועוד פרט מענין הראוי לציון אשר איפשר פעולות נרחבות לכל החוגים: הארגונים השונים לגווניהם המרובים היו להם בנינים משלהם. "אגודת ישראל" עם בנין משלה (ע"י הנדבן ר' יצחק רובין הי"ד). "צעירי מזרחי" עם בנין משלהם, אנשי "התאחדות" עם בנין משלהם.

עובדה זו דירבנה רבות לעבודה ולפעילות עניפה. הרצאות נשמעו מדי פעם בפעם. כל ארגון השתדל להביא כוחות מעולים מוורשה ורק "התותחים הכבדים" נוצלו למטרה זו. אמנם לא פעם גרם הדבר להתגוששות בין המפלגות, עם הפרעות אחת לשניה, אך בכל זאת, גם צד שלילי זה היה הגורם לתסיסת החיים שלה ולא העיב על החיוב והטוב שבקרבה. להיפך, היתה מעין התחרות תמידית בין המפלגות להקנות לחברים ידע בכל השטחים החברותיים. אמנם לבתי ספר לא דאגו, מפאת קירבת העיירה לוורשה וכולם העדיפו לשלוח לעיר הבירה את ילדיהם, דבר שכרוך היה בנסיעה של 15 רגעים בלבד. רק בית ספר אחד התנוסס למופת ולתפארה ברמברטוב, היה זה "בית־יעקב" לבנות, שנוסד הודות ליוזמתו של אברך אחד בשם ר' ישראל אהרון ביאלר הי"ד, חתנו של ר' מנחם קלוגמן ז"ר, שלא רצה להשלים עם המצב שהבנות תצטרכנה לנסוע לוורשא. אברך זה, עם עוד כמה אברכים, נרתמו לפעולה נמרצת להקמת בית הספר, ודבר ד' הצליח בידם. הרבה בעלי בתים נתנו את ידם למבצע ועזרו כמיטב יכלתם להגשים את המשימה. אם כי היה הדבר קשור בהרבה הוצאות ובקשיים כספיים לא הופחדו מכך העסקנים. ההתלהבות המרובה של הורי הבנות, שראו שעמלם נושא פרי טוב, עידד אותם להתגבר על כל הקושיים שעמדו בדרך ולהשלים את המלאכה.

הרבה שנים לפני זה קמה מעין ישיבה קטנה, ביוזמתו של ר' שמעריל סירעק ז"ל וחבר עוזרים על ידו. הוא היה מהאישים הבולטים בעיירה. כתלמיד חכם שאיכפת לו כל דבר, לא נח ולא שקט עד שהקים ישיבה בבית המדרש של העיירה. המגידי־שעורים היו מתנדבים, מבני תורה של העיירה, כך שהבעיה הכספית לא העיקה על העוסקים. הרבה שנים התקיימה הישיבה ורובם של הנערים בני הורים דתיים למדו בה. ישיבה זו היתה יסוד חשוב לבחורים רבים, שהתקבלו לאחר זמן בישיבות הגדולות.

היהודים ברמברטוב התפרנסו בכבוד והפרוטה היתה מצויה תמיד בכיסם של

דרי המקום. רמברטוב כמקום רכוז גדול של צבא, כמקום לאימונים "פאליגון" בלע"ז וגם כמקום שבו היה אויר צח שהתאים למעוני קיץ, סיפקה ב"ה פרנסה בכבוד לתושבי העיירה ובמיוחד שפר חלקם של תושבי העיירה, כשהוקם בית החרושת לנשק, שהעסיק כמה אלפי פועלים. אם כי רוב הפועלים לא היו מקומיים והם באו מורשא וחזרו באותו יום לעיר הבירה, כי התחבורה לורשא היתה נוחה, בכל זאת, נהנו תושבי העיירה בעקיפין ובמישרין מהאוכלוסיה הלא יהודית, בכל השטחים, אם זה במסחר, בסדנאות, בהקמת בנינים וכו'.

החיים זרמו להם במסלולם הרגיל. למרות שהאנטישמיות היתה טבועה בחלק הארי של הלא יהודים מתושבי העיירה, לא היתה לכך השפעה על החיים הסדירים, ובחסדי ד' לא הפיקו זממם. רק משנת 1933, כשהיטלר ימ"ש עלה לשלטון בגרמניה, התחילו גם האנטישמים בפולניה להרים ראש, בארגנם נוער בשם "נארה". פעולתם הראשונה היתה להשתיק את המסחר היהודי, על ידי תעמולה רחבה "סווי דאָ סוועגו" ולא נתנו לגויים להכנס לחנות של יהודי, אם כי הגויים העדיפו דוקא לקנות אצל יהודים כי זה השתלם להם מכמה בחינות, מחירים זולים, תשלומים נוחים ועוד.

מאז התערער המצב המסחרי בעיירה, אבל היהודים לא אמרו נואש. הם רצו



קבוצת צעירים במסיבת־פרידה לעלייתו של יצחק קלוגמן לארץ־ישראל.
אַ גרופּע חסידישע ייִנגעלייט ביים געזעגנונגס אָוונט אין רעמבערטאָוו, צום אָפּפאָר פון איטשעלע קלוגמאַן נאָך ארץ־ישראל.

להשלות את עצמם, כי זו רק תקופת מעבר וכי הפיקחים שבגויים יבינו שאין זה משתלם להשתיק ולהחרים את המסחר עם יהודים, כי הרי היהודים היוו את הרוח החיה של המסחר בפולין. החרשתנים הגדולים ביותר בפולין היו יהודים ורק העיר לודז' בלבד, למשל, העסיקה עשרות אלפי פועלים לא יהודים ע"י חרשתנים יהודים, האם יתכן הדבר שכל זאת יחוסל? כך חשבו היהודים בלבם, וכך הרדימו את עצמם בהשליה, "אין דבר, נחכה עד יעבור זעם והכל על מקומו יבוא בשלום". עד שבא היטלר ימ"ש וכבש את פולין והפך הקערה על פיה. הוא התחיל "לפתור את הבעיה היהודית" בשותפות עם האנטישמיים בפולין, שהיו לו עוזרים ראשיים בהכחדת יהודי פולין. באותו זמן קמו והתעוררו האנטישמיים הגלויים והנסתרים ו"פתרו" במשותף עם הצורר את הבעיה היהודית. הכורת האכזרי לא ריחם על האנשים, נשים וטף והשמיד את כל מי שבשם יהודי ייקרא. עיירתנו לא נמלטה מיד הרוצחים ושתתה את כוס התרעלה עד תומה, יחד עם כל בית ישראל בפולין הי"ד.

השנים החולפות עלולות, אולי, לטשטש ולהשכיח את יגונו של הפרט ולהעלות ארוכה לפצעיו, אולם אנו ממאנים להתנחם על השבר, השכול והיתמות, וככל שאנו מתרחקים מהתקופה הנוראה, כן אנו מצווים ביתר שאת להזכיר ולהנציח את גודל אסוננו, לחנך ולהחדיר בלב ילדינו את תודעת השואה, ולו רק למען הדורות הבאים, כפי שנאמר: "והגדת לבנך" — לאסוף שברי־לוחות, רסיסי־יצירות וזכרונות מחיי העיירה ויהודיה, לנסות ולהאיר את ההווי הציבורי, הדתי, התרבותי והכלכלי, בטרם יישכחו וירדו לתהום הנשיה.

האם נתן לרדת לשכחה את הפאר הזה? האם נתן ששיני הזמן יכרסמו בזכר הורינו, אחינו, אחיותנו, שחיו על פי דרכם ותרמו למסכת החיים בקהילת ראמברטוב? הנה תשובתנו: מעשי העיר, בה חיינו ופעלנו כתובים בספר.

יהא זכר הקהילה ברוך.



# אונזער שטעטל
# רעמבערטאָוו



ונדזער שטעטל רעמבערטאָוו, די היים, וווּ אונדזער וויג איז געשטאַנען, וווּ טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער האָבן געוווינט און די גאַנצע משפּחה, פֿאַרצווייגט און פֿאַרגלידערט, האָט געלעבט, דערצויגן קינדער און צוזאַמען מיט דער מאַמעס מילך איינגעזאַפּט אין זיך אַזוי־פֿיל שיינקייט פֿון יידיש לעבן, פֿון גלויבן און האָפֿן.

רעמבערטאָוו, דאָס שטעטל, פֿון וואַנען מיר האָבן געשעפּט אונדזער יניקה און וווּ קליינע און גרויסע געשעענישן האָבן אונדז פֿאַרבונדן מיט אַלעם, וואָס האָט דאָרט געלעבט. מיט בענקשאַפֿט דערמאָנען מיר אונדזער שטעטל, וואָס איז געווען אַ וועלט אַ גאַנצע.

רעמבערטאָוו, אַזאַ ווי עס איז געווען, אַ שטעטל מיט גוטע און טייערע יידן, פּשוטע תהילים־זאָגער און לומדים מיט שאַרפֿע מוחות, סוחרים און בעלי־מלאכות — ווי לעבעדיק שטייען זיי אַלע פֿאַר אונדזערע אויגן, כאָטש צענדליקער יאָרן זענען פֿאַרגאַנגען זינט מיר זענען פֿון דאָרט אַוועק.

די קינדהייט און יוגנט־יאָרן, וואָס מיר האָבן פֿאַרברענגט אין אונדזער שטעטל זענען ביזן היינטיקן טאָג געבליבן לעבעדיקע בילדער, איינגעקריצט אין אונדזער זכרון און זיי פֿאָדערן פֿון אונדז: פֿאַרגעסט אונדז נישט! דערציילט וועגן אונדז אַזוי לאַנג ווי איר וועט לעבן. מיר זענען אומצעשיידבאַר און וועלן אויף תּמיד בלייבן באַהאַפֿטן, די אַמאָליקע און קומענדיקע דורות.

זאָלן די קומענדיקע דורות וויסן וווּ מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן זאָל אויך פֿאַר זייערע אויגן שטיין אונדזער היים, וווּ מיר האָבן די ערשטע טריט געשטעלט און די סביבה, אין וועלכער מיר האָבן געלעבט.

לאָמיר דערציילן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועגן אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וועגן זייער הויכער מאָראַל, וועגן זייער ליבשאַפֿט און צוגעבונדנקייט צו זייער שטאַם.

זאָלן די נייע דורות וויסן ווער מיר זענען און פֿון וואַנען מיר קומען.
זאָל קיינער פֿון אונדז נישט פֿאַרגעסן די אַלטע היים, וואָס ליגט אין חורבות.
קליין איז געווען אין צאָל די יידישע קהילה אין רעמבערטאָוו, אינגאַנצן

עטלעכע הונדערט משפחות, אָבער עס האָט דאָרט פּולסירט אַן אינטענסיוו און פּילפאַרביק יידיש לעבן, מיט וויטאַליטעט, מיט הייסן שטרעבן צו ברייטע האָריזאָנטן, מיט דורשט צו לערנען, צו וויסן, מיט אַקטיוון אָנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין די אַלערליי באַוועגונגען, וועלכע האָבן געהאַט זייערע אָפּטיילונגען אין אונדזער שטעטל. אַלע אַקטיוויטעטן פונעם דריי־מיליאָניקן פּוילישן יידנטום האָבן געהאַט זייער אָפּשפּיגלונג אין יידישן לעבן אין רעמבערטאָוו.

מיט רעכט האָט אונדזער ישוב זיך געגרויסט סיי מיט די, וואָס האָבן געצויגן די גאָלדענע קייט פון גדולי התורה היראה, וועלכע האָבן זי ביזן סאַמע לעצט נישט איבערגעריסן און סיי מיט די, וואָס האָבן דעראָבערט וועלטלעך וויסן און בילדונג.

עס איז דאָך ממש צו שטוינען איבערן כוח פון דער תורה אין אונדזער קליינעם שטעטל. אוודאי זענען אין דעם וווּנדערלעכן, כמעט איבער מענטשלעכן אַנשטרענג, געווען עליות און ירידות, באַהעפטונגען און מרידות, אָבער ביי דעם אַלעם איז אַזוי גרויס געווען די געוואַלדיקע גבורה פון אָפּגעהיטן יידיש לעבן, יידישן נוסח און יידישן שטייגער. אוודאי האָט דער טיפער ווידעראַנאַנד פון כלערליי אידעאָ־לאָגיעס אָנגעהויפט אַ באַרג מיט שטרויכלונגען, אָבער דער קערן, די יאָדרע איז געבליבן פעסט און ווידערשטאַנדס־פעאיק.

דיאַמעטראַל־פאַרשידענע מחנות: פרומע יידן, חסידים — שלומי אמוני ישראל פון איין זייט און וועלטלעכע פאַרטייען פון פאַרשידענע שאַטירונגען פון דער אַנדערער זייט, אָבער כאָטש זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען לויט זייער באַזונדערן היסטאָרישן קוק איבערן גורל פון פאָלק, האָבן זיי אַלע אין אונדזער שטעטל געהאַט אַ צד השווה — אַלע האָבן זיי געזען זייער אויפגאַבע צו דער־האַלטן די יידן אַלס יידן.

עס איז געווען שטאַרק דער כוח פון לימוד התורה און שטאַרק איז אויך געווען דער כוח פון שטרעבן צו וועלטלעך וויסן. אין אַלעם האָבן די יידן אין רעמבערטאָוו אַריינגעלייגט זייער ערלעכסטן אָנשטרענג.

אין שטעטל זענען אויך געווען פאַרשידנערליי פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס: "לינת הצדק" און "הכנסת כלה", "מתן בסתר" און "מעות חיטין", "גמילות חסדים" און "תיקון ספרים". נישט געווען קיין איין ייד אין שטעטל, וואָס זאָל נישט זיין אַ מיטגליד אין וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע. דאָס גיין איינמאָנען מיטגלידס־אָפּצאָל איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער פונקציע. עס איז געגאַנגען דער פשוטער ייד און דער למדן, דער בית המדרש בחור און דער געזעלן. אין יידישע שטובן האָט זיך די טיר נישט פאַרמאַכט. ווען עס איז געקומען ערב שבת פלעגן יידן, מענער און פרויען, אַרומגיין איבער די שטובן

און צונויפזאַמלען פריש געבאַקענע חלות, ברויט, פיש, פלייש און אַנדערע שבתדיקע מאכלים פאַר פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט, אַז זיי זאָלן חלילה נישט הונגערן אין הייליקן שבת.

קליין איז געווען דאָס שטעטל, אָבער אַלע זענען געווען ווי איין גרויסע משפחה, געאייניקט אין פרייד און אין טרויער. אַ שמחה אין אַ יידישער שטוב איז געווען די שמחה פונעם גאַנצן שטעטל. אַ ברית און אַ חתונה איז כמעט נישט געווען קיין פריוואַטער ענין. חוץ די אָפיציעלע איינלאַדונגען, געשריבענע און געדרוקטע, האָט דער שמש אין שיל און אין בית המדרש אויסגערופן נאָכן שבתדיקן דאַווענען, אַז פלוני בן פלוני פאַרבעט דעם עולם... יעדע שמחה, ווער שמועסט נאָך אַ חתונה, איז געווען אַן איבערלעבונג פאַרן גאַנצן שטעטל. די געזאַנגען און טענץ האָבן זיך געצויגן אַ גאַנצע נאַכט.

טרויעריק איז געווען אין שטעטל, ווען עמיץ איז שווער קראַנק געוואָרן ווען אַ קימפעטאָרן איז שווער געגאַנגען צום קינד. יידן אין שטעטל האָבן געזאָגט תהילים און געריסן קברים, אָפט געזאַמלט געלט אויף צו ברענגען אַ באַרימטן דאָקטאר פון וואַרשע. ווער שמועסט נאָך, ווען דער קראַנקער איז געווען אַ תלמיד חכם, אַן עסקן, אַן אָנגעזעענער מענטש אין שטעטל — איז דער צער איבער אַלעמענס פנימער געווען גרויס און דערדריקנדיק.

אַזעלכע זענען זיי געווען די יידן אין רעמבערטאָוו, תמימותדיק־פרומע, סוחרים



**חנוכת־הבית פון גרויסן רעמבערטאָווער בית־המדרש**

צווישן די איינגעלאַדענע געסט, אַ גרופע יידישע זעלנער פון רעמבערטאָווער גאַרניזאָן

און בעלי־מלאכות; לומדים, וואָס זענען געזעסן אין בית המדרש, געלערנט טאָג און נאַכט תורה לשמה; פּאַרהאָרעוועטע און פאַרשמאַיעטע, אין נוסח פון שלום עליכמס העלדן, און יונגוואַרג אין מאָדערנע בגדים מיט חלומות וועגן אַ בעסערער וועלט — אַלע זענען זיי אונדז גלייך טייער און איינגעקריצט אין האַרצן אויף אייביק.

אין זכרון זענען אונדז געבליבן די פאַרהאָרעוועטע וואָכן־טעג און די שבתים און יום־טובים, ווען האַרציקע ניגונים און זמירות האָבן אָפּגעהילכט דורך די אָפענע פענצטערס; די שבת־צו־נאַכטסן מיט די הבדלות און מלווה מלכות, וואָס האָבן געהאַט אַזויפיל טעם, קדושה און האַרציקייט.

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די קולעכלעך פון די יידישע יינגלעך, וואָס האָבן אַרויסגעקלונגען פון די חדרים, ווען זיי האָבן געלערנט חומש און גמרא. מיר וועלן אויך נישט פאַרגעסן די מלמדים, וואָס האָבן פון זייער מלמדות נישט געקענט ציען קיין חיונה און דאָך האָבן זיי געלערנט מיט די קינדער מיט אַזויפיל איבערגעגעבנקייט, וויסנדיק, אַז זיי טוען אַ הייליקע עבודה.

ליב און טייער זענען אונדז די פרומע ווייבער מיט די שייטלעך, און זייערע לאַנגע קרינאַלינע־קליידער, גייענדיק אין שיל מיט זייערע קרבן־מנחה־סידורים און מחזורים. אונדזערע קינדערישע הערצער האָבן נישט איינמאָל נאָכגעוויינט זייערע תפילות און תחינות, אין וועלכע זיי האָבן געבעטן אַ ישועה פאַר זייערע משפחות, פאַר די יידן אין שטעטל און פאַרן גאַנצן כלל ישראל.

זייער שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אונדזער קהילה איז אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

אַזוי האָט געלעבט, געליטן, געטרויערט און געפרייט זיך אונדזער שטעטל ר׳עמבערטאָוו. עס האָבן זיך געמישט ליכט און שאָטן, טרויער און פרייד, שלעכטס און גוטס, אָבער איבער אַלעם, איז געווען דאָס ליכט פון דורותדיקן יידישן לעבן, דורכגעדרונגען מיט דער וואַרעמקייט פון אַ גרויסער און פאַרצווייגטער משפחה, פאַראייניקט אין פילפאַרביקן און זאַפטיקן יידישן לעבנסשטייגער.

איצט יאָגט אַ פינצטערער ווינט, וואָס טראָגט דעם הייליקן שטויב פון יענע קדושים איבער די פוסטע געסלעך פון אונדזער שטעטל.

נישטאָ, נישטאָ מער דאָס יידישע ר׳עמבערטאָוו! די איינציקע פון דער שארית הפליטה, וואָס זענען פאַרבליבן פונעם שוידערלעכן מבול אינעם 20־טן יאָר־הונדערט, יחידים ווי פונעם מבול אין נחס תקופה, האָבן אַלע, אָן אויסנאַם, פאַרלוירן זייערע נאָענטסטע און טייערסטע, צוזאַמען מיט אַלעם, וואָס איז אָנגערופן היים. נישטאָ קיין טרייסט, און ביזן לעצטן טאָג וועלן מיר הייליק אָפּהיטן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים.

פון אָט די איינציקע לעבנגעבליבענע האָבן מיר אויפגעזאַמלט אַלע מעגלעכע מאַטעריאַלן, אַלץ, וואָס מיר געדענקען, ווייסן און פילן וועגן אונדזער שטעטל. מיר זענען נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבער, נישט קיין היסטאָריקער. בלויז די אויפּטרייסלענדיקע יסורים אין אָנבליק פון דעם שוידערלעכן אומקום האָבן געעפנט אונדזערע שטומע ליפּן און געמאַכט זיי רעדעווודיק. יעדע איינציקע פאַר־צייכענונג איז אַן אויסדרוק פונעם אומגעהויערן צער. דערפאַר האָט יעדע שורה, יעדע דערינערונג איר אָרט און ווערט אינעם דאָזיקן בוך־מצבה צום אָנדענק פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע.

בלויז געציילטע רעמבערטאָווער יידן זענען געבליבן לעבן צו דערציילן וועגן דעם חורבן. אין רעמבערטאָוו, ווי אין הונדערטער אַנדערע שטעט און שטעטלעך, זענען נישטאָ מער קיין יידן. דעריבער האָט עס געדויערט אַזויפיל יאָרן נאָכן היטלער מבול ביז מיר האָבן געפונען אין זיך דעם מוט אָנצוגאַרטן און צונויפזאַמלען די כוחות און שטעלן דעם דענקמאָל, דאָס יזכור־בוך צום אָנדענק פון אונדזער יידישער קהילה אין רעמבערטאָוו.

עס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך, אַז אין די מערסטע פאַרצייכענונגען און אָפּהאַנדלונגען איבער די געשטאַלטן און טיפּן אין אונדזער שטעטל הערט מען דאָס געוויין פון אבלים. אין די זכרונות וועט יעדער דערהערן דעם טאָן פון הספד און עלעגיע, דעם געיאָמער פון גרויליקן חורבן. פאַר אונדז אַלע, וואָס נעמען אָנטייל אין דאָזיקן בוך, איז חורבן רעמבערטאָוו, ווי די אַלגעמיינע טראַגעדיע פון די יידן אין אייראָפּע, פאַרבונדן מיט פערזענלעכער טראַגעדיע, מיט טרויער נאָך אונדזערע אייגענע און נאָענטע. עס ווייזט דאָס האַרץ אויף די פאַרפייניקטע, פאַרלוירענע, אָבער זייער ליכטיקער אָנדענק פאָדערט פון אונדז אַ שטאַרק און געמוטיקט האַרץ, כדי זייער טויט זאָל קריגן אַ תיקון אין אונדזער ווייטערדיקן ליכטיקן איבערבוי אין מדינת ישראל.

דערציילנדיק וועגן די דאָזיקע געשטאַלטן און טיפּן זענען אונדזערע הערצער דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט און בענקשאַפט צו יענע אַלע, וואָס זענען געווען און זענען מער נישטאָ. רעדנדיק וועגן זיי זעען מיר דאָך אויך די פנימער פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, פון אַלע די, וואָס זענען אַ טייל פון אונדזער לייב און נשמה.

מיר, וואָס האָבן זוכה געווען אָפּגעראַטעוועט צו ווערן פון דער גרויסער שריפה, האָבן שטענדיק פאַר די אויגן דעם אור־אַלטן געבאָט, וואָס איז געבליבן פאַר אונדז אויסגעקריצט מיט אותיות פון פייער און בלוט: "זכור את אשר עשה לך עמלק" — דער עמלק פון 20־טן יאָרהונדערט.

דאָס איז אייגנטלעך די ראָל און באַשטימונג פון דאָזיקן בוך; נישט סתם

זכרונות פון דער ווייטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, נישט בלויז אַן אָנדענק־ליכט פאַר די לויטערע און הייליקע נשמות, וועלכע זענען אומגעקומען דורך אַלערליי שוידערלעכסטע טויטן. פאַרצייכענענדיק אונדזערע זכרונות האָבן מיר געפּילט די באַדערפעניש אַרויסצוברענגען די באַזונדערע ליכטיקייט פון די יידישע פאָלקס־מענטשן אין אונדזער שטעטל, כדי עס זאָל די קומענדיקע דורות געבן די טיפע אַנונג פון דער אומגעבראַכטער שיינקייט.

מיט געבויגענע קעפּ און פאַרבראָכענע הענט שטייען מיר ביי דעם באַשיי־דענעם דענקמאָל פאַר אונדזער אומגעקומענער יידישער קהילה אין רעמבערטאָוו.

מיר פאַראייניקן זיך מיט דעם הייליקן אָנדענק פון די דערמאָרדעטע קדושים.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

זאָל דאָס יזכור־בוך זיין אַ שטענדיקע דערמאָנונג לדורי דורות, וועלכע וועלן זען אין דאָזיקן בוך אַ דאָקומענט און אַ שפּיגל פון אַ רייך שטייגערלעבן, וואָס איז מער נישטאָ.

זאָל דאָס געשריי, וואָס גייט אויף אין דאָזיקן בוך, נישט פאַרשטילט ווערן און נישט אויפהערן צו מאָנען ביז דורי דורות.

## אַ הייסע טרער

זכרונות דורכגעווייקטע אין הייסער טרער,
פון די קדושים און זייער געביין קיין זכר נישטאָ מער.
אמת, די מצבה איז אויף פּאַפּיר געשריבן,
די אמתע מצבה איז אין האַרץ פאַרבליבן.

אויף מצבות פון שטיין האָבן שליטה די יאָרן.
די צייט מעקט אויס נעמען פון זכרון.
דער אומקום פון זעקס מיליאָן יידן
וועט אייביק קאָכן און זידן.

**יצחק קלוגמאַן**



אריה הררי־ברגהואר

# לדמותה של רמברטוב היהודית



**(פרקים מתוך החומר אשר נמצא ב"יד־ושם", ירושלים)**

רמברטוב (REMBERTOW), ישוב עירוני, 9 קילומטר ממזרח לוורשא, בקו הרכבת וורשא—מינסק־מאזוביצק, ובכביש וורשא—אוקוניב.

האוכלוסיה:

| השנה | מספר התושבים | מזה יהודים |
|---|---|---|
| 1921 | 1,375 | 369 |
| 1931 | 13,200 | (לא ידוע) |
| 1939 | 20,000 | למעלה מ־2000 |

בשנות השמונים של המאה ה־19, רמברטוב היה רק ישוב קטן, עם מספר בתים ששמשו למעונות קיץ, בסביבת תחנת הרכבת שבמקום. רק בתקופה מאוחרת יותר, התפתחה בקצב מהיר, כעיר של מסחר ותעשיה, — בין גורמי התפתחותה (מלבד קרבתה לוורשא) יש לציין את שכנותו של בסיס צבאי, שכלל מחנה אימונים, וביח"ר לתחמושת שהעסיק מספר גדול של עובדים.

מבחינת הארגון הקהילתי היה הישוב היהודי ברמברטוב חלק של הקהילה היהודית אוקוניב הותיקה יותר, אך למעשה רמברטוב היתה קהילה עצמאית לכל דבר, פרט לבית הקברות המשותף אשר השלטונות הצארית לא נתנו מטעמי רשיון, לעשות בנפרד ברמברטוב.

הרב הראשון של קהילת רמברטוב היה הרב ר' פנחס ברגהויער, תלמיד של אדמו"ר מאוסטרובצה. הרב ברגהויער היה מן האישים הבולטים בתנועת "המזרחי" בפולין, נתמנה לרב ברמברטוב בשנת 1905 בערך, ונפטר בשנת 1927. במקומו נתמנה בנו, הרב ר' דוד ברגהויער, אשר כיהן עד הרגע האחרון, ונספה עם עדתו בשואה, בשנת 1942.

ברמברטוב היו גם 4 שוחטים, חזן, בית כנסת ששמש למקום תפילה. הבית־כנסת הגדול והחדש נחנך רק בשנת 1930, כמו כן מקוה. בשנת 1910 בערך, נוסדה

תלמוד־תורה עם כמה כתות (בתי־ספר יהודיים, וגם בי״ס ממלכתי פולני מסוג ״שבסובקה״ לא היו. את הלימודים הכלליים קבלו התלמידים היהודים מחוץ לרמברטוב, בעיקר בפרגא ע״י וורשא.

מבין התנועות הפוליטיות בלטה ברמברטוב השפעתה של התנועה הציונית. בבחירות לקונגרס הציוני בשנת 1935 הצביעו ברמברטוב 427 שוקלים. ביחוד פעלה כאן תנועת ״תורה ועבודה״ על חוגיה השונים כגון: ״צעירי מזרחי״, ״השומר הדתי״, ״ברוריה״. במעון התנועה היה גם בית תפילה, ספריה, שיעורי ערב, פעילות ארגונית ותרבותית, תזמורת כלי נשיפה וגם קיבוץ הכשרה של ״תורה ועבודה״.

השפעה מכובדת היתה גם ל״אגודה״ ו״פועלי אגודת ישראל״, אשר ניהלו חדרים לנערים ובית־ספר ״בית־יעקב לנערות. מבין התנועות הציוניות אשר פעלו ורכזו את רוב הנוער המודרני היו: ״התאחדות״, ״גורדוניה״, ״ויתקיניה״ ו״פועלי־ציון״.

הנהול התרבותי ורב השפעה על רוב האוכלוסיה, היה בידי הספריה הבלתי מפלגתית ע״ש י. ל. פרץ. חבריה היו מהשורות של התאחדות, גורדוניה, פועלי־ציון שמאל וחלק קטן מתנועות שמאלניות כגון ״בונד״ ו״פרייהייט״. חוץ מהספריה היה להם גם חוג דרמטי מאוד מוכשר ע״ש ״בליאונג״.

בשנת 1905 עברו הורי, מרדזימין לרמברטוב, ושם נתמנה אבי הרב פנחס ברגהויער לרב המקום.

אבי הרב פנחס בערגהויער נולד בוורשא למשפחת מתנגדים — בגיל צעיר נתקרב לאדמו״ר מאוסטרובצה והיה מתלמידיו, — נשא אשה ברדזימין, והיה סמוך על שולחן חותנו כמה שנים.

בזמן שקבל את הרבנות ברמברטוב לא קיבל משכורת קבועה, שכן רמברטוב לא היתה קהילה מוכרת בעלת סמכות לגבות מסי קהילה, שכרו של הרב היתה בצורת זכיון על מכירת שמרים, מלח, ויין לקידוש, אבל עיקר מקור פרנסתו היתה חנות של אריגים וגלנטריה שנוהלה ע״י אמי הרבנית, וכן דמי בוררות, – הזמינו אותו גם לעתים קרובות לבוררויות בין סוחרים בוורשא, כמו כן האבא שלי היה מהאישים הבולטים בתנועת המזרחי בפולין.

בתקופה מאוחרת יותר, לאחר שהוסדרו היחסים בין רמברטוב ואוקוניב מבחינת השותפות בהנהלת הקהילה, יתכן שרמברטוב קיבלה מתקציב הקהילה משכורת גם בשביל הרב, אף על פי שאיני בטוח בכך.

מילדותי אני זוכר את בית־הכנסת הישן — בניית בית הכנסת (או לפי שהיה בפי כולם: ״בית מדרש״) אשר הקהילה הקימה בשנת 1930, היתה למעשה הרחבה של בית הכנסת הקודם.

מקוה הוקמה ברמברטוב, עוד לפני מלחמת עולם הראשונה, בין השנים 191—1909, ההתעוררות לכך באה ע״י האדמו״ר מאוסטרובצה שבא פעם לדין־ ורה, ופעם לשם הבראה כאורחו של אבי. בניית המקוה בוצע בחפזון, ובלי שיון (בכלל קשה היה ברמברטוב לקבל רשיונות לבניה ביחוד של בנינים יבוריים, מחמת קרבתו של בסיס צבאי). אך במשך הזמן הושג הרשיון, והבנין ארעי הוחלף בבנין משוכלל.

התפתחותה הכלכלית של רמברטוב היתה בשנים 1915—1905 בנוי לענפי קיט, אך לאחר מכן התפתח המקום הודות לאפשרויות הפרנסה שנוצרו סביב בסיס האימונים של הצבא, — יהודים שימשו כספקים לבסיס, כמו כן נוצר דיון בשביל בעלי חנויות שבמקום. בין עשירי העיר בהתקדמותה היה יהודי שם פלינקר, שהחזיק בזכיון של איסוף גרוטאות המתכת (תחמושת משומשת) שטחי המטווחים.

בשנת 1927, אבי הרב פנחס בערגהויער עלה ארצה, בה שהה כחצי שנה.

באותה שנה שחזר מארץ־ישראל נפטר האבא, ובמקומו נתמנה האח שלי רב אברהם דוד ברגהויער, שהיה במשרה זו, עד סופה של הקהילה.

***

העלינו לפנינו כאן בסקירה תמציתית את בניתה של הקהילה היהודית רמברטוב על מאמצי השתרשותה, מלחמתה העיקבית, מלחמת הקיום. בדפים באים יהיו חקוקים הנוהגים של אורח חיי קהילתנו ודמויות תושביה, יהודים שרי־דרך שכל אחד ואחד נשא אלוקיו בלבו בכנות ובנאמנות, יהודים שנשאו יניהם לאדמו״רים, התחממו בצל קורתם, נשמו, היו וספגו את רוחם והשראתם; הודים אשר היו כמהים להתעוררות והתחדשות לאומית, נסחפו בזרמה כגל דיר שראשיתו בהתחלת המאה שלנו, ואשר ידעו יפה את תורת השילוב של רכים חדשים עם ישנים; יהודים אשר היו ערים לשינויים סוציאליים, לרעיונות ל עולם וחברה חדשה; יהודים גאים שידעו לעמוד בשער נגד גזירות ורדיפות, דורי אהבת ישראל לאין קץ.

אלה היו היהודים אשר יחד היוו את קהילת רמברטוב.

חיי הקהילה התנהלו על ידי מוסדותיה. העיקרי והחשוב שביניהם — ״הקהל״. עיקרון עליו התבסס הקהל, מסגרת פעולתו, תפקידיו וסמכויותיו, נקבעו על ידי תלות והאחריות ההדדית — כל ישראל חברים וערבים זה לזה, ועיקר פעילותו תרכזה בהכוונה ופיקוח על אורח החיים היהודיים המסורתיים. לצורך זה ניתנו ידיו סמכויות נרחבות מאוד, אשר נתמכו גם ע״י השלטונות וזכה ליראת־כבוד כל התושבים.

גרם המעלות בתוך הקהילה היהודית ברמברטוב נוסד על זיקות שבנפש, שאופיין היה אופי יהודי מובהק. היהודי האמיד והיהודי הדלפון — כולם מצאו את יניקתם הרוחנית באותיות המרובעות שלנו ועיקרי תענוגתם היה דף גמרא, פרק משניות, קטעי "עין יעקב", סעיפים ב"חיי אדם", או פשוט אמירת תהילים בציבור או ביחידות, כל אחד לפי דרגתו, ובאורח חייהם התמימים פארו את נופה של קהילה זו.

***

בהכרית הצורר את קהילתנו — לא אותה בלבד ביקש להשמיד אלא גם את הדורות שיכלו לבוא אחריה. ואנחנו שבנס ניצלנו — אין דמי לנו. לא יסוף שמה של קהילת רמברטוב מקרב לבנו והבאים אחרינו, לעולמי עד.





שלמה שידלאָווסקי

# די אנטשטייאונג פון רעמבערטאוו

ליידער פאַרמאָגן מיר נישט קיין אַרכיוו־מאַטעריאַלן אויפן סמך פון וועלכע מען זאָל קענען אויפבויען די געשיכטע פון אונדזער שטעטל. אמת, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען אין פאַרשידענע אויסגאַבן דערשינען אַרבעטן, וועלכע וואָלטן געקענט דינען אַלס מאטעריאַל פאַר אַ וויסנשאַפטלעכער באַאַרבעטונג פון דער געשיכטע פון אונדזער קהילה. פּראָפעסאָר מאיר באלאבאנס אַרבעט וועגן דער יידישער געשיכטע אין פוילן, האָט באַוויזן צו דערשיינען נאָר איין טייל. די אַנדערע האָבן שוין נישט באַוויזן צו זען די ליכטיקע שיין און דער כתב־יד איז פאַרלוירנגעגאַנגען. עס זענען אויך פאַרשוווּנדן פאַרשידענע צייטשריפטן פאַר רעגיאָנעלער געשיכטע און מיר האָבן דערפאַר נישט קיין מעגלעכקייט פאַר אַן אַלזייטיק וויסנשאַפטלעכע באַאַרבעטונג פון דער געשיכטע פון אונדזער קהילה. מיר מוזן זיך דערפאַר באַגנוגענען מיט די מאַטעריאַלן און גביית עדות פון לעבנגעבליבענע, פון די וואָס געפינען זיך אין יד־ושם און די, וואָס זענען פאַרצייכנט געוואָרן דורכן קדוש ד״ר עמנואל רינגלבלום.

רעמבערטאָוו געפינט זיך 8 קילאָמעטער מזרח'דיק פון וואַרשע און פון דער באַן ליניע וואַרשע—מינסק־מאַזאָוויעצק און ווערט פאַררעכנט אַלס שטאָטישער ישוב.

## די באפעלקערונג

לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק, איז די רעמבערטאָווער אַלגעמיינע באַפעל־קערונג, און די יידישע איינוווינער געווען צונויפגעשטעלט לויט פאָלגנדע ציפערן:

| | | |
|---|---|---|
| 1921 | 1,375 | 369 |
| 1931 | 13,200 | ? |
| 1939 | 20,000 | איבער 2000 |

אין די ענדע אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז רעמבערטאָוו געווען אַ קליינער ישוב נעבן דער באַן־סטאַציע, מיט עטלעכע הייזער, וועלכע האָבן געדינט פאַר זומער־וווינונגען. ערשט אין דער שפּעטערדיקער צייט האָט זיך רעמבערטאָוו אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיט אַ גיכן טעמפּאָ, און איז מיט דער צייט געוואָרן אַ שטאָט פון האַנדל און אינדוסטרי. די שנעלע אַנטוויקלונג איז געקומען אין רעזולטאַט וואָס רעמבערטאָוו איז געווען נאָענט פון וואַרשע, אָבער הויפּטזאַכלעך צוליב דער גרויסער מיליטערישער באַזע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען, ווי אויך די אַמוניציע־פאַבריק "פּאָטשיסק", ווו עס זענען געווען באַ־שעפטיקט הונדערטער קריסטלעכע אַרבעטער און ביידע צוזאַמען האָבן געשאַפן אַ מעגלעכקייט פון פּרנסה.

בנוגע דער קהלישער אָרגאַניזירונג, האָט אָפיציעל רעמבערטאָוו זיך גערעכנט ווי אַ צווייג פון דער אָקיניעווער קהילה, וועלכע האָט שוין געהאַט אַ לענגערן סטאַזש, אָבער פּאַקטיש האָט רעמבערטאָוו געהאַט אַן אייגענע געווייילטע קהילה, וועלכע איז געווען די רעפּרעזענטאַנטין פון די יידן אין רעמבערטאָוו. בלויז דער בית־הקברות וואָס האָט זיך געפונען אין אָקוניעוו, איז געשטאַנען אונטערן רשות פון דער אָקוניעווער קהילה. די רעמבערטאָווער קהילה האָט זיך נישט איינמאָל באַמיט צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַן אייגענעם בית־עלמין אין רעמבערטאָוו, אָבער די מאַכט האָט יעדעס מאָל די ווענדונגען אָפּגעוואָרפן צוליב זיכערהייטס טעמים.

## דער ערשטער מרא דאתרא

דער ערשטער מרא דאתרא פון רעמבערטאָוו איז געווען הרב ר' פּנחס בערגהויער, וועלכער איז געווען אַ תלמיד און חסיד פון אָסטראָווצער רבין, ר' יחיאל מאיר הלוי זצ"ל. דער רעמבערטאָווער רב איז אויך געווען אַן אָנגעזעענער עסקן אין דער צענטראַלע פון "מזרחי" אין פּוילן. אויף דעם כסא הרבנות איז הרב פּנחס בערגהויער געזעסן אין רעמבערטאָוו 22 יאָר פון יאָר 1905 ביז זיין פּטירה אין 1927.

נאָך דער פּטירה פון רעמבערטאָווער רב, האָט די רעמבערטאָווער קהילה

איבערגעגעבן דעם כסא הרבנות צו זיין זון הרב ר׳ דוד בערגהויער, וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט זיין עדה אין טרעמבלינקע.

## אינסטיטוציעס

צווישן די קהלישע אינסטיטוציעס דאַרף דערמאָנט ווערן דער נייער גרויסער בית־המדרש, וועלכער איז געוואָרן אויפגעבויט אין יאָר 1930, אויפן אָרט פון געוועזענעם אַלטן בית־המדרש. די מקווה איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1910. געווען אַ תלמיד תורה מיט עטלעכע כיתות; אַ הכנסת אורחים פאַר וואַנדערנדיקע אָרעמעלייט, זיי זאָלן האָבן וווּ איבערצונעכטיקן.

קיין יידישע קינדער־שול איז אין רעמבערטאָוו נישט געווען, (אויסער אַ פרעבל־שול פאַר גאָר יינגע קינדער). עס איז אויך אין רעמבערטאָוו נישט געווען קיין מלוכהשע פאָלקס־שול פון דעם א. ג. סאָרט ״שאַבעסוווקעס״ (אין די מלוכהשע ״שאַבעסוסקע־שולן זענען די יידישע קינדער נישט געווען פאַרפליכטעט צו לערנען שבת). אַזוי אַז די אַלגעמיינע לערע האָט די רעמבערטאָווער יוגנט באַקומען אין וואַרשע און אין פראַגע.

צווישן די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זענען אמבולטסטן געווען טעטיק די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, צום ציוניסטישן קאָנגרעס האָבן אין רעמבערטאָוו געשטימט 427 שקל־באַזיצער.

## ציוניסטישע ארגאניזאציעס

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאָרמירט לויט פאָלגענדן צונויפשטעל:

״תורה ועבודה״ מיט אירע אָנגעהעריקע גרופּן: ״צעירי־מזרחי״, ״השומר הדתי״ און ״ברוריה״.

״התאחדות״ און ״פועלי ציון״ צ. ס., ״גורדוניה״ און ״ויתקיניה״, ווי אויך ״החלוץ״.

גלייכצייטיק זענען אויך געווען טעטיק ״בית״ר״, ״פּועלי־ציון לינקע״, און ״אַלגעמיינע ציוניסטן״.

די ״תורה ועבודה״־באַוועגונג האָט געהאַט איר אייגענעם בנין, ווו עס האָט זיך געפונען אַ בית הכנסת, אַ ביבליאָטעק, אַ שול פאַר אָוונט קורסן. אין דאָזיקן בנין האָבן זיי אויך איינגעאָרדנט לאַנד־קאָנפערענצן פון ״מזרחי״ אין פוילן.

״תורה ועבודה״ האָט געפירט אַ לעבהאפטיקע טעטיקייט, געהאַט אַן אייגענעם בלאָז אָרקעסטער. אין יאָר 1935 איז דער פאָרזיצער, מענדל סאָקאָל אויסגעוויילט

געוואָרן אָלס דעלעגאַט צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. די "תורה ועבודה"־באַוועגונג, האָט אויך געהאַט אין רעמבערטאָוו אַ הכשרה קיבוץ.

אַן אַנגעזען אָרט האָט אין רעמבערטאָווער יידישן לעבן פאַרנומען די "אגודה". אין אייגענעם בנין איז געווען אַ בית המדרש, די "בית־יעקב"־שול, אַ מקום תורה, ווו יינגעלייט האָבן געלערנט שיעורים. די "אגודה" האָט געהאַט אַ השפעה אויפן אָרטיקן רעליגיעזן לעבן און אונטער איר אויפזיכט זענען אויך געווען עטלעכע חדרים.

די "התאחדות" האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם בנין, ווו עס זענען אָפט געוואָרן איינגעאָרדנט רעפעראַטן פון פראָמינענטע פערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג; געהאַט אַ קליינעם קרייז פון אַמאַטאָרן, וועלכע פלעגן פון צייט צו צייט אויפפירן אַ קאָנצערט אָדער אַ פאָרשטעלונג. אונטער דער אויפזיכט און מיטהילף פון "התאחדות" איז אין רעמבערטאָוו געשאַפן געוואָרן אַ הכשרה־קיבוץ פון "גורדוניה", וועלכער האָט אָרגאַניזירט געהאַט אויך דראַמ־קרייז און איינגעאָרדנט פאָרשטעלונגען אין דעם בנין פון "התאחדות". אין בנין פון "התאחדות" האָט זיך אויך געפינען דער "החלוץ" און ער פלעגט זיינע חברים שיקן אויף הכשרה אין אַנדערע שטעט.

די י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז געווען אַן אומפּאַרטייאישע, האָט פאַקטיש אָנגעפירט מיטן קולטור־לעבן אין שטאָט, געהאַט אַ רייכע ביבליאָטעק פון עטלעכע טויזנט יידישע ביכער און דאָס גאַנצע שטעטל יוגנטלעכע פלעגן אַרויסנעמען ביכער צו לייענען. די רעמבערטאָווער י. ל. פרץ ביבליאָטעק איז געווען פּאָפּולער אויך צוליבן געלונגענעם דראַמאַטישן־קרייז, וועלכער האָט זיך ווערבירט פון אירע מיטגלידער. זייערע פאָרשטעלונגען אין שטאָטישן קינאָ, אָדער אין פייערלעשער זאַל, זענען געשטאַנען אויף אַ קינסטלערישער הויך און זענען אָפטמאָל אויפגעטרעטן אויך אין אַנדערע שטעט, ווי פראַגע, נאָווידוואָר, א. א. דער סטאַבילער רעזשיסער איז געווען דער פּאָפּולערער אין די וואַרשעווער טעאַטער־קרייזן, משה ווײַדע.

די י. ל. פרץ־ביבליאָטעק האָט אויך איינגעאָרדנט אין איר לאָקאַל, וואָך ביי וואָך, רעפעראַטן, קעסטל־אָוונטן און קאָנצערטן, מיטן אָנטייל פון איינגעלאַדענע וואַרשעווער אַרטיסטן און רעציטאַטאָרן. אין דער אָרטיקער פוטבאָל־מאַנשאַפט זענען געווען מערערע מיטגלידער פון דער ביבליאָטעק.

## חסידים

חוץ דעם גערער שטיבל זענען אין רעמבערטאָוו נישט געווען קיין חסידים־

אָפּזאָגענדיק די ווערטער איז זי געבליבן ליגן און שטיל צוגעגעבן:
"ה׳ נתן וה׳ לקח, יהי שם ה׳ מבורך!"

ערשט נאָך די שלושים, ווען זי האָט פאַרלאָזט דאָס שפּיטאָל און איז ס׳ערשטע אַוועק צום קינד׳ס קבר אויפן פּראַגער בית־עולם, האָט זיך ערשט דאָ אַרויסגעריסן פון איר צעווייטיקט האַרץ איר גאַנצע אויסערגעוויינלעכע מעכטיקע ליבע צום קינד, אַ ליבע, וואָס עס איז גאָרנישט מעגלעך צו שילדערן. דאָס געוויין פון צער און ווייטאָג האָט ממש געשפּאָלטן הימלען.

ווי לאַנג קען מען דען זיצן און לעבן פון גרייטן? אָנהייב 1939 איז דער טאַטע געוואָרן אַנגאַזשירט אויף אַ פּאָסטן ביי זיין ידיד, גאָלדמאַן, דעם דירעקטאָר פון דער אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט "אייראָפּאַ" אין וואַרשע, וויסנדיק, אַז דער טאַטע איז פּאָפּולער און האָט גרויס קאָנטשאַפט צווישן די וואַרשעווער רעליגיעזע קרייזן. דער טאַטע מיט זיין פרוי זענען דאַן, אין אָנהויב 1939, צוריק אַריבער קיין וואַרשע.

אין שייכות מיט מיין פאָטערס זיין אין וואַרשע, וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן פאָלגנדן פאַל:

בעת די היטלער־באַנדיטן זענען אין 1939 אָנגעפאַלן אויף פּוילן, האָט כידוע וואַרשע נישט געוואָלט קאַפּיטולירן, אַזוי אַז די רוצחים האָבן בערך אַ חודש צייט אכזריותדיק באָמבאַרדירט די שטאָט. אין רעזולטאַט פון די רוצחישע באָמבאַר־דירונגען זענען אַ סך יידן אומגעקומען אונטער די חורבות פון די איינגעפאַלענע הייזער. איך בין דעמאָלט געווען אין רעמבערטאָוו און בין געווען שטאַרק באַאומרואיקט איבערן גורל פון טאַטן, גלייך נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע בין איך אַוועק צופּיס קיין וואַרשע (די באַנען האָבן נישט קורסירט, און קיין אַנדערע קאָמוניקאַציע־מיטלען זענען נישט געווען). די שטאָט האָט אויסגעזען מוראדיק,די הייזער זענען געווען צובאָמבאַרדירט, און די הערצער און געמיטער פון די וואַרשעווער יידן זענען געווען חרוב ומוחרב. די היטלעריסטן האָבן גלייך ביי זייער אַריינקומען גענומען מאָרדן יידן, אַ ספּעציעלע שנאה האָבן זיי אַרויס־געוויזן צו רעליגיעזע יידן מיט בערד, איבער וועלכע זיי האָבן סאַדיסטיש זיך איזדעקעוועט און מוראדיק געפּייניקט. זיי זענען געלאָפן משוגענערהייט איבער די הייזער און געזוכט חסידיש־געקליידעטע יידן מיט בערד, די היטלעריסטישע באַנדיטן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געקענט דערקענען ווער עס איז אַ ייד, אָבער לויט דער יידישער הלבשה, לאַנגע קאַפּאָטע, יידיש היטל און בערד, זענען זיי געווען זיכער, אַז זיי מאַכן נישט קיין טעות.

איך בין אַוועק צום טאַטנס וווינונג אין וואַרשע, אויף זאַמענהאָף 40. אגב דאַרף איך צוגעבן, אַז מיין לויפן קיין וואַרשע באַלד נאָכן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטן איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות, ווייל די דייטשע באַנדיטן

פלעגן כאַפּן צו דער אַרבעט, צום אָפּרייניקן די גרובן פון די באָמבאַרדירטע הייזער. אַזאַ מין כאַפּן אויף אַרבעט, האָט געהייסן עבודת פרך מיט אַ צוגאָב פון מכות־רצח. מאַכט זיך אַ מעשה, אַז בעת איך האָב זיך געקליבן צו גיין קיין וואַרשע, האָט מיך שפּיגעלמאַן, רחטשע אָסטשעגאָס מאַן, געבעטן מיטנעמען אַ גרויס פּויעריש ברויט פון 6 קילאָ פאַר זיין משפחה. איך האָב געהאַלטן אַז אַזאַ גרויס ברויט איז ריזיקאַליש צו פירן און אַז עס וועט געבוג זיין ווען איך וועל מיטנעמען אַ האַלב ברויט. ווען איך האָב מיט אַ גרויס קוך־מעסער גענומען איבערשניידן דאָס ברויט, האָב איך מיר אומפאָרזיכטיק אַזוי איינגעשניטן אַ פינגער ביזן ביין, אַזוי אַז איך בין געווען געצוווּנגען צו באַנדאַזשירן די גאַנצע פלאַך פון דער האַנט, און זי אָנהענגען אויף אַ באַנדאַזש, וואָס איז געווען אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז.

ווען איך בין צוגעקומען צו דער פּראַגער בריק, האָב איך געזען ווי די היטלעריסטן כאַפּן אַלט און יונג מיט קללות, געשרייען און קלעפּ צו דער אַרבעט. די היטלעריסטן זעענדיק מיין אָנגעהאָנגענע האַנט און דורכגעבלוטיקטן באַנדאַזש, האָבן מיך נישט געטשעפּעט און מיך געלאָזט רואיק גיין, אַזוי אַרום האָב איך אויסגעמיטן צענדליקער ״לאַפּאַנקעס״ ביז איך בין צוגעקומען צום טאַטנס וווינונג.

איך האָב אָבער געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע טיר. איך האָב גענומען פרעגן די שכנים, צי זיי ווייסן עפּעס, אָבער די שכנים, וועלכע זענען אַליין געווען איבער־געשראָקן, האָבן נישט געוויסט וואָס צו ענטפערן.

האָבענדיק אַזאַ ״אייזערנע שוץ״ ווי די באַנדאַזשירטע פאַרבלוטיקטע האַנט (לויט ווי מען האָט מיר שפּעטער אויפגעקלערט, האָבן די דייטשן מיך אָנגענומען פאַר אַ פאַרוווּנדעטן זעלנער און פאַר קריגס־פאַרוווּנדעטע, האָבן זיי געהאַט אַביסל אָבשיי) בין איך אַוועק צום טאַטנס ברודער און שוועסטער, ר׳ שלמה, ר׳ נתן און שפּעטער צו די זעקס שוועסטערס: ריווטשע, לאה׳לע, הדסל, פייגעלע, בלימטשע און סאַלקע. קיינער פון זיי האָט מיר אויך גאָרנישט געקענט זאָגן. אַלע זענען געווען באַוּמרואיקט גלייך מיט מיר.

איך בין צוריק צו דער זאַמענהאָף גאַס, און שטייענדיק אינמיטן גאַס טראַכטנדיק מאין יבוא עזרי? איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַרויפצולויפן אין פּילעוווער־קאצקער שטיבל אויף מוראַנאָווסקע 44, האָפנדיק צו טרעפן וועמען פון די חסידים, וועלכער וועט מיר קענען עפּעס זאָגן, אָבער ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געעפנט די טיר פון שטיבל און דערזען זיצן ביים טיש דעם טאַטן, איינער אַליין, איבערגעבויגן איבער אַ גמרא. ער איז געווען אַזוי פאַרנומען מיטן לערנען, אַז ער האָט אפילו נישט באַמערקט און נישט געהערט מיין אַריינקומען. אָנגעטון איז ער געווען אין זיין שטענדיקן יידישן לבוש, ס׳קאַפּל

הינטערן היטל און האָט געלערנט מיט אַזאַ התמדה, גלייך ווי קיין מלחמה וואָלט גאָר נישט געווען.

נאָך די ערשטע ווערטער וואָס מיר האָבן צווישן זיך דורכגעוואָרפן, האָב איך זיך אָנגערופן:

״טאַטעשי, עס איז סכנות נפשות, די באַנדיטן לויפן אַרום איבער די הייזער״...

ער האָט פאַרשטאַנען דעם רמז, אַז ווען די היטלעריסטן זאָלן אים חלילה טרעפן ביים לערנען, קען זיין גאָר שלעכט. דערויף האָט ער מיר געענטפערט: ״דער טייטש פון ״ויוסיף דעת — יוסיף מכאוב״ איז, אַז דו זאָלסט איינזאַמלען וויסן, אפילו ווען דאָס זאָל דיר פאַרשאַפן ווייטיק!״

ענדע 1941, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַלגעמיינע פאַרניכטונג פון דער וואַרשעווער יידישער באַפעלקערונג, איז דער טאַטע קראַנק געוואָרן און נאָך עטלעכע טעג אָפּגעגעבן די נשמה דעם בורא.

מיין קרוב, דער תל־אביבער געזעלשאַפטלעכער טוער, מחבר פון בוך ״נעורים בדרכים״ אברהם לאַנדצמאַן וועלכער האָט זוכה געווען צו זיין איינער פון די מלווים ביי מיין פאָטערס לווייה, דערציילט מיר, אַז די פטירה פון טאַטן קען פאַררעכנט ווערן צו דער פטירה פון אַ צדיק, — ער איז כמעט ווי נישט געווען קראַנק, און זיך נישט געפּייניקט, נפטר געוואָרן אויף זיין אייגן בעט, אין זיין היים און ביי יציאת נשמה זענען אַרום זיין בעט געווען פאַרזאַמלט אַלע ברידער אין שוועסטער מיט זייערע משפחות, די פרוי מיט אירע קרובים, מיט איר ברודער, דער ריקער רב ר׳ נתן דוד כץ, און אויך עטלעכע קאָצקער־פּילעווער חסידים. הונדערטער מלווים האָבן באַגלייט דעם טאַטן אויף זיין לעצטן וועג צום גענשער בית־עולם.

לויט ווי מיין קרוב גיט מיר איבער, האָט מען אין יענע צייטן מקנא געווען יעדן ייד, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, מען האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסע זכיה צו קומען צו קבורה כמנהג דת ישראל — ת.נ.צ.ב.ה.

ושבח אני את המתים שכבר מתו מן החיים, אשר המה חיים עדנה.
וטוב משניהם את אשר עדן לא היה, אשר לא ראה את המעשה הרע,
אשר נעשה תחת השמש.

דעריבער האַלט איך די טויטע וואָס זענען שוין געשטאָרבן פאַר
גליקליכער פון די לעבעדיקע, וואָס לעבן נאָך, און בעסער פון זיי ביידן
איז דעם, וואָס איז נאָכנישט געווען, וואָס האָט נישט געזען די שלעכטע
מעשים, וועלכע ווערן אָפּגעטאָן אונטער דער זון. **(קהלת ד׳, ב׳)**

מיין גאַנצע משפחה אין אַ צאָל פון העכער 150 נפשות זענען אַלע, מענער פרויען און קינדער אומגעקומען על קידוש השם והעם אין טרעמבלינקע.



# יאנקל קירשמאַן

ר׳ יאַנקל קירשמאַן איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע געשטאַלטן צווישן די רעמבערטאָווער באַלעבאַטים. די באַ־צייכנונג ״אַ שיינער בעל־הבית״, איז געווען צוגעפּאַסט צו דער פּערזענליכקייט פון ר׳ יאַנקל קירשמאַן. ער איז געווען אַ געזעלשאַפטלעכער טוער מיט אַ פאַרנעם און שטאַרק־אַנטוויקלטן חוש פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים. אַ רעליגיעזער ייד מיט אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, איז ער גלייכצייטיק געווען אַ פאָלקס־מענטש, מיט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע נויטן.

אַלע יאָרן געווען דער געטרייער שליח־ציבור פון דער רעמבערטאָווער עדה יידן אין דער אָרטיקער קהילה, אין דער פוילישער גמינע, און ווו נאָר אַן אינסטי־טוציע, ווו ר׳ יאַנקל קירשמאַן האָט איינגעזען אַז מען קען דאָרט עפּעס אויספּועלן פאַר זיינע רעמבערטאָווער אַ טובת הנאה.

הינטער די אויגן פלעגט מען אים רופן: דער יידישער זאַרעמבאַ... אויפן נאָמען פון באַרימטן שניידער, אין וועמענס אַטעליע אין וואַרשע עס האָבן זיך געניייט מיניסטאָרן, דיפּלאָמאַטן, פילם־אַרטיסטן א. א.

אין ר׳ יאַנקל קירשמאַנס שניידער־אַטעליע אין רעמבערטאָוו, האָבן זיך רעמבערטאָווער נישט געקענט דערלויבן צו לאָזן ביי אים נייען אַ מלבוש. דאָס האָבן זיך געקענט פאַרגינען נאָר יחידי סגולה. זיין הויפּט־קליענטעלע איז באַשטאַ־נען פון פוילישן אָפיצירן און מלוכה־באַאַמטע.

זיינע 8 קינדער האָט ער דערצויגן אין ליבעראַלן גייסט. ער האָט זיי נישט אָנגעוואָרפן דעם ״ווי אַזוי זיך צו פירן״, נאָר זיי געלערנט די תורה פון אהבת השם ואהבת הבריות, ממילא וועלן זיי דורך דעם דערגיין צו דער מדרגה פון הויך טראָגן די פאָן פון רחמנות און מענטשלעכקייט״.

פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אים זיין זון אברהם קירשמאַן אַרויסגעפאָדערט צוזאַמען מיט זיין פרוי און עטלעכע קינדער קיין א״י.

דער אָפּפאָר פון ר׳ יאַנקל קירשמאַן איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר די רעמבערטאָווער יידן. אמת, מען האָט זיך געפרייט דערמיט וואָס ר׳ יאַנקל מיט

זיין משפחה ווערן באַפרייט פונעם פוילישן גיהנום און זענען זוכה זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. אָבער פון דער צווייטער זייט האָבן די רעמבערטאָווער יידן זיך דערפילט, ווי מען וואָלט פון זיי אויסגעריסן אַ לעבעדיקן אבר. עס איז שווער געווען דער געדאַנק, אַז מען בלייבט אין שטעטל אָן דעם קערענדיקן און אומדערמידלעכן שתדלן, וואָס האָט גלייכצייטיק באַשיינט דאָס שטעטל מיט זיין פּערזענלעכקייט.

אין די יאָרן פון שוידערלעכן קאַטאַקליזם, ווען די יידן אין פוילן זענען אומברחמנותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציישע באַרבאַרן, זענען ר׳ יאַנקל און זיין פרוי געווען צעבראָכן, איינגעהילט אין צער און אין טרויער. שפּעטער איז צו זיי דערגאַנגען די ביטערע בשורה אַז אויך זייער הייס־געליבטע בילד־שיינע טאָכטער רוזשקע און זון שמעון מיט זייערע משפחות, דאָס אייניקל, דאָס איינציקע טעכטערל פון זיין טאָכטער אַנדזשע און שמואל באַנד — האָבן נישט אויסגעמיטן די שחיטה און זענען אומגעקומען על קידוש השם אין טרעמ־בלינקע. ר׳ יאַנקל און זיין פרוי זענען געוואָרן נישט צום דערקענען. זייער לעבן איז געוואָרן אַ גיהנום פון פּיין און יסורים און אין עטלעכע יאָר שפּעטער האָבן ר׳ יאַנקל און זיין פרוי אויסגעהויבט זייערע נשמות בטהרה. זיי זענען ביידע צו קבורה געקומען אין תל־אביב.

## ר׳ יהושע אַליוועגשטיין

פאַרצושטעלן זיך דאָס שטעטל רעמבערטאָוו אָן דער געשטאַלט פונעם שטאָט־חזן ר׳ יהושע אַליוועגשטיין, וואָלט דאָס בילד פונעם שטעטל נישט געווען שלימות־דיק. ערשט דעמאָלט ווען עס וויקלט זיך אויף פאַר אונדז דאָס אַלץ, וואָס מיר ווייסן וועגן ר׳ יהושע חזן, ווערט גאַנצער און פולער די גייסטיקע שיינקייט און דערהויבנקייט וואָס עס האָט פאַרמאָגט אונדזער שטעטל.

במשך פון צענדליקער יאָרן איז ר׳ יהושע אַליוועגשטיין געווען דער שליח־צבור פון דער רעמבערטאָווער עדה. ער אַליין האָט געשאַפן חסידישע און חזנישע קאָמפּאָזיציעס און זיינע ניגונים זענען געווען דורכגעדרונגען מיט נשמה, האַרץ, און די מתיקות האָט פאַרשאַפט די מתפללים גרויס פאַרגעניגן, אַזאַ, וואָס עס גיט דעם געגוס פון דערהויבענער שיינקייט.

ער איז געווען אַ מיטלוווּקסיקער און שטאַרק אָפּגעצערטער. אַ לאַנגע גראָע באָרד האָט באַשיינט זיין פּנים, פון וועלכן עס האָבן דורך די דינע גאָלדענע ברילן אַריסגעקוקט אַ פּאָר תמימותדיקע אויגן, און עס איז געווען אין זיי אַ סך פּאָטערלעכע גוטסקייט.

ר׳ יהושע אַליוועגשטיין איז דערצו נאָך געווען אַ גרויסער למדן און האָט דערפֿאַר געהערט צו די געהויבענע חסידישע יידן אין שטעטל און פֿון די גאַר חשובע גערער חסידים. דער אַלטער גערער רבי, ביי וועמען ר׳ יהושע איז געווען טיש־זיצער, האָט אים שטאַרק מקרב געווען.

אויסער יחוס עצמו, האָט ער אויך געשטאַמט פֿון הויכן יחוס. ער איז געווען אַ זון און אייניקל פֿון גוטע יידן און גדולי התורה. ר׳ יהושע האָט פּשוט ממשיך געווען דעם לעבנס־וועג פֿון זיינע אבות און איז געגאַנגען אין זייערע פֿוסטריט.

זיין דאַוונען פֿאַרן עמוד איז געווען אַ מין אויסשמועסן און אויסטענהן זיך מיטן בורא־עולם. דער ניגון האָט אונטערגעשטראָכן און פֿאַרטיפֿט דעם פּירוש המילות, דעם אינהאַלט פֿון דער תפילה.

אין די דאַזיקע שמועסן מיטן יושב במרומים איז געווען סיי בעטן רחמים און סיי תקיפותדיק פֿאָדערן, פֿאַרלאַנגען. זיין קלאַפּן מיט דער האַנט בשעת התפילה אין עמוד אַריין האָט ממש מרעיש עולמות געווען. נאָך אַזאַ עבודת הבורא פֿלעגט ער אַוועקגיין פֿון עמוד אַן אויסגעווייקטער אין שווייס.

די חכמים זאָגן, אַז צוויי וועגן פֿירן צום באַשעפֿער, איין וועג פֿירט פֿון מוח, ווען דער בשר ודם שאַרפֿט זיין מוח אין תורה, צו באַנעמען די גרויסקייט פֿון באַשעפֿער. דער צווייטער וועג פֿירט פֿון מענטשלעכן האַרץ צו דערפֿילן די געט־לעכע וועגן, אויב ער רייניקט און הייליקט עס לעבודת הבורא, און דאָס האָט ר׳ יהושע חזן מקיים געווען. זיין האַרץ איז גערייניקט און געהייליקט געווען לעבודת הבורא.

טראָץ דעם קאַרגן געהאַלט, וואָס ער האָט באַקומען פֿון דער קהילה, איז ער געווען אַ שמח בחלקו, אַ חסידישער ״באַנטשע־שוויג״. פֿאַר אים איז וויכטיקער געווען צו האָבן דעם שענסטן אתרוג, איידער דעם שענסטן בנין אין שטעטל.

און ווען מיר שרייבן היינט אין רעמבערטאָוער יזכור־בוך וועגן אַזאַ געשטאַלט, מוזן מיר קומען צום אויספֿיר, אַז די גאַנצע ליבשאַפֿט און באַוווּנדערונג, וואָס מיר פֿאַרמאָגן היינט צו די אַמאָליקע יידן; די טיפֿע בענקשאַפֿט נאָך דער גייסטיקער דערהויבונג, מיינט עס אַזעלכע יידן, ווי עס איז געווען דער רעמבער־טאָווער חזן, ר׳ יהושע אַליוועגשטיין.

ר׳ יהושעס ווייב, לאה איז געווען פֿון די נשים צדקניות אין שטעטל. זי האָט זיך מוסר נפש געווען פֿאַר איר מאַן און אים אָפּגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. זי איז אויך געווען טעטיק אין צדקה־אינסטיטוציעס, געהאָלפֿן באַזאָרגן קראַנקע און נויטבאַדערפֿטיקע. ביידע זענען אומגעקומען אין טרעמבלינקע.

זייער איינציקער זון לייבל האָט זיך געראַטעוועט און לעבט מיט זיין משפחה אין חיפה.



# הרב ר׳ אברהם משה הערץ

אַלע האָבן אים געקענט פאַר אַ דורכאויס אָפּגעהיטענעם ייד און גרויסן ירא־שמים און האָט אַלע זיינע יאָרן גע־פירט זיך על פי דרך התורה והחסידות.

ער איז געווען שוחט ובודק אין רעמבערטאָווער שעכטהויז און אין דער זעלבער צייט אויפגעשטעלט אַ דור פון שוחטים, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פון פאַרשידענע מקורות קיין רעמבערטאָוו לערנען שחיטה ביי ר׳ אברהם משה הערץ.

הרב ר׳ אברהם משה הערץ איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, אַ בקי אין ש״ס און פוסקים, האָט געהאַט אַלע מעלות צו פאַרנעמען אַ כסא הרבנות אין פוילן אָבער ער האָט זיך נישט געוואָלט אָפּזאָגן פון זיין באַשעפטיקונג, וועלכע ער אַליין האָט באַצייכנט אַלס עבודת־הקודש. ערשט אין ארץ־ישראל האָט ער פאַרנומען אַ פּאָסטן אַלס רב, איז אַלע יאָר געווען באַקאַנט אַלס רודף־שלום און קעמפער פאַר אמת און גערעכטיקייט.

צו זיין עבודה אַלס שוחט האָט ער זיך באַצויגן מיט געוואַלטיקער אחריות. אַ שוחט זיין האָט געהייסן ביי אים זיין אַ מתקן עולמות.

דער אַלטער לובאַוויטשער רבי, ר׳ יוסף שניאורסון האָט מיט יאָרן צוריק, בעת עס איז פאָרגעקומען די אַלוועלטלעכע רבנים קאָנפערענץ אין ריגע, זיך אויסגעדריקט אין זיין דרשה, „אַז ״די קעפּ, די אלופי ישראל זענען די רבנים אָבער דאָס האַרץ — זענען די שוחטים... אַ שוחט איז נישט סתם אַן איש ומאכולת בידו, אַ מענטש וואָס האַלט אַ מעסער אין האַנט. אַ שוחט אין אַ שטאָט איז אַ זייל פון תורה און פון יראת שמים. אַ שוחט דאַרף מען נישט קענען פון שעכט־

די דאָזיקע ווערטער זענען געווי צוגעפּאַסט צו דער פערזענלעכקייט פון ר׳ אברהם־משה הערץ. בעת דער שחיטה האָט ער זיך געפילט ווי דער כהן ביי דער עבודה און זיינע אַלע כוונות זענען געווען לשם שמים.

עס איז אינטערעסאַנט דאָס וואָרט פונעם פשיסכער רבינס זון, ר׳ אברהם־משה, וועלכער איז נאָך דער פטירה פון זיין פאָטער, דעם רבין ר׳ בונם, געוואָרן זיין ממלא מקום און ער האָט אויסגעטייטשט דעם פסוק: ״כל מעשיך יהיו לשם

שמים״, אַז עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן דער כלל, וואָס הייסט, אַז אַלץ, וואָס דער מענטש טוט דאַרף זיין דורכאויס לשם שמים״.

אַזאַ איז געווען דער דרך פון אונדזער רעמבערטאָווער שו״ב ר׳ אברהם־משה, וועלכער איז בטבע געווען אַן איש טוב־לב, וואָס האָט מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים געשטרעבט צו טון גוטס און האָט זיין גאַנץ לעבן קיינעם נישט געטון קיין שלעכטס אפילו מיט קיין וואָרט. ער האָט געהאַט אַ גרויס יידיש האַרץ.

איך זע פאַר מיינע אויגן ווי ער פלעגט דורכגיין פון זיין שטוב אויפן וועג צום שעכטהויז. דער חלף איז ביי אים געווען פאַרשטעקט אין בוזעם קעשענע פון דער קאַפּאָטע. די אויגן זיינע זענען געווען געוואָנדן צום הימל. זיין מחשבה איז געווען פאַרטראָגן אין העכערע עולמות און ער פלעגט נישט באַמערקן נישט בלויז די דורכגייער, נאָר אפילו זיינע שטוב־מענטשן און מקורבים.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ר׳ אברהם־משה מיט זיין פרוי פערל, אַן אמתע צדיקת געלונגען צו אַנטלויפן פון פוילן און עולה זיין קיין ארץ־ישראל און איז דאָ גלייך אויפגענומען געוואָרן אַלס מרא דאתרא פון עקרון.

אין פוילן זענען נאָך פאַרבליבן זייערע דריי טעכטער און צוויי זין. מיט דער הילף פון נאָענטע מענטשן האָט דער רב גלייך אונטערגענומען שריט אַריבערצוברענגען זיי קיין ארץ ישראל. ליידער איז געוואָרן שפּעט און די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

די זין: מנחם און בונם מיט זיין פאַמיליע זענען געווען גוטע און טייערע יידן. אַזעלכע זענען אויך געווען די טעכטער: מלכה, רבקה און לאהלע.

דער רב ר׳ אברהם משה און זיין ווייב פערל זענען זינט דעמאָלט אַרומגעגאַנגען מיט צעבראָכענע הערצער און דער צער האָט זיי אויף קיין מינוט נישט אָפּגעלאָזט. פון טאָג צו טאָג איז זייער געזונט־צושטאַנד געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער.

אַ טרייסט אין זייער גרויסן צער האָבן זיי געפונען אין די אַנדערע פיר קינדער, וועלכע ס׳איז געלונגען צו ברענגען אין לאַנד אַריין (איינער פון זיי, יעקב יצחק איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אומגעקומען אין אַ פאַרקער־קאַטאַסטראָפע). איינער פון די אַנדערע דריי קינדער איז דער באַקאַנטער תל־אביבער ראש ישיבה, הרב ר׳ גדליה הערץ, וועלכער לעבט מיט זיין משפחה אין בני־ברק. דאָ לעבט אויך דער אַנדערער זון פישל און די טאָכטער ברײַנדל מיט זייערע משפחות.

הרב ר׳ אברהם משה הערץ איז מיט עטלעכע יאָר צוריק נפטר געוואָרן בשיבה טובה. באַלד נאָך זיין פטירה איז אויך זיין פרוי געררופן געוואָרן לפמליה של מעלה.



# ר׳ שמואל רובין

ער איז געווען דער עלטסטער ברודער פון דער פאַרצווייגטער רובין־משפּחה אין רעמבערטאָוו.

אַן אומפּאַרגעסלעכע געשטאַלט. כל ימיו האָט ער געהערט צו דער מזרח־וואַנט פון די פּאָפּולערסטע און אָנגעזעענסטע יידן אין שטעטל ער איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה און בעל הכנסת אורחים און דערצו האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט נאָך אַ סך איידעלע מידות.

ר׳ שמואל רובין האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ טיפּ פון אַ יידישן פּריץ, פון וועלכן עס האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע און געוואַגטקייט. אַ מיטלוווקסיקער, ברייטפּלייציק, מיט אַ בלאָנדער באָרד, וואָס האָט אַרומגענומען זיין קיילעכיק פּנים, האָט מען אים תמיד געזען גיין מיט געמאָסטענע טריט, מיט ווירדע. דורך דער אָפענער דרייפּערטלדיקער קאַפּאָטע האָט זיך אַרויסגעזען די גאָלדענע קייט פונעם זייגער, פאַרלייגט איבערביידע זייטן וועסטל. מיט דער ליולקע אין מויל פלעגט ער מאַיעסטעטיש שפּאַצירן איבער דער גאַס. אויך די קריסטלעכע איינוווינער האָבן אים אַרויסגעוויזן דרך־ארץ.

ער איז אַלע יאָרן געווען אַן אָנגעזעענער סוחר, געפירט געשעפטן מיטן מיליטער און מיט פּריצישע הייף. זיין פרוי טילע האָט אים געבוירן 10 קינדער און עס האָט זיך ביי זיי געפירט אַ ברייט הויז, וואָס האָט געשמט מיט דער חמימות און איז געווען אָפן פאַר נויטבאַדערפטיקע. ביידע, ר׳ שמואל און זיין גוטהאַרציקע פרוי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע גוטע הערצער און מיטגעפיל פאַר אָרעמע און דערשלאָגענע. זייער גאַסטפריינדלעכקייט האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט.

ר׳ שמואל איז געווען אַ געטרייער און איבערגעגעבענער פאָטער צו זיינע 10 קינדער. די רעמבערטאָווער רובינס זענען אַלע געווען זייער סענטימענטאַלע, אָבער לגבי זייערע קינדער האָבן זיי זיך געהאַלטן מיט אַ גרויסער שטרענגקייט

נישט אַרויסגעוויזן זײַ די אומגעהויערע ליבשאַפט, באַמיט זיך צו מאַכן דעם אָנשטעל פֿון האַרטקייט, כדי נישט אָפּצושוואַכן דעם דרך־ארץ פֿון די קינדער צו זייערע עלטערן. דאַקעגן ווען ר׳ שמואל האָט אין אינטימע שמועסן מיט נאָענטע מענטשן גערעדט וועגן זיינע קינדער, האָט ער נישט באַהאַלטן זיין התפעלות פאַר זייער גרעאַנקייט, פאַר זייער שטילקייט און איידלקייט.

גרויס ענערגיע און זריזות האָט ער אַרויסגעוויזן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין הכנסת אורחים און אַנדערע צדקה־ענינים. זיינס אַ באַליבט וואָרט איז געווען : "כי אתי עניא אקדימי ליה ריפתא, כי היכי דלקדמי לבנים". דאָס מיינט, אַז דו וועסט אַקעגנטראָגן דעם אָרעמאַן דאָס ברויט וועט מען עס דיינע קינדער אַקעגנטראָגן.

ר׳ שמואל האָט געהערט צו די חובבי־ציון אין שטעטל, האָט תמיד מיט ענטוזיאזם גערעדט וועגן גאולת הארץ און געוווּסט צו ברענגען סימנים און אָנווייזונגען פֿון פאַרשידענע ספרים אַז עס איז שוין נאָענט די גאולה.

ער האָט הנאה געהאַט פון רחבות, אַלץ האָט ביי אים געמוזט האָבן אַ ברייטן פאַרנעם, נגידיש. אַזוי איז עס ביי אים געווען שבת און אינדערוואָכנס, אין מסחר און אין דער שטוב־ווירטשאַפט, אין צדקה־ענינים און אין אַ געוויינלעכן שמועס, אין דברים שבקדושה און אין דברים שבחול.

האָט ער איינגעלאַדן יידן אויף אַ קדוש, איז עס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַנצע הילולא. אפילו דער גאַנג און די אויסשפּראַך איז ביי אים געווען ברייט. דער הויף פון זיין הויז איז געווען גרויס און ברייט מיט אַ ברייטן טויער, ער האָט געהאַלטן, אַז קמצנות פאַרשפּאַרט נישט בלויז דעם גוף, נאָר אויך די נשמה.

די קינדער האָבן אין זייער טאַטן ר׳ שמואל רובין, געזען אַ מענטש מיט הויך־יידישער מאָראַל און עטיק און זיך געטובלט אין פאָטערס מעשים און אין זיינע רעיונות.

ליידער איז ר׳ שמואל רובינען נישט באַשערט געווען אויסצולעבן זיינע יאָרן אין נחת און אין פריידן. פון אַלע זיינע קינדער האָבן זיך געראַטעוועט בלויז 2 זין. הערשל, וועלכער איז נאָך פאַר דער מלחמה אַוועק קיין פאַריז און לעבט דאָרט מיט זיין פאַמיליע, און דער צווייטער יאַנקל, וועלכער לעבט מיט זיין פאַמיליע אין תל־אביב ; אַ טאָכטער גיטל, וועלכע לעבט מיט איר משפחה אין כפר־סבא.

אין יענעם בלוטיקן ז׳ אלול פון יאָר 1942 איז ר׳ שמואל רובין צוזאַמען מיט זיין פרוי טילע און זייערע 7 קינדער אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די מערדערישע נאציס קיין טרעמבלינקע.



# ר׳ חיים פוקס

איינער פון די אָנגעזעענע יידן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין לומדות און חסידות. זיין פאַטריאַכאַלישער אויסזען, די לאַנגע באָרד, וועלכע איז אַביסל צו פרי געוואָרן גרוי, האָבן אים צוגעגעבן אַן אויסדרוק פון גרויסן רבנישן יחוס. ער האָט ווירקלעך געהערט צו דער גזע פון רבנים און גוטע יידן. זיין לענגלעך איידל פנים האָט אין זיך געהאַט אַ סך מילדקייט און די אויגן האָבן אויסגעזען צו זיין פאַרטראַכט אין אַנדערע וועלטן. זיינע מיטלוווּקסיקער מאָגערער קערפּער איז געווען עטוואָס געבויגן, ווי אונטער אַ שווערער משא פון צער אָדער פון אַ סך תורה און וויסן.

בטבע אַ קאַרגער אין ווערטער, אָבער ווען ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין תורה־שמועסן, איז ער שוין ווייט נישט געווען אַזוי קאַרג און בצימצומדיק. ער איז דאָ געווען רייך אין אויסדרוקן און געדאַנקען. דערצו האָט ער פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כוח הסברה און זיינע צוהערער האָבן גערן זיך צוגעהערט צו זיינע שמועסן און געלערנט פון אים. מען האָט באַוווּנדערט זיין חריפות. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער מאמר אין ירושלמי, סוף מסכת ברכות: ״כל פטפטיא בישין, ופטפטא דאורייתא טבין״ — פלאַפּלען איבער פוסטע ענינים איז אַ חרפה, אָבער רעדן וועגן תורה איז אויסגעצייכנט.

זיין פרוי דבורה פערל איז געווען אַ פרום אָפּגעהיטענע יידישע מאַמע צו אירע זעקס קינדער, פיר זין און צוויי טעכטער, האָט מקבל באהבה געווען דאָס שלעכטע ווי דאָס גוטע. זי האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע, וועגן וועלכער די גמרא אין יבמות קכ״א, א׳ זאָגט: ״כל גל וגל שבא עלי, נענתי לו ראשי״.

ר׳ חיים האָט כל ימיו זיך געפירט לויט זיין איינגעשטעלטן חסידישן לעבנס נוסח, האָט זיך נישט געפלעגט צופיל ווייזן אין גאַס, בלויז אויפן וועג צום בית־

המדרש אָדער צום צייטונגס־געוועלבל פון זיין איידעם, אברהם משה ערנסטער, מיטן ציל צו זען זיינע אייניקלעך און אין איין וועגס אַריינקוקן אין דער אָרטאָ־דאָקסישער צייטונג, צו דערוויסן זיך די וועלט־נייעסן און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט רעליגיעזע ענינים.

די לעצטע יאָרן איז די פרנסה ביי ר׳ חיימען געווען שוואַך, אָבער אַדאַנק די קינדער איז אין שטוב געווען פון אַלעם גוטן. דאָך האָט אויף זיין פנים זיך אָפּגעשפּיגלט דער גרויסער צער, וואָס איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן און דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס ער האָט נישט זוכה געווען צו פירן צו דער חופה זיין באַליבטע טאָכטער טשארנע, וועלכע האָט אַלע יאָרן געקליבן חתנים און נישט געקענט זיך דערקלייבן.

ז׳ אלול 1942, ווען די רעמבערטאָווער עדה איז אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, זענען צווישן זיי געווען אויך ר׳ חיים, זיין פרוי, זייערע צוויי טעכטער: טשארנע און גאָלדע, זייערע זין משה־יחיאל פוקס, אהרן פוקס, שנור, איידעם און אייניקלעך.



## ר׳ הענעך ראַבינערזאָן

„וחסד ה׳ מעולם ועד עולם על יראיו״ — (תהלים ק״ב)

ר׳ הענעך ראַבינערזאָן איז געווען פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין רעמבערטאָוו. אַ זון פון אַ חסידיש־לומדישער משפחה איז ער געגאַנגען אין די דרכים פון זיינע עלטערן און זיידעס, געווען אַ ירא־שמים און תלמיד־חכם און אין דער זעלבער צייט אויך געווען אַ מענטש פון השכלה און וועלטלעכקייט. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער פסוק: „השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני אדם״, וואָס איז געוואָרן אויסגעטייטשט, אַז אַ ירא־שמים און בעל־אמונה דאַרף אין

דער זעלבער צייט נישט מבטל זיין די ערד, וואָס דער רבש"ע האָט געגעבן פאַר מענטשן, און מען דאַרף דערפאַר נישט איגנאָרירן אויך וועלטלעך וויסן, ווייל דאָס איז וויכטיק פאַרן מענטשס לעבן אויף דער ערד.

## תהילים־זאָגער

ר' הענעך ראַבינערזאָן האָט אויך געהערט צום קרייז פון די רעמבערטאָווער תהלים־זאָגער. דער קרייז איז געוואָרן געשאַפן לויט דער איניציאַטיוו פון ר' משה עפשטיין, אַ חסיד און למדן, וועלכן מען האָט אויך גערופן: ר' משה בעקער.

פלעגן רעמבערטאָווער יידן, וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער חברה תהילים־זאָגער, זיך פאַרזאַמלען אין ר' משה בעקערס שטוב יעדן שבת גאַנץ פרי פאַרן דאַווענען און זאָגן תהילים. ר' משה און זיין ווייב חנה־צביה האָבן אויפגענומען די מתפללים מיט גרויס גאַסטפריינדלעכקייט, מכבד געווען זיי מיט הייסער שמעקעוודיקער קאַווע. גאָר באַזונדערס איז עס געווען אַ דערקוויקונג אין די ווינטערדיקע שבתדיקע פרימאָרגנס.

ר' הענעך ראַבינערזאָן, וועלכער איז געווען נאָך ר' משה'ן דער עמוד השדרה פון די תהלים־זאָגער, איז אויך געווען דער חזן־פאָרויסזאָגער. פלעגט זאָגן בקול רם פסוק נאָך פסוק און די חברה תהלים־זאָגער האָבן בצוותא און אויפן קול איבערגעזאָגט דעם פאָרויסגעזאָגטן פסוק.

ר' הענעכס פרימאָרגנדיקע הכנות צום תהלים־זאָגן זענען דורך אים געמאַכט געוואָרן ווי צו אַן עבודת הקודש. ער איז אויפגעשטאַנען כעלות השחר, מכוון געווען דאָס פאַרנטיקע דאַווענען צו דער בעפאָרשטייענדיקער עבודה. ער פלעגט טייטשן דעם פסוק: "גדלו לד' אתי ונתרוממה שמו" — ווען גרויסן מיר גאָט און דערהויבן זיין נאָמען? — "יחדיו" — ווען מיר זאָגן תהלים צוזאַמען". ר' הענעך האָט זיך פאַרופן אויך אויפן גאָסטינינער רבין ר' מאיר יחיאל זצ"ל, וועלכער איז געווען איינער פון קאָצקער רבינס גרויסע תלמידים און איז באַקאַנט געווען אין דער חסידישער וועלט אַלס דער תהלים־ייד (אגב שלום אַש האָט זיין "תהלים־ייד" געבויט אויף דער פערזענלעכקייט פון גאָסטינינער רבין) און ער פלעגט זאָגן: "מיט אַ קאַפּיטל תהלים קען מען אַלע מויערן דורכברעכן, אַלע הימלען שפּאַלטן".

אַלס געטרייער תהלים־ייד, האָט אויך ר' הענעך מקיים געווען דאָס געזאָגטע אין תהלים. מיר מיינען דאָ דעם פסוק אין תהלים קי"ט נ"ד: "זמירות היו לי חוקיך" — געזאַנגען זענען מיר געווען דיינע געזעצן.

איך קען זיך בשום אופן נישט דערמאָנען ווען כ'זאָל האָבן געטראָפן ר' הענעכן אין גאַס, ער זאָל נישט שטילערהייט פאַר זיך צוזינגען אָדער אונטערברומען אַ

חסידישן נגון. דערצו האָט ער נישט בלויז איבערגעחזרט באַקאַנטע און פּאָפּולערע חזנישע אָדער חסידישע מאָטיוון, נאָר אויך געשאַפן בעתן שפּאַצירן אייגענע חזנישע קאָמפּאָזיציעס. עס פלעגט טרעפן, אַז בעתן זיין פאַרטון אין שאַפן דעם ניגון האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און מיטן שטעקן וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך, האָט ער גענומען צייכענען אין זאַמד, ווי ער וואָלט זיך געשאַפן זיינע אייגענע נאָטן צום נייעם ניגון, וועלכן ער האָט שפּעטער סיי־ווי־סיי געדענקט פון אויסנווייניק.

וואָלט ר׳ העניעך געווען אַ בקי אין נאָטן צייכענען, איז בכלל נישט אויס־געשלאָסן, אַז אונדזער ליטורגישע מוזיק, וואָלט געוואָרן באַרייכערט מיט ר׳ העניעך׳ס אָרגינעלע קאָמפּאָזיציעס.

מיר האָבן געהאַט אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן זייער אַ גרויסע צאָל טאַלאַנטן אויף פאַרשידענע געביטן. גאָר אָפט איז זייער עניות און באַשיידנקייט געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט ביי זיי צוגענומען די אַמביציע אַרויסצוברענגען זייער טאַלאַנט אין דער עפנטלעכקייט, און דערפאַר איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן ביי זיי די שטויס קראַפט, דער ווילן אין דראַנג נתגלה צו ווערן. אַזעלכער איז אויך געווען ר׳ העניעך, ער האָט געלעבט און געשאַפן אין דער שטיל און אין דער טיף. אין זיין גרויס באַשיידנקייט איז ער געווען ווייט פון יעדן מין אַרויסווייזן זיך, שוין אָפּגערעדט פון מרעיש עולמות זיין מיט זיין טאַלאַנט. וואָלט ער געווען ווייניקער באַשיידן, וואָלטן מיר אין אים געהאַט אַ צווייטן ניסן בעלזער, אָדער זיידל ראָווגער.

ער איז בטבע געווען פון די קנאַפּע רעדער, ער האָט אויך נישט געהאַט קיין נטיה צו מישן זיך אין קהלשע עניינים. זיין דרך איז געווען ו״הצנע לכת״ און האָט געהאַלטן, אַז דברים בטלים אָדער קהלשע מחלוקתן ברענגען בלויז אַריין אַ פוסטקייט אין מענטשלעכע הערצער. גאַנס וועלט — האָט ער געזאָגט — איז כולו שירה און אַלץ, וואָס שטערט דעם געזאַנג פון באשאף, איז פסול. דערפאַר האָט ער זיין פרייע צייט בעסער אויסגענוצט אויף אַרומצושוועבן מיט זיין זינגענ־דיקער נשמה און דער וועלט פון מחזיק און דערנענטערן זיך צום היכל הנגינה, אויפנעמען אין זיך נייע קלאַנגען, טענער און מאָטיוון, וואָס האָבן מיט זיך געשאַפן דעם נייעם ניגון, אין וועלכן עס איז געקומען צום אויסדרוק זיין באַגייסטערונג פאַר דער אינעווייניקסטער שיינקייט פונעם מענטש, פון דער נאַטור און די דאַנק־באַרקייט צו באַשעפער פאַר זיינע חסדים צום מענטש.

ר׳ העניעכס ווייב יענטע, וועלכע האָט אויך ווי איר מאַן, געשטאַמט פון אַן אנגעזעענער חסידישער היים, האָט זיך מיט אים איינגעטיילט די ראָלן. אַזוי ווי ר׳ העניעך איז געווען אַ מענטש פון רוחניות, האָט זי אויף זיך גענומען די

גשמיותדיקע זייט. זיך גענומען די הויפּט־ראָל פון פרנסה, פירנדיק אַ גוט־איינגעאָרדנטע דאַמען־שניידעריי־אַטעליע. איר מאַנס דרך פון הויכער יידישער מאָראַל איז פאַר איר געווען אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך און זיין אָפּגעבן זיך מיט רוחניות און פאַרטועונקייט אין דער וועלט פון געזאַנג האָט איר פאַרשאַפט אַ גייסטיקן פאַרגעניגן, און ממילא איז מקוים געוואָרן דער מאמר אין דער גמרא בבא־מציעא (פ"ד, ע"ב) אַז "אַ געפעס וואָס ווערט געברויכט פאַר הייליקע זאַכן, קען מען נישט געברויכן פאַר וואָכעדיקע באַדערפעניש". זי האָט מיט גרויס אהבה און איבערגעגעבנקייט גענומען אויף זיך די זאָרג צו פירן די שטוב לויט די שענסטע יידישע מנהגים און זייער טיר איז תמיד געווען אָפן פאַר נצרכים, מיט גרייטקייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן.

זיי האָבן מער נישט געבוירן ווי איין זון, מרדכי, וועלכער לעבט מיט זיין משפחה אין ישראל.

עס זענען אונדז נישט באַקאַנט די לעצטע מינוטן פון ר' הענעכן און זיין פרוי יענטע, אָבער ווען כ'האָב געלייענט ווי הלל זיידמאַן שרייבט אין זיין "טאָג־בוך פון וואַרשעווער געטאָ" צוו. אַנד.: "ווען מען האָט אַ גרופּע יידישע קינדער געפירט דעם צווייטן טאָג ראש־השנה צו דער גאַז־קאַמער אין טרעמבלינקע האָבן זיי געזונגען 'וטהר לבנו'"... איז מיר געקומען אויפן געדאַנק די געשטאַלט פונעם קדוש ר' הענעך און כ'האָב אים געזען פאַר מיינע אויגן ווי ער גייט זיין לעצטן וועג מיטן געזאַנג פון "וטהר לבנו" און אפשר האָט ר' הענעך פאַרן איבערטרעטן די גאַז־קאַמער אויסגעזונגען אין זיין לעצטן געזעגנונגס־געזאַנג איינעם פון זיינע דערהויבנדיקע ניגונים.

## ר' שלום גראַכאָווסקי

עס איז געווען עפּעס מלכותדיקס אין זיין הויכער געשטאַלט, אַ פרומער ייד מיט אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, אַ פעסט־געבויטע פיגור און זיין קיילעכיק פּנים איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ שיין פאַרקעמטער באָרד. ער איז געווען גוטמוטיק און העפלעך, קיינמאָל נישט גאווהדיק, אדרבא, ער איז געווען אַ גרויסער עניו, בבחינת "כל המשפיל עצמו הקב"ה מגביהו" (עירובין י"ג).

דערצו איז ער געווען אַ ייד אַ פּיקח, מיט אַן אָפענעם קאָפּ, באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים. די יידן אין רעמבערטאָוו האָבן זייער געוואָלט, ער זאָל זיין זייער פאָרשטייער אין דער קהילה, ווי אויך אין אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטי־טוציעס אין שטעטל, אָבער ר' שלום האָט זיך תמיד דערווייטערט פון כבוד, נישט

געוואַלט פאַרנעמען קיין חשובע פאַזיציעס. זיין דרך אין לעבן איז געווען באַזירט אויפן פרינציפ: "על שלושה דברים העולם עומד: על התורה, על העבודה וגמילת חסדים".

ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו לערנען זיין בלאַט גמרא און טראַכטן דערין, וואָס ער איז נישט געפאָרן צו קיין רבין, האָט ער אָבער געהאַט אַ האַרציקע באַציאונג צו חסידות.

כל אדם לעמל נברא — זאָגט די גמרא אין סנהדרין און דערמיט האָט ער זיך געקערעוועט זיין גאַנץ לעבן, געמוסרט יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט פוסט און פּאַסט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט ביי זייער פאַך, אויך דאָך האָט ער זיך באַנוצט מיט דער גמרא אין פסחים: "פשוט נבילתא בשוקא ושקיל אגרא ולא תימאר כהנא אנא וגברא רבא אנא", דאָס מיינט שינד אַ נבלה אין מיטן מאַרק און פאַרדין דיר דיין שטיקל ברויט, און זאָג נישט כ'בין אַ כהן און אַ גרויסער מענטש. ער האָט געהאַט אַ גוואַלטיקע פיעטעט פאַר אַרבעט, פאַרופן זיך אויפן מאמר חז"ל: "זכות מלאכה עומדת במקום שזכות אבות אינה יכולה לעמוד".

מיט גרויס התלהבות האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט גמילת חסדים און גאַנץ אָפט האָט ער געמוזט עס טון אָן דעם וויסן פון זיין הויזגעזונט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז אפילו די נאָענטסטע מענטשן זאָלן וויסן ווער עס איז דער נצרך.

ר' שלום גראַכאַווסקי האָט געשטאַמט פון אַ משפחה לומדים און נדבנים. אין זיין הויז האָט געהערשט אַ וואַרעמע און היימישע אַטמאָספער, אין דעם האָט אויך געהאַט אַ גרויס חלק זיין פרוי אסתר, פון די נשים צדקניות און אַ גוטע נשמה.

זיין פרנסה האָט ר' שלום געצויגן אַלס אונטערנעמער פון מאַלערייַ און ווי אַ הייסער חובב ציון האָט ער אַ סך געשפּענדעט פאַר די ציוניסטישע קרנות. ער האָט תמיד געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל, געזאָגט, אַז פאַר יידן איז נישטאָ קיין אָרט אין אַנטיסעמיטישן פּוילן און מיט זיין געזונטן חוש האָט ער פאַרויסגעפילט, אַז עס רוקן זיך אָן ביטערע צייטן פאַרן פּוילישן יידנטום. די אהבת ארץ ישראל האָט ער איינגעפּלאַנצט אויך אין זיינע קינדער און ווען די מזרחי־אָרגאַניזאַציע אין רעמבערטאָוו האָט אַרויסגעשיקט אַכט מיידלעך קיין ארץ־ישראל, זענען צווישן זיי געווען אויך זיינע צוויי טעכטער: מאַשע און שרה. ר' שלום האָט זיך דעמאָלט געפילט גליקלעך. מיט דער צייט האָבן די צוויי טעכטער אַרויסגעפאָדערט זייערע עלטערן מיט זייער יונגערן ברודער אלחנן־ראובן און אַזוי איז מקיים געוואָרן זיין חלום צו פאַרלאָזן פּוילן. צוזאַמען מיט זיין פרוי און זון זענען זיי בשלום אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

אַזוי אַרום איז ר׳ שלומען באַשערט געווען אויסצומיידן די גרויזאַמע שחיטה און אָפּצוראַטעווען זיין בני־בית אין ישראל, ווו עס געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג זיינע טעכטער טאָבטשע, מאַשע און שרה מיט זייערע משפחות און זיין זון אלחנן.

ר׳ שלום גראַכאַווסקי איז נפטר געוואָרן י״ב טבת, תשי״ז, אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי עס איז אַוועק פון דער וועלט זיין פרוי אסתר, כ״ט תשרי, תשי״ז עס איז ביי זיי מקוים געוואָרן דער פסוק: ״הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו״.



## ר׳ הענעך פינקעלשטיין

אַ קאָפּ־מענטש — אַלס אַזעלכער האָט מען אין שטעטל באַצייכנט ר׳ הענעך פינקלשטיין, וועלכער איז נאָך דער פטירה פון ר׳ מענדל קלוגמאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דער פרעזעס פון דער רעמבערטאָווער קהילה. ער איז ווירקלעך געווען זייער שאַרפזיניק. בטבע איז ער געווען מער שווייגער ווי רעדער, פאַר־שלאָסן אין זיך, אָבער אין די געציילטע ווערטער, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט האָט מען אַרויסגעפילט ישוב הדעת, אַ שפע פון פקחות און געזונטער לאָגיק.

ר׳ הענעך איז געווען אַן איש יודע ספר, באַהאַוונט אויך אין וועלטלעכע ענינים, אָריענטירט זיך אין פּאָליטישע פּראָבלעמען און דערביי אויך אַ שטרענג אָפּגעהיטענער רעליגיעזער ייד.

אַ מיטלוווקסיקער, געגויגט צו דיקלעכקייט, האָט ער ליב געהאַט זיך דורכ־צושפּאַצירן די גאַס, אָנגעטון אין אַ געהאַקטער קאַפּאָטע און טוכענעם יידישן היטל, דאָס העמד מיט אַ ווייכן קאָלנער און קראַוואַט, אין האַנט אַ שטעקן מיט אַ זילבערנעם הענטל. זיין שוואַרצע באָרד איז שוין געווען היפּש באַזילבערט, די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט ער מיט זיין כאַראַק־

טעריסטישער תמימות געשטעלט קורצע פראַגן און געלאָזט זיי וואָס לענגער רעדן, צוגעהערט זיך אויפמערקזאַם, כדי צו דערגיין, צי ווער פון זיי נויטיקט זיך נישט אין הילף, אין אַן אינטערווענץ א.ד.ג.

אַליין איז ר׳ הענעך געווען אַ נגיד, געהאַט אַ גרויס הויז אויף דער הויפּטגאַס. אין וועלכן ער מיט זיין משפּחה האָבן פאַרנומען אַ גרויסע און באַקוועמע וווינונג, און זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלערליי מענטשן. שטענדיק האָט דאָרט געווימלט מיט סוחרים און מעקלער פון דער האָלץ־בראַנזשע. די בראַנזשע איז אויך געווען זיין מסחר.

מיט דער בעל־הבתישקייט האָט זיך פאַרנומען זיין איידעלע און מיוחסדיקע פרוי עטל, וועלכע פלעגט זיך אויך אָפגעבן מיטן דערציען די 8 קינדער וואָס זענען ביי זיי געבוירן געוואָרן.

ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, ווערט דאָס שטעטל יידן אין אַ שבת פרי דערשיטערט פון דער ידיעה אַז ר׳ הענעך פינקלשטיין האָט פאַרטאָג באַקומען אַ האַרץ אַטאַק און גלייך געשטאָרבן.

ווען די מלחמה ברעכט אויס, און די דייטשן פאַרנעמען רעמבערטאָוו, אַנטלויפן דריי זין: יהושע, שאַכנע און מאַניעק, נאָך ביאַליסטאָק וואָס די סאָוויעטן האָבן פאַרנומען, זיי קענען זיך אָבער דאָרט נישט צופּאַסן צום נע ונד לעבן, און שמוגלען זיך צוריק צום דייטש, ווו זיי קומען אָן צוריק אַהיים נאָך רעמבערטאָוו.

ז׳ אלול פון יאָר 1942 ווערט די אַלמנה פון קהלה פּרעזעס פרוי עטל, צוזאַמען מיט אירע 7 קינדער (דער אַלטער זוהן מלך פינקלשטיין איז אָפּגעפאָרן נאָך א״י פאַר דער מלחמה און לעבט מיט זיין פאַמיליע אין נהריה) נאָך טרעמבלינקע, און צוזאַמען מיט אירע קינדער אברהמקע, שאַכנע, יהושע, מאַניעק, פייגע, צביה, לאהקע און איידעם בערל בראָמבערג, קומען זיי אום מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן דורך די מערדערישע נאַציס אין טרעמבלינקער גאַז־קאַמער, על קידוש השם והעם. הי״ד.

## יאַנקעלע שוחט

ר׳ יעקב טענענבוים, דער רעמבערטאָווער שוחט, וועלכן מען האָט אין שטעטל גערופן יאַנקעלע שוחט, האָט געשטאַמט פון קאַליש און אין די שפּעטע צוואַנציקער יאָרן האָט ער זיך באַזעצט מיט זיין משפּחה אין רעמבערטאָוו, ווו ער איז געוואָרן איינגעלאַדן צו פאַרנעמען דעם פּאָסטן אַלס שוחט אינעם גרויסן שעכט־הויז.

ר׳ יעקב טענענבוים, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ רבנישער משפּחה, איז

געגאַנגען אין די דרכים פון זיינע אבות, געווען אַ שטרענג־אָפּגעהיטענער פרומער ייד און באַקאַנט אַלס למדן.

ער איז געווען זייער אַ גוטמוטיקער און פון כאַראַקטער אַ נוח לבריות. ער האָט זיך געקענט אַוועקשטעלן אינמיטן גאַס און זיך אויסמועסן מיט אַ קינד. אַליין אַ נידעריק־געוואוקסיקער און דערצו נאָך אַביסל אַן איינגעבויגענער, האָט ער בעתן שמועסן מיט מענטשן צו זיי אַרויפגעקוקט. זיין פקחות און וויסן, זיין ריינקייט, שטענדיק אויסגעפוצט אין דער טוכענער קאַפּאָטע; געפלעגטע און שיין־צוגעקעמטע באָרד, פלעגט ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט און מענטשן האָבן געגרן זיך אַריינגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס. ער האָט אָפּגעהיטן דעם כלל, אַז אויפן בגד פון תלמיד־חכם טאָר זיך נישט געפינען קיין פלעק און פונקט אַזוי ריין דאַרף זיין די טאָג־טעגלעכע התנהגות.

אין קיין קהלישע ענינים האָט ער זיך נישט געמישט. האָט נישט געוואָלט זאָגן קיין דעות, דאָרט ווו מען האָט זיין דעה נישט געבעטן. ער האָט נישט געזוכט קיין חטאים ביי קיינעם און האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין די ענינים פון זיינע קינדער. זיין לעבנס־פילאָזאָפיע איז געווען, אַז אַ מענטש דאַרף לעבן מיט יעדן איינעם בשלום. ער האָט געטענהט, אַז איידער צו פאַרנעמען זיך מיט פוסטע מעשיות און מחלוקות, איז בעסער די צייט צו פאַרברענגען ביי אַ בלאַט גמרא.

בעתן שמועסן מיט חסידישע יידן האָט ער געפלעגט ציטירן מאמרי חז״ל, מיט וועלכע ער האָט באַוויזן די ריכטיקייט פון זיין געדאַנקענגאַנג. אַן אַנדערן סטיל פון שמועסן האָט ער געהאַט מיט דער יוגנט, מיט די חברים פון זיינע צוויי זין און מיט די חברטעס פון זיינע דריי טעכטער. עס פלעגט טרעפן אַז אין שטוב, ווו זיי זענען אָפּט אַריינגעקומען, האָט זיך אַוועקגעלאָזט אַ שמועס וועגן יראת שמים, פלעגט ער דאַן זיך באַנוצן מיט זיין קאַלישער פאַרצייטישן יידיש און טענהן:

״זאָ וואָס! איינעם זאָ באַנאַלן געדאַנקעגאַנג צו באַנוצן״... הערנדיק אַזאַ לשון וואָס זיי האָבן נישט קלאָר באַנומען דעם מיין, פלעגן זיי ״פריטשמיעלעטע״ מסכים זיין אויף אַלעם, וואָס יאַנקעלע שוחט האָט געזאָגט. דעמאָלט פלעגט ער זיך אויפשטעלן פון דער שטול, קלאַפּן יעדן גוטברודעריש אין פּלייצע און זאָגן בשעת מעשה: ״זאָ ביסטו אַ פיינער יינגע״... אָפּגעזאָגט דעם פסוק איז ער אַ צופרידענער גיך אַוועקגעלאָפן אין בית המדרש צו מנחה־מעריב.

עלטערע פּופּציק יאָר איז דער איידעלער ייד און למדן יאַנקעלע שוחט אַלט געווען, ווען מען האָט אים מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעפירט פון רעמבערטאָוו קיין טרעמבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען על קידוש השם.



# ר' סענדער אײדעם

אײנער פון די עלטסטע באַלעבאַטים אין רעמבערטאָוו, אַ למדן, אַ חסיד און אַ בעל מדות טובות, אין עלטער פון 18 יאָר האָט ער באַקומען סמיכות אויף רבנות. אין רעמבערטאָוו האָט ער זיך באַזעצט בײם אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס שרײבער אין אַ װאַלד. דערנאָך איז ער אַלײן געוואָרן אַ װאַלד־סוחר.

ר' סענדער אײדעם האָט געהערט צו אַ ראַסע קרעפטיקע און פּולבלוטיקע ײדן, האָט ליב געהאַט דאָס לעבן, אָבער דערבײ געווען דורכגענומען מיט ײדישקײט, פרום אָפּגעהיטן די תרי"ג מצוות, אַ פילפּאַרביקע געשטאַלט, דורכ־גענומען מיט נאַציאָנאַלן שטאָלץ.

דער װאַלד־מסחר איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַרן און האָט דערפאַר פון דער צאַרישער מאַכט באַקומען אַ דערלויבעניש צו טראָגן געווער. נישט אײנמאָל האָט פּאַסירט, אַז ר' סענדערן איז אויסגעקומען צו פאַרטײדיקן אַ ײד מיט געווער אין האַנט. ער האָט אָבער קײנמאָל נישט געשאָסן. עס איז גענוג געווען זײן באַווײזן זיך מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט, אַז די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס זאָלן זיך צעלויפן ווי די מײז. ער האָט זיך געהיטן נישט צו באַנוצן צו־אָפט די דראָונג מיטן געווער. ער איז געווען גענוג קלוג און געהאַט אַ גוט אַנטוויקלטן חוש ווען און ווי אַזוי צו רעאַגירן בעת אנטי־ײדישע געשעענישן.

צווישן זײנע מעלות פאַרנעמט אַ גרויס אָרט די מידה פון צדקה. ער איז געווען באַקאַנט מיט זײן ברײטער האַנט בײם שטיצן די רעליגיעזע אינסטיטוציעס

ר' סענדער איז אויך געווען אַ בעל תפילה אין אַלטן בית המדרש. ער האָט געדאַוונט מיט גרויס מתיקות און מיטגעריסן די מתפללים מיט זײן האַרציקן דאַווענען.

ר' סענדער אײדעם איז געשטאָרבן בשיבה טובה אין רעמבערטאָוו פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה.



# משה יודל יעלען

ר׳ משה־יודל יעלען איז געווען איינער פון די ערשטע און חשובסטע באַלע־באַטים אין רעמבערטאָוו. אַ חכם ונבון. ווען ער האָט זיך מיט זיין הויכער רעפּרע־זענטאַטיווער פיגור באַוויזן אין גאַס, האָט ער צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט און אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ.

ער איז געווען פון די באַקאַנטסטע און רייכסטע פּי־סוחרים, געברענגט פּי וואַגאָנענווייז פון די קרעסן און געהערט צו דעם סאָרט איינגעפונדעוועטע יידן, וואָס שטייען פעסט אויף אַ זיכערן באָדן, אין וועלכן זיי פילן זיך טיף פאַר־וואָרצלט און קענען זיך קעגנשטעלן שטורעמווינטן.

ער איז געווען אַ בעל־מידות און אַ בעל־צדקה, מיט אַלע אַנדערע גוטע אייגנשאַפטן וועלכע ער האָט אין זיך איינגעזאַפּט פון זיידעס און עלטער־זיידעס און זייער השפעה איז געקומען צום אויסדרוק אין אַלע זיינע מעשים.

זיין הויז און זיין האָנט זענען שטענדיק געווען אָפן פאַר נויטבאַדערפטיקע. זיין איידעלע גוטע פרוי וועלכע איז געווען באַקאַנט מיט איר צדקות, האָט דאָס הויז פאַרוואַנדלט אין אַ נעסט פון חמימות און מאַמעשער זאָרג. די טירן פון זייער הויז האָבן נישט גערוט. מענטשן זענען אַריין און אַרויס ווי ביי זיך אין שטוב. זין, טעכטער, שנורן, איידעמס, אייניקלעך, נאָענטע און ווייטע קרובים, פרעמדע און היימישע, מחותנים און סתם יידן, מען האָט גענומען, געגעבן, געבעטן, זיך באַראַטן, געעצהט, געפרעגט מבינות.

איינער פון זיינע זין, שלמה, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו גיין דינען אין פוילישן אַנטיסעמיטישן מיליטער, איז אַוועק קיין פאַריז. יאָרן שפּעטער האָט ער איינגעלאַדן זיינע עלטערן אויף אַ באַזוך אין פאַריז און זיי האָבן דאַן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געהאַט די געלעגנהייט אָנצוזען זיך די אַלע גרויסע וווּנדער פון פראַנקרייכס הויפּטשטאָט.

ווען ר׳ משה יידל קומט צוריק פון פּאַריז און שטעטלשע יידן פרעגן אים, וואָס ער זאָגט עפּעס צו פּאַריז, ענטפערט ער: ״פּאַריז איז אַ גאַנץ ווילע שטאָט, נאָר צו רעמבערטאָוו קומט עס נישט״...

אין יענעם טרויעריקן ערב ראש־השנה 1942 איז דאָס שיינע מלכות פון ר׳ משה יודלען געוואָרן חרוב ומוחרב. ער מיט זיין פרוי און די גאַנצע דינאַסטיע יעלען (אויסער דעם איינציקן זון שלמה, וועלכער לעבט מיט זיין משפחה אין פּאַריז) ווערן אָפּגעפירט אין טרעמבלינקע.

## ר׳ ישראל מרדכי ביטער

א הויך־געוויקסיקער, מיט אַ הדרת־פּנים. זיין שיינע באָרד האָט אַרומגערעמט דאָס לומדישע פּנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט מילדע אויגן. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, וועמענס פרנסה עס איז געווען די האָלץ־בראַנזשע. עס איז געווען גענוג צו דערמאָנען זיין נאָמען, ער זאָל אַרויסרופן אַ געפיל פון דרך־ארץ מצד אַלע וואָס האָבן אים געקענט.

ער איז געווען אַ למדן אָבער גערעכנט זיך פאַר אַ שווייגער, האָט ליב געהאַט מער צו הערן ווי צו רעדן. ער האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע תלמידי־חכמים וואָס זעען אין שוויגן אַ הויכע מדרגה, ווייל וואָס ווייניקער מען רעדט, אַלץ מער צייט איז דאָ צו טראַכטן, צו פאַרטיפן זיך אין מחשבות.

זיין שטוב איז געווען אַ חסידישע און די קדושה האָט זיך אין איר געפילט יעדן טאָג אין דער וואָך. און גאָר באַזונדערס אין שבת, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאָג פון געלייטערטער שיינקייט. דורכגייענדיק פאַרביי ר׳ ישראל מרדכי ביטערס הויז האָט זיך מיר שטענדיק פאַרגעשטעלט דאָס בילד פון זייד און סאַמעט, יידן אין זיידענע קאַפּאָטעס, פרויען אין שטערן־טיכלעך, אין שייטלען און אין לאַנגע קליידער.

ר׳ ישראל מרדכין האָט מען אויך געקענט טרעפן זיצן אויף דער וועראַנדע פון זיין שטוב, וועלכע האָט זיך געפונען אויף דער פּילסודסקי־גאַס. ער איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער פאַרטיפט אין מחשבות. עס האָבן אים אויך נישט געפעלט קיין דאגות. ער האָט געהאַט זעקס זין, אָבער נאָר איינער האָט חתונה געהאַט. די אַנדערע, וועלכע זענען שוין אַריבער דעם עלטער פון שמונה־עשרה לחופה, האָבן געוואַרט אויף זייערע זיוווגים.

ער האָט נישט זוכה געווען צו פירן די אַנדערע פינף זין צו דער חופה. אַלע: מאיר, דוד, יוסקע, נח און לייזער זענען צוזאַמען מיט אים אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלנקע.



# ר׳ חיים ביטער

זיין לעבנסשטייגער איז געווען דורכגענומען מיט פּאַטריאַרכאַלישער יידישקייט, מיטן חן פון דורות איידעלע יידן. ער האָט געהערט צו די ערשטע און חשובסטע באַלעבאַטים אין רעמבערטאָוו, אַ הדרת פנים, זיין איידל געזיכט האָט אַרומגעראַמט אַ שוואַרצע, שיין געפלעגטע באָרד, דורכגעוואָרפן מיט זילבערנע האָר. דערצו איז ער אויך געווען אַ פּעדאַנט אויף זויבערקייט, שטענדיק געווען געקליידעט ריין און זויבער, וואָס איז געווען אין האַרמאָניע מיט זיין גאַנצן לעבנסשטייגער, מאָראַלישע ריינקייט און הויכע מידות.

ר׳ חיים ביטער איז געווען דער איינציקער אייגנטימער פון אַ געשעפט פון אייזן און בוי־מאַטעריאַל. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין קאָנקורענץ אין שטעטל איז ער געווען דורך־און־דורך ערלעך אין האַנדל. דער אמת איז ביי אים געשטאַנען העכער פון אַלע רווחים.

פונקט ווי אויף די מצוות פון בין אדם למקום האָט ער אויך מקפיד געווען אויף די מצוות פון בין אדם לחברו, האָט מיט באַגייסטערונג אָפּגעהיטן אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו העלפן מענטשן. ער האָט פאַרמאָגט אַ וואַרעם האַרץ, וואָס האָט מיטגעפילט יעדנס נויט. זיין מילד, בנעימותדיק רעדן, האָט געווירקט גוט אויף יעדן איינציקן. זיינע רייד זענען אַרויסגעקומען מיט ישוב הדעת, האָבן פאַר־מאָגט אינהאַלט און לעבנס־חכמה.

ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע רעמבערטאָווער יידן, מיט זיין פרוי און די קינדער בלומקע און לייזער.

זיין זון נחום האָט פאַרשריבן אַ הערלעכן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון העלדישן יידישן ווידערשטאַנד, איז געפאַלן אין קאַמף מיט די נאַצישע רוצחים אין יאָר 1941. דאָס קאַפּיטל ווערט דורך מיר באַזונדער באַשריבן אין יזכור־בוך.



# יעקב בער ביטער

ווען ר׳ יעקב בער ביטער האָט מען זיך אין רעמבערטאָוו דערציילט, אַז זיינע אבות אבותיו זענען שוין אַלע געווען גבירים אדירים. ר׳ יעקב בער איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, פון מיטעלן וווקס און זייער אַן איידעלער. ער האָט זיך געקליידט לויטן אָנגענומענעם פויליש־יידישן לבוש, אין אַ לאַנגער געהאַקטער קאַפּאָטע, אַ קיילעכיק יידיש היטל. אויף זיין פנים, אַרומגערעמט מיט אַ שיין געפּלעגטער שוואַרצער באָרד, איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אַ פריינט־לעכער שמייכל. דערביי האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פשטות און עניוות.

ער איז געווען דער גרעסטער גביר אין רעמבערטאָוו. ער האָט געוווינט אין אַ רחבותדיקער דירה, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין אייגענעם געמויערטן הויז אין צענטער פון דער פּילסודסקיעגאָ גאַס, מיט אַ באַלקאָן, וואָס איז אַרויס אויפן פראָנט און איז געווען דער איינציקער באַלקאָן אין שטעטל, וואָס האָט אויך עדות געזאָגט אויף זיין גבירישקייט.

ר׳ יעקב בער, איז געווען דער אייגנטימער פון דער גרויסער ציגעלניע הינטער דער שטאָט, געווען אַ שותף צו אַ טאַרטאַק, און געהאַט אויפן לאַנגן הויף הינטער זיין הויז אַ גרויסן ברעטער סקלאַד. אין שטעטל האָט מען אים געשאַצט, אויף העכער פון אַ מיליאָן זלאָטעס. (די יידן פון אָרימען שטאַנד האָבן זיך דערמיט נישט באַנוגנט און האָבן פון זייער אייגענער פאַנטאַזיע צוגעגעבן וועלדער, גיטער, בראַנפן־גיסערייען און קוילן הוטעס און געוואָלט אַז זייער שטעטלשער נגיד זאָל זיין דער רייכסטער ייד אין פוילן)...

די רעמבערטאָווער יידישע קהילה, האָט אין ר׳ יעקב בערן געהאַט דעם גרעסטן עטאַט צאָלער, אַלע געזעלשאַפטלעכע הילפס־אינסטיטוציעס זענען געוואָרן פון אים ברייט געשטיצט, דערביי אויך אַקטיוו געזאָרגט פאַר צרכי צבור, און מתן בסתר.

ער איז געווען דורך און דורך עמך, נישט פֿאַרמאָגט אין זיך קיין ניצוץ פֿון גבֿיר׳שע גאווה, — זיין בעסט פֿאַרגעניגן איז געווען, גייענדיק יעדן פֿרימאָרגן צו זיין ציגעלניע, אָפּצושטעלן אין גאַס ועמען ער האָט נאָר אָנגעטראָפֿן און פֿאַרפֿירן אַ שמועס, — אַז ער פֿלעגט טרעפֿן אַ צעבראָכנעם יידן, וואָס איז געווען אַ מטופּל מיט קינדער, אָנגעפּילט מיט דאגות איבערן קאָפּ, און דערצו נאָך אַ גרויסער אביון, האָט ער אים קודם כּל מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס און נאָכהער אים גענומען אויספֿרעגן וואָס עס הערט זיך עפּעס נייעס אויף דער וועלט... און וואָס זאָגט עפּעס דערצו רוזוועלט... דער צעבראָכענער ייד פֿלעגט נאָך אַזאַ שמועס אַוועקגיין אין אַ גאָר געהויבענער שטימונג, אַ קליינינקייט! ר׳ יעקבֿ בער אַליין, איז זיך מיט אים שואל עצה וועגן וועלט׳ס זאַכן...

די קריסטלעכע פֿאַרבייגייער, אַז זיי פֿלעגן אָנטרעפֿן ר׳ יעקבֿ בערן אין גאַס, האָבן זיי מיט יראת הכבוד געצויגן פֿאַר אים די היט, און אים באַגריסט מיט אַ שאַצונעטשעק!

מיטן הויז בעלהבתישקייט האָט אָנגעפֿירט זיין שיינע און איידעלע פֿרוי מלכה׳לע, — מלכה׳לע וועלכע האָט אויך געשטאַמט פֿון אַ רייך הויז האָט פֿאַרמאָגט אין זיך דעם נגידישן שטעל, זי האָט געזאָרגט אַז זייער הויז זאָל זיין אָנגעשטעלט מיט אַנטיטשנע מעבלען און אָטאָמאַנעס, מיט דיוואַנעס אויף די דילן און זשיראַנדאָלן אויף די סופֿיטן, מיט טיולענע גאַרדינען אויף די פֿענסטער, און מיט געבלימטע טישטיכער אויף די טישן, דערביי האָט זי געזען אַז פֿון די גלעזערנע שויבן פֿון די קרעדענסן, זאָלן אַרויסבלישטשען די זילבערנע לייכטער, בעכער, אתרוג־פּושקע, בשמים־ביקסן, חנוכה־מנורה, און אַנדערע זילבערנע אויסאַרבע־טונגען פֿון כּלערליי תשמישי קדושה, — אַליין איז מלכה׳לע שטענדיק געווען אויסגעפּוצט, ווי זי וואָלט געגאַנגען אויף אַ חתונה, מיט גאָלדענע פֿינגערלעך אויף די פֿינגער, מיט בראַסלעטן, שנירלעך פּערל, קאָליעס און געגראַווירטע בראָשן.

די שטיבן זענען שטענדיק געווען אָנגעפּילט מיט ריחות פֿון פֿריש געבעקס מיט ראָזשינקעס, בראָט־יויך פֿון געבראָטענע קאַטשקעס און געפֿרעגלט איינ־געמאַכטס.

די קעכין וואָס האָט דאָרט געאַרבעט, איז שטענדיק געווען פֿאַרנומען מיט קנעטן, פֿרעגלען, אויסלאָזן שמאַלץ, און אַרומלויפֿן אַרום די טעפּ וואָס האָבן זיך געקאָכט מיט אַ לעפֿל, און אָפּשוימען...

ווייבער וועלכע פֿלעגן אַרויפֿקומען צו מלכה׳לען וועגן צדקה ענינים, האָבן שפּעטער דערציילט איבערן שטעטל די "וואונדערס" וואָס זיי האָבן דאָרט געזען, זיי האָבן דערציילט, אַז ר׳ יעקבֿ־בער דרייט זיך אַרום אין אַ זיידענעם שלאָף־ראָק, — איין טאָכטער ליגט אויף דער אָטאָמאַנע און לייענט אַ מעשה־בוך —

די צווייטע טאָכטער עסט לעקעך — די דריטע מאַכט זיך ביים שפיגל ד׳ לאָקן — איין זון טרינקט ״שמיטאַנקאָווע״ קאַווע מיט קעז־קוכן, — דער צווייטער זון לייענט אַ בלאַט צייטונג, און וואַרפט שאָקאָלאַדקעס אין מויל אַריין, — און מלכה׳לע אַליין ווען זיי זענען אַריינגעקומען האָבן זיי איר געטראָפן ווי זי זיצט און העפט עפּעס אַ לייוונט מיט 2 גאָלדענע בערן..

5 קינדער זענען געבוירן געוואָרן ביי ר׳ יעקב בערן און מלכה׳לע, 2 זין, לייזער און בענץ (בן־ציון) און 3 טעכטער רעגינע, אַדעלע און לילי. אין דער צייט ווען די 2 זין זענען געווען יידישיסטן האָבן די טעכטער זיך אויסגעלעבט אויס־שליסלעך אין דער פּוילישער שפּראַך.

אַלע קינדער פון ר׳ יעקב בערן, האָבן געירשנט פון אים פשטות, ווייט געווען פון סנאָביזם, (נישט ווי די וואַרשעווער רייכע קינדער וועלכע ס׳האָט געצויגן צו פריצישע ״טאָוואַזשיסטוועס״, און וווינען אין קריסטלעכע געגנטן). זיי זענען געווען אַלע געהאָרכזאַמע קינדער מיט גרויס דרך־ארץ פאַר די עלטערן, אָבער אין דער זעלבער צייט פול מיט אינערלעכער צופרידנקייט, וויסענדיק, אַז עס ליגן שוין פאַר זיי אָוועקגעלייגט די שיינע נגידישע נדנים.

ווען די מלחמה טעג פון 1939 האָבן זיך דערנענטערט, און די לופט האָט גענומען שמעקן מיט פּולווער, איז ר׳ יעקב בער מיט זיין משפחה אַוועק אין וואַרשע, גלויבנדיק אַז אין דער גרויסער שטאָט וועט זיין מער זיכערער.

ליידער, ווי מיר ווייסן, איז עס געווען אַ חשבון־טעות און בעת אַן אויס־זידלונג איז ר׳ יעקב בער מיט זיין ווייב מלכה׳לע אָפּגעפירט געוואָרן אין טרעמבלינקע ווו זיי זענען דורך די רוצחישע היטלעריסטן דערמאָרדעט געוואָרן על קידוש השם.

פון די פינף זייערע קינדער איז בענץ געשטאָרבן אין רוסלאַנד פון הונגער. דער צווייטער זון לייזער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין ישראל (כפר־סבא). די דריי טעכטער זענען צום גליק לעבן געבליבן. צוויי פון זיי, רעגינע און אַדעלע וווינען מיט זייערע פאַמיליעס אין ישראל, און איין טאָכטער, לילי לעבט מיט איר פאַמיליע מעבר לים.



# אברהם יצחק טורעק

נישט ווייניק זענען געווען אין רעמבערטאָוו די פרומע און גאָטספּארכטיקע יידן וועלכע זענען דורך זייער אמונה דערגאַנגען צו הויכע מדרגות און זענען אויך פּאַר אונדז אַ מוסטער פון הויכע און אידעלע מידות. אַזעלכער איז אויך געווען דער רעמבערטאָווער באַלעבאָס ר׳ אברהם יצחק טורעק, פון די פייערדיקע פּאריסאָווער חסידים און אַ למדן מופלג. אין זיין פרומער אָפּגעהיטנקייט האָט ער זיך נישט גערעכנט בלויז מיט דין, נאָר תמיד זיך געפירט לפנים משורת הדין.

ער איז געווען פון נידעריקן וווקס, מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט פאַרדעקט דרייפערטל פון זיין פּנים און האָט נאָכמער אונטערגעשטראָכן דאָס פייער, וואָס איז געגאַנגען פון זיינע אויגן. דאָס איז געווען אַ פייער פון קדושה, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט דער טומאה און זי גובר געווען. דערצו האָט ער אויך געשטאַמט פון גרויסן יחוס, פון לומדים און פייערדיקע חסידים. זיינע זיידעס זענען געווען טיש־זיצערס ביים ייד הקדוש. ר׳ אברהם יצחק איז געגאַנגען טריי אין זיינע חסידישע דרכים. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער מאמר אין דער גמרא: ״אבני ביתו של אדם, וקורות ביתו של אדם מעידים בו״ (תענית י״א). ר׳ אברהם יצחק האָט זיך אויך גערעכנט פאַר אַ קנאי, וואָס איז נישט מוותר אויף אַ קוצו של יוד. ער איז געווען אַ נאה דורש ונאה מקיים, איז געווען שטרענג צו זיך און געפאָדערט אויך פון אַנדערע צו גיין אין גאָטס דרכים.

ביי זיך אין שטוב האָט ער איינגעאָרדנט אַ חדר פאַר גמרא־יינגלעך. האָט שווער געהאָרעוועט איינצופלאַנצן אין זיינע תלמידים די ליבשאַפט צום לערנען. ער איז פון די מלמדים, וואָס האָבן געשטעלט גרויסע פאָדערונגען זייערע תלמידים. ער האָט געהאַלטן, אַז פון זיין חדר דאַרפן די תלמידים אַרויסגיין ווי וויל־לערנער און ווערן שפּעטער תלמידי חכמים.

זיין ווייב, טריינע, איז געווען נישט ווייניקער פרום פון איר מאַן, האָט אים

געבוירן עטלעכע קינדער, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אין שטרענג רעליגיעזן גייסט.

די גרויסע פאָדערונגען, וואָס ער האָט געשטעלט זיינע תלמידים האָבן אים לבסוף דערפירט צו אַנטוישונגען דאָס האָט אים צעבראָכן און ער האָט פונאַנדער־געלאָזט דאָס חדר, האָט זיך גענומען צו אַן אַנדערער פרנסה, געעפנט אויפן הויף אַן אייז־קעלער, וואָס האָט געדינט פאַר די באַלעבאָסטעס און אייגנטימער פון געוועלבלעך צו האַלטן אין די זומער־חדשים די פּראָדוקטן, וואָס עס האָט געדראָט קאַליע צו ווערן פון דער היץ. אויך דאָס עסק האָט נישט געברענגט קיין פרנסה ברווח און ר׳ אברהם יצחק האָט זיך נישט אויפגעהערט צו מאַטערן. זיין גרויסע הנאה איז געווען אַ גלאָז שוואַרצע קאַווע, וואָס ער האָט געטרונגען איינס נאָכן אַנדערן. דאָס איז אגב געווען אָנגענומען ביי די פּוריסאָווער חסדים אַ מנהג צו טרינקען אַ סך שוואַרצע קאַווע. דאָס האָט מרמז געווען אויף "קוה לה׳".

ר׳ אברהם יצחק איז אומגעקומען אין יענע גרויזאַמע טעג צוזאַמען מיט זיין פרוי טריינע און די קינדער: לייבל, משה, יחזקאל, מלכה, ליבע, לייזער, איטע, רחל, יאספע און שלמה. בלויז צוויי זין האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט און געפינען זיך אין ישראל מיט זייערע משפחות.



## ר׳ הערשל אָסטזשעגאַ

ער איז געווען פון די חשובי העיר, געהערט צו די שטרענגע שומרי דת ומצוות, אַ בעל־צדקה און אַ בעל טובה שטילערהייט און גאָר אָפט בסתר פאַר די, וואָס האָבן זיך געשעמט מיט זייער שווערער לאַגע.

אין זיין פריערע צייט, ווען ר׳ הערשל איז נישט פאַרנומען געווען מיט מסחר, האָט ער ליב געהאַט מעיין צו זיין אין אַ חסידיש ספר, אָבער דאָס האָט אים

נישט געשטערט דורכצולייענען זיין טעגלעכע יידישע צייטונג און צו אָריענטירן זיך אין הוויות העולם, אין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

ער איז געווען בטבע בצמצומדיק אין רייד. אָפט, נאָכן דורכלייענען אין דער צייטונג די אומעטיקע ידיעות פון יידישן לעבן, האָט זיך אויף זיין פּנים אויס־געגאָסן אַן עצבות און ער איז געוואָרן דורכגענומען מיט צער איבערן גורל פון יידישן פאָלק. ר' הערשל איז געווען דורכגעדרונגען מיט אהבת ישראל און יעדע טרויעריקע ידיעה וועגן אַן אומגליק וואָס האָט ערגעצוווּ געטראָפן אַ ייד, האָט אים פאַרשאַפט יסורים. אַ רחמנות פלעגט אים אַרומנעמען איבערן שווערן מצב פון די יידן אין רעמבערטאָוו און איבער דער אויסזיכטסלאָזיקייט פון פּוילישן יידנטום, וואָס האָט אַזוי שווער געליטן פונעם גיפטיקן אַנטיסעמיטיזם.

די יידן אין רעמבערטאָוו, וואָס האָבן אים געקענט פון דער נאָענט, האָבן געוווּסט, אַז זיין האַרץ איז איבערפולט מיט אהבת ישראל און אהבת הבריות, מיט אַ באַזונדערער וואַרעמקייט. עס איז אין אים געווען אַן אינעווייניקסטער שטילער פלאַטער פון גרויסער ליבשאַפט צו יידן און ער האָט דערפאַר נישט געקענט דורכגיין גלייכגילטיק קיין שום ידיעה וועגן טרויעריקן מצב פון זיין פאָלק.

ארץ־ישראל האָט ער ליב געהאַט בלב ובנפש, געשפּענדעט לויט זיינע מעגלעכקייטן, געהאָפט און געשטרעבט וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן די פּוילישע ערד און פאָרן מיט זיין משפחה אויסלעבן בשלווה זיינע יאָרן אין ארץ־ישראל. ליידער האָט ער דערצו נישט זוכה געווען.

זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן גייסט, קולטיווירט אין זיי דעם שטאָלץ מיט דער יידישער מאָראַל און די שטרעבונג צו הויכע יידישע מידות, וואָס זאָלן שטאַמען פון זייער געלייטערטן נשמה־קוואַל.

זיין ווייב באַשע איז געווען אַ האַרציקע און שטילע פרוי און אַן איבער־געגעבענע יידישע מאַמע. פון איר איידעלן פּנים האָט אַראָפּגעשיינט די גוטסקייט.

אין דעם טרויעריקן ערב ראש־השנה, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן רעמבערטאָווער יידנטום, זענען ר' הערשל אָסטזשעגאַ, זיין פרוי מיט זייערע 5 קינדער, רחל, פּנחס, דוד, חנה און שלמה אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעמ־בלינקע, ווו די רוצחישע היטלעריסטן האָבן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן, אַ סוף געמאַכט צו זייער לעבן.

פון זייער גאַנצער משפחה איז בלויז זייער טאָכטער שושנה געלונגען אָפּ־צוראַטעווען זיך פון אומקום און זי לעבט מיט אירע קינדער אין ישראל.



# מלך
# מארכאַן

אינעם קליינעם רעמבערטאָוו מיט זיין פּאַרביקן, דינאַמישן און פּולסירנדיקן יידישן לעבנשטייגער איז ר׳ מלך מארכאַן געווען ווי אַ לעבעדיקער גליד פון געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם און גלייכצייטיק געהערט צו די שיינענדיקע געשטאַלטן, איינער פון די זיידענע יונגעלייט, אַ למדן און ירא־שמיים און דערביי געהערט אויך צו די, וואָס האָבן נישט מבטל געווען וועלטלעכע ענינים, געהאַט אַן אינטערעס פאַר וויסן און בילדונג. דער שיעור גמרא, וואָס ער האָט געגעבן פאַרן עולם אין בית המדרש, איז געווען דורכגעפלאָכטן מיט משלים פונעם לעבן און פון דער ברייטער וועלט.

אַ מיטל־וווקסיקער, פון צאַרטן געבוי, מיט אַן איידל פּנים און לומדישן שטערן. זיין בלאָנדע באָרד האָט אים צוגעגעבן אַ מילדן אויסדרוק און פון די אויגן הינטער די ברילן האָט געשטראָמט ווי פון אַ קוואַל, פּקחות און חמימות.

ער איז געווען אַ שטענדיקער לייענער פון וואַרשעווער ״מאָמענט״. אין די פּאָליטישע אַרטיקלען פון דער צייטונג פלעגט ער אַריינלערנען אַ טיפערע כוונה, אויפן דרך פון אַ פּילפּול און צוגעבן זיין אייגענעם פּירוש איבער די כלערליי פּראָבלעמען, וואָס האָבן אין יענער צייט פאַרנומען סיי פּאָליטישע מוחות און סיי סתם יידן. — די פּאָליטישע גענג פון די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט לענדער און רעגירונגען, האָט ער באַלויכטן מיט זיין כוח הסברה און מחשבה, מיט אַ שטראַל פון חסידישער מיסטיק.

די פּרנסה־געבערין איז געווען זיין עזר־כנגדו, פערעלע, אַ פרוי מיט אַ סך מידות טובות, שטענדיק גרייט צו לויפן אין פייער אַריין ווען מען האָט געדאַרפט טון אַ מענטש אַ טובה (איך באַשרייב דאָ אויף אַן אַנדער אָרט אין בוך דעם פאַקט, ווי פערעלע האָט זיך מוסר נפש געווען, כדי צו ראַטעווען אַ יידישן יונגנמאַן, וועלכער איז דערשאָסן געוואָרן פון אַ היטלעריסט אין אָקוניעוו).

זי איז געווען די אייגנטימערין פון אַ כשרער יאַטקע און האָט קיינמאָל נישט געפאָדערט פון איר מאַן, ער זאָל איר העלפן אין דער פרנסה. ווי די אַמאָליקע נשים צדקניות איז זי געווען שטאָלץ מיט איר מאַן דעם בן־תורה און האָט בעסער געוואָלט ער זאָל ווייטער זיין פאַרנומען אין די העכערע וועלטן איידער אַראָפּלאָזן זיך צו גשמיותדיקע ענינים.

בטבע אַן איידעלער האָט ר׳ מלך נישט געקענט סובל זיין, אַז זיין פרוי זאָל אַרבעטן פאַר דער גאַנצער משפחה און ער זאָל שטיין פון דערווייטנס מיט פאַרלייגטע הענט. ער פלעגט דערפאַר יעדן אינדערפרי ביים אַרויסגיין אין גאַס קויפן דעם "מאָמענט", אַריינכאַפּן זיך אין דער יאַטקע, געהאָלפן ביים פאַרקויפן, אָבער אויסגעזען האָט ער דערביי, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַוועק פון רבינס טיש און איז נאָך פאַרטון אין צעקייען אין געדאַנק דעם רבינס תורה.

ביי זיין גאַנצער לומדות און פקחות האָט ער זיך געהאַלטן באַשיידן און צניעותדיק, געווען ווייט פון יעדן מין גאווה. ער פלעגט זאָגן, אַז אַ ייד דאַרף זיך נישט האַלטן גרויס, ווייל גאווה איז פרעמד דעם יידישן כאַראַקטער. מיטן מאָמענט וואָס אַ ייד נעמט זיך האַלטן גרויס, ווערט ער אויס ייד. ער האָט דערצו גענומען ווי אַן אילוסטראַציע דעם אות "י". פרווט פאַרלענגערן דעם אות "י", ווערט עס גלייך אַ "ו". אַזוי געשעט אויך מיטן ייד.

ר׳ מלך איז געווען אַ גוטער און געטרייער פאָטער צו זיינע 4 קינדער, 3 זין און אַ טאָכטער. פון זיי אַלע האָט זיך בלויז זיין זון דוד אָפּגעראַטעוועט און לעבט היינט מיט זיין משפחה אינעם קיבוץ מעלה החמישה.

צו זיינע קינדער, וועלכע זענען טיילווייז מיטגעגאַנגען מיטן מאָדערנעם שטראָם, האָט ר׳ מלך זיך באַצויגן לאָיאַל, נישט געפרווט אויף זיי אַרויפצווינגען זיין אייגענעם לעבנסשטייגער און זיינע אַנשויאונגען. ווען זיי זענען געווען גאָר יונג האָט ער געפרווט זיי דערציען אין גייסט פון פרומקייט, באַמיט זיך איינ־צופלאַנצן אין זיי אַ דורשט צו תורה, בבחינת "צמאה נפשי לד׳". אָבער ווען זיי זענען עלטער געוואָרן און יעדער האָט גענומען גיין אין זיינע אייגענע דרכים, האָט ער נישט געבייזערט זיך אויף זיי, נישט געשטעלט זיי קיין שטרענגע פאָדערונגען, בלויז געבעטן, אַז זיי זאָלן זיין געטרייע יידן און זאָלן שטרעבן צו מידות טובות. אין זיינע שמועסן מיט זיי האָט ער שטענדיק באַטאָנט, אַז דער מענטש קען דערגרייכן שלימות נאָר דאַן ווען די אמונה גייט צוזאַמען מיט מעשים טובים.

ר׳ מלך מארכאן, זיין פרוי פערעלע און זייער זון יוסף מיט זיין פרוי און די 16־יאָריקע טאָכטער בראַניע, זענען צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.



# ר׳ דוד סאקאָל

ר׳ דוד סאָקאָל איז געווען אַן אייגנ־טימער פון אַ בעקעריי, געווען פון די אַנגעזעענע חסידישע יידן אין שטעטל און פון די, וואָס האָבן געדאַווענט גאָר פרי יעדן טאָג אין דער וואָך, ווייל שוין פון באַגין האָט מען אים געזען שטיין אין געוועלב מיטן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס, וועלכן ער האָט פאַרגעסן אויסצולעשן בעת ער האָט אים פאַרשטעקט הינטערן אויער, איז צוזאַמען מיט זיין ווייב געווען פאַרנומען אין געוועלב פון באַגין ביז שפּעטן אָוונט. שטענדיק איז אין געוועלב פול געווען מיט קונים און חוץ דעם מיידל פייגע, וועלכע האָט ביי זיי געאַרבעט, האָבן אויך ביידע זין: מענדל און עוזר, געהאָלפן באַדינען די גרויסע צאָל קונים, וועלכע האָבן געכאַפּט פון דער האַנט דאָס הייסע געבעקס גלייך פון אויוון אַרויס.

אַלס אַ באַזיצער פון עטלעכע הייזער אין רעמבערטאָוו, האָט ער געשאָנקען אַ פּלאַץ אויף דער אָקיניעוווסקאָ גאַס 18, כדי אויפצובויען אַן אייגענע געביידע פאַר דער "מזרחי"־פּאַרטיי, וועלכע ער האָט געשטיצט און געווען אַן אָנהענגער.

ר׳ דוד איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, שטיצנדיק מיט אַ ברייטער האַנט אַלע הילפס־אינסטיטוציעס. באַזונדערס איז ער געווען אָנגעזען מיט זיין אידעלער באַציאונג צו זיינע לאָקאַטאָרן, קיינמאָל נישט געמאָנט דאָס דירה־געלט. אויב עמיץ האָט אים דאָס דירה־געלט אַריינגעברענגט אין שטוב אַריין איז געווען מה טוב, און אויב נישט, האָט ער זיך נישט וויסנדיק געמאַכט.

צו וואָס ער האָט יאָ געשטרעבט, איז געווען חתונה צו מאַכן זיינע ביידע זין ער האָט זיי שטאַרק ליב געהאַט. תמיד גערעדט וועגן זיי מיט התפעלות ווי אַ פרומער חסידישער ייד דערציילט אַ מופת פון רבין.

ר׳ דוד, וועלכער איז געווען אַ בן־תורה, האָט זיך קיינמאָל נישט באַמיט אַרויסצוווייזן זיין לומדות. זיין חכמה און שכל האָבן אים דיקטירט, אַז גייסטיקייט דאַרף מען נישט דעמאָנסטרירן מיט דרויסנדיקע עפעקטן.

זיין אַרט לעבן איז געווען לויטן נוסח פון יידיש־פּוילישן לעבנסשטייגער. ווען ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקע גרויקייט, האָט ער זיך מיט הנאה און מיט ברען אַריינגעוואָרפן אין דער שבתדיקער געהויבנקייט.

אין די שבתדיקע כעלות השחר׳ס, האָט מען אים שוין געקענט טרעפן זיצן אין סוכה, וועלכע איז אַ גאַנץ יאָר געשטאַנען אויף דער וועראַנדע פון ערשטן שטאָק, און דער קול תורה האָט זיך געטראָגן איבער די פאַרשלאָפענע געסלעך. ער האָט אויך געהאַט אַ הנאה איינצולאַדן יידן נאָכן דאַווענען צו זיך אויף אַ קידוש, ווו מען האָט דערלאַנגט אויסער דעם 96־קער ספירט און די שענסטע און בעסטע פאַרבייסעכצער און לסוף נאָך אַרויסגערוקט פון בעקער־אויוון די גוטע און פעטע קוגלען, פון וועלכע די יידן האָבן געלעקט די פינגער און געהאַט דעם אמתן עונג שבת.

ר׳ דוד סאקאל, זיין ווייב אוןביידע זין, מענדל און ד״ר עוזר סאקאל האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע רעמבערטאָווער יידן, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.



## יצחק רייזמאן

צווישן די חסידישע יידן אין שטעטל האָט ער זיך גערעכנט פאַר אַ שטאַרקן מדקדק אין ענינים פון פרומקייט, אָן פשרות, ווי ״חוקים שאין להרהר עליהם״, און יעדער מצווה איז ער געווען איבערגעגעבן מיט גרויס דבקות. דערביי איז ער געווען אַ נוח לבריות, מיט פאַרשטענדעניש פאַר יענעמס שוואַכקייטן; אַ פאַרשטענדעניש פון אַ תלמיד־חכם, מיט אַ קלאָרן מוח און איידל האַרץ.

קיין מזל האָט אָבער ר׳ יצחק רייזמאַן נישט געהאַט אין לעבן. נאָך גאָר אַ יונגערמאַן איז ער געבליבן אַן אַלמן און מטופל מיט זיינע זעקס קינדער וועלכע ער האָט דערצויגן און מפרנס געווען. די חיונה האָט ער געצויגן פון זיין קליין געוועלבל און גראשנדיקע פאַרדינסטן. לסוף האָט ער געמוזט רעזיגנירן פונעם

געווען באַלד דערנאָך אַ נישט געוויינלעכער, אָבער ער האָט זיך גענומען צו מלמדות. אויך דאָ איז אים נישט געגאַנגען, אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זיין גורל, אויף דער דחקות, האָט זיך געטרייסט, אַז דערמיט קומט ער אָפּ אויף דער וועלט פאַר עפּעס אַ חטא, וואָס ער איז אפשר קיינמאָל נישט באַגאַנגען, אָבער "אין צדיק בארץ אשר לא יחטא" און אין זיין אָרעמקייט האָט ער געזען אַ רמז פון דער גמרא: "דקדוקי עניות... אין רואים פני גיהנום" (עירובין מ"א).

דער גרעסטער תענוג אויף דער וועלט איז פאַר אים געווען דאָס לערנען און יעדע פרייע מינוט האָט ער אויסגענוצט אויף אָוועקצוזעצן זיך ביי דער גמרא. האָט זיך קיינמאָל פאַר קיינעם נישט באַקלאָגט אפילו אין שווערע צייטן. דאָס איינציקע, וואָס ער פלעגט אין זעלטענע פאַלן זיך מתיר מאַכן, איז געווען, אין די צייטן ווען ער האָט געהאַט דאָס געוועלבל, צו באָרגן אַ גמילות חסד אין דער גמילות־חסדים־קאַסע. איז עס דאָך אַ בפירושע גמרא: "תורה — תחילתה גמילת חסדים וסופה גמילת חסדים"...

פון זיינע זעקס קינדער זענען בלויז צוויי געבליבן לעבן: זיין טאָכטער רבקה, און זיין זון אברהם.ביידע לעבן מיט זייערע משפחות אין ישראל.

אין דעם בלוטיקן ז' אלול פון יאָר 1942 ווערט ר' יצחק רייזמאַן, זיין טאָכטער פערל מיט איר מאַן אהרן און קינד, די טאָכטער שרה, און ביידע זין, הערשל און משה אָפּגעפּירט קיין טרעמבלינקע.



## ברוך שולמאַן

אַ נאָמען ווי פון דעם באַרימטן יידישן רעוואָלוציאָנער און קעמפער, אָבער בלויז דער נאָמען, אונדזער רעמבערטאָווער ר' ברוך שול־מאַן איז גאָר געווען אַ פרומער ייד, אַ הדרת פנים, מיט אַ שניי ווייסער לאַנגער באָרד. זיין בונטאַרישקייט איז באַשטאַנען אין קעמפן, אַז דאָס שטעטל זאָל אָפּהיטן יידישקייט, דרך־ארץ און כבוד התורה.

ר' ברוך שולמאַן, דער שווער פון ר' מלך מאַרכאַן, איז געווען פון די ערשטע תושבים און גרינדער פון שטעטל. שווער צו זאָגן וויפל ער איז געווען אַלט געווען. לויט זיין טעמפּעראַמענט, איז ער געווען ווי אַ בן ארבעים, אָבער אין דער אמתן איז ער ווייט איבערגעשטיגן די שבעים. ווען ער פלעגט דורכלויפן די

גאַס מיטן שטעקן אין דער האַנט, האָט מען געהאַט דעם איינדרוק אַז עס לויפט אַ יונגערמאַנטשיק פון אַ יאָר צוואַנציק. דער שטעקן, וואָס ער האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך, איז נישט געווען ער זאָל אים העלפן ביים גיין, נאָר אַלס מיטל צו דראָען די "הפקר־ייִנגען", זיי זאָלן זיך אויפפירן ווי מענטשן און נישט זיין קיין פּרא־אדמ׳ס...

ר׳ ברוך איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געלעבט מיטן גאַנצן נפש, אַ מין קוועקזילבער האָט געשטראָמט אין זיינע גלידער בנוגע אַלעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישקייט און מייסד געווען זיין אייגענעם קיום אַלס ייד.

אומעטום איז ער געווען און אומעטום האָט ער זיך אַריינגעמישט, ס׳שטעטל האָט "געציטערט" פאַר אים, — ביי יעדער שטאָטישער מחלוקת האָט ער געהאַט זיין דעה: "יאָך זאָג אַז אַזוי דאַרף זיין, און נישט אַנדערש, אַנישט וועט זיך טון חושך"...

אין בית־המדרש האָט ער שטענדיק מקפיד געווען, מען זאָל נישט רעדן ביים דאַווענען און דער עיקר ביים לייענען די תורה. ער פלעגט זיצן מיט די ברילן אָנגעטאָן אויפן שפּיץ נאָז, אַריבערקוקן און געהיטן, אַז מען זאָל נישט רעדן קיין דברי־חול. האָט ער געפאַקט עמעצן רעדן, האָט ער אויפגעהויבן אַזאַ טומל, אַז דער בעל קורא האָט געמוזט איבעררייסן ס׳לייענען. ער פלעגט דאַן צולויפן צום שולחן אַ קלאַפּ טון אויף אים מיט דער האַנט און אויסרופן: "שטיל זאָל מיר דאָ זיין! יאָך וועל געבן פּעטש!"...

די רעדנער האָבן געוווּסט, אַז ביי ר׳ ברוך שולמאַנען איז נישטאָ קיין חכמות. ער קען זיי דערלאַנגען די פיינע חסידישע פּעטש, איז געוואָרן שטיל ווי אין אַן אויער און דער בעל־קורא האָט געקענט ווייטער לייענען. ווען עס געפינט זיך אין דעם מאָמענט אַ רבי אין בית־המדרש, וואָלט ער מן־הסתם געזאָגט: אַז מען קען דורך קליינע מעשים דערגרייכן אַ הויכע מדרגה...

בטבע איז ער געווען אַ גרויסער בעל־רחמים און האָט זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט אָרעמעלייט מדינה־גייער. ער פלעגט שטענדיק זאָרגן, אַז אין הכנסת־אורחים זאָל זיין פריש שטרוי, די אָרעמעלייט זאָלן האָבן באַקוועם צום איבערנעכטיקן. ער האָט אָנגעוויזן די באַלעבאַטים וועלכן אורח זיי דאַרפן אַהיימ־נעמען אויף שבת, דערביי פלעגט ער אויסקלויבן די "פעטסטע" באַלעבאַטים, וויסנדיק, אַז דאָרט וועט דער אורח אַריינהאַקן אַ סעודה, אַז ער וועט עס האָבן צו געדענקען...

אויך אויף דעם אַלטן ר׳ ברוך האָבן די טמאים אַרויפגעלייגט זייערע לאַפּעס און אין ז׳ אלול 1942 איז ר׳ ברוך שולמאַן אומגעברענגט געוואָרן על קדוש השם אין די גאַז אויוונס פון טרעמבלינקע.

# ר׳ לייבל צוקער

ר׳ לייבל צוקער איז געווען איינער פון די ערשטע באַלעבאַטים און בויער פון ר׳עמבערטאָוו. אַן אָנגעזעענער פרומער ייד האָט ער אויך געהאַט אַ חוש פאַר גאַסטראָנאָמיע און איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין שטעטל געעפנט אַ קאַפע־הויז אין דער געגנט פון מיליטערישן פּאַליגאָן און דער אָפיצירן־שול.

אין יענער צייט האָבן די רעמבערטאָווער איינוווינער, באַזונדערס די יידישע באַפעלקערונג נישט געגוויטיקט זיך אין אַ קאַפע־הויז, וואָרום וועלכער שטעטלשע. ייד וועט דאָס זיך אײַנמיטן העלן טאָג אַרײַנזעצן אין אַ קאַפע־הויז און טרינקען קאַווע מיט קעז־קוכן אָדער מאַכן אַ שנעפסל און פאַרבײַסן מיט אַ געגנדזן לעבערל.

דערפאַר טאַקע איז ר׳ לייבלס קאַוויאַרניע מלכתחילה נישט געווען אויס־גערעכנט אויף די שטעטלשע קונים, נאָר אויף די אָפיצירן. די אָפיצירן זענען טאַקע געקומען צו אים פאַרברענגען אין זײַן קאַפע־הויז און ר׳ לייבלס פרוי צוזאַמען מיט אירע טעכטער האָבן זיך פאַרנומען מיטן געשעפט, וואָס האָט געברענגט שיין פרנסה.

ר׳ לייבל גופא האָט זיך ווייניק פאַרנומען מיטן מסחר. ער איז געווען אַ יודע־ספר און האָט בעסער זײַן צײַט אָוועקגעגעבן אויף לערנען און פאַרנעמען זיך מיט קהלישע ענינים. עס איז געווען אינטערעסאַנט צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס אין פּאָליטיק, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך בקיאות און מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט אַ קאָפּ פון אַן אַדוואָקאַט.

ווען ער איז געוואָרן קראַנק און אַוועק פון דער וועלט האָבן אַלע איינוווינער אין שטעטל באַוויינט דעם פאַרלוסט. די איבערגעבליבענע אַלמנה צוזאַמען מיט די טעכטער האָבן זיך ווייטער פאַרנומען מיטן געשעפט, אָבער אין אַ געוויסן אָונט איז מיט דער אלמנה געשען אַן אומגליק, וואָס האָט דערשיטערט אַלע יידן אין שטעטל.

ווען זי האָט זיך אומגעקערט פון וואַרשע, וווּ זי האָט אײַנגעקויפט די נויטיקע סחורות, איז זי אויפן וועג געגאַנגען מיט די באַן־רעלסן און נישט באַמערקט דעם צוג וואָס איז אָנגעקומען פון מינסק־מאַזאָוויעצק און איז אומגעקומען אויפן אָרט. די הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן אין יענעם מאָמענט זיך געפונען אויפן פּעראָן, האָבן אויפגעציטערט און אַ מוראדיקער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע העלדזער.

פון די זייערע אַלע קינדער האָט זיך געראַטעוועט בלויז דער איינציקער זון, וועלוול, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד נאָך פאַר דער מלחמה־אויסברוך און ער געפינט זיך היינט צוזאַמען מיט זײַן משפחה אין מעקסיקע.

די טעכטער האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע רעמבערטאָווער יידן.

# ר׳ מאָטל יעלען

האַרציק נאָענט זענען אונדז די זכרונות פון דער היים וואָס האָט געהאַט און זיך אַזויפיל נשמה׳דיקס — דער געשמאַקער טעם פון יוגנט־דעראינערונגען, דערמאָנען, און די שבתדיקייט וואָס איז געווען פול מיט לעבנספולן אויסדרוק, עס שווימען אויף די עמאָציעס און געפילן, און צוזאַמען דערמיט די גאַנצע סביבה אין ספּערע פון וועלכע עס טיילט זיך אויך אויס ר׳ מאָטל יעלען, וועלכער האָט מיט זיין פערזאָן צוגעגעבן פאַרב און קאָלאָריט דעם שטעטל.

ר׳ מאָטל איז געווען פון די חשובע איינגעפונדעוועטע בעל־הבתים, הויך געוויקסיק, הדרת פנימדיק, און דערצו אַ וואַרם טראַדיציאָנעלער ייד, מיט אַ ברייט רחמנותדיק האַרץ.

ער האָט געמסחרט מיט פּי, איז נישט געווען פּי, איז פעל, איז נישט פעל, איז עפּעס אַנדערש, אַבי צו מאַכן פרנסה, און מפרנס זיין ס׳ווייב מיט די 6 קינדער, און פירן אַ ברייט־שיינע יידיש טראַדיציאָנעלע און בעלי־הבתישע היים.

ר׳ מאָטלס אייגן הויז האָט זיך געפונען אויף דער פּילסודסקי גאַס, דער אַריינגאַנג אין זיין וווינונג איז געווען דורכן פראָנט פון דער גאַס. צוגערייזטע יידן, סוחרים, דרשנים, ציוניסטן, סאָציאַליסטן, האָבן נישט געדאַרפן לאַנג זוכן אַ אָפענע טיר לשם אינפאָרמאַציע, געזען אַ אָפענע פראָנט טיר איז מען אַריין, מען איז דאָ, און מען זיצט שוין ביי דעם גרויסן טיש וואָס אַנטקעגנאיבער דער טיר, און ר׳ מאָטלס ווייב דערלאַנגט שוין הייסע גלעזער טיי.

דאָס שפּריכוואָרט, אַז: ״דאָס לעבן איז נישט אָפּהענגיק פון מענטש, נאָר פון מענטש איז אָפּהענגיק ווי אַזוי צו לעבן ווי אַ מענטש״, איז געקומען צום אויס־דרוק ביי ר׳ מאָטלען, ער איז געווען ברייטהאַרציק און אַ בעל־טובה.

ווי אַלע אַנדערע בעל־הבתישע יידן אין שטעטל האָט ער אָפיציעל נישט אַנגעהערט צו קיין שום ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ביי די רעמבערטאָווער בעל־הבתישע יידן, איז די איינציקע אָרגאַניזאַציע געווען דער בית־המדרש, דאַגעגן ר׳ מאָטלס 6 קינדער זענען אַלע געווען מיטגלידער אין פערשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

בעת דער ערשטער לאָקאַל פון דער ״התאחדות״ איז אָפּגעברענט געוואָרן, האָט זיין זון מאיר מיט עטלעכע פאָרשטייער פון דער ״התאחדות״ זיך געוואַנדן צו ר׳ מאָטלען, ער זאָל דערלויבן אויפבויען אויף זיין גרויסן הויף פּלאַץ אַ בנין פאַר דער ״התאחדות״. ר׳ מאָטל האָט גאָרנישט לאַנג געקלערט און געענטפערט דעם זון מיט דער דעלעגאַציע, נעמט זיך קינדער דעם פּלאַץ, בויט אייך געזונטער־הייט, און האָט הנאה און פאַרגעניגן. און צו דעם יעדן דערלאַנגט די האַנט און צוגעווונטשן: זאָל זיין מיט מזל!

אין דעם איז געלעגן ר׳ מאָטל יעלענס רחבותדיקייט, ווען אין ביי וואָספּאַראַ געלעגנהייטן איז אַמאָל געהערט געוואָרן אַוועקצושענקען אַ פּלאַץ אָן געלט, אָן אַ הסכם, און אָן וועלכע עס איז פאַרזיכערונג אַז ער וועט אַמאָל אַמאָל כאָטש האָבן וועלכע עס איז קליינע איינקונפט.

אַזוי זענען זיי געווען די רעמבערטאָווער יידן, און אַזוי זענען זיי געווען די גאַנצע משפחה יעלען, און אַזוי זענען געווען ר׳ מאָטלס קינדער, די גוטע ירושה אייגנשאַפטן פון רחבת הלב איז איבערגעגאַנגען מדור לדור.

פון זייערע 6 קינדער זענען בלויז 2 זין געבליבן ביים לעבן אַפּראַטעווענדיק זיך גליקליכערווייז פון אומקום, איין זון איז יצחק (איטשע) יעלען, וועלכער לעבט מיט זיין פאַמיליע אין בראַזיל, און אַ צווייטער זון מלך, וועלכער לעבט אין אַ אייראָפּעישן לאַנד (דער זון נפתלי, וועלכער איז פאַר דער מלחמה אַוועק נאָך באָליוויען, איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געשטאָרבן אין בראַזיל).

ז׳ אלול פון יאָר 1942, דער בלוטיק טרויעריקער דאַטום פון אומקום פון רעמבערטאָווער יידנטום איז ר׳ מאָטל יעלען זיין פרוי, זיין אויסגעגעבענער זון מאיר מיט זיין משפחה און זיינע 2 טעכטער אסתר און ביילקע, אָפּגעפירט געוואָרן נאָך טרעמבלינקע, און דורך די מערדערישע דייטשע אויסוואורפן פאַרגאַזט געוואָרן אין די אָרטיקע גאַז קאַמערן על קדוש השם והעם.



# ר׳ אברהם עקשטיין

איינער פון די גאָר פרומע יידן אין רעמבערטאָוו איז ר׳ אברהם אלי עקשטיין גלייכצייטיק געווען אַן אָריגינעלע גע־שטאַלט, פון מיטעלן וווקס און פון זיין פנים, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ מיטעלער באָרד, האָבן אַרויסגעפינקלט זיינע פריילעכע אויגן. ער איז שטענדיק געווען מלא שמחה. דאָס איז געווען די פרייד פון אַ ייד, וואָס פרייט זיך מיט זיין אָפּשטאַם און מיטן דינען דעם בורא עולם מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים.

פון פאַך איז ער געווען אַן איינבינדער, אָבער אין תוך האָט ער מיט זיין

התנהגות דערמאנט אין אַ רבין, אַ תהלים־ייד. דאָס זאָגן תהלים האָט אים געגעבן חיות, רוחניותדיק לעבן און עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס איז פּאַר אים אַ סך וויכטיקער ווי די אייגבינדעריי, פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין חיונה. בעתן תהלים־זאָגן איז ער געוואָרן דורכגענומען מיט אַ התלהבות, וואָס האָט אים אַוועקגעטראָגן אין די עולמות העליונים. ער האָט געקענט גאַנץ תהלים פון אויסנווייניק און האָט טאַקע אפילו ביי דער אַרבעט געמירמלט פּסוקים פון תהלים.

ווען ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען איז עס געווען בדחילו ורחימו, ווי אַן עבודה. ער האָט ממש געציטערט און געפּלאַטערט ביי יעדן אַרויס־געבראַנגטן וואָרט פון די תפילות. ער האָט געדאַוונט מיט גרויס כוונה און ביז ער האָט נישט אויסגעטון דעם טלית און די תפילין איז ער געווען אינגאַנצן אויסגעטון פון דער גשמיותדיקער וועלט.

אַ האַרציקער ייד. ער האָט זיין באַציאונג צו יעדן ייד אין שטעטל אויס־געדרוקט ממש מיט אהבת נפש. פון אונטער דער ערד האָט ער אויסגעזוכט אַ זכות אפילו פאַר די, וואָס זענען געווען ווייט פון יידישקייט, ביים תהלים־זאָגן האָט ער מכוון געווען, אַז מען זאָל פון הימל זיך מרחם זיין אויף זייערע נשמות און זיי זאָלן האָבן די זכיה גערייניקט צו ווערן פון זינד.

זיין גרעסטע שטרעבונג איז געווען צו פאָרן קיין ארץ ישראל און עס איז נישט געווען קיין גרענעץ צו זיין שמחה, ווען ער האָט דערלעבט צו זען זיינע טעכטער עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ווען זיי האָבן אים נאָך אַ געוויסער צייט געשיקט אַן אַרויספאָדערונג, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער די געסלעך פון שטעטל, געטאַנצט און געזונגען דערביי קאַפּיטלעך תהלים, געלויבט דעם אויבערשטן, וואָס האָט דערפילט זיין הייסן ווונטש.

ר׳ אברהם אלי איז עולה געווען קיין ארץ ישראל פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און איז דאָ אַרומגעגאַנגען אַ כּאַרדביקותטער, אַליין נישט געגלויבט זיך, אַז ער האָט טאַקע זוכה געווען צו טרעטן אויף דער הייליקער ערד און איז ערשט אויף אַן אמת אַריין אין טראַנס פון תהלים־זאָגן.

די רציחות פון די דייטשע מערדער איבער די יידן אין אייראָפּע האָבן אים מוראדיק צעטרייסלט און ער איז טאָג און נאַכט געווען פאַרטון אין תפילות און אין תהלים־זאָגן, האָט מרעיש עולמות געווען און געבעטן רחמים פאַר די יידן אין אייראָפּע.

אויך דאָ אין לאַנד האָט ער נישט אויפגעהערט צו מורמלען קאַפּיטלעך תהלים אַלע שעהן פון טאָג און נאַכט ביז יציאת נשמה. ער איז נפטר געוואָרן בשיבה טובה.



# שאלקע
# רובין

קריץ אויס דיין נאָמען אין הערצער און נישט אין מירמילשטיין
(ספוירדזשאן)

אין דער ווירטשאַפט פונעם שטעטל האָט ער געהערט צו די זיילן און האָט געגעבן אַ גרויסןביישטייער צו דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג. זיין פאָטער ר׳ בנימין האָט געהערט צו די גרינדער פונעם שטעטל. איז געקומען צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע באַלעבאַטים אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט ווען די געגנט איז נאָך געווען בלויז וואַלד און האָט דאָרט אויפגעשטעלט זיינע געצעלטן, איינע פון די, פון וועלכע עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דאָס יידישע רעמבערטאָוו.

ווי דער פאָטער האָט אויך ר׳ שאלקע זיך פאַרנומען מיט צושטעלן פלייש פאַרן אָרטיקן מיליטערישן גאַרניזאָן. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן ווילן, איז געשטאַנען מיט ביידע פיס אויף דער ערד, געהאַט אַן אָפענעם מוח און אַ שאַרף אויג, אָבער דער כאַראַקטעריסטישער שטריך איז געווען זיין געוואַלדיקע פילבאַרקייט אויף עוולות און צער. ער האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חוש צו דערפילן אַ פאַרבאָרגענעם אָרעמאַן, וואָס האָט זיך געניטיקט אין הילף און האָט מיט גרויס טאַקט אונטער־גענומען זיך צו העלפן אים. זיינע הויכע מידות זענען געווען אַ מוסטער פון יידישער רחמנות, וועלכע ער האָט נישט דעמאָנסטרירט. זיין צדקה געבן האָט זיך קאָנצענטרירט אויף מתן בסתר. גלייכצייטיק האָט ער אויך געשטיצט די פאַרשידענע יידישע אינסטיטוציעס פאַר תורה און וווילטעטיקייט.

עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים די נישט־באַרעדעוודיקייט. ער

איז געווען אַן אָנהענגער פון טון מעשים טובים און נישט רעדן וועגן דעם. ווען ער האָט שוין אַרויסגעזאָגט אַ וואָרט, איז אין דעם תמיד געווען מער רמז און פֿאַרהוילנקייט, מער נסתר פון נגלה.

ר׳ שאלקע רובין האָט געהאַלטן, אַז מענטשן רעדן זעלטן דאָס וואָס זיי טראַכטן און געפֿלעגט זאָגן, אַז דער מענטש קלערט אַנדערש און טוט אַנדערש. ער האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ קולט פֿאַר אויפריכטיקייט און ערלעכקייט. דער אמת איז ביי אים געווען טייערער פון אַלץ, ווען אפילו מען האָט געדאַרפט ברענגען אַ קרבן דעם אייגענעם ווילטאָג.

ער האָט אויך געהאַט זיין אייגענעם דרך אינעם דערציען זיינע קינדער, נישט געזאָגט זיי קיין מוסר, נישט אַרויפגעצווונגען אויף זיי זיין מיינונג, געלאָזט זיי זיך אַנטוויקלען פריי און געווען זיכער, אַז די אַטמאָספער פון ליבשאַפט און ערלעכקייט, וואָס ער האָט געשאַפן אַרום זיך, וועלן ווירקן גוט אויף זייער אַנטוויקלונג, אויף זייערע גוטע מידות.

כ׳פלעג זען ווי ער פלעגט זיך אָנוועקשטעלן ביי זיין יאַטקע אָנגעלענט מיט אַן אַקסל אָן דער וואַנט און אָבסערווירט זיינע טעכטער, ווען זיי זענען דורכ־געגאַנגען אויפן וועג צו דער באַן, מיט וועלכער זיי זענען יעדן טאָג געפֿאָרן קיין וואַרשע לערנען. ער האָט עס געטון זייער דיסקרעט, קיינער זאָל נישט באַמערקן ווי ער אָבסערווירט זיי און באַגלייט זיי מיט זיינע וואַרעמע בליקן. אויף זיין פנים האָט זיך אָפּגעשפיגלט פֿאָטערלעכער שטאָלץ און נחת.

זיין ערלעכקייט אין מסחר איז אויך געווען אַ שם דבר. ווען ער האָט עמיצן עפעס צוגעזאָגט, איז עס געווען הייליק.

כ׳האָב אים געזען אין דער צייט ווען די היטלעריסטישע רוצחים האָבן געוועל־טיקט אין רעמבערטאָוו. דער שטאָלצער ייד איז געווען צעבראָכן כחרס הנשבר ווען אַלע האָבן זיך געפרווט טרייסטן און שפייזן מיט אַ פונק פון האָפענונג, איז ער אַרומגעגאַנגען שווייגנדיק, דערשלאָגן און פֿאַרויסגעזען, אַז עס דערנענטערט זיך דער גרויזאַמער סוף.

ר׳ שאלקע צוזאַמען מיט זיין ווייב יאספע און די קינדער: אברהם, יאנקל, ריווטשע, סאלטשע און זייער שנור שרה זענען אין יענעם מוראדיקן ערב ראש־השנה 1942 אַרויסגעטריבן געוואָרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה יידן קיין טרעבלינקע.



# יאָספּע רובין

ר׳ שאָלקע רובינס ווייב יאָספּע איז געווען אַן אָפּשטאַמיקע פון מינסק־מאַזאָ־וויעצק. זי איז געווען באַקאַנט אַלס אַ שטאַרק גאָטספאָרכטיקע און בעלת מידות טובות. זי האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ שפע פון גוטהאַרציקייט צו פרעמדע ווי צו אייגענע און איר פרומקייט און לעבנס־חכמה האָט זי אויסגענוצט פאַר צדקה און מעשים טובים.

זי האָט ערלעך מקיים געווען דעם ״רחמנא ליבא בעי״ (דער רבונו של עולם פאַרלאַנגט האַרץ). איר היים האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ הויז פון ״כל דכפין ייתי וייכול״ — יעדער וואַנדערער, יעדער הונגעריקער וואָס האָט איבערגעטרעטן די שוועל פון איר הויז איז געוואָרן אויפגענומען דורך איר בכבוד גדול. זי האָט שטענדיק אַזוי מאַניפּולירט, אַז דער אורח זאָל זיך נישט פילן בבחינת נצרך, נאָר ווי ער וואָלט עפּעס געווען אַ קרוב, וואָס איז געקומען פון מרחקים צוגאַסט.

אין פאַרויס באַשטימטע דאַטעס, חודש ביי חודש, פון וואַרשע, מינסק־מאַזאָוויעצק, פון פּראַג ביי וואַרשע און אַנדערע ערטער, זענען צו יאָספּען געקומען שליחים פון ישיבות, גבאים פון רביים, ארץ־ישראל־יידן און סתם שיינע יידן די אַזוי גערופענע ״אייניקלעך״, וועלכע האָבן אַליין פּרעטענדירט צו ווערן רביים. פאַר יעדן פון זיי איז שוין געווען אָוועקגעלייגט די בכבודיקע צדקה־באַשטייערונג פון דער אשה צנועה מרת יאָספּע.

אויף איר קוך זענען געשטאַנען שטענדיק גרייט כלים מיט פאַרטיקע מאכלים, אָרעמעלייט, וואַנדערער און סתם הונגעריקע זענען גלייך ביי זייער אָנקום אין שטעטל, אינפאָרמירט געוואָרן פון יאָספּעס אַדרעס, און מיט שמחה האָט זי זיי אָקעגן געטראָגן זייערע מאַלצייטן בשפע. יאָספּע האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט וועגן דער מימרא אין דער גמרא (שבת קנ״א): ״כי אתי עניא אקדימא ליה ריפתא״ (ווי דו דערזעסט נאָר דעם אָרימאַן, טראָג אים אַנטקעגן דאָס ברויט), אָבער מיט איר התנהגות האָט זי מקיים געווען דעם פולן זין פון דער דאָזיקער אָנווייזונג פון די חז״ל.

מיר דערמאָנט זיך אין יאָספּעס אינטערעסירן זיך מיט איינעם אַ גוטן ייִד פון וואַרשע, וועלכער איז געווען אַ סגי־נהור און במשך פון יאָרן געלעגן צו בעט צוליב אַ מחלה. ווי אַזוי יאָספּע האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם גוטן־ייִד איז פאַר מיר ביז היינט אַ סוד. יאָספּע פלעגט זיך נוהג זיין צו שיקן מיט אַ שליח מיוחד (אין דעם פאַל בין איך געווען דער שליח), וואָך ביי וואָך, וואָכן־געלט אויף קיום און דערצו נאָך פלייש פאַר אַ גאַנצער וואָך. די אַקציע פלעגט דורכ־געפירט ווערן בסתר, אין גרויס געהיימניש. אויסער דעם שליח האָט קיין ילוד אשה דערפון נישט געוווּסט. אפילו פאַר די בני־בית איז דער פאַל געווען פאַר־הוילן. יאָספּעס כוונה איז געווען, אַז מען זאָל זיך נישט דערוויסן ווער עס איז דער בכבודיקער מקבל.

די חז״ל זאָגן (בבא־בתרא ט׳), אַז דער וואָס גיט צדקה בסתר, איז גרעסער פון משה רבינו. די כוונה איז זיכער געווען צו אַזאַ געשטאַלט ווי יאָספּע.

אין איר מוח האָט זי געפירט אַ גאַנצע בוכהאַלטעריע פון געבן, באַזאָרגן שיקן, זי האָט געהאַט אַ נישט־געשריבענע רשימה פון נצרכים, אייגענע און פרעמדע. דאָס אינטערעסאַנטע דערביי איז, אַז זי האָט קיינמאָל אין קיין איינעם נישט פאַרגעסן. גלייכצייטיק האָט זי געזאָרגט, אַז די נצרכים זאָלן צו דער צייט באַזאָרגט ווערן, דורך שליחים, דורך געלעגנהייטן, און דורך איר פּערזאָן גופא. ממילא איז פאַרשטענלעך פאַר יעדן וואָס האָט יאָספּען געקענט, פאַרוואָס זי איז געווען אַזוי באַליבט און געשעצט ביי אַלע שיכטן — ״שמה הלך לפניה״.

רבי שמעון זאָגט, עס זענען פאַראַן דריי קרוינען: די קרוין פון תורה, די קרוין פון כהונה און די קרוין פון מלכות, אָבער די קרוין פון אַ גוטן נאָמען שטייגט זיי אַלע איבער.

יאָספּע די וווּנדערלעכע פרוי, וועמענס נאָמען איז נאָך ביי איר לעבן געוואָרן לעגענדאַר, וועט אויך פאַר די ווייטערדיקע דורות שיינען ווי אַ לייכט טורעם. זי האָט ליידער נישט אויסגעמיטן דעם שוידערלעכן אומקום אין טרעמבלינקער גאַז קאַמער. צוזאַמען מיט איר מאַן שאַלקע און די קינדער אברהם, יאַנקל, ריווטשע און סאַלטשע, האָבן זיי אויסגעהויכט זייערע נשמות על קידוש השם!

די רשימה וועגן דער פּערזאָן יאָספּע וועלן מיר פאַרענדיקן מיט די ווערטער פון מדרש רבה:

מהו נר מצוה? — פרעגט דער מדרש רבה אין שמות ל״ו — אלא מי שעושה מצווה כאילו מדליק נר לפני הקב״ה ומח׳ה נפשו, שנקראת נר (נאָר ווער עס טוט צדקה גלייך ווי ער וואָלט אָנגעצינדן אַ ליכט פאַר הקב״ה און געגעבן לעבן דער נשמה זיינער, וואָס ווערט אָנגערופן נר). נר מצוות מיינט, אַז די מצווה איז נישט קיין אויטאָמאַטישע, נאָר ווי אַן אָנגעצונדן נשמהדיק ליכט.



# ר׳ אהרן ראַזנשיין

צווישן די ערשטע גרינדער פון שטע־טל איז אויך געווען ר׳ אהרון גאָרדאָן. זייענדיק אַ ייד אַן עושר, האָט ער פאַר זיין טאָכטער געזוכט אַ זיווג, וואָס זאָל זיין צו גאָט און צו לייט און ער האָט טאַקע געפונען אין אהרון ראָזנשיין, וועלכער איז געווען אַ בן־תורה און פון אַ גאָר מיוחסדיקער חסידישער משפחה.

אהרון ראָזנשיין איז חוץ זיין בקיאות אין ש״ס געווען באַהאָוונט אויך אין וועלטלעכע ענינים. דערצו איז ער אויך געווען אַ יפה־תואר, מיט אַ סך חסידישן חן. ער האָט געהערט צו דעם טיפּ, וועלכן מען האָט אין אַמאָליקן פוילן באַצייכנט אַלס זיידענע יונגעלייט.

די חתונה איז פאָרגעקומען אויפן חסידישן שטייגער, מיט אַ סך פּאמפּע. אין טאָג פון דער חופה איז דער חתן געפאָרן צום רבין. מען האָט געהאַלטן, אַז דעמאָלט איז אַ גרויסער שעת הכושר געהאָלפן צו ווערן.

אין יענעם טאָג האָט רעמבערטאָוו צובאַקומען אַ חשובן תושב, וועלכער איז מיט יאָרן שפּעטער, נאָך דער פּטירה פון די ערשטע ראשי הקהילה, ר׳ מענדל קלוגמאַן און ר׳ הענעך פינקלשטיין, געוואָרן ראש הקהל אין רעמבערטאָוו.

אין די צוויי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס ר׳ אהרון ראָזנשיין האָט פאַרנומען דעם אַמט אַלס ראש הקהל האָט ער זיך שטאַרק באַליבט געמאַכט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין אידעלער באַציאונג צו יעדן איינציקן. נישט געווען ביי אים קיין אונטערשייד אָרעם צי רייך.

ר׳ אהרון ראָזנשיין האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ גאַנצער ריי פּלענער ווי אַזוי איינצופירן פאַרשידענע אויסבעסערונגען אין דער סטרוקטור פון דער קהילה־אַרבעט, מיטן ציל צו פאַרגרינגערן דאָס לעבן פון די יידן אין רעמבערטאָוו.

נאָכן טויט פון זיין פרוי האָט ער צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט מיט דער אלמנה פון ר׳ נפתלי קלוגמאַן. עס איז אים געבליבן אַן איינציקער זון פון דער ערשטער פרוי, מעכל ראָזנשיין, וועלכער געפינט זיך היינט אין ישראל.

ר׳ אהרון ראָזנשיין איז אומגעקומען אין טרעבלינקע.



# ישראל אהרן ביאלער

שוין דאָס, וואָס ער איז געווען דער איידעם פון רעמבערטאָווער ראש הקהל ר׳ מענדל קלוגמאַן, האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז נישט געווען קיין געוויינלעכער מענטש, נאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדערע מעלות. ווי איינער פון די אָנגעזעענסטע גערער חסידים האָט ר׳ מענדל קלוגמאַן, לויט דער עצה פון גערער רבין, חתונה געמאַכט זיין גראָטענע טאָכטער פערעלע מיט דעם יונגן עילוי, ישראל אהרן ביאלער, וועלכער איז געווען אַ תלמיד פונעם וועלט־באַרימטן וואַרשעווער גאון ר׳ מנחם זעמבא.

ר׳ ישראל אהרן ביאלער איז גאָר גיך געוואָרן דאָס שיינדל פון די חסידישע קרייזן אין רעמבערטאָוו. מיט דער צייט האָט ער אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו גרינדן ביי אונדז אין שטעטל די אגודת ישראל און אויפשטעלן די ״בית־יעקב״ שול.

מפרנס געווען זיין משפחה האָט ער פון זייגערמאַכעריי. עס האָט גאָר אָפט געטראָפן, אַז אינמיטן פאַריכטן אַ זייגערל, האָט ער אַלץ געלאָזט שטיין און אנשטאָט פלאָנטערן זיך אין דעם זייגער־מעכאַניזם איז ער אַוועק אויפפלאָנטערן אַ קאָמפּליצירטע סוגיא, מיט אַ שווערן תוספות.

זיין ״האָבי״ איז געווען אַרויפצופירן אויפן דרך הישר די א. ג. ״פרייגעזאָנענע״ אָדער ווי מען פלעגט זיי רופן אין די חסידישע קרייזן: ״קלים וריקים״. ר׳ ישראל אהרן פלעגט מיט זיי איינטענהן, אויפווייזן, אַז זיי גייען אויף אַ שלעכטן וועג און צווישן אַנדערן האָט ער זיי פאַרזיכערט, אַז זדונותיהם נעשה להם כזכויות. ד. ה. אַז די עבירות וועט זיי דער רבונו של עולם פאַרעכענען פאַר מצוות.

אין גערער שטיבל פלעגן אַלע צוהערן זיך מיט גרויס הנאה זיין נאָכזאָגן די תורה־ווערטער פון גערער רבין, ווו ער איז געווען אַ טיש־זיצער. דערביי פלעגט ער זיינע צוהערער אויפקלערן די באַהאַלטענע כוונות פון יעדן וואָרט געגעבן זיי צו פאַרשטיין, אַז יעדע תורה פונעם רבין באַהאַלט אין זיך אָן אַ שיעור סודות. פאַרופנדיק זיך אויפן זוהר: "לית לך מלה באורייתא דלא אית בה רזין" — נישטאָ קיין וואָרט אין דער תורה, וואָס זאָל נישט אַנטהאַלטן קיין סודות.

אין יענעם בלוטיק־טרויעריקן ערב ראש השנה פון יאָר 1942 האָט ר׳ ישראל־אהרון ביאַלער צוזאַמען מיט זיין פרוי און דריי קינדער געטיילט דעם גורל פון דער רעמבערטאָווער עדה און צוזאַמען מיט אַלע אָפּגעפּירט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען על קידוש השם בקדושה ובטהרה.



## ברוך קלוגמאַן

ברוך קלוגמאַן, דער זון פונעם ערשטן רעמבערטאָווער ראש הקהל, ר׳ מענדל קלוגמאַן, האָט געירשנט פון זיין פאָטער אַ סך פון זיינע מעלות און מידות טובות. איז געווען מלא וגדוש מיט יידישן מקורותדיקן וויסן. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער שטרעבונג צו שלימות און דעם אידעאַל פון יידישקייט, וואָס איז פאָרמולירט אין איין זאַץ "לתקן עולם במלכות שדי" — געטלעכקייט אויף דער וועלט מיינט האַרמאָניע פון נאַטירלעכן סדר־העולם און איז אין דער ענגער שייכות צווישן מענטשן דער תוכיקער אידעאַל פון יידישקייט.

יידישקייט ,האָט ער געהאַלטן, איז דער אינהאַלט פון יידישן אנדערשדיקן לעבן און דענקען, די תורה איז די נשמה פון יידישן פאָלק און עס איז אין יידישן גייסט צו שטרעבן צו שטענדיקער האַרמאָניע אינעם לעבן פון מענטשן, וואָס איז אַ כסדרדיקער פּראָצעס, אַ גאַנג צו השלמה. דערפאַר דאַרף יעדער ייד זיין איין

אייביקע שטרעבונג צו שלמות. דערפאַר איז אויך געווען ביי אים אַזוי שטאַרק דער דראַנג צו דער דערלייזונג פון יידישן פאָלק און בנין ארץ ישראל. דאָס האָט אים דערנענטערט צו די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע קרייזן, צו דער אגודה. האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו די לעקטאָרן און פּרעלעגענטן פון דער אגודה. דאָס איז ביי אים געווען אַ קייט אינעם פּראָצעס פון דער יידישער מחשבה.

ברוך איז געווען דורך־און־דורך אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש, געווען אַקטיוו, ליב געהאַט צו טון אַ טובה און ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרייטקייט צו פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד.

ברוך קלוגמאַנס היים איז געפירט געוואָרן אין רעליגיעזן גייסט ווו ער האָט עס געלערנט און צוגעזען ביי זיין פאָטער דעם ראש־הקהל, זיינע צוויי יינגלעך אַנשל און בן־ציון האָבן געטראָגן לאַנגע פּיאות און געלערנט אין "אגודה"־חדר, ווו די מלמדים זענען שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון זייערע שאַרפע קעפּלעך.

ליבעלע, ברוכס פרוי, וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקע סוחרישער משפּחה, האָט געירשנט פון אירע עלטערן סיי פרומקייט, און סיי פעאיקייט אין מסחר. די לעצטע יאָרן האָט זי ביי זיך אין דער פראָנט־דירה איינגעאָרדנט אַ געשעפט פון פרויען־און קינדער־מלבושים.

ברוכס און ליבעלעס היים איז צו דעם אַלעם אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הויז פון נגינה אַלע האָבן געהאַט שיינע שטימען און די תשוקה צום זינגען איז ביי זיי געלעגן ממש אין בלוט. אין די שבתים און ימים־טובים פלעגן רעמבערטאָווער איינוווינער זיך זאַמלען הינטער די פענסטער אויסהערן די זמירות, וואָס עס פלעגן זינגען כאָראַל און מיט מתיקות די משפּחה פון ברוך קלוגמאַן. (כדאי צוצוגעבן אַז די גאַנצע פאַרצווייגטע קלוגמאַן משפּחה אין רעמבערטאָוו, זענען געווען גוואַלדיקע מנגנים. ברוכ׳ס פאַרשטאָרבענער ברודער נפתלי, וועלכער פלעגט אויך אויפטרעטן לפני התיבה, פלעגן מבינים פאַרויסזאָגן אַ זיכערע קאַריערע אַלס חזן אין אַ גרויסער שיל אין וואַרשע (נפתלי פלעגט זייער געניי נאָכקאָפּירן און נאָכזאָגן אַלע תפילות פון משה קוסעוויצקי, וועלכער איז אין יענער צייט געווען אויבער־קאַנטאָר פון דער וואַרשעווער סינאַגאָגע).

ברוך קלוגמאַן, זיין ווייב ליבעלע און די צוויי זין אַנשל און בן־ציון, האָבן געטיילט דעם גורל צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן.

פון זייערע קינדער האָט זיך בלויז געראַטעוועט די טאָכטער לאה׳לע, וועלכע לעבט מיט איר משפּחה אין קרית־חיים.

# ר׳ יאנקל ראפאפארט

ער האָט געשטאַמט פון דורות הסידים און לומדים, איז געווען אָנגעזען און באַליבט אין די חסידישע קרייזן. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין עניוות און וואַרעמער באַציאונג צו מענטשן, אָן אונטערשייד אָרעם צי רייך, גרויס און קליין.

זיין חיונה האָט ר׳ יאנקל געצויגן פונעם פּאָסטן אַלס פּאַרטרעטער פון אַ האַנדלס־פירמע. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער אויסגעפירט מיט געניטשאַפט סיי אין דער בראַנזשע און סיי מיט דער איינגעבוירענער קולטור, וואָס האָט אים געהאָלפן אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן. זיין אַרבעט האָט אים נישט געשטערט צו זיין כל ימיו אַריינגעטון אין חסידישן לעבנשטייגער, האָט ליב געהאַט צו פירן תורה־שמועסן אין גערער שטיבל. ווו ער האָט געדאַוונט. ער האָט געהאַט אַ סך צו דער־ציילן וועגן רבישן דרך. דערצו האָט ער אויך ליב געהאַט צו זינגען אַ חסידישן ניגון און אָפטמאָל פלעגט מען אים טרעפן אין בית־המדרש אַרומגערינגלט מיט יידן, וואָס האָבן מיט אָפענע מיילער געשלונגען זיינע ווערטער, זיין אויפקלערן די טיפקייט פון חסידות.

זעלטן ער האָט אין די שמועסן זיך איבערגעחזרט. תמיד האָט ער געהאַט וואָס מחדש צו זיין. אַמאָל האָט ער גערעדט וועגן התעוררות. צווישן זיינע צוהערער זענען געווען אויך פּראָסטע מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין סך פּאַר־שטאַנען אין די ענינים פון חסידות אָבער פון ר׳ יאנקלס רייד איז ביי זיי ליכטיק געוואָרן אין מוח. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז פאַרן גרויסן סוד, וואָס מיר רופן וועלט, שטייען אַפילו די חוקרים ווי נאַקעטע אָרעמעלייט אין די טונקלענישן. אין די דאָזיקע טונקלענישן האָט ר׳ יאנקל אָנגעצונדן פאַר זיי אַ ליכטל, וואָס האָט באַלויכטן יעדעס מאָל אַן אַנדער ווינקל אינעם ווונדערלעכן נישט־וויסן. מיטן דאָזיקן ליכטל האָט ער אָנגעצונדן אין זיי פונקען פון התעוררות.

חסידים האָבן געפילט אין אים כוחות פיל העכערע ווי שאַרפקייט פון מוח. פיל וויכטיקער זענען פאַר זיי געווען זיינע הויכע השגות אין חסידות. ער האָט געפלעגט מסביר זיין: פאַראַן אַ מדרגה פון אַ מענטש, וואָס לערנט תמיד לשם שמים און היט זיך אָפּ פון אַן עבירה. פונדעסטוועגן איז דאָס נישט די העכסטע מדרגה, וואָרעם דורך דעם, וואָס ער היט זיך זייער אָפּ, איז זיין ליבשאַפט צו גאָט נישט אַזוי גרויס, אַז עס זאָל זיין ״באהבתה תשגה תמיד״ (משלי ה, י״ט) — און צו איר ליבשאַפט זאָלסטו תמיד זיין איבערגעגעבן. די מדרגה איז ווי פייער. אַ העכערע מדרגה איז אַ ליבשאַפט, וואָס איז פיל טיפער און מ׳איז נישט אַזוי מדקדק אין חומרות. די מדרגה איז ווי אַ פלאַם. מען איז אינגאַנצן פאַרפלאַמט מיט ליבשאַפט צו גאָט. מען איז זיך מפקיר און מוסר נפש. דאָס איז אמתע דבקות, עד כלות הנפש.

גאַר הויך פלעגט ער רעדן װעגן נגינה און טאַנץ. "אַן ערלעכער מנגן — האָט ער געזאָגט — וואָס זינגט אָן פניות, קען מקרב זיין די גאולה, ווארעם דער היכל הניגון איז נאָענט צום היכל המשיח און צום עולם התשובה".

שמחה און זריזות האָט ר׳ יאנקל געהאַלטן פאַר וויכטיקע אייגנשאַפטן. חסידות אָן שמחה און אָן בטחון איז גאַר קיין חסידות נישט. "עצבות איז נישט קיין עבירה — האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין זיינע צוהערער — אָבער צו וואָס עצבות קען ברענגען, קאָן די גרעסטע עבירה נישט ברענגען. דערפאַר זאָגט מען אין תהילים: "יעלזו חסידים בכבוד" — חסידים טוען זיך פרייען מיט גרויס כבוד, "ירננו על משכבותם", אפילו ווען זיי זענען צוגעלייגט ביי זיך, זינגען זיי אויך מיט התלהבות".

ר׳ יאנקל האָט זייער נישט געהאַלטן פון צופיל צעבראָכנקייט. אַ מענטש דאַרף האַלטן, אַז די מעשים טובים, וואָס ער טוט, זענען חשוב און שטאַרק אנגענומען ביים אייבערשטן און ביי מענטשן. דורך אַזוי טראַכטן וועלן זיינע מעשים נאָך שענער ווערן.

אַזוי האָט ר׳ יאנקל גערעדט און געפירט זיך, בניחותא, מילד און שלווהדיק. אין שטוב האָט מען אים געזען אַרומדרייען זיך אין שלאפראַק, מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, פאַרטראַכט, אָבער קיינמאָל נישט אומעטיק, פאַרטיפט אין זיינע רעיונות אָדער אַריינגעקוקט אין אַ ספר.

דערביי איז ער געווען אַ גרויסער מקפיד אויף ריינקייט און געהאַט הנאה פון פינקלדיקן גלאָז טיי, וואָס האָט געמוזט זיין הייס, ברייען די ליפּן, און שטאַרק, ערשט פאַרבריט. צום טרינקען טיי האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס ערנסט און כוונה. דאָס האָט פאַרגרינגערט די גייסטיקע שפּאַנונג.

יעדער, וואָס איז אַריינגעקומען אין זיין שטוב, האָט זיך געפילט ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אַ וואַרעמע יידישע שטוב.

אָפּגעראַטעוועט האָט זיך זיין איינציקער זון, מרדכי וועלכער איז גלייך נאָכן אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און לעבט דאָרט מיט זיין פרוי און קינדער ביזן היינטיקן טאָג, וואַרט אויף די רעזולטאַטן פון די באַמיאונגען, וואָס עס מאַכן זיינע קרובים אַריבערצוברענגען אים קיין ישראל.

## ר׳ יצחק רובין

"די מענטשן ליבהאָבערס" — דאָס איז די אָמבעסטן צוגעפּאַסטע באַצייכענונג פאַר ר׳ יצחק רובין, און זיין ווייב באַלטשע.

ר׳ יצחק, אַ מיטלוווקסיקער, אַ סימפּאַטיש, איידל פּנים און אַ שיין־געפלעגט בלאָנד בערדל, גוטמוטיקע אויגן, וואָס קוקן מיט ליבשאַפט אויף יעדן מענטש. זיין ווייב באַלטשע האָט שטענדיק געהאַט אַ שמייכל אויף די ליפּן, תמיד גרייט צו זאָגן אַ גוט וואָרט יעדן, וואָס זי האָט באַגעגנט. אירע קרובים פון גער און און גריצע זענען געווען אָפטע געסט אין איר שטוב.

ר׳ יצחק איז געווען אַ יאַטקע־אייגנטימער פון כשר פלייש אין רעמבערטאָוו. געבערענגט געוואָרן צו קבורה אויפן פראַגער בית עולם.

פּשוטע פאָלקס־מענטשן, אָבער ווי פל אויפריכטיקייט, און מענטשן־ליבע זענען געווען אין זייערע טיף־מענטשלעכע איידעלע האַנדלונגען.

זייערע שיינע און געראָטענע קינדער האָבן זיי דערצויגן אויף מסירת־נפש צו אַלעם וואָס האָט אַ שייכות צו יידישקייט און מענטשלעכקייט.

ז׳ אלול פון יאָר 1942 האָט אויך דער מלאך־המות נישט אויסגעמיטן די שוועל פון ר׳ יצחק רובינס הויז. די דייטשע רוצחים מיט זייערע מיטהעלפער האָבן אַרויסגעפירט קיין טרעמבלינקע ר׳ יצחקן, זיין ווייב באַלטשע, די קינדער שמואל, רחל, בנימין, שלמה, פּיניע און חיהלע.

## ר׳ אהרן פּערקאַל

ר׳ מענדל קלוגמאַנס איידעם, ר׳ אהרן פּערקאַל, אַן אָפּשטאַמיקער פון דאָמבראָווע, האָט געהערט צום קרייז חסידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט מיט זייער לומדות. מען האָט דערציילט, אַז ר׳ מענדל האָט נאָך דער חתונה פון זיין טאָכטער, חיה־גיטל, אויסגעדרוקט זיך פאַר ידידים מיט די ווערטער: "את בתי נתתי לאיש" (דברים כ״ב, א״ז).

ער האָט דערמיט דייטלעך אויסגעדרוקט די התפעלות פאַר זיין איידעם, אין וועלכן ער האָט געזען אַ מענטש מיט אַלע מעלות.

ר׳ אהרון איז געווען הויכגעוואוקסיק, שטאַלטנע, שלאַנק און גלייך ווי אַ ווירע. אַ געדיכטע באָרד, פון שאָטין־קאָליר, האָט אַרומגעצוימט זיין איידל פּנים. פון אונטער זיין לומדישן שטערן האָבן אַרויסגעקוקט מילדע און קלוגע אויגן. צו זיין אַריסטאָקראַטישער האַלטונג איז נאָך צוגעקומען די פּעדאַנטישקייט אין לבוש,

תמיד ציכטיק אַנגעטאָן. און זיין גאַנצער אויסזען האָט צוגעצויגן די אויפמערק־זאַמקייט און עלטערן פון כלות האָבן זיך געוווּנטשן צו קריגן אַזאַ גראַטענעם איידעם.

פאַרן נדן, וואָס ער האָט באַקומען צו דער חתונה, האָט ער זיך געעפנט אַ גאַלאַנטעריע־געוועלב, אָבער מיטן מסחר האָט זיך פאַרנומען זיין יונג ווייב חיה־גיטל. ער אַליין איז אויך נאָך דער חתונה געזעסן גאַנצע טעג, אין בית־המדרש און געלערנט.

דער טיש, ביי וועלכן ער האָט געלערנט, איז תמיד געווען אָנגעוואָרפן מיט גמרות און מפרשים. זיין דרך אין לערנען איז געווען פלפול. ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שווערע סוגיות און ווען עמעץ האָט זיך אין בית־המדרש אָנגעטראָפן אויף אַ האַרבן מהרש״א, איז מען גלייך צוגעגאַנגען צו אהרנען און ער האָט אים אויפן אָרט פאַרענטפערט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ שנעלער תפיסה און חריפותדיקן שכל.

ר׳ אהרנען איז אָבער נישט באַשערט געווען רואיק אָנצוגיין מיט זיין לערנען. זיין יונגע פרוי, חיה־גיטל איז געוואָרן ערנסט קראַנק. עס האָבן נישט געהאָלפן די גרעסטע דאָקטוירים, וועלכע מען האָט צו איר גערופן. ר׳ אהרון איז געפאָרן קיין גער צום רבין, האָט מרעיש עולמות געווען, געזאָגט, אַז ער וועט נישט אָפּטרעטן ביז דער רבי וועט אויספּועלן אַ רפואה שלמה.

דער גאַנצער הויף האָט געזאָגט תהילים. אויך אין די ישיבות און גערער שטיבלעך אין וואַרשע האָט מען געזאָגט תהילים, אָבער די הימלען זענען געווען פאַרשלאָסן און חיה־גיטל האָט אין עלטער פון 23 יאָר אויסגעהויכט איר נשמה.

דאָס איז געווען צוויי יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ר׳ אהרנען האָט דאָס שווערע אומגליק דערשלאָגן און צעבראָכן. אין בית המדרש איז ער געזעסן ביז שפּעט אין די נעכט, געלערנט מיטן זעלבן ניגון, נאָר איבער־געריסן מיט שווערע זיפצן, וואָס האָבן זיך געריסן פון די טיפענישן, און ער האָט שוין נישט געוויסט פון קיין רו ביז יענעם שוידערלעכן טאָג ווען ער איז צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהילה געוואָרן אַרויסגעפירט קיין טרעמבלינקע.



# משה
# גרינבערג

צו די אָנגעזעענע רעמבערטאָווער באַלע־באַטים האָט אויך געהערט משה גרינבערג, דער איידעם פון משה־יידל יעלען. זיין פרנסה איז געווען פאַרבונדן מיט דער פלייש־בראַנזשע און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געהאָלפן סיי יחיידם און סיי דעם כלל ביים זאָרגן פאַר די הצטרכותן פון דער שטאָט און אַלץ מיט אַ ברייטער האַנט.

ער איז געווען אַ שיינער מענטש, פון וועלכן עס האָט געשפרודלט מיט קראַפט און דערביי איז דער שמייכל קיינמאָל נישט אַראָפּ פון זיין גוטמוטיקן פנים, אַ פשוטער און אויפריכטיקער שמייכל, ווי פשוט און אויפריכטיק ער איז געווען אין זיין גאַנצער האַלטונג, וואָס האָט אַרויסגערופן ס׳מפּאַטיע שוין פון דער ערשטער באַגעגעניש מיט אים.

משה גרינבערג האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פריינטלעכקייט צו מענטשן און האָט פאַרמאָגט אַן איינגעבוירענע איידלקייט פון אַן אַריסטאָקראַט. ער איז געווען העפלעך און עס האָט פון אים עמאַנירט אַ געמיטלעכקייט, וואָס האָט פאַרגרינגערט דעם שמועס מיט אים. מען האָט אין אים דערפילט אַ פריינט. ער האָט אויך געהערט צו די ליבהאָבער פון יידישער קולטור און באַוווּנדערער פון יעדן קולטור־שעפערישן אויפטו, ווער שמועסט נאָך אַז דאָס איז געווען אין אונדזער שטעטל. אין זיינע שמועסן האָט ער שטענדיק אונטערגעשטראָכן דעם רעספּעקט פאַר יידישע טראַדיציעס, דעם גלויבן אין דער גרויסקייט פון אונדזער דורותדיקער ירושה, וועלכע ער האָט זיך באַמיט ממשיך צו זיין, אָבער דערביי געהאַט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דער יוגנט, פאַר דעם וועג, אויף וועלכן עס זענען געגאַנגען זיינע קינדער ביים שמידן די נייע רינגען אין דער גאָלדענער קייט פון יידישער קולטור. ער האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר די שטרעבונגען פון דער יוגנט אין דער מאָדערנער צייט צו אַנטוויקלען זיך און גיין פאָרויס אויסניצנדיק די ברייטע מעגלעכקייטן וואָס די צייט האָט געבראַכט מיט זיך.

משה גרינבערג איז בטבע געווען אַ סענטימענטאַלער און גוטהאַרציקער מענטש, האָט גערן געהאָלפן יעדן, וואָס האָט זיך געוואָנדן צו אים. עס פלעגט

טרעפן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין אַן אומעט, באַזונדערס ווען זיינע צוויי טעכטער האָבן געדאַרפט פאָרן יעדן טאָג קיין וואַרשע צו דער אַרבעט ער האָט זיי שטאַרק ליב געהאַט און דאָס האָט אים נישט געגעבן קיין רו ביז ער האָט זיי נישט געזען צוריקקומען אַהיים. ערשט דאַן איז זיין שטימונג געוואָרן אויפֿגעהייטערט און די שטוב האָט אויפֿגעלעבט.

עס איז אים אָבער געווען באַשערט דורכצולעבן אַ שווערע טראַגעדיע, וואָס האָט אויפֿגעציטערט אויך דאָס גאַנצע שטעטל. דאָס לעבן פֿון משה גרינבערג און זיין משפּחה איז געוואָרן פֿולשטענדיק צעבראָכן. דאָס איז געווען ווען זיין שיינע 18־יאָריקע טאָכטער זאָשיע איז קראַנק געוואָרן אויף אַ טיפֿוס. מען האָט געדאַרפט איבערפֿירן קיין וואַרשע אין טשיסטע שפּיטאָל, אָבער די מוטער האָט מורא געהאַט, אַז איר קינד וועט דאָרט נישט האָבן די נויטיקע השגחה, געמיינט, אַז זי אַליין וועט קענען בעסער אָפּהיטן איר קינד. דער סוף איז געווען, אַז די מוטער איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיט דער טיפֿוס־קראַנקהייט. דער מצב פֿון דער קראַנקער זאָשיע האָט זיך מיט יעדן טאָג פֿאַרערגערט און נישט געקוקט אויף דער גרויסער הילף, וואָס איז איר געגעבן געוואָרן, איז זי געשטאָרבן און געברענגט געוואָרן צו קבורה אויפֿן פּראַגער בית־עולם.

די מוטער האָט נישט געקענט גובר זיין נישט איר קראַנקהייט און נישט דער צער צוליבן טויט פֿון איר קינד אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז זי אויך געשטאָרבן.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין יאָר 1939 איז משה גרינבערג צוזאַמען מיט זיין גרויסן זונעלע, אברהמ׳לע אַנטלאָפֿן קיין וואַרשע. אברהמל איז דאַן אַלט געווען אינגאַנצן 9 יאָר און אַלע האָבן אין אים געזען אַ וווּנדער־קינד. ער פֿלעגט אָנטיילנעמען אין די פֿאָרשטעלונגען פֿון דראַמקרייז "בליאונג" און זיין צאַרטע לירישע שטים האָט באַצויבערט די צוהערער.

בעת דעם בלוטיקן יום־כּיפּור 1939, ווען די דייטשע פֿליער האָבן אַזוי מערדעריש באָמבאַרדירט יידישע געגענטן אין וואַרשע האָט משה גרינבערג מיט זיין זון זיך געפֿונען אין אַ שיל אויף דער טוואַרדע גאַס, אין וועלכער עס איז אַריין אַ דייטשע באָמבע און צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מתפּללים, זענען אויך משה גרינבערג און זיין זון אברהמל דאַן דערהרגעט געוואָרן.

די צווייטע טאָכטער, יאַדזשע איז אין יאָר 1941 דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן בעתן פֿאַרנעמען די פּוילישע געביטן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אונטער דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע.

פֿון משה גרינבערגס פֿיר קינדער האָט זיך געראַטעוועט בלויז איין זון יאָסל, וועלכער לעבט מיט זיין משפּחה אין אַמעריקע.



# ר׳ משה שאפשיק

ר׳ משה שאַפּשיק איז געווען פון די אָנגעזעענע און עלטסטע בעל־הבתים אין רעמבערטאָוו — ער איז געווען אַ אָפּגעהיטענער רעליגיעזער ייד, געקליידט זיך אין יידיש־פּויליש נוסח מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע און יידיש קיילעכיק היטל, אַרום זיין פּנים אַ גראָע ברייטע באָרד, ער איז געווען העכער פון מיטלוווקס, פאַרמאָגט מענערישע ענערגיע. און אויף זיין אַלגעמיינער געשטאַלט און אויסזען דער חותם פון אַ מענטשן מיט גייסטיקע מידות טובות.

ווי אַ גרויסע טייל יידן, און דעם פּאַר מלחמהדיקן פּויליש־יידישן שטעטל, איז אויך ר׳ משה נישט געווען באַפרייט פון די טאָג טעגלעכע פּרנסה׳דיקע דאגות, ציענדיק די חיונה פון אַ נעבעכדיק געוועלבל, פון וועלכע ער האָט געדאַרפט מפרנס זיין אַ פרוי מיט 7 קינדער.

ר׳ משה שאַפּשיק איז געווען דערווידער דער גראָשנדיקער האַנדל, ער האָט געחלומט פון ארץ־ישראל, דאָס לאַנד פון חומש איז אים געווען נאָענט, היימיש, און איינגעבאַקן אין האַרצן, אָבער ביז די האָפענונג וועט פאַרווירקליכט ווערן, איז ער געווען דער בית המדרש ייד מיט אַ איינגעוואָרצלטן סטאַבילן יידישן לעבענס שטייגער, ליב געהאַט דאָס וואַרימע פון יידישקייט, דאָס התלהבותדיקע און שבתדיקע, און געלעבט מיט רעליגיעזער באַגייסטערונג און טיפער אמונה, וואָס האָט אַריינגענומען אַלע זיינע טעג און שעהן.

אַ תמימותדיקער און באַשיידענער ביז גאָר. ר׳ משה האָט נישט געזוכט און נישט געשטרעבט צו קיין פאַרמעגנס, אַלע רייכקייטן האָט ער געפונען לעבן זיין אייגענעם הויף, ער האָט ליב געהאַט זיין היימיש געסל און ווינקל וואָס האָט געשמעקט מיט פּאַטעטישער פאַרהערלעכונג פון יידישן שטייגער לעבן, פאַר אים איז דאָס געווען זיין גרעסט פאַרמעגן.

מיט זיין ערליכער אויפריכטיקער פּאָלקסטימליכקייט, איז ער שטענדיק געווען טיף ערליך צו זיך און צו יענעם, און צו דעם אַרויסגעבראַכטן וואָרט.

ווי זינגט י. י. סיגעל אין זיינעם אַ ליד!

כ'האָב קיין וואַלד נישט,
כ'האָב קיין פעלד נישט.
וואָס־זשע האָב איך פאַרט?
כ'האָב אַ ענג און טונקל ווינקל,
און אַ ערליך גלויביק וואָרט.

ר' משה שאַפשיק האָט זייער ליב געהאַט זיינע קינדער, אָבער צוליב איינ־געוואָרצלטע טראַדיציע מיט וועלכע ער האָט זיך אָנגעזאַפּט ביי זיינע עלטערן און זיידעס, האָט ער עס נישט אַרויסגעוויזן צוימענדיק זיין סענטימענטאַליטעט, ווען זיין זון יצחק און טאָכטער רחל פאַרלאָזן רעמבערטאָוו און עמיגרירן נאָך מעקסיקאָ, לעבט ר' משה איבער שווערע טעג, וועלכע ער פרוווט אָן דערפאָלג דערשטיקן אין זיך, פון עגמת־נפש, און בענקשאַפט פאַלט אויף אים אָן די זקנה פאַר דער צייט.

פון זיינע 7 קינדער זענען גליקליכערוויז דריי געבליבן ביים לעבן, צווישן זיי די שוין דערמאָנטע יצחק און רחל וועלכע לעבן מיט זייערע משפחות אין מעקסיקאָ, און איין זון בנימין, וועלכער לעבט אין חיפה.

ז' אלול פון יאָר 1942 איז ר' משה שאַפשיק און זיינע 4 קינדער: שרה פייגע, משה, בערל און אַ אויסגעגעבענע טאָכטער רבקה מיט איר מאַן יצחק וויינטרויב מיט זייערע קינדער, אָפּגעפירט געוואָרן נאָך טרעמבלינקע צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן, און זענען דאָרט דורך די מערדעריש היטלעריסטישע לאַפּעס, אומגעברענגט געוואָרן על קידוש השם.

## ר' מענדעלע גאָלדשטיין

ר' מענדעלע גאָלדשטיין האָט געהערט צו די עלטסטע רעמבערטאָווער, איז געווען אַ רעליגיעזער ייד, אָפּגעהיטן שטרענג אַלע תרי"ג מצוות און יעדער מנהג איז פאַר אים געווען אַ דין.

ער איז געווען מיטלוווקסיק, ברייט־פּלייציק און געהאַט אַ שיינע ברייטע באָרד, וואָס האָט זיין פּנים געגעבן דעם אויסדרוק פון אַ רב, אָבער מפרנס געווען האָט ער זיך און זיין פאַרצווייגטע משפחה פון שוסטעריי.

ווי אַן ערלעכער און אויפריכטיקער מענטש, האָט ער ליב געהאַט דעם מיטמענטש, געווען דורכגענומען מיט אַ רחמנות־געפיל צו ליידנדיקע און גערן געגעבן צדקה אויף ווילטעטיקע צוועקן. אַ גאַנצע וואָך האָט ער צוזאַמען מיט זיינע זין שווער געאַרבעט און אויסגעקוקט אויפן שבתדיקן טאָג ווי אויף משיחן.

דער שבת איז ביי אים געווען ווי אַ ברילאַנט, אויסגעשליפן מיט חדווה און נחת.

זיין גרויסע זאָרג איז געווען, אַז זיינע קינדער זאָלן זיין ערלעכע און גוטע יידן און זאָלן ממשיך זיין דאָס דורותדיקע שטרעבן צום יום שכולו טוב אין יידישן זין, און נישט ווי עס האָבן אויסגעטייטשט די פאַרשידנערליי אַפּיקורסים.

ר' מענדעלע האָט אויך ליב געהאַט צו שטיין אויף דער וואַך פון געזעלשאַפט־לעכן לעבן. ער האָט ווייטיקלעך איבערגעלעבט ווען עס איז עפּעס אָפּגעטון געוואָרן אַן אומרעכט. ווי אַן איש אמת האָט ער שאַרף רעאַגירט אויף יעדער עוולה און זיין וואָרט האָט געהאַט אין זיך מאָראַלישן כוח, האָט געמאָנט און אויפגערודערט דאָס געוויסן.

בתכלית השנאה האָט ער פיינט געהאַט פוסטן אָנשטעל, פאַלשן זשעסט, חנופה. דער מענטש דאַרף זיין ערלעך און לעבן ערלעך — איז געווען זיין אני מאַמין.

צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער זענען זיי אין יאָר 1942 אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.

פון אַלע זיינע קינדער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט איין טאָכטער פנינה, וועלכע לעבט מיט איר משפחה אין ירושלים. זיין זון משה, וועלכער איז געקומען קיין ארץ ישראל מיט יאָרן פאַרן מלחמה־אויסברוך, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק דאָ געשטאָרבן.



## ר' משה קאַווערבלום

ווען מיר דערציילן וועגן דעם רייכן יידישן אַמאָל, וועגן דער הויכער מאָראַל פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, דערמאָנען מיר אויך די געשטאַלט פון ר' משה־זעליג קאַווערבלום, וועמענס רייכטום איז נישט באַשטאַנען פון קיין גאָלד און זילבער, אָבער דערפאַר האָט ער פאַרמאָגט אַ שפע פון מענטשלעכקייט, אַ יידיש האַרץ מיט אַן אַ שיעור רחמנות. פון אים האָט געאָטעמט מיט וואַרעמער מענטש־לעכקייט, מיט צוגעבונדנקייט צו אַלעם, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישן שטייגער און פאָלקסטימלעכקייט.

ר׳ משה קאוועלבלום איז געווען אַ בעקער און איז געווען דער גרינדער און פאָרזיצער פון לינת הצדק אין רעמבערטאָוו. ער האָט אַ סך געהאָלפן דער אָרעמער באַפעלקערונג. ווען עמיץ איז קראַנק געוואָרן האָט ער זיך געשטעלט אין פאַר־בינדונג מיט אַ ליבעראַלן קריסטלעכן פעלדשער, וועלכער האָט געוווינט אין ניי־רעמבערטאָוו און ער איז גלייך געקומען צום קראַנקן. דערנאָך האָט ער זיך אונטערגענומען צו צאָלן דעם פעלדשער אַ חודשלעכן געהאַלט און יעדער ייד, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין מעדיצינישער הילף, האָט זיך געקאָנט פריי ווענדן צום פעלדשער און באַקומען די נויטיקע באַהאַנדלונג.

ר׳ משה קאווערבלום איז געווען אַ מיטלוויקסיקער, געהאַט אַ קורץ גרוי בערדל און, דער עיקר, אַ מילדן כאַראַקטער, פול מיט ליכטיקע האָפענונגען און אינטערעס צו אַלעם, וואָס געשעט אין לעבן ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר וועלט־לעכע ענינים און פלעגט זיך אינטערעסירן מיט פאָליטיק, מיט געזעלשאַפטלעכע געשעענישן און פונקט ווי ער האָט ליב געהאַט אַריינצוקוקן אין אַ יידיש בוך, אין אַ יידישער צייטונג איז ער אויך געווען אַ סמפּאַטיקער פון רעמבערטאָווער דראַמקרייז, אָבער דאָס זענען אַלץ געווען זייטיקע ענינים. זיין עיקר אינטערעס האָט זיך קאָנצענטרירט אין רעליגיעזן לעבן.

זיין פרוי פייגע, די זין יאַנקל און יהושע, זענען אומגעקומען אין טרעמבלינקע. געראַטעוועט זיך האָבן בלויז זיין זון אַהרון און זיין טאָכטער שרה, וועלכע לעבן מיט זייערע משפּחות אין תל־אביב.

## ר׳ אברהם ציוויאַק



דער רעמבערטאָווער חשובער תושב, ר׳ אברהם ציוויאַק, איז געווען אַ רעליגיעזער ייד. פאַרמאָגט אַ פאַרפיינערט געפיל, אַ שטילע השתוקקות צו העכערער מדרגה און תמיד גע־שטרעבט צו גייסטיקן אויסלעבן זיך.

ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס, זיין אויסדרוקספול פנים אַרומגערעמט מיט אַ קליינער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן זיין צאַרטקייט און חן. ווי אַ מענטש מיט אַן איידל געפיל און הייס האַרץ איז אים אָפט אויסגעקומען איבערצונעמען זיך מיט מענטשלעכע ליידן, מענטשלעכע עגמת נפשן און שווערי־קייטן און ער האָט תמיד געזוכט אופנים ווי אַזוי זיי אַרויסצוהעלפן. ער האָט געפלעגט צו פאַרזאָרגן יידן מיט ווין אויף קידוש און הבדלה. גאָר אינטענסיוו

איז די זאָרג געקומען צום אויסדרוק פאַר פסח, ווען ער האָט געדאַרפט שאַפן דעם וויין פאַר די ארבע כוסות צום סדר.

אין דער וויין־בראַנזשע איז ער געווען אַ מפונק און איז אָנגעגאַנגען אַלס מומחה. ער אַליין האָט געפלעגט זאָגן, אַז אויף וויין דאַרף מען זיין אַן אויס־געצייכנטער מבין, כדי מען זאָל קענען גלייך ביים ערשטן פאַרזוך דערשפירן דעם טעם און די גרויסע הנאה.

זאָל דאָ פאַרצייכנט ווערן אַן עפּיזאָד מיט אַ רעמבערטאָווער תושב, ר׳ שלמה כהן, אַן אַלמן און אַ מטופל מיט פיר טעכטער, וואָס האָט געהאַט אַ שם אַלס חסיד פון אַ גוט גלעזל וויין. ער האָט אַמאָל אין בית המדרש, בין מנחה למעריב, ר׳ אברהמען געפרעגט:

”זאָג מיר, ווי אַזוי מאַכסטו, אַז דער וויין זאָל זיין שטאַרק?“

ר׳ אברהם האָט אים געענטפערט:

”כ׳לאָז אים שטיין אַ לענגערע צייט. וואָס לענגער דער וויין שטייט, אַלץ שטאַרקער ווערט ער“.

”הער נאָר, הער נאָר — האָט זיך ר׳ שלמה כהן אַזש אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ — ווו נעמט זיך צו אַ מענטש אַזאַ כוח צו קענען זיך איינהאַלטן און נישט אויס־טרינקען דעם וויין וואָס עס שטייט ביי אים אין שטוב?...“

דער וויין־מסחר איז ביי ר׳ אברהמען נישט געווען די איינציקע פרנסה. ער פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט גלעזערײַ. האָט ער אַמאָל אַריינגעשטעלט אַ שויב אין דער שטוב פון אַ חסידישן ייד האָט ער ליב געהאַט צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס וועגן גרויסע רביים, וועגן שיינע יידן, אָדער גאָר וועגן יידישע שתדלנים, וואָס האָבן מרעיש עולמות געווען פאַר יידן און ער פלעגט מיט באַדויערן צוגעבן ”אַנדערע צייטן, היינט איז יעדער אַ שתדלן פאַר זיך. מען פאַרגעסט אין רבונו של עולם און אין מענטש“.

ביי אַזאַ געלעגנהייט האָט ער אַמאָל אויסגעטייטשט אַ פסוק: ”יהי רצון מלפניך, גיב זיי, רבונו של עולם, פאַרשטאַנד, אַז דער רצון זאָל זיין מלפניך, נישט פאַר זיך, נאָר פאַר דיר“.

זיין היים איז געפירט געוואָרן אין שטרענג רעליגיעזן גייסט און אין זיינע קינדער האָט ער איינגעפלאַנצט אהבת ישראל ווי דער וויכטיקסטער מאָטיוו פון יידישקייט. פון זיינע קינדער זענען געבליבן לעבן: אַ זון דוד, וועלכער לעבט מיט זיין משפחה אין אַמעריקע; אַ טאָכטער חוה, וועלכע לעבט מיט איר משפחה אין תל־אביב.

ר׳ אברהם ציוויאַק און זיין שטילע איידעלע פרוי אסתר זענען צוזאַמען מיט זייערע קינדער שלמה און דבורה אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע.



# אהרן פוקס

אהרן, דער יינגסטער פון די 6 קינדער ביים אָנגעזעענעם רעמבערטאָווער באַלעבאָס און חסידישן ייד ר׳ חיים פוקס, איז געווען דער וויכטיקסטער נערוו פון דער רעמבערטאָווער י. ל. פרץ ביבליאָטעק און פון דראַמקרייז ״בליאונג״ אַ דאַנק זיין מי, אינטעליגענץ און גרויסער ליבע צום יידישן וואָרט זענען אַלע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען אין שטעטל געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַ סטאַבילן פאָסטן אַלס שרייבער אין שיע טייבלומס ברעטער־סקלאַד. די אַרבעט האָט אים אָבער אַבסאָלוט נישט געשטערט זיך אַריינצוואַרפן מיט לייב און לעבן אין דער קולטור־טעטיקייט.

ער האָט אָנטיילגענומען אין אַלע צענדליקער און צענדליקער אויפפירונגען, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן דורכן קרייז אונטער דער רעזשי פון משה ווײדע און איז אויך געווען זיין געהילף־רעזשיסער. ער האָט אַליין געמאָלן און געצייכנט פרעכטיקע פלאַקאַטן צו יעדער פאָרשטעלונג און אונטערנעמונג. יעדער פלאַקאַט איז געווען געמאָלן אויף ווייסן קאַרטאָן, איז געווען אַ קינסטלערישע שאַפונג און האָט צוגעצויגן דאָס אויג.

אהרן איז געווען דער, וואָס האָט אָפיציעל איינגעלאַדן די באַקאַנטסטע יידישע שרייבער און דיכטער אויף פאָרלעזונגען און ליטעראַרישע אָוונטן. צו דעם צוועק איז ער געווען אַן אָפטער באַזוכער אין יידישן ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. זיין ״האָבי״ איז געווען זאַמלען די אַלע בריוו, קאַרטלען און טעלעגראַמעס פון די אַלע יידישע שרייבער, דיכטער און פּרעלעגענטן, מיט וועלכע ער איז געקומען אין קאָנטאַקט דורך דער קאָרעספּאָנדענץ, וועלכע ער האָט געפירט אין צוזאַמענהאַנג מיט זייערע אויפטריטן אין רעמבערטאָוו. ער איז אויך געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון די אָפטע טאַנץ־אָוונטן, פאַנטן־לאָטעריעס, בלימל־זאַמלונגען, ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט איבערשרייבן אויסגעבאָרגטע פיעסן און אויסשרייבן פאַר יעדן ראָליסט זיין טעקסט.

ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער פון די מיטגלידער פון י. ל. פרץ ביבליאָטעק. טאָמער איז דאָס אַלץ ווייניק איז ער אויך געווען אַ פוטבאָל־שפילער און אַנגעהערט צו אַן אָפיציעלער פוילישער פוטבאָל דרוזשינע, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען נישט מער ווי צוויי ייִדן: אהרן פוקס און נחום ביטער. זיי פלעגן צוזאַמען מיט דער דרוזשינע אַרומפאָרן אויף פאַרמעסטן אין פאַרשידענע פוילישע שטעט, ווי ווילנע א. א., וווּ זיי האָבן געשפּילט קעגן די אָרטיקע פוילישע דרוזשינעס.

אין יאָר 1936 בין איך צוזאַמען מיט אהרנען געווען אין די שפּעטערע שעהן פון אַ געוויסן אָוונט אין דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק. אהרן האָט גראָד געהאַלטי אינמיטן אויסענדיקן אַ פּלאַקאַט ווי פּלוצים עפנט זיך די טיר פון דער ביבליאָטעק מיט אַ רעש. אַ רעמבערטאָווער יוגנטלעכער פירט אַריין אַ צעטומלטן און דער־שראָקענעם מאַן. דער מאַן, מיט אַ קאַפּעלושל אויפן שפּיץ קאָפּ און מיט גאָר אַ נעבעכדיקן אויסזען, האָט גלייך ווי ער איז איבערגעטערעטן די שוועל זיך צו אונדז געוואָנדן בזה הלשון:

"ייִדן, ס'האָט מיך געטראָפן אַן אומגליק... כ'האָב געדאַרפן פאָרן קיין אָטוואָצק, בין איך פאַרפאָרן קיין רעמבערטאָוו"...

מיר האָבן גלייך אין דעם מאַן דערקענט, אַ באַקאַנטן און פּאָפּולערן וואַרשע־ווער אַרטיסט, אָבער נישט וועלנדיק אים אַריינפירן אין אַ פאַרלעגנהייט, האָבן מיר געוואַרט, אַז ער אַליין זאָל וועגן זיך מגלה סוד זיין...

פון זיינע ווייטערדיקע רייד האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער וווינט אין אָטוואָצק און ביים איינשטייגן אין וואַרשע אין עלעקטרישן צוג האָט ער זיך טועה געווען און איינגעשטיגן אין רעמבערטאָווער צוג. ער איז געבליבן אָן אַ גראָשן אין טאַש און האָט נישט מיט וואָס צוריקצופאָרן. ער איז געווען זייער פאַרצווייפלט און צו דעם אַלעם וועט זיין פרוי שטאַרק איבערקלערן,

נאָכן אויסהערן אים, פרעגט אים אהרן פוקס:

"אַנטשולדיקט, קען מען וויסן ווער איר זייט?"

דער מאַן איז אויפגעשפּרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער און האָט ווי אויסגעשריגן פון פאַרוווּנדערונג:

"וואָס? עטץ ווייסט נישט ווער איך בין? עטץ דערקענט נישט דעם אַקטיאָר פון "סקאַלאַ" טעאַטער, שמחה פּאָסטעל?"...

דאָ האָבן מיר זיך ביידע מודה געווען, אַז מיר האָבן פון דער ערשטער רגע געוווּסט ווער ער איז, און אַזוי רעדנדיק האָט אהרן אויפגעמאַכט דעם פּאָרטפעל און געגעבן אַ הלוואה. אהרן וועלכער האָט געהאַט גרויס פּיעטעט פאַר ייִדישע אַקטיאָרן, האָט נישט געוואָלט פּאָסטלען אַוועקלאָזן אויף טרוקן, און אים איינ־

געלאַדן אַריינצוגיין מאַכן אַ לחיים אין רעסטאָראַן "די גרעפין פאַן וואַגער".

די "גרעפין פאַן וואַגער" איז בסך הכל געווען אַ פעט־לייביקע יידענע. איר רעסטאָראַן איז געווען דער איינציקער אין רעמבערטאָוו, וווּ מען האָט געקענט טרינקען אַ גלעזל בראַנפן און פאַרבייסן מיט אַ געבראָטן לעבערל. איר פאַמיליע נאָמען איז טאַקע געווען וואַגער, נאָר איינער אַ לץ אין שטעטל האָט איר מכבד געווען מיט דעם הויך־אַדעליקן טיטל, "גרעפין פאַן וואַגער".

פאָסטעל האָט געגלויבט, אַז דער רעסטאָראַן פון דער "גרעפין פאַן וואַגער" מוז זיין עפּעס גאָר גרויסאַרטיקעס, האָט ער זייער שיין באַדאַנקט פאַרן כבוד און דערקלערט:

מיינע טייערע פריינט, ווער האָט איצט צייט צו פּרינצעסינס (פון אַ גרעפין איז ביי שמחה פאַסטלען געוואָרן אַ פּרינצעסין)? מיין פרוי וועט איבערקלערן וואָס איך בין נישט אַהיימגעקומען און אַז זי וועט זיך נאָך דערוויסן אַז איך בין דאָ געווען ביי אַ פּרינצעסין, וועט זי זיך נאָך חלילה אַ מעשה אָנטון... וויי איז מיר, וואָס טוט מען?"...

געזען אַז דער מענטש איז אַזוי פאַרצווייפלט האָבן מיר גענומען אים צופירן צום צוג. צום שלימזל האָט דער צוג געדאַרפט אָנקומען ערשט אין דריי פערטל שעה אַרום. פאָסטעל איז אַרומגעלאָפן איבערן פּעראָן ווי אין אַ פאַרמאַכטער שטייג און געשאָלטן די באַן־דירעקציע מיט אירע "פּאָזשאָנדקעס". אהרן האָט געוואָלט אַביסל צעשטרייען און האָט אָנגעהויבן זינגען שמחה פאָסטעלס דעמאָלט פּאָפּולער קופּלעטל, וואָס איז אין יענער צייט אין וואַרשע געוואָרן אַ שלאַגער: "שטעק אַריין, זיי נישט קיין פרייער, / שטעק אַריין, ס'קאָסט דאָך נישט טייער, / אומעטום אויף אַלע וועגן / טראָגט מען דיר די האַנט אַנטקעגן. / שלום עליכם, ברודער, שטעק אַריין".

פאָסטעל, אַ צופרידענער פון זיין חסיד'ס קענטעניש, האָט זיך אַביסל באַרואיקט און געענטפערט אהרן פוקסן מיט אַ קאָנטראַ קופּלעטל: "כ'האָב מיך אַריינ־געדרייט, / ווי דרייט מען זיך אַרויס? / כ'האָב מיך אַריינגעדרייט, / כ'האַלט עס נישט אויס"...

אינמיטן זינגען האָט פאָסטעל דערזען ווי דער צוג קיין וואַרשע דערנענטערט זיך צום פּעראָן, האָט ער גענומען שנעל רעדן. אַזאַ רעדעכץ רופט זיך אויפן טעאַטער־לשון: "אַ בולבע".

"קינדער — האָט ער אויסגערופן — גלייך ווי כ'קום בשלום קיין רעמבערטאָוו... שיק איך אייך גלייך אריין פיר אומזיסטע בילעטן צו פּאָפּולערע פּרייזן"...

אהרן דערהערנדיק אַזאַ "בולבע", האָט אים גיך באַוויזן אַריינצושטופּן נאָך אַ 5־ער זלאָטע.

אין אָנהויב 1939 האָט אהרן חתונה מיט פערל רייזמאַן, אַן ערשטקלאַסיקע ראַליסטין פון דראַמקרייז. אין אָנקטאָבער 1939, שוין אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווערט ביי זיי געבוירן אַ שיין און גראַטן מיידעלע.

29 יאָר איז אהרן אַלט געווען. זיין פרוי פערל 25 יאָר, ווען זיי זענען אין ערב ראש השנה 1942 אַוועקגעפירט געוואָרן מיט זייער דריי יאָריק טעכטערל קיין טרעמבלינקע.

## ר׳ חנינא יעלען

אַ בן־תורה און אָנגעזעענער סוחר האָט ער סיי מיט זיין אויסערלעכן, הדרת־פּנימדיקן אויסזען און סיי מיט זיין האַלטונג און כאַראַקטער אַרויסגערופן צו זיך סימפּאַטיע און דרך־ארץ.

ער האָט געהערט צו די יידן פון וועלכע עס האָט געשטראַלט מיט אמונה און שיינע מידות. ער פלעגט זאָגן, אַז אויב נישט פירן אַ לעבן לויטן יידישן שטייגער, איז נישט כדאי צו לעבן אויף דער וועלט. ער איז געווען נאָענט צו די אגודה־קרייזן און איז נישט געווען אָפּגעפרעמדט פון וועלטלעכע ענינים, איז געווען אַ שטענדיקער לייענער פון אַ וואַרשעווער יידישער טאָג־צייטונג און קוים האָט ער זיך דערוווּסט עפּעס אַ נייעס, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום רעליגיעזן יידנטום, איז ער גלייך אַריינגעגאַנגען צום רב, מיט וועלכן ער האָט געוווינט אין איין הויז און זיך געטיילט מיט דער אינטערעסאַנטער ידיעה.

ר׳ חנינא יעלען איז געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע צדקה־אינסטיטוציעס. באַזונדערס טעטיק איז ער געווען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן רעליגיעזע הצטרכותן, שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע ער האָט געהאַט דעם כוח צו ווירקן אויף די מאָסגעבנדיקע טוער, אַז זיי זאָלן אַקעגנקומען זיינע פאָדערונגען.

זיין מאַטעריעלע לאַגע איז געווען אַ גוטע, געווען אַ שיינער בעל פרנסה. ער האָט זיך שטענדיק מער גערעכנט מיט אינטעליגענץ און חכמה ווי מיט עשירות.

פון אַלע זיינע קינדער האָט זיך געראַטעוועט זיין טאָכטער צפורה, וועלכע געפינט זיך אין ישראל אין אַ קיבוץ צוזאַמען מיט איר גאַנצע משפחה. איינער פון זיינע זין, יחיאל, איז אין יאָר 1940 אַוועק קיין רוסלאַנד און איז פון דאָרט נישט צוריקגעקומען.

ר׳ חנינא און זיין פרוי, זענען אומגעקומען אין ז׳ אלול אין טרעמבלינקע.



# טוביה בימבליך

ר׳ טוביה בימבליך, אַ זינגנדיקער נאָמען, וואָס רופט זיך איבער אין קלאַנג מיט טוביה דער מילכיקער, אָבער אונדזער רעמבערטאָווער ר׳ טוביה איז נישט געווען קיין מילכיקער, נאָר אַ בעקער־מייסטער. און פונקט ווי טוביה דער מילכיקער איז ער געווען אַ מענטש מיט אַ פילבאַרער נשמה, מיט אַ סך בטחון און אמונה. ר׳טוביה בימבליק האָט געהאַט אַ חוש פאַר שיינקייט און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויך אין זיין פראָפעסיאָנעלער אַרבעט, וואָס ער האָט געטון מיט גרויס טאַלאַנט און זיינע געבעקסן זענען טאַקע אַרויסגעקומען אין געטאקטע פאָרמען.

דער חוש פאַר שיינקייט איז אויך געווען אין זיין טאָג־טעגלעכער התנהגות און מען האָט אים געפילט אויך אין זיין היים, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט אַלע יידישע חנען. אַזעלכע זענען געווען זיינע שבתים און יום־טובים. דאָס האָט אים אויך דערפירט צו זיין טיפער פאַרשטענדעניש פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַר יידיש טעאַטער און פאַרשידענע אַנדערע וועלטלעכע ענינים. עס האָט אים געצויגן צו גייסטיקער שיינקייט, וואָס האָט באַרייכערט זיין נשמה לעבן.

אַ באַשיידענער און שטילער איז ער תמיד געווען פריינטלעך און ממש ברודערלעך צוגעלאָזן צו יעדן איינציקן, אָבער ווי אַ פאָלקס־מענטש האָט ער זיך געפילט נעענטער מיט פשוטע מענטשן. מיט פאָטערלעכער צאַרטקייט האָט ער זיך באַצויגן צו זיינע פינף קינדער, געהאָפט צו זען זיי אויסוואַקסן געלערנטע מענטשן. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צו אַלע זיינע חלומות.

פון זיינע פינף קינדער האָבן זיך בלויז צוויי געראַטעוועט. זיין זון אברהם לעבט מיט זיין משפחה אין קאַנאַדע. זיין טאָכטער שיינדל לעבט מיט איר משפחה אין קרית חיים, ביי חיפה.

איינער פון זיינע זין, יאנקל איז געוואָרן אַ הויכער אָפיציר אין דער סאָוועטישער אַרמיי און איז געפאַלן אין דער שלאַכט ביי סטאַלינגראַד.

# ר׳ יאנקל שטיינמאַן

גלייך ווי דער מענטש ווערט געבוירן, זאָגן די חז״ל, ווערט פון הימל באַשטימט מיט וואָס ער זאָל זיך פאַרנעמען — אשר יעשה האדם, וחי בהם. פאַר ר׳ יאַנקל שטיינמאַנען איז באַשטימט געוואָרן אַן אַ שיעור שעפערישקייט און איז טאַקע כל ימיו געווען אַרבעטסזאַם און שעפעריש.

אַ מיטל־וווקסיקער, אַ מאַגערער, אַ קורץ בערדל, מיט גרויע האָר, געדיכט באַוואָקסן און פונקט אַזעלכע געדיכטע ברעמען, וואָס האָבן געוואָרפן אַ שאָטן איבער זיינע מילדע אויגן.

זיין היים און זיין סטאָלערײַ האָבן זיך געפונען אויפן סאַמע סוף פון דער אָרטעלעריסקע גאַס. ער האָט ליב געהאַט זיין סטאָליער־אַרבעט, געהאַט הנאה ווען מענטשן האָבן באַוואונדערט זיין אַרבעט, וועלכע מען האָט געהאַט די זכיה צו זען ערשט ווען זי איז געווען אויסגעפּאַרטיקט. מען האָט געקענט זען אַריינ־פירן אין זיין וואַרשטאַט ברעטער אָדער צוגעשניטן האָלץ און דערנאָך זענען אַרויסגעקומען פּאַרטיקע בעטן, שענק, טישן און אַנדערע מעבל־זאַכן.

ר׳ יאַנקל איז ביי זיין גרויסער פשטות און עניוות געווען געניויגט צו אָפּגעזונדערטקייט, ער האָט אויסגעמיטן סתם שמועסן, וואָס ברענגען נישט קיין שום נוצן. ווען ער האָט געדאַרפט פאָרן קיין וואַרשע, האָט ער אויסגעמיטן די הויפּט־גאַס, נאָר געגאַנגען דורך הינטער־געסלעך, וואָס האָבן געפירט צו דער באַן, כדי נישט צו דאַרפן פאַרהאַלטן זיך און רעדן דברים בטלים.

ערשט ווען עס איז געקומען שבת אָדער יום־טוב האָט ער ליב געהאַט צו זיין צוזאַמען מיט מענטשן. איז געגאַנגען אין בית המדרש אַריין אַן אָנגעטוענער אין דער זיידענער קאַפּאָטע און ברייטן גאַרטל, און געשמועסט מיט די מתפללים וועגן פאַרשידענע ענינים.

זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין שטרענג יידישן גייסט, געלערנט זיי אהבת השם און אהבת הבריות. זיינע טעכטער זענען געווען חנעוודיקע און צניעותדיקע מיידלעך. זיינע זין האָט ער געלערנט צו זיין נהנים מיגיעת כפיים פון מלאכה, אין הסכם מיטן מאמר חז״ל: ״כל מי שאינו מלמד את בנו אומנות כאילו מלמדו ליסטות״ — ווער עס לערנט נישט זיין זון קיין מלאכה, איז ווי ער וואָלט אים געלערנט רויבערײַ.

ר׳ יאַנקלס פרוי שפרה־בינה, אַ צניעותדיקע און גוט־האַרציקע, איז זי תמיד געווען פאַרטאָן אין דער זאָרג פאַר אירע קינדער.

זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון אַלע אַנדערע רעמבערטאָווער יידן. עס זענען געבליבן לעבן זייערע זין העניעך און משה, וועלכע וווינען מיט זייערע משפחות אין חיפה. די אַנדערע זין: שמואל און לעאָן וווינען אין בראַזיל.



# ר׳ שמערל סירעק

ער האָט געהערט צו די חשובי ונכבדי העיר, איז געווען אַ למדן מופלג אין ש״ס און פוסקים און איז געווען פון די ערשטע באַלע־באַטים אין רעמבערטאָוו וואָס האָבן געבויט דאָס בית המדרש, די מקווה און אַנדערע רעליגיעזע אינסטיטוציעס.

ר׳ שמערל סירעק איז געווען אַ שאַרפער פאַריסאָווער חסיד און פון די טיש־זיצערס ביים רבין.

זומער איז זיין פרנסה געווען דער מסחר מיט ביר. ווינטער האָט ער זיך פאַרנומען מיט מלמדות. ר׳ שמערל האָט נישט געלערנט מיט קיין קליינע קינדער, נאָר מיט גמרא־בחורים. ער האָט געהאַט זיין באַזונדערע שיטה אין לערנען, גע־האַלטן, אַז דער צוועק דאַרף זיין אויסצולערנען די תלמידים זעלבשטענדיקייט, זיי זאָלן קענען לערנען אָן מלמדים.

כל ימיו איז ר׳ שמערל סירעק געווען אַריינגעטון אין ענינים פון חסידות אין מצוות און מעשים טובים. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געלאָזט אַריינציען אין קיין קהלישע ענינים, ווייל זיי קענען גורם זיין צו ביטול תורה.

ווייזט אויס, אַז ר׳ שמערלען איז אָבער פאָרט געווען אָנגעצייכנט, אַז ער זאָל כאָטש איין מאָל אין לעבן זיין פאַרמישט אין אַ קהלישן ענין. מיטן דאָזיקן פאַל איז פאַרבונדן אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וועלכע עס איז כדאי איבערצוגעבן באַריכות.

מעשה שהיה כך היה:

צווישן די צוויי לומדים און גדולי התורה, דעם אַלטן רב ר׳ פנחסל בערגהויער און דעם ערשטן שוחט, ר׳ ישראל יצחק ראַפּאַפּאָרט זענען כסדר פאָרגעקומען שאַרפע חילוקי דעות, וואָס זענען דערגאַנגען ביז מחלוקת בנוגע דיני שחיטה און אויך בנוגע אַנדערע ענינים און דאָס האָט דערפירט צו אַ שטענדיקן ברוגז צווישן זיי. דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין רעמבער־טאָוו, צווישן וועלכע עס האָט געהערשט אַ געוויסע פאַרביטערונג.

ר׳ שמערל סירעק האָט אַ סך מאָל געפּרוּווט שלום מאַכן צווישן זיי, אָבער עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.ביידע צדדים זענען געווען שטאַרק איינגעעקשנט און ר׳ שמערל האָט עס שטאַרק וויי געטון.

ר׳ שמערל וועלכער האָט נישט געקענט סובל זיין, אַז אין רעמבערטאָוו זאָלן אַזעלכע יראים ושלמים ווי דער מרא דאתרא און דער שטאָט שוחט פירן צווישן זיך אַ מחלוקת, — האָט זיך געוואָנדן צו זיי על מנת איינצושטעלן שלום בית, מיט דער פראַגע, אויב זיי זענען מסכים אויף אַ דין־תורה צווישן זיך אוי דער פּוסק זאָל זיין נישט קיין אַנדערער ווי דער אָסטראָווצער רבי ר׳ מאיר־יחיאל הלוי זצ״ל.

ביידע צדדים, וועלכע זענען אגב געווען אָסטראָווצער חסידים, האָבן גלייך מסכים געווען, זיי האָבן בלויז אויסגעדריקט זייערע ספיקות, צו דער רבי (וועלכער איז אגב נאָך דעמאָלט געווען בקו הבריאות), וועט זיך מטריח זיין צו קומען נאָך רעמבערטאָוו.

ר׳ שמערל איז אַוועק קיין וואַרשע, ווו דער רבי האָט זיך אויפגעהאַלטן, און דערציילנדיק דעם אָסטראָווצער וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט דער רבי גלייך מסכים געווען צו קומען נאָך רעמבערטאָוו אויסגלייכן די לשם שמים מחלוקת.

אין עטלעכע טעג אַרום איז דער אָסטראָווצער געקומען נאָך רעמבערטאָוו אין הויז פון ר׳ שמערל סירעק און ווי דערשטוינט איז דער רבי געוואָרן דערוויסענדיק זיך פאַרן זעצן זיך צו דער דין־תורה, אַז אין שטעטל איז נישטאָ קיין מקוה, — דער רבי האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין שטול און דערקלערט, אַז אין אַ שטאָט ווו עס איז קיין מקוה נישטאָ, וויל ער זיך אפילו קיין מינוט נישט אויפהאַלטן, און אַזוי רעדנדיק איז ער גרייט געווען צוריקצופאָרן.

דאַן האָט ר׳ שמערל זיך אָנגערופן צום רבין: ״אָסטראָווצער רבי, איך בין אייך מבטיח, אַז באַלד וועט זיין אַ מקוה און און רעדנדיק האָט ער באַפוילן די זין, זיי זאָלן ברענגען לאָפּעטעס און כהרף עין האָבן זיי זיך אַלע אַוועקגעשטעלט גראָבן אַ מקוה־גרוב ביי זיך אויפן הויף, נאָך שעהן אַרבעט מיט דער מיטהילף פון די חסידישע איינוווינער, וועלכע האָבן אָנגעטראָגן און אָנגעגאָסן וואַסער אין דעם געמאַכטן מקוה־גרוב, איז געשאַפן געוואָרן אַ מקוה, וועלכע מען האָט אַרומגעהאָנגען מיט קאָלדרעס און טישטעכער.

רעמבערטאָווער יידן האָבן פון אָסטראָווצערס באַזוך, נהנה געווען פון צוויי זאַכן, ערשטנס האָט דער רבי דורכגעפירט דעם לאַנג געגאַרטן שלום צווישן רב און שוחט, און צווייטנס האָבן רעמבערטאָווער יידן גלייך נאָכן אָפּפאָר פון אָסטראָווצער רבין צוגעטרעטן אויפצובויען אַ מקוה כדת וכדין לויט אַלע דינים און כללים.

ר׳ שמערל סירעק איז נפטר געוואָרן עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. זיין לויה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע פון רעליגיעזן יידנטום.

זיין פרוי חיה איטע איז געשטאָרבן קורץ פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. זיין זון משה און טאָכטער לאה מיט איר מאַן שמואל זאביעלסקי און קינדער, זענען אומגעקומען על קידוש השם אין טרעמבלינקע.

אין ישראל לעבן זיינע צוויי זין שלום און ברוך מיט זייערע פאַמיליעס.



## רבקה טענענבוים

זי איז געווען די טאָכטער פון רעמבער־טאָווער שוחט ר׳ יאנקעלע, תמיד האָט מען זי געזען אַ שפרינגענדיקע און טאַנצנדיקע, גלייך ווי זי וואָלט געגאַנגען אויף ספרענזשינעס, וואָס האָבן זי נישט געלאָזט איינשטיין אויף איין אָרט.

רבקה טענענבוים האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר פריינטלעכקייט און חברישקייט צו יעדן איינעם. אירע חן־גריבעלעך אין די מויל־ווינקלען און שטענדיק לאַכעדיקע אויגן האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן צויבער. אומעטום, ווו רבקה האָט זיך באַוויזן איז גלייך געוואָרן לעבעדיק און לוסטיק. איינס פון די ביידע אָדער אַלע זינגען צוזאַמען אָדער מע טאַנצט אַ הוירא. ביי איר האָט נישט געקענט געמאָלט זיי קיין סתם זיצן.

בלב ובנפש האָט זי זיך אָפּגעגעבן איר אַרבעט אין דער לייטונג פון דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ״ויתקינה־גורדוניה״. אין דער טעטיקייט האָט זי געהאַט די מעגלעכקייט אויסצולאָדן איר אומדערמידלעכע ענערגיע.

איר איז געלונגען אין יאָר 1940 צו אַנטלויפן קיין ראָוונע, ווו עס זענען שוין געווען די סאָוויעטן. אין יאָר 1941, ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און אָקופּירט ראָוונע, איז רבקה טענענבוים דערשאָסן געוואָרן דורך אַ דייטשן אָפיציר ביי דער טיר פון דער הייזקע, ווו זי האָט זיך אויפגעהאַלטן.

אַכצן יאָר איז זי אַלט געווען ווען די מערדערישע נאַציס האָבן פאַרשניטן איר יונג לעבן.



# צאַלקע פרידמאַן

דער הויפּט־שטריך אין זיין כאַראַקטער איז געווען ענווות. ווען מען פרעגט אַ רעמבערטאָווער לאַנדסמאַן, ווער עס איז געווען דער שטילסטער, שווייגנדיקער און בכבודיקער באַלעבאָס אין שטעטל, באַקומט מען גלייך דעם ענטפער. ר׳ צאַלקע פרידמאַן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געשטופּט אויבנאָן, נישט געוואָרפן זיך אין די אויגן, נישט אין בית המדרש און נישט אין גאַס. בעתן דורכגיין די שטעטלשע געסלעך האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט זיך געהיטן נישט באַמערקט צו ווערן פון קיינעם.

די פרנסה האָט ער געצויגן פון שניידעריי, געווען אַ גוטער פאַכמאַן, אָבער אויך אין דער אַרבעט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פּשטות און שטענדיק האָט מען געהאַט דאָס געפיל, אַז עס גייט אים ווייניק אָן די אַרבעט, ווי בכלל דאָס גשמיותדיקע און ער וואָלט זיך געוועלט פאַרנומען מיט לערנען און עבודת הבורא, מיט תפילה און תהילים־זאָגן.

שטיל און באַשיידן אין זיין התנהגות, אין זיין רעדן מיט מענטשן. ווי אַ יודע ספר און גלייכצייטיק ליבהאָבער פון יידישן וואָרט איז געווען אינטערעסאַנט צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס, אָבער ווי אויף להכעיס זענען זיינע מאַטעריעלע באַדינגונגען געווען אַזעלכע, אַז ער האָט תמיד געמוזט זיין פאַרנומען מיט דאגות פרנסה. דערצו איז ער געווען אַ קראַנקער און נישט געהאַט די מיטלען צו היילן זיך. אויף זיין פּנים, אויסגעצערט און אומעטיק, האָט זיך זעלטן באַוויזן אַ שמייכל. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געפילט, אַז די יאָרן אין זיין לעבן אויף דער ערד זענען געציילטע.

עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געשטאָרבן. זיין פרוי שרה־יענטע און זיין 17־יאָריקע טאָכטער פייגע האָבן נישט זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער רעמבערטאָווער עדה.

געראַטעוועט זיך האָט בלויז זיין זון יאָסל פרידמאַן, וועלכער לעבט מיט זיין משפּחה אין חיפה.



# ישעיה מײנעמער

זײַן ליבע צום שטעטל איז געקומען צום אויסדרוק אין אַלע זײַנע האַנדלונגען
ער איז שטענדיק גרײט געווען אַוועקצוגעבן זײַן מי און אַרבעט פֿאַר יעדער כלל־
אונטערנעמונג. אַ שטיק קוועקזילבער, אַ גליענדיק פֿײַער, פֿול מיט טעמפּעראַמענט,
נישט געקענט אײַנשטיין אויף אַן אָרט, שטענדיק גרײט צו לויפֿן טון אַ טובה. עס
איז גענוג געווען, אַז מען זאָל אים זאָגן, אַז ערגעץ דראָט אַ געפֿאַר פֿאַר אַ ייִד,
איז ער שוין גרײט געווען צו לויפֿן מוסר נפֿש זײַן זיך פֿאַר יענעם ייִד. די מסירות
נפֿש האָט אין אים געברויזט ווי אַ סטיכיע, וואָס שטעלט זיך נישט אָפּ פֿאַר קיין
שום שטרויכלונגען.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געהערט צום קרײַז פֿון וועלטלעכע
ייִדן, האָט ער שטאַרק מכבד געווען יעדן רעליגיעזן ייִד, אַרויסגעוויזן אים דרך־ארץ.

פֿאַר אים איז רעמבערטאָוו געווען דאָס שענסטע און בעסטע שטעטל אויף
דער וועלט. אין זײַן ליבע איז געווען עפּעס פּאָטערלעכס. ער האָט דערמאָנט אײנעם
מעשהלע וועגן דער ייִדענע וועלכע איז צוגעקומען צו אַ חדר, ווו עס האָבן
געלערנט קינדער און געבעטן אַ דורכגײענדיקן ייִד, ער זאָל אַרויסרופֿן איר זון.
„ווער איז אײַער זון?" — האָט דער ייִד געפֿרעגט. „איר וועט זען דאָס שענסטע
קינד אין חדר. דאָס איז מײַן זון" — איז געווען דער ענטפֿער. ער איז אויך געווען
אַ גרויסער אָנהענגער פֿון נגינה, און פֿלעגט יעדעס יאָר אויף די ימים נוראים
פֿאָרן נאָך אָטוואָצק צום מאָדזשיצער רבין, קוויקענדיק זיך מיט די האַרציקע
ניגונים און חסידישע מאַרשן.

ישעיה מײַנעמער איז צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי, אַ טאָכטער פֿאַלאַ און צוויי זין
אַרויסגעפֿירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. אָפּגעראַטעוועט האָט זיך בלויז זײַן
טאָכטער בלומקע, וועלכע וווינט מיט איר משפּחה אין חיפֿה.

# ר׳ אייזיק פשעננע

ר׳ אייזיק פשעננע איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ קאָלאָניאַל געוועלב, וואָס האָט זיך געפונען אויף פּילסודסקי־גאַס אין שכנות מיטן הויז פון רעמבערטאָווער ראש הקהל, ר׳ מענדל קלוגמאַן. ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד און צוזאַמען מיט זיין גוטהאַרציקער און פריינטלעכער באַציאונג צו מענטשן, האָט ער זיך אויסגעטיילט אויך מיט זיין דינאַמישקייט, איז געווען פלינק ביים באַדינען די קונים און אפילו ווען אין זיין געוועלב איז אַריינגעקומען אַ קינד, ווען די מאַמע האָט אים געשיקט קויפן אַ פערטל קילאָ ״מאנטשקע״ (צוקער), האָט ער אים באַדינט מיט דער גאַנצער איידלקייט, פונקט ווי ער וואָלט זיך באַצויגן צו דער־וואַקסענע. די קינדער זענען גערן געגאַנגען צו אים קויפן, ווייל ער האָט פאַר־מאָגט די פעאיקייט צו פאַרשטיין די וועלט פון קינד און אַריינצודרינגען אין זיין קינדעריש׳ער פסיכיק.

גרויס חשיבות האָט אים צוגעגעבן זיין מסירות נפש פאַר יידישקייט. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די רעליגיעזע אנשטאַלטן אין שטעטל, די ציוניסטישע קרנות און די צדקה־מוסדות. די יידן, וועלכע זענען אַרומגעגאַנגען זאַמלען נדבות לטובת אַ בכבודיקן נצרך, האָבן שוין געוווּסט, אַז פון ר׳ אייזיקן גייט מען אַרויס מיט אַ בכבודיקער נדבה תמיד ווען עס האַנדלט זיך וועגן מתן בסתר.

ר׳ אייזיק האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פאַרשטענדעניש פאַר וועלטלעכע ענינים, פאַר וועלטלעכער קולטור. זיין שטרעבונג איז געווען, אַז די יידן אין רעמבערטאָוו זאָלן אַרויסווייזן מער פאַרשטענדעניש פאַר תורה וגדולה במקום אחד. ער איז געווען אַ מענטש פון שטימונגען און זיך געלאָזט מיטרייסן פון עמאָציעס, וועלכע זענען אַרויסגעקומען ביי אים געלייטערט דורך יראת שמים.

פון זיין גאַנצער משפחה האָבן זיך געראַטעוועט: זיין זון שמאי, וועלכער לעבט ביזן היינטיקן טאָג אין פוילן און זיין ברודער ישראל, וועלכער לעבט מיט זיין משפחה אין מעקסיקע.

ר׳ אייזיק פשעננע און זיין פרוי מיט זייערע פיר קינדער זענען אומגעקומען אין טרעבלינקע.



# יודל רובין

יודל רובין האָט פאַרמאָגט אין זיך די מידות טובות, וואָס ער האָט געירשנט ביי זיין טאַטן ר׳ שמואל, אַ ירושה פון אַ סך נשמה־צאַרטקייט און שיינקייט, פון עקסטאַז און דביקות, אָפּגעהיטנקייט אין אַלע רעליגיעזע ענינים, דינים און מנהגים און ביי זיין גאַנצער נגידישער האַלטונג איז תמיד געקומען צום אויסדרוק זיין איידל געפיל פון רחמנות און האַרציקע באַציאונג צו נויטבאַדערפטיקע.

זיין גייסטיקע ירושה איז געווען אַ רייכע און איז דערפאַר דערגאַנגען צו דער מדרגה פון אמתער אהבת הבריות. מיט אַלע זיינע חושים האָט ער באַנומען די שיינקייט פון יעדן מענטש און געהאַט אַ געוואַלדיקע פאַרשטענדעניש פאַר שוואַכקייטן, פאַר ירידות און געפרייט זיך מיט די עליות, מיט יענעמס אויפשטייגן. די אַלע מידות זענען געקומען צום אויסדרוק אין זיינע טאָג־טעגלעכע באַציאונגען מיט מענטשן, אין בית המדרש, אין דער מזרחי־פאַרטיי, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד; אין זיין פירן דעם ברעטער־סקלאַד, וואָס ער האָט געעפנט נאָך דער חתונה.

דער ברעטער־סקלאַד איז געווען אַ גוטע פרנסה און יודל רובין האָט זיך געקענט דערלויבן צו שטיצן מיט אַ ברייטער האַנט אַלע רעמבערטאָווער הילפס־ און צדקה־אינסטיטוציעס. זיין שטוב איז געווען אַ היים פאַר נויטבאַדערפטיקע און האָט זיך ווירקלעך פאַרדינט דעם נאָמען פון אַ מקום פאַר ״כל דכפין״.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז תמיד געווען פאַרנומען מיט זיינע געשעפטן און פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, האָט ער אויך געפונען צייט פאַר גייסטיקע זוכענישן. תמיד האָט ער געזוכט צו פאַרשענערן דאָס לעבן, זיינס און פון די אַנדערע יידן אין רעמבערטאָוו.

עס איז געווען רירנדיק זיין שפּיגלען זיך אין דער שיינקייט פון יידישן לעבנשטייגער, זיין איבערנעמען זיך מיט יידישן חן, ווו און ווען ער איז געקומען

צום אויסדרוק. אַזוי האָט ער אויך ליב געהאַט דאָס יידישע לשון און די יידישע ליטעראַטור.

ליידער האָט ער נישט דערלעבט צו זען רעאַליזירט זיינע פּלענער. אים איז אויסגעקומען דורכצומאַכן די גאַנצע פּינצטערניש פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און אומגעקומען על קידוש השם מיט זיין פרוי אין טרעמבלינקע.

## ישראלקע װענדריגער

ישראלקע װענדריגער, האָט זיך גערעכנט פאַר דעם נישט געקרוינטן מנהיג פון דער אױפגעקלערטער יידישער יוגנט אין רעמבערטאָװ.

זיין געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט הויבט זיך אָן אַלס פאָרזיצער פון דער אומפּאַרטייאישער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק. זיינע פריערדיקע פאָרזיצערס זענען געװען: ד״ר סעגאַל (געקומען פון בריסק), יצחק שאַפּשיק (אויסגעװאַנ־דערט נאָך מעקסיקאָ) און דער פאַבריקאַנט בראַנדעס.

ישראלקע איז געװען אַ גוטער אָראַטאָר. פון זיין שטים, פון דער אינטאָנאַציע און פון די װערטער איז געגאַנגען אַ װאַרעמקייט, װאָס האָט געװירקט אויף די צוהערער. דערצו האָט ער פאַרמאָגט די פעאיקייט דורכצופירן אַ לאָגישן אַנאַליז איבער יעדן פּראָבלעם, װאָס איז אים אויסגעקומען צו באַהאַנדלען. נישט געקוקט דערויף, װאָס ער אַליין איז געװען אַ פּאַרטיי־מיטגליד, געהערט צו דער לינקער פּועלי־ציון אין װאַרשע (אין רעמבערטאָװ איז נישט געװען קיין אָרגאַני־זאַציע פון דער לינקער פּועלי־ציון), האָט ער אָבער קיינמאָל נישט אויסגענוצט זיין אַמט פאַר פּראָפּאַגירן די אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע צילן פון זיין פּאַרטיי און נישט פאַר קיין שום פּאַרטייאישע צוועקן. אפילו דער איינציקער פאַל, װען ער האָט רעקאָמענדירט זיין פּאַרטיי־חבר, משה װיידע פון װאַרשע אַלס רעזשיסער פונעם דראַמקרייז ״בליאונג״, איז דורך אַלע אויפגענומען געװאָרן װי אַן אויס־דרוק פון געטרייקייט צום קרייז און פון זיין שטרעבן צו פאַרזיכערן דעם דער־פאָלג פון זיינע אויפטריטן. משה װיידע איז געװען אַ באַקאַנטער און גוטער רעזשיסער און איז פאַרבליבן אַלס רעזשיסער פונעם רעמבערטאָװער דראַמקרייז ביזן אויסברוך פון דער צװייטער װעלט־מלחמה.

ישראלקע װענדריגער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן כח השפעה, װאָס ער האָט אויסגענוצט אויפן געביט פון דער קולטור־טעטיקייט און זאָרג פאַר די אָרטיקע קולטורעלע הצטרכותן. האָט ער געװאָלט עפּעס דורכפירן אויף אַ זיצונג פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק אין אַזעלכע פראַגן װי, ביכער־איינקויף, טעאַטער־רעפּער־

טואַר אָדער פאַרלעזונגען, ווי, למשל, וועלכן רעפּערענט איינצולאַדן פון וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, האָט ער דאָס פאַרגעשלאָגן מיט אַזאַ התלהבות און פּאַטאָס, אַז עס האָט אָנגעשטעקט אַלע אַרום. נישט איינמאָל האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק, אַז ווען דער מענטש פאַרמאָגט פליגל וואָלט ער פון אומעטום צונויפ־גענומען די גרעסטע פּערזענלעכקייטן און זיי געבראַכט קיין רעמבערטאָוו...

אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר און איז געווען באַשאנקען מיט טאַלאַנט, האָט געקענט שיין רעציטירן, אנגענעם און געשמאַק דערלאַנגען אַ לידל רעפערירן אויף טעמעס פון ליטעראַטור און טעאַטער. ער האָט אין דער ביבליאָטעק אָרגאַניזירט קאָנצערטן ווי אויך די ליטעראַרישע פּרייטיק צונאַכטסן מיט אייגענע כוחות, געפירט קעסטל־אָוונטן, זיך באַטייליקט אין דראַמקרייז און אויפגעטרעטן אין כאַראַקטער ראָלן.

ווען עס איז געקומען צו וואַלן, צום סיים, צו דער קהילה, איז ער אויפ־געטרעטן מיט רעדעס פאַר אַ גרויסן עולם, אין זאַלן, אין בית־המדרש. די צוהערער האָבן באַוווּנדערט זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט.

פאַר דער מלחמה האָט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער בערל געעפנט אַ געשעפט פון גאַרדינען אין וואַרשע, אויף נאַלעווקי 9, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו פירן ווייטער זיין קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. יעדן אָוונט, נאָכן שליסן דאָס געשעפט, איז ער געקומען צוריק קיין רעמבערטאָוו און ווייטער ממשיך־געווען זיין טעטיקייט אויפן קולטור־געביט מיט דער זעלבער התלהבות.

אין אָקטאָבער 1939 איז ער אַנטלאָפן פון אָקופּירטן רעמבערטאָוו און איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז געווען פאַרנומען פון די סאָוויעטן. ער איז געקומען מיטן צוועק אַרומצוקוקן זיך, צי ער קען אַהינברענגען זיין כלה, העלאַ סטאַלאָוויטש און דאָרט פאַרבלייבן. די שווערע באַדינגונגען האָבן אים אָפּגעשראָקן און ער האָט באַשלאָסן אומצוקערן זיך צוריק קיין רעמבערטאָוו. ווידער האָט ער געשמוגלט די גרענעץ אויף צוריק און אין דעצעמבער 1939 איז ער שוין געווען צוריק אין רעמבערטאָוו.

אין אויגוסט 1942 ווערט ער אָפּגעפירט צוזאַמען מיט זיין פרוי, פון וואַרשעווער געטאָ קיין טרעמבלינקע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 32 יאָר.

# יאַנקל אייזנשטאַרק

ער איז געווען דער אייגנטימער פון ערשטן און איינציקן יידישן פריזיער־אַנשטאַלט אין רעמבערטאָוו. יאַנקל אייזנשטאַרק איז נישט בלויז געווען אַ פריזיער־מייסטער, ער איז אויך געווען דער איינציקער יידישער פעלדשער אין שטעטל, די מעשענע טאַצן וועלכע זענען געהאָנגען איבער דער הילצערנער ווערענדע, דורך וועלכע מען איז אַריינגעקומען אין דער פריזעריי האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם.

יאַנקל אייזנשטאַרק איז געווען אַ גוטמוטיקער, געדולדיקער און טאָלעראַנטער ייד, מיט אַ חוש פאַר פּאָליטישע און וועלטלעכע ענינים. זיין גאַנץ וועזן האָט אַקצענטירט זיין וועלטלעכקייט.

אין די ערשטע צייטן, ווען דאָס יידישע קולטורעלע לעבן, איז נאָך נישט געווען גענעריק אָרגאַניזירט, איז אייזנשטאַרקס פריזיער־אַנשטאַלט פאַרוואַנדלט געוואָרן פון די שטעטלשע קונדן אין אַ קלוב, פון וועלכן יאַנקל אייזנשטאַרק איז געווען דער נישט געקליבענער פּרעזעס.

מיט דער גאַנצער ראָמאַנטישקייט פון דער סביבה אין יענער צייט, פלעגט אַ ן דער פריזעריי צווישן איין באָרד ראַזירן און די צווייטע, פאָרקומען פלאָמענדע וויכוחים און דיסקוסיעס, צווישן דעם זיצנדן בעתן ראַזירן אין פאָטעל, און צווישן די זיצנדע, וועלכע זענען געווען אויסגעזעצט אַרום די ווענט, וואַרטנדיק אויף זייער ריי... יעדע ווײַלע האָט יאַנקל אייזנשטאַרק מיט פלינקייט געמוזט אָנוועק־כאַפּן ס׳מעסער פון ראַזירטן דיסקוטאַנטס פּנים און אים לאָזן אַרויסזאָגן אַ געדאַנק... און נישט איינמאָל פלעגט אַזאַ איינער מיט אַ פול פּנים אָנגעשמירטע זייף־מילינעס אויפשפּרינגען פון פאָטעל און צולויפן צו די זיצנדע, און זיי אויפ־ווייזן אַז זייער מיינונג איז אַ פאַלשע... בפירוש אַ פאַלשע, און נישט קיין אויס־געהאַלטענע... שוין אָפּגערעדט פון אַ קאָנסעקווענטע, און טאָמער ווילן זיי זיך איבערצייגן אין דער ריכטיקייט פון זיינע רייד, — איז ביטע זייער, קענען זיי זיך פרעגן יאַנקל אייזנשטאַרקן, צי ער איז נישט גערעכט...

יאַנקל אייזנשטאַרק איז אָבער געווען אַ קלוגער ייד, וויסענדיק אַז דאָס פאַך פאָדערט נישט צו זיין אויף קיינעמס צד, און גלייכצייטיק זיין אויף יעדענס צד, פלעגט ער בעת אַזאַ סיטואַציע שטענדיק געפונען אַ דיפּלאָמאַטישן תרוץ, און דערקלערן פייערליך ״אַז דער דאָזיקער ענין איז נישט אַזוי איינפאַך ווי מען שטעלט זיך פאָר... און אַזאַ פּראָבלעם פאָדערט זיך מען זאָל אים גוט־גוט באַ־טראַכטן, מען זאָל קענען קומען און אַרויסזאָגן די געהעריקע מיינונג... בכדי צו קענען קומען, אַזוי צו זאָגן, צום ריכטיקן אויספיר...״

פאַרשטייט זיך אַז צו דער געהעריקער מיינונג, און צום ריכטיקן אויספיר, איז מען קיינמאָל נישט געקומען, ווייל יעדעס מאָל זענען אויפגעשווומען פרישע פּראָבלעמען, און אייזנשטאַרק האָט ווייטער געענטפערט די דיסקוטאַנטן ווען זיי האָבן זיך צו אים געווענדעט אַז ״דער ענין א־ז נישט אַזוי איינפאַך״ א.א.וו...

יאַנקל אייזנשטאַרק שטאַרבט נאָך אַ קורצער קראַנקהייט, און די אלמנה גיט איבער די פירונג פון דער פריזעריי איר זון אהרן (וועלכער לעבט מיט זיין פאַמיליע אין ישראל) און דעם איידעם מאָטוש גראַכאָווסקי.

ווען די מלחמה ברעכט אויס געפינען זיך אין רעמבערטאָוו, פרוי אייזנשטאַרק מיט אירע טעכטער.

דער זון אהרן ווערט שפּעטער מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי, דער איידעם מאָטוש גראַכאָווסקי פאָרט פריער נאָך אַוועק איינער אַליין נאָך ארץ־ישראל האָפנדיק אַריבערצוברענגען דאָ זיין פרוי מיטן קינד. די מלחמה ברעכט אויס און זיי בלייבן שטעקן אין רעמבערטאָוו.

ז׳ אלול פון יאָר 1942, בעת דער ליקווידאַציע פון רעמבערטאָווער יידנטום, ווערן דורך די מערדערישע נאַצישע סאָלדאַטן אַרויסגעפירט נאָך טרעמבלינקע די פרוי אייזנשטאַרק מיט דער גאַנצער משפחה.

## שמשון ראַכמאַן

שמשון ראַכמאַן, האָט געהערט צו דער קאַטעגאָריע פאָלקס־מענטשן, וואָס אָן זייערע איינגעשלאָגענע וואָרצלען אין טאָג טעגלעכן לעבן פון שטעטל, פון יעדן שטעטל, וואָלט די יידישע פּאַנאָראַמע אין די שטעטלעך, נישט געקומען צום פולן אויסדרוק. זיי, די געזונטע יידישע פאָלקס מענטשן מיט די שטאַרקע גופים, האָבן אין זייער טעגלעכער גשמיות, געלעכצט און געבענקט נאָך רוחניות. זיי האָבן ביי יעדער געלעגנהייט געזוכט וועגן פון פאַרגייסטיקן זייערע רמ״ח איברים.

שמשון ראַכמאַנס פרנסה איז באַשטאַנען פון צושטעלן די סוחרים און קרעמער, די סחורות וועלכע זיי האָבן איינגעקויפט אין דער גרויסער שטאָט פאַר זייערע געוועלבער.

מיט זיין פערד און וואָגן האָט ער געברענגט די פעסער הערינג, די זעק צוקער און מעל, די פעק לעדער, סחורות, מעבל און אַלע אַנדערע סחורות, וואָס די סוחרים און קרעמער האָבן נישט געקענט פאַרנעמען מיט זיך אַלס האַנט־באַגאַזש.

פאַרטאָג אין ברענענדיקן פראָסט, אָדער אין דער גרעסטער זאַווערוכע,

פלעגט ער זיך איינפעלצן אין זיין שאָפענעם פעלצל, אָנטאָן אויפן פעלצל אַ פלאַשטש מיט אַ באַשליק און זיך אָװעקלאָזן אין װעג, צוריקקומענדיק װען עס איז שוין געװען שטאָק פינסטער. זומער צייט, װען די פויגל האָבן נאָך נישט פאַרלאָזט זייערע נעסטן איז שוין שמשון געװען העט העט אונטערװעגנס, זיצענדיק אויף דער קעלניע האָט ער זיך מן־הסתם עפּעס צוגעטראַכט, װאָס איז ענלעך געװען צו זישע לאַנדעס ליד:

פאַר קעלטן און היצן,

פאַר טאָג און נאַכט דיר אַ לויב.

פאַר אַלץ װאָס דו שיקסט דעם מענטשן אַנטקעגן,

אַ לויב דיר, אַ לויב דיר, אַ לויב...

שמשון איז געװען אַ בעל אמונה און בעל בטחון, ער האָט אַ לעבן לאַנג געהאָפט, אַז אָט אָט דערנענטערט זיך דער טאָג װוּ ער װעט געהאָלפן װערן און קענען, װי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אָװעקװאַרפן די "זינדיקע פרנסה".

ער האָט ליב געהאַט יידישקייט, אַ גאַנצע װאָך איז אים נישט געגעבן געװאָרן די מעגלעכקייט פון קענען אַביסעלע הנאה האָבן פון עבודת־הבורא, דערפאַר אָבער אַז עס פלעגט קומען אַ שבת, איז עס ניט געװען דער זעלבער שמשון. אַ מנוחהדיקע שבתדיקע שלווה האָט ער אויף זיך אַרויפגעצויגן, אפילו דאָס גיין אין בית המדרש אַריין צום דאַװנען, האָט ער אויך פאַררעכנט צו עבודת הבורא, ער פלעגט גיין בנעימות און מיט פאַמעלעכע טריט, ער װאָלט געװאָלט אַז דער בית המדרש זאָל זיין אַ סך װייטער אָפּגערוקט פון זיין היים און ער זאָל אַזוי דאַרפן גיין און גיין, און מיט יעדן שפּאַן איינאָטעמען אין זיך װאָס מער שבתדיקייט.

שמשונען איז באַשערט געװען אויסצומיידן דעם טרעמבלינקע גיהנום און שטאַרבט נאָך אַ קורצער קראַנקהייט. זיינע זין נעמען איבער בירושה די פרנסה, נעמענדיק אויף זיך מפרנס צו זיין זייער מוטער מיט די שװעסטערן.

פון דער גאַנצער משפחה האָט זיך בלויז געראַטעװעט איין טאָכטער, כאַנטשע, װעלכע לעבט מיט איר מאַן, משה שטיינמאַן און קינדער, אין חיפה.

ז' אלול פון יאָר 1942 װערט שרה ראָכמאַן, אירע זין, אהרן און יצחק, און די טעכטער בתיה, רחל און גיטל, אַרויסגעפירט נאָך טרעמבלינקע װוּ זיי קומען אום מיט אַלע רעמבערטאָװער יידן על קידוש השם.

# אברהם בלאוואטניק

זיין שטילע רואיקע נאַטור איז געווען אין פולער האַרמאָניע מיטן שטילן לעבן אין שטעטל. ער איז געווען אַ מענטש, וואָס איז זיך שטענדיק געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, נישט געמישט זיך אין יענעמס געשעפטן, קיינעם נישט געזאָגט קיין מוסר, נישט געהאַט קיין טענות און זיין גאַנצע ענערגיע האָט ער אויסגעלעבט אין דער אַרבעט, אריף מפרנס צו זיין דאָס הויזגעזינט און אויף געבן זיינע קינדער אַ גוטע יידישע דערציאונג.

אברהם בלאוואטניק איז געווען דער הויפט־אָנפירער פון דער אַרבעט אין רעמבערטאָווער שעכטהויז און מיט זיין ערלעכקייט און איידעלע באַציאונג צו מענטשן זיך געמאַכט באַליבט סיי ביי די שוחטים און קצבים און סיי ביי די אַנדערע, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אינעם שעכטהויז.

צו איין זאַך איז אברהם בלאוואטניק נישט געווען גלייכגילטיק און דאָס האָט אים אַרויסגעבראַכט פון זיין רואיקייט, ממש אויפגעקאָכט, דערפירט צו כעס אויף דער וועלט. דאָס איז געווען זיין צאַרן אויף דער וועלט פאַרן שטיין מיט פאַרלייגטע הענט און נישט רעאַגירן אויף די עוולות, וואָס די אַנטיסעמיטן טוען אָפּ די יידן אין פוילן. ער פלעגט טענהן, אַז ער זעט באַשיימפערלעך ווי דאָס פוילישע יידנטום איז אַרומגערינגלט מיט שנאה און מיט אומגערעכטיקייט מצד דער פוילישער רעגירונג און מצד דער גאַנצער קריסטלעכער באַפעלקערונג

דער שטילער אברהם בלאוואטניק האָט זיך דאָס אַלץ שטאַרק גענומען צום האַרצן און פשוט נישט געקענט איבערטראָגן די עוולות, וואָס זענען אָפּגעטון געוואָרן די יידן אין פוילן. אַ צעבראָכענער ביז אין די טיפענישן פון זיין נשמה איז ער שוין קראַנק געוואָרן און פאַרלאָזט די מיאוסע וועלט.

זיין איידעלע פרוי אסתר האָט איבערגענומען די פירונג פון הויז. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס לעבן גייט ווייטער און די היים מוז ווייטער עקזיסטירן, ווי שווער עס זאָל נישט זיין. זי האָט זיך אינגאַנצן געווידמעט אירע קינדער, דעם אייניקל פון איר עלטערער טאָכטער שרה, האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף איר יינגסטער טאָכטער לאה, אַ שיינהייט, אַ גראַטענע און קלוגע.

היטלערס מאָרד־מאַשין האָט צעשטערט אויך איר לעצטע טרייסט. ז׳ אלול 1942 איז אסתר בלאוואטניק אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע צוזאַמען מיט אירע טעכטער, שרה מיט איר מאַן און קינד; די שיינע און געראָטענע לאה, אויף וועלכער זי האָט געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפענונגען. פון אַלע אירע קינדער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז איין זון שמואל, וועלכער לעבט אין ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי.



# שלמה הובערמאַן

ער איז שטענדיק געווען פריילעך און אַרויסגערופן סימפּאַטיע מיט זיין פּשטות. פּרנסה האָט ער געצויגן פון זיין שלאָסער־וואַרשטאַט. אין דער יוגנט האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה, אָבער איז באַצייטנס אַוועק לערנען זיך שלאָסער־פאַך. דערמיט איז ער אָבער נישט אַוועק פון יידישקייט, האָט געפירט אַ פרומע יידישע שטוב, געפילט זיך פאַרבונדן מיט אַלע רעליגיעזע יידן אין שטעטל. גלייכצייטיק האָט ער געהאַט אַ שטאַרקן אינטערעס צו יידישער קולטור, איז געווען אַ טרייער באַזוכער פון יידישע טעאַטער־פאַרשטעלונגען. צו די אויפטריטן פון רעמבערטאָווער דראַמקרייז און אַלערליי קולטור־אימפּרעזעס.

שלמה הובערמאַן האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט פאַרשידענע צדקה־אינסטיטוציעס און קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שפּענדונגען פאַר יידישע קולטור־צוועקן.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען אַ גוטער בעל־מלאכה, האָט ער אין רעמבערטאָוו געליטן פון אַנטיסעמיטישן באָיקאָט. דערצו איז צוגעקומען די זאָרג פאַר דער צוקונפט פון זיין משפחה, דאָס האָט אים נישט געלאָזט רוען און ער האָט גערופן די יידן עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

ער האָט ליב געהאַט דאָס שטעטל, די יידישע איינוווינער, די אַרומיקע געגנט, אָבער איבער אַלעם איז געווען זיין ליבשאַפט צו ארץ־ישראל.

זיין פרוי חיה, וועלכע מען קען באַצייכענען אַלס אַריסטאָקראַטישע פרוי, איז געווען זייער אַן איידעלע און גוטמוטיקע, מיט אַ סך הומאָר. אויך זי האָט זיך געפילט צוגעבונדן צום שטעטל און עס איז איר נישט גרינג אָנגעקומען צו באַשליסן אַוועקצופאָרן ביז זי האָט זיך לסוף דעצידירט. פאַר די אויגן איז איר געשטאַנען די צוקונפט פון אירע קינדער און דאָס האָט דעצידירט זיי זאָלן עולה זיין קיין ארץ־ישראל נאָך פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. זיי

האָבן זיך באַזעצט אין חיפה און מיט אַ צייט צוריק זענען זיי, שלמה און זיין פרוי חיה הובערמאַן, אָפּגערוקט אויף אַ קורצן דיסטאַנץ, געשטאָרבן.

הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו.

## ראובן דיסטעלמאַן

זיין חיונה האָט ער געצויגן פון שוסטעריי און געהאַט זיין וואַרשטאַט אין הויז פון גאָרדאָנס ווילע. ער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייד, געפירט אַ שיינע יידישע שטוב און געהערט צו די בכבודיקע באַלעבאַטים אין רעמבערטאָוו. ער האָט געהאַט אַ רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען, אַ שיין קמץ־בערדל, אַ קיילעכיק פּנים און האָט מיט זיין האַלטונג געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ גרויסשטאָטישן סוחר.

ווען עס איז געקומען ערב שבת, האָט ער דעם וואַרשטאַט איבערגעדעקט מיט אַ טישטוך, וואָס האָט געבלענדט פון ווייסקייט. דערמיט האָט ער פאַרדעקט אַלדאָס וואָכעדיקע, די דראַטווע און פּאָדעשוועס, זוילן און לאַטעס און אַלץ, וואָס האָט דערמאָנט אין וואָכעדיקער אַרבעט און האָט געקענט זיין אַ פּגם אין דער קדושה פון שבת.

ר׳ ראובן דיסטעלמאַן איז ביי זיין גאַנצער פרומקייט געווען אַ מעורב בין הבריות, האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר וועלטלעכע ענינים, איז געקומען אויף רעפעראַטן, באַזוכט טעאַטער פאָרשטעלונגען, די אויפפירונג פונעם דראַמ־קרייז, אָבער מיט מער אינטערעס און מיט מער התלהבות איז ער געגאַנגען הערן אַ מגיד, וואָס איז געקומען צו פאָרן אין שטעטל אָדער די דרשה פון רב אין די באַזונדערע שבתים.

אין די וואָכעדיקע טעג האָט ער אָפּגעהיטן דאָס דאַווענען בציבור שחרית, מנחה־מעריב, געדאַנקט דעם רבונו של עולם פאַר געבן אים אַ נשמה, פאַר באַשאַפן די זון מיט די שטערן און געבעטן אויף געזונט און פּרנסה. דערביי איז ער גרייט געווען אַ שטיק האַרץ אַוועקצוגעבן די יינגעלייט, וואָס ווילן אויפריכטן דאָס הייליקע לאַנד ארץ־ישראל.

די גאַנצע משפחה דיסטעלמאַן: זיין צווייטע פרוי, זיין אויסגעגעבענע טאָכטער מיטן איידעם און זיין יונגסטער 12־יאָריקער זון, זענען צוזאַמען מיט אים אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. געראַטעוועט זיך האָט בלויז זיין זון משה, וועלכער האָט דורכגעמאַכט שווערע איבערלעבענישן אין דער מלחמה־צייט און לעבט איצט אין ישראל.



# שמשון עקשטיין

אַ פשוטער ייד, אַ פאַלקס־מענטש, האָט ער זיין פּרנסה געצויגן פון שוסטעריי איז געווען איינער פון די יידישע צען שוסטערס, וואָס האָבן געלעבט אין רעמבערטאָוו. אויף 500 יידישע משפחות איז אַזאַ צאָל שוסטערס געווען אַביסל צו גרויס. רעמבערטאָווער יידן זענען נישט געשטאַנען אין דער ריי, אַז מען זאָל זיי יעדע פּאָר חדשים אויפניען אַ פּאָר נייע שיך אָדער נייע שטיוול. דערפאַר האָבן די יידישע שוסטערס אין רעמבערטאָוו געלעבט אין גרויס אביוניסקייט און געדאַרפט זיך מפרנס זיין פונעם פאַריכטן דאָס ביסל אַלטוואַרג, וואָס מען האָט זיי געברענגט. אַזאַ שטייגער שוסטער, אַ מטופל מיט עטלעכע קינדער פלעגט מאַכן דעם חשבון: וויפל קען מ׳ר שוין בלייבן, ווען אויף מיין חלק פאַלט אויס אַן ערך פופציק משפחות אין שטעטל?

פאַרשטייט זיך, אַז שמשון עקשטיין האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז ער געהערט צו דער פּראָבלעמאַטיק פון די פוילישע יידן. ביי דער גאַנצער בויט און אומבאַהאָלפנקייט, איז ער קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין עצבות. זיצנדיק ביים שוסטער־וואַרשטאַט און קלאַפּנדיק די שטיפטן אין די זוילן האָט ער זיך געטרייסט, אַז עס וועלן קומען בעסערע צייטן. ער האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס פאַרלירן קיינמאָל נישט זייער האָפענונג, גלויבן באמונה שלימה, אַז דער יושר מוז זיגן.

שמעון און זיין ווייב חנה האָבן געהאַט פיר ווּיִלע קינדערלעך, וואָס האָבן זיך נישט געהאָדעוועט אין קיין ווילטאָג, אָבער דערפאַר געגאָסן פון דער וואַרעמ־קייט, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זיי געגעבן. עס פלעגט טרעפן, אַז אַ קינד איז אַוועק פון שטוב אויף עטלעכע שעה. ווען עס איז צוריקגעקומען, איז עס צוגעפאַלן צום טאַטן און זיך געטוליעט צו אים מיט גרויס בענקשאַפט. די מענטשן, וואָס

זענען געשטאַנען דערביי, זענען געוואָרן גערירט ביז טרערן. אָבער שמשון אַליין האָט מיט טרויער אין די אויגן געזאָגט צום קינד: "עס איז אַ שווערע צייט און מען טאָר זיך נישט פאַרגינען דעם לוקסוס צו בענקען נאָך אַ טאַטן..."

ביי דער גאַנצער פשטות האָט ער פאַרמאָגט אין זיך אַ סך דערהויבנקייט, וואָס איז געגאַנגען צוזאַמען מיט ערלעכער גוטהאַרציקייט. ער האָט ליב געהאַט מענטשן אפילו ווען ער האָט געזען אין זיי חסרונות, אָבער תמיד ליב געהאַט אונטערצושטרייכן זייערע מעלות.

זיין ווייב חנה האָט אָנגענומען באהבה די זאָרגן און דעם שווערן עול, וואָס זענען אויף איר געלעגן. האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט, געפרייט זיך צו זען ווי אירע קינדער זענען צופרידן מיט דעם ווייניקן, וואָס זי איז געווען בכוח זיי צו געבן. ווען עס איז געקומען שבת אָדער יום־טוב האָט די ענגע דירה באַקומען אַן אַנדערן אויסזען. פון יעדן ווינקל האָט עס געשיינט מיט ריינקייט און קדושה. אויפן טיש זענען שוין געלעגן די צוויי חלות פאַרדעקט מיט אַ טישטעכל. אין די אויסגעפוצטע לייכטער זענען געווען אַריינגעשטעקט די ליכט און חנה האָט זיך אַוועקגעשטעלט איבער זיי, לייכט געבויגן, די צעשפרייטע הענט האָבן פאַר־שטעלט דאָס פנים און געבענטשט די שבת־ליכט. זי האָט געבעטן פאַרן מאַן און קינדער, פאַרן גאַנצן שטעטל, פאַר יעדן ייד.

כ׳דערמאַן זיך ווען די דייטשן האָבן אָקופירט רעמבערטאָוו און די יידן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרמרה־שחורהט, געשאַרט זיך אין די ווינקלען און געציטערט פאַרן אייגענעם שאָטן. אָנקומענדיק פון דער אָקוניעווסקאַ־גאַס בין איך דורכ־געגאַנגען דורך דוד סאָקאָלס הויף, וווּ שמשון האָט געוווינט און איך האָב באַמערקט חנהן שטיין אין דער שויבן־טיר פון איר שטוב, אַ בלאַסע, אַ דערשראָקענע און שטאַרק־פאַרעלטערטע, מיט אַ טוך איבערגעוואָרפן איבער די אַקסלען. זי איז געשטאַנען מיטן שטערן צוגעפרעסט צו דער שויב און פון אירע אויגן האָט אַרויס־געקוקט פאַרצווייפלונג און יאוש. איר גאַנצע משפחה איז שוין געהאַט אַוועק. דעם מאַנס משפחה איז געווען אין ארץ־ישראל. זי מיט איר מאַן און 4 קינדער זענען געבליבן אַליין. זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון די רעמבערטאָווער קדושים.



# בן־ציון ביטער

בן־ציון איז אין רעמבערטאָוו געווען באַקאַנט א. ב. בענץ, איז געווען איינע־ פון דער מחנה בויער און טוער אין יידישן קולטור־לעבן אין שטעטל.

אַ מיטל־וווקסיקער, שלאַנק, סימפּאַטיש, שטענדיק מיט אַ לייכטן שמייכל אויף זיין אויסגעאיידלטן פנים. זיינע שמועסן זענען געווען דורכגעוועבט מיט הומאָר און שאַרפזיניקע איינפאַלן, אין וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעזען פיינע אינטעליגענץ.

בענץ ביטער איז געווען דער זון פון באַקאַנטן רעמבערטאָווער גביר, ר׳ יעקב בער און זיין ווייב מלכהלע. די עלטערן האָבן אים געגעבן אַ טראַדיציאָ־ נעלע און וועלטלעכע דערציאונג, געשאַפן פאַר אים אַלע מעגלעכקייטן אַריינ־ צוגיין ווי אַ פולווערטיקער מענטש אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט געהערט צום רייכערן קרייז, וואָס האָט גערעדט פויליש, געקושט אַ דאַמע די האַנט בעתן באַגריסן זיך, אָבער על אַליין האָט זיך נישט געפילט אַזוי אויסגעצייכנט אין דער דאָזיקער אַטמאָספער און סאלאָן־מאניערן. ער האָט געזוכט אַ מער גייסטיקן אינהאַלט, אַ העכערן ציל אין לעבן.

מיט זיין גאַנצער יונגער באַגייסטערונג האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די רייען טוער פון דער י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, האָט געשלונגען די ביכער פון יידישע קלאַסיקער און איז ביסלעכווייז געוואָרן באַהערשט פון ליבשאַפט צו דער יידישער קולטור און יידישער שפּראַך. עס איז געווען אַ קעגנזייטיקע פריינטשאַפט צווישן אים און די מיטגלידער פון י. ל. פרץ־ביבליאָטעק. אים האָט גערירט זייער דורשט צו בילדונג און וויסן, די שיינקייט פון זייערע ראָמאַנטישע שטרעבונגען און ער האָט מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט באַמיט זיך צו העלפן זיי אין דער פּראַקטישער אַרבעט. אַלס פאַרוואַלטונגס־מיטגליד האָט ער אָפט גענומען א וואָרט אויף די זיצונגען און תמיד לאָגיש מאָטיווירט די וויכטיקייט פון איינ־

אָרדענען די אָדער אַנדערע לעקציע, האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם מאַנדאָלין־אָרקעסטער, דורכפירן קעסטל־אָוונטן, קאָנצערטן, רעפעראַטן. גאָר באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט בעסער יידישע טעאַטער.

נישט איין מאָל איז אים אויס געקומען צו העלפן אויך מאַטעריעל ביים איינקויפן ביכער. האָט געשפענדעט און געבאָרגט גרעסערע סומעס. מערסטנס האָט מען אים אָפּגעגעבן פון די איינקונפטן, וואָס זענען אַריינגעפלאָסן פון אַ טעאַטער פאָרשטעלונג. אָבער נישט אַלעמאָל איז מען אימשטאַנד געווען צו באַצאָלן אים די חובות. ער האָט זיך דערמיט נישט שטאַרק איבערגענומען, האָט זיך ווייטער באַטייליקט אַקטיוו אין דער קולטור טעטיקייט, אָנטיילגענומען אין בלימל טעג, פאַרקויפנדיק צווישן זיינע באַקאַנטע בילעטן צו דער פאָרשטעלונג פון דראַמקרייז.

דאָס איז געווען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין זיין לעבן. עס האָבן זיך געעפנט פאַר אים נייע האָריזאָנטן און דווקא די יידישע קולטור־טעטיקייט האָט אים געגעבן גייסטיקע און מאָראַלישע באַפרידיקונג.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. די סאָוויעטן האָבן אים אַרעסטירט פאַר אומלעגאַלן אַריבערגיין די גרענעץ און פאַראורטיילט אים אויף דריי יאָר פאַרשיקונג קיין סיביר.

בענץ האָט נישט געקענט איבערטראָגן די קאַטאָרגע־אַרבעט אין באַדינגונגען פון הונגער און פרעסט. אַן עלנטער און פיזיש צעבראָכענער איז ער געשטאָרבן אין יענעם סיבירער פאַרשיקונגס לאַגער.



## מענדל סאקאל

מענדל, דער זון פון דוד סאָקאָל איז געווען אַן אַקטיווער מזרחי־טוער, האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן פּאָפּולאַריזירן דעם מזרחי־געדאַנק צווישן די רעליגיעזע יידן אין רעמבערטאָוו, איז געווען גרינדער פון "הפועל המזרחי", פון "הנוער הדתי" און פון פרויען־קיבוץ "ברוריה". זיין פאַרדינסט איז אויך געווען

דאָס שאַפֿן דעם בלאָז־אָרקעסטער ביים "הפועל המזרחי". ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פֿון דער מזרחי־צענטראַלע אין פּוילן. די פּאַרטיי האָט אויסגענוצט זיינע אָראַטאָרישע פֿעאיקייטן און ער איז אָפֿט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט אויף פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָרן און קאָנפֿערענצן און ער איז אָפֿט אַרויס־געטרעטן מיט רעפֿעראַטן, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיטן קלאָרן פֿאָרמולירן די רעליגיעז־נאַציאָנאַלע אידעען.

ער איז געווען אַ רעדנער בחסד עליון און איז אומעטום אויפֿגענומען געוואָרן מיט ענטוזיאַזם. אין יאָר 1938 איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעלעגאַט פֿון מזרחי צום 21־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין צירך.

מענדל האָט געהערט צום טיפּ איבערגעגעבענע פּאַרטיי־עסקנים, וועלכע האָבן אַרויסגערופֿן צו זיך דרך ארץ און פֿאַרערונג נישט בלויז אין די רייען פֿון זייער אייגענער פּאַרטיי, נאָר אויך צווישן די מיטגלידער פֿון אַלע אַנדערע ריכטונגען. ער איז געווען אָנגענומען צווישן אַלע שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין רעמבערטאָוו און איז אַליין אויך געווען אַ מוסטער פֿון טאָלע־ראַנץ און אַ נוח לבריות אפֿילו צו זיינע פּאַרטייאישע קעגנער.

זיין אויסערלעכער אויסזען האָט אים צוגעגעבן סימפּאַטיע. ער איז געווען פֿון מיטעלן וווקס, מיט אַ נייגונג צו דיקקייט, אייראָפּעיש געקליידעט, שטענדיק אין קאַפּעלוש, אונטער וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעזען זיין למדנישער שטערן. שבת און יום־טוב האָט ער געטראָגן אַ געהאַקטע קאַפּאָטע און אויפֿן קאָפּ אַ קיילעכיק יידיש היטל, חסידיש. עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אים דער געלאַסענער טראָט, פֿאַרטון אין מחשבות.

זיין דרך־ארץ פֿאַר זיינע עלטערן האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. פּונקט ווי זיין ברודער עוזר פֿלעגט ער אין די פֿרימאָרגן־שעהן שטיין הינטערן בופֿעט פֿון זיין פֿאָטערס בעקעריי און אַרויסהעלפֿן דער מוטער ביים פֿאַרקויפֿן דאָס פֿרישע געבעקס, ערשט פֿון אויוון אַרויס.

אין זיין פּריוואַטן לעבן איז עס אים נישט געגאַנגען. שטילערהייט האָט ער געליטן און מיטגעפֿילט דעם צער פֿון זיינע עלטערן, וועמענס גרויסע שטרעבונג איז געווען צו זען אים אַ חתונה־געהאַטן און לעבן גליקלעך מיט זיין באַשערטער. ער האָט זי אָבער נישט געפֿינען.

גאָר שווער איז אים אָנגעקומען צו רעאַליזירן זיין חלום צו באַזוכן ארץ־ישראל. דער ענגלישער קאָנסולאַט האָט תמיד געפֿונען נייע תירוצים אָפּצוּוואַרפֿן זיין ווענדונג נאָך אַ וויזע. אַמאָל האָט געטראָפֿן, אַז די וויזע איז אים שוין צוגעזאָגט געוואָרן. די "הפועל־המזרחי" אין רעמבערטאָוו האָט אים איינגעאָרדנט אַ פֿייערלעכן געזעגענונג־אָוונט, אָבער ווען ער איז אָרפּצומאָרגנס געקומען אין

קאָנסולאַט אָפּגענומען די וויזע, האָט ער ווידער באַקומען אַן אָפּזאָג. מען האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס די ענגלענדער האָבן אַזוי מורא געהאַט אַרייננ־צולאָזן אים אין לאַנד אויף אַ געוויינלעכן באַזוך. מעגלעך, אַז די אינפאָרמאַציעס וועגן זיין רעדנערישן טאַלאַנט האָבן אַרויסגערופן ביי זיי די זאָרג, אַז ער קען נאָך אַרויסרופן אין לאַנד אַן אויפשטאַנד...

נאָך ענערגישע אינטערווענצן פון אַ ריי פערזענלעכקייטן פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע האָט מענדל ענדלעך באַקומען די באַגערטע וויזע. אין חודש יוני 1939 איז ער אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל און האָט דורכגערייזט דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט. די מזרחי־פירער אין ישראל האָבן געפּרוווט אויף אים ווירקן, ער זאָל בלייבן אין לאַנד, אָבער מענדל האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן זיינע עלטערן אין פוילן. אויב עולה זיין איז צוזאַמען מיט זיי און ער איז דערפאַר צוריקגעפאָרן קיין פוילן אַ דעצידירטער צוריקצוקומען צוזאַמען מיט די עלטערן קיין ארץ־ישראל.

מענדל איז צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו געגוי ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין אויגוסט 1942 איז ער צוזאַמען מיט זיינע עלטערן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע.



**מ א י ר**
**י ע ל ע ן**

מאיר דער זון פון ר׳ מאָטל יעלען, איז געווען דער גרינדער פון ״התאחדות״ אין רעמבערטאָוו און זיין צוגעבונדנקייט צו דער אָרגאַניזאַציע האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ, ער מיט זיין געטרייען חבר ברוך קרופּניק האָבן נישט געקענט באַגרייפן צו וואָס און צו וועלכן עקזיסטירן אויף דער יידישער גאַס אַנדערע פאַרטייען, ווען מן השמים איז געגעבן געוואָרן דעם פאָלק ישראל אַ ״התאחדות״ וואָס איז די סאַמע אויסדערוויילטע פאַרטיי.

מאיר יעלען האָט פאַרמאָגט אין זיך אַן אויסערגעוויינלעכן טעמפּעראַמענט. דער מענטש איז געווען אַ שטיק קוועקזילבער און עס האָט פון אים געשפּראָצט מיט ענערגיע און איניציאַטיוו, און אַלץ איז געווען געקיערעוועט אין דער ריכטונג פון ״התאחדות״.

ער איז קיינמאָל נישט געגאַנגען געלאַסן, נאָר געלאָפן. בעתן רעדן האָט ער זשעסטיקולירט מיט די הענט און באַוויגן מיט אַלע איברים, אויף שטאָטישע אסיפות אָדער רעפעראַטן האָט ער קוים מיט צרות אויסגעהאַלטן איינצוזיצן ביז דער פאָרזיצער האָט געעפנט, און ווען דער רעדנער האָט זיך אויפגעשטעלט צו רעדן, האָט זיך מאיר אויך אויפגעשטעלט און געוואָרן אַ האַז... איידער מען האָט זיך אומגעקוקט איז שוין — והילד איננו...

זיין אומגעדולד האָט זיך געשאַפן בלויז צוליב די דאגות פאַר דער פאַרטיי. טיף אין זיין נשמה האָט געלעבט די איבערצייגונג אַז אַ הייליקע שליחות איז אים איבערגעגעבן געוואָרן און דאָס אַז ער דאַרף זאָרגן פאַרן וווקס פון דער ״התאחדות״, אַז זי זאָל זיין די גרעסטע און די אַנגעזעענסטע פאַרטיי.

ער האָט אַמאָל געטראָפן אין וואַרשע זיצן אין אַ קאַפע־הויז דעם אַדוואָקאַט אברהם לעווינסאָן, האָט ער אים גלייך ״געקידנעפּט״, נישט געקוקט דערויף, וואָס לעווינסאָן האָט געהאַט אַן אַנדערן סדר־היום און האָט נישט געטראַכט צו קומען קיין רעמבערטאָוו אויף אַ רעפעראַט. עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן. מאיר האָט אים ממש מיט כוח געבראַכט און אים אַזוי לאַנג געהאַלטן ביי זיך אין שטיב, ביז אין שטאָט איז באַקאַנט געוואָרן, אַז אברהם לעווינסאָן וועט רעפערירן פּינקטלעך 8 אָוונט...

נאָך דער חתונה האָט זיין פרוי וועלכע האָט געשטאַמט פון דער וואַרשעווער סוחר׳ישער פאַמיליע שפּיגעלמאַן און איז אַליין געווען אַ געניטע סוחרטע, געעפנט אַ געשעפט פון מאַנופאַקטור אין רעמבערטאָוו. פאַר מאירן איז דאָס געווען אַ קאַטאַסטראָפע... מען האָט געזאָגט, אַז דאָס מסחר׳ווען האָט אים אַזוי געפּאַסט ווי אַ קאַטשקע אַ פּאַר קאַלאָשן...

בעת אַ שריפה אין רעמבערטאָוו ווערט פאַרברענט דער לאָקאַל פון ״התאחדות״ צוזאַמען מיט דער ביבליאָטעק. מאירן טרעפט דאָס אומגליק מער ווי אַלע. ער שטייט צו צו זיין פאָטער ר׳ מאָטל יעלען, ער זאָל דערלויבן אויפבויען אויף זיין פּלאַץ אַ נייעם בנין פאַר דער ״התאחדות״־אָרגאַניזאַציע, זיין פאָטער גיט אים די דערלויבעניש. מאיר לאָזט זיך אַרויס שאַפן געלט. ער רייסט פון טויט און פון לעבעדיק און אין אייניקע מאָנאַטן שפּעטער שטייט אויפגעבויט אַ גרויסער לאָקאַל, עס ווערט אויך אין לאָקאַל אויפגעשטעלט אַ בינע, ווו די ״התאחדות״־מיטגלידער, די יונגע גרופּע ״ויתקיניה״ און די חלוצים פון ״גורדוניה״, וועלכע

זענען געווען אויף הכשרה אין רעמבערטאָוו, קומען זיך צונויף, פירן וויכוחים, זינגען, טאַנצן, אָרגאַניזירן און פירן אויף פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן.

אין אויגוסט 1942, ווערט מאיר מיט זיין פרוי און זיינע עלטערן, שוועסטער, אַרויסגעפֿירט נאָך טרעמבלינקע. 32 יאָר איז מאיר אַלט געווען ווען די פאַר־שאָלטענע נאַציס האָבן אים און זיין משפחה דערמאָרדעט.



## ד״ר עוזר סאקאל

איידער ער האָט באַקומען דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם האָט מען אים אין שטעטל גערופן: ״דער אייביקער סטודענט״. די נאָענטע חברים האָבן אים גערופן פשוט: עוזר. ער איז געווען דער זון פונעם רעמבערטאָווער בעקעריי־אייגנטימער, ר׳ דוד סאָקאָל. שטודירט האָט ער פילאָזאָפיע אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אָבער אים איז באַשערט געווען צו ליידן פון די אַנטיסעמיטישע פּראָפעסאָרן, וועלכע האָבן אַזוי מאַניפּולירט, אַז ער זאָל נישט ווערן צוגעלאָזט צו די עקזאַמענס. ווען אים איז שוין געלונגען צוצוקריגן זיך אויף אַן עקזאַמען איז די באַציאונג געווען אַזאַ פיינטלעכע, אַז ער איז דורכגעפאַלן.

עוזר סאָקאָל האָט באַזונדערס געצויגן אויף זיך דעם האַס פון די פּראָפעסאָרן צוליב זיין קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם. זיין שטאָלצע נאַציאָנאַלע האַלטונג און אָפן מאַניפעסטירן זיין יידישע אָנגעהעריקייט.

דער איינציקער ליבעראַלער פּראָפעסאָר קאטארבינסקי האָט פאַר עוזרן זיך עטלעכע מאָל איינגעשטעלט, באַמיט זיך, אַז מען זאָל אַנערקענען זיין רייכן וויסן, וואָס האָט אים געמאַכט ראוי צו באַקומען דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם, אָבער דעם פּראָפעסאָרס אינטערווענצן האָבן נישט געהאָלפן. צו גרויס איז געווען די שנאה צו עוזרן, דעם שטאָלצן ייד.

בלית ברירה איז עוזר, מיט דער רעקאָמענדאַציע פון פּראָפעסאָר קאָטאַרבינסקי, אַוועקגעפאָרן קיין לעמבערג, ווו ער איז אָנגענומען געוואָרן אויפן אוניווערסיטעט און פון דאָרט איז ער צוריקגעקומען שוין מיטן דאָקטאָר־דיפּלאָם.

ד"ר עוזר סאָקאָל איז געווען אַן אַקטיווער טוער אין רעמבערטאָווער הפּועל המזרחי. זיינע לעקציעס אויף פילאָזאָפישע טעמעס האָבן שטענדיק צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל צוהערער.

ער איז געווען אַ מאָגערער, מיטל וווּקסיק, מיט זייער אַ יידיש פּנים אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעגאָסן אַ לירישע מילדקייט. זיין תמימותדיקע באַשיידנקייט איז געווען אַ שם דבר. שוין האָבנדיק באַקומען דעם דאָקטאָר דיפּלאָם, שטייט ער יעדן אינדערפרי אין געוועלב פון זיין פאָטערס בעקעריי, און העלפט פאַרקויפן ס׳געבעקס.

אויגוסט 1942 ווערט ער אין עלטער פון 33 יאָר צוזאַמען מיט זיינע עלטערן און ברודער אַרויסגעפירט אין טרעמבלינקע, ווו ער קומט אום על קידוש השם.



## רוזשקע קירשמאַן

מען פלעגט זי רופן: די רעמבערטאָווער מרים אָרלעסקאַ. דערמיט האָט מען באַצייכנט דעם ליבּ פאַר איר געלונגענער ראָל אַלס לאה אין "דיבוק", וועלכן עס האָט אויפגעפירט דער רעמבערטאָווער דראַמקרייז. זי האָט אין זיך געהאַט די שיינקייט פון אַ מזרחדיקער פּרינצעסין, ברוינהויטיק, הויך, שלאַנק און צוויי פייערדיקע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון איר איידל געזיכט. ביים שמייכלען האָבן אַ גלאַנץ געטון צוויי שורות ציין, וואָס האָבן געבלענדט מיט זייער ווייסקייט.

פון די פריסטע יאָרן האָט עס זי געצויגן צו דער בינע און אַדאַנק דעם

דראַמקרייז איז איר געלונגען צו רעאַליזירן איר חלום. אין אַלע אויפפירונגען, אין וועלכע זי האָט זיך באַטייליקט, האָט זי געשפּילט די הויפּט־ראָלן. תמיד האָט מען געזען איר אינטערעסאַנטן צוגאַנג ביים אינטערפּרעטירן די ראָל. זי האָט אַ סך געאַרבעט כדי צו פאַרשטיין און איינצולעבן זיך אין דעם טיפ, וועלכן זי האָט געדאַרפט פאַרקערפּערן.

אַ טאָכטער פון ר׳ יעקב קירשמאַן האָט זי געהאַט אין זיך עפּעס אַריסטאָ־קראַטישעס און אין אָנהויב האָט זיך אויסגעוויזן ווי עס וואָלט געהערשט אַ דיסטאַנס צווישן איר און די קאָלעגן פון קרייז. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַן אויבנאויפיקער איינדרוק און דאָס האָט נישט געשטערט, אַז אַלע זאָלן רוזשקען ליב האָבן און אָפּשאַצן ווי געהעריק איר טאַלאַנט.

פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זי חתונה געהאַט מיט בערל ווענדריגער, אַן אַקטיווער קולטור־טוער אין רעמבערטאָוו, אָבער נישט לאַנג איז זיי באַשערט געווען צו זיין גליקלעך. נאָך דריי יאָר צוזאַמענלעבן איז אויסגעבראָכן די מלחמה און ביידע זענען אַוועק קיין טרעמבלינקע.

די שיינע און טאַלאַנטירטע רוזשקע איז דעמאָלט אַלט געווען קוים 24 יאָר.

## אליעזר פוקס



לאָזער, דער זון פון ר׳ חיים פוקס, איז אייגנטלעך באַשטימט געוואָרן צו ווערן אַ רב ביי יידן. אַזוי האָבן געטראַכט נישט בלויז זיינע עלטערן, נאָר אויך אַלע, וואָס האָבן געקענט זיין שאַרפן מוח, אָבער דערגאַנגען איז ער גאָר צום שטאַפּל פון קולטור־און בילדונג־רעפערענט ביי דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק אין רעמבערטאָוו. זיין קרעדא איז געווען: פאַרשפּרייטן אין שטעטל יידישע קולטור

און וועלטלעך וויסן. ער האָט אויך אַ סך געטון פאַרן אַנטוויקלען יונגע שעפערישע כוחות אויפן געביט פון ליטעראַטור און קונסט.

ער איז געווען דער ספּעץ פאַר איינקויפן יידישע ביכער פאַר דער ביבליאָטעק. נישט געווען קיין איין יידיש בוך, וואָס איז דערשינען אין פּוילן ביזן יאָר 1939, אַז לאָזער זאָל עס באַלד אין די ערשטע טעג פון דערשיינען, נישט איינקויפן. ער פלעגט פאַרן קיין ווארשע מיטן ערשטן צוג, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָס בוך זאָל נישט אויסגעכאַפּט ווערן און עס קען נאָך, חלילה, אויספעלן אויפן ביכער־מאַרק.

טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען באַשעפטיקט ביי זיין קירזשנער־אַרבעט און שפּעטער, נאָך דער חתונה, אין זיין זיסוואַרג־געוועלב, וואָס ער האָט זיך געעפנט אין רעמבערטאָוו האָט ער זיין גאַנצע פרייע צייט, ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט, געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

עס איז נישט געווען קיין איין פאַרשטעלונג פונעם דראַמקרייז, אַז לאָזער זאָל זיך אין איר נישט באַטייליקן דערביי איז ער געווען סיי אַדמיניסטראַטאָר און סיי בילעטן־פאַרקויפער, מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג און אָרגאַניזאַטאָר פון טאַנץ־אָוונטן און קולטור־אימפּרעזעס. האָט אָרגאַניזירט און אַליין אָנטייל־גענומען אין בלימל־אַקציעס, געברענגט פּרעלעגענטן, געדונגען טעאַטער־זאַלן, באַשטעלט אָרקעסטערס א. א.

זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט האָט ער אויסגעלעבט אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. דערביי איז ער געווען אַ זייער גומוטיקע נאַטור, אַ גוטהאַרציקער שמייכל איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין געזיכט און פון זיינע אויגן האָט תמיד געשטראַלט אַ האַרציקע וואַרעמקייט.

נאָכן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטן קיין רעמבערטאָוו איז לאָזער אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק, וואָס איז געווען אָקופּירט דורך די סאָוויעטן. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פּוילישע פּליטים פאַרשיקט געוואָרן אין אַ סיבירער לאַגער.

דער שיינגייסט לאָזער האָט נישט אויסגעהאַלטן די שווערע באַדינגונגען, דעם הונגער און די פרעסט, די מאָראַלישע דערנידערונגען. אין עלטער פון 30 יאָר איז ער געשטאָרבן אין סאָוועטישן לאַגער, פיזיש און גייסטיק צעבראָכן.

זיין פרוי און איינציקע טאָכטער געפינען זיך אין ישראל.

# יאַדזשע גרינבערג

משה גרינבערגס טאָכטער, יאַדזשע, איז געווען די אַקטיווסטע מיטגלידערין אין דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק. אויף איר פּנים איז געווען אויסגעגאָסן אַ ליכטיקע מילדקייט און עס האָט פון איר עמאַנירט מיט ייִדישן חן.

זייענדיק אַ גוטע פאַרדינערין ביי דאַמען היטן־פּיצעריי, האָט זי זיך שטענדיק באַשטייערט מיט אנגעזעענע סומעס פאַר יעדער דורכגעפירטער אַקציע, פאַר איינקויפן ביכער אָדער אַנדערע קולטור־צוועקן.

נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט זיך אויסגעלעבט אין דער פוילישער שפּראַך, האָט פלייסיק געלייענט די קלאַסיקער און די מאָדערנע שרייבער פון דער פוילישער ליטעראַטור, רעציטירט אויסנווייניק בראָניעווסקיס און סלאָנימסקיס לידער, האָט זי דאָך זייער ליב געהאַט ייִדישער ליטעראַטור, ייִדישע פאָלקס־לידער. אַ ייִדיש ליד — האָט זי געזאָגט — איז גאָר עפּעס אַנדערש, רירט אָן די טיפסטע סטרונעס פון דער נשמה.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווען איך פלעג אין אַן ענגן קרייז זינגען דאָס באַקאַנטע פאָלקס־ליד "תנחום", האָט עס אויף דער סענטימענטאַלער יאַדזשע געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף איר פּנים. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט זי בעטן, מען זאָל זינגען דאָס ליד. ווען עס פלעגט קומען צו די סטראָפן ווען דער פאַרליבטער ישיבה־בחור ענטפּערט זיין חבר, האָבן טרערן זיך געשטעלט אין אירע אויגן. אָפט האָט מען געהערט זי ברומען די ווערטער: "...הערסטו, מיין חבר, / ווי די טענער דאָרט זיך טראָגן ? / דאָס שפּילן די קלעזמערס, / מען פירט איצט דבורהן צו דער חופּה. / מיינע האָפענונגען אויסגעלאָשן, / דורך מיין פענצטער קיין שטראַל ליכט. / חבר, וואָס טויג מיר דיין טרייסטן, / אַז דבורה בלייבט נישט מער מיינע".

געווען איז רעמבערטאָוו אַ מין "ליטעראַרישער סאַלאָן", וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון העלאַ סטאַלאָוויטש און יאַדזשע האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין יענעם קרייז. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז אַ דאַנק יאַדזשעס אָנוועזנהייט זענען די צוזאַמענקונפטן געווען אַזעלכע לעבהאַפטיקע.

האַרט פאַר דער מלחמה האָט יאַדזשע איבערגעלעבט אַ שווערע פאַמיליע־טראַגעדיע. איר 18־יאָריקע שוועסטער זאָשיע און איר מוטער זענען געשטאָרבן פון אַ טיפוס־קראַנקהייט.

אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה אין יאָר 1939 איז איר פאָטער צוזאַמען מיט איר ברודערל אברהמל אומגעקומען אין וואַרשע פון אַ באָמבע, וואָס האָט אויפגעריסן אין דער שיל אויף טוואַרדע גאַס.

יאַדזשע איז צוזאַמען מיט איר ברודער יוסף אַנטלאָפן קיין בריסק, ווו זי האָט מיט אַ גרופּע יוגנטלעכע פון רעמבערטאָוו געשאַפן אַ קאָלעקטיוו, צו זיין צוזאַמען אין די שווערע ביטערע טעג. זי האָט געאַרבעט אין בריסק ביי איר פאַך, גוט פאַרדינט און אַלע אירע פאַרדינסטן אַריינגעטראָגן אין קאָלעקטיוו. זי אַליין האָט מער פאַרדינט פון אַלע 15 יוגנטלעכע אינעם קאָלעקטיוו, אָבער קיין גראָשן פון אירע פאַרדינסטן האָט זי זיך נישט פאַרגינען איבערצולאָזן פאַר זיך אויף פּריוואַטע קליינע אויסגאַבן. אַלץ האָט זי אָוועקגעגעבן דער אַלגעמיינער קאַסע.

ווען די דייטשן זענען אין יאָר 1941 אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד איז יאַדזשע אַריינגעפאַלן צו די היטלעריסטן און דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ טראַגישן אופן. זי איז דאַן אַלט געווען אינגאַנצן דריי־און־צוואַנציק יאָר.



## בערל
## װענדריגער

אין די צייטן ווען די י. ל. פּרץ ביבליאָטעק אין רעמבערטאָוו האָט געהאַט איר גאָלדענע תקופה איז בערל ווענדריגער געווען צווישן די קולטור־טוער, וואָס האָבן דירעקט געווירקט פאַר דער זעלבסט־בילדונג פון די מיטגלידער און דערפירט זיי צו אַן ערנסטן קולטור־ניוואָ. פון יענע רייען איז אַרויס אַ דור מיט אינטערעס פאַר אַלערליי קולטור־ענינים, איז געווען באַהאַוונט אין דער וועלטלעכער און יידישער ליטעראַטור, פאַרשטאַנען זיך אויף ערנסטע טעאַטער־פאָרשטעלונגען און געהאַט גרויס פּיעטעט פאַרן יידישן ליד, פאַר געזאַנג און רעציטאַציע.

בערל ווענדריגער איז געווען אַ שטילער און באַשיידענער מענטש. דער שטילער טאָן פון זיינע רייד, וואָס זענען תמיד געווען באַגלייט מיט אַ ברייטן פריינטלעכן שמייכל, האָט גוט געווירקט אויף זיינע מיטשמועסער, וועלכע האָבן גערן צוגעהערט זיך צו זיינע אויפקלערונגען, צו זיינע אינסטרוקציעס און חברישער עצה. ער איז געווען פון די קולטור־טוער, וואָס האָבן גענומען אויף זיך

אויף דערציערישע אויפגאַבן, געלערנט די יוגנט צו גיין אויפן וועג פון חברישקייט און מענטשלעכקייט, באַציען זיך קאָלעגיאַל און פריינטלעך און באַהערשן קולטורעלע באַנעמונג אין שטוב און אין גאַס.

ביי זיין גאַנצן רייכן וויסן און טיפזיניקייט, האָט ער אָפּגעהיטן אַן ערלעכע פשטות און קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין באַרימערישקייט מיט זיין אינטעליגענץ און זיין רייכן וויסן. אין דער ביבליאָטעק פלעגט ער סיסטעמאַטיש פירן אויפקלערונגס־שמועסן, מיט יחידים און מיט גרופּן. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט קיין קעסטל־אָוונט און אַנדערע קולטור־סימפּאָזיומס צי ליטעראַרישע וויכוחים, אויף וועלכע ער האָט שטענדיק געהאַט וואָס צו זאָגן און אָנרעגן צו לעבהאַפטיקע דיסקוסיעס.

בערל וועגדריגער איז אויך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דראַמקרייז "בליאונג", אָפט באַטייליקט זיך אין די פאָרשטעלונגען. דער פּראָפעסיאָנעלער רעזשיסער וואָס איז געקומען פון וואַרשע שטעלן די פאָרשטעלונגען, האָט אָפטמאָל באַוואונדערט זיין קינסטלערישע אינטואיציע און ער האָט גאַנץ אָפט פאַרטרעטן פאַכמענישע קענטניש.

בשותפות מיט זיין ברודער ישראלקע האָבן זיי געפירט אַ גאַרדינען־געשעפט אויף די נאַלעווקעס אין וואַרשע און ביי דער גאַנצער פאַרנומענקייט האָט ער תמיד געהאַט צייט צו די קולטור־פּראָבלעמען, וועלכע זענען דערגאַנגען ביז זיין געשעפט אויף נאַלעווקעס 9, וווהין די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פלעגן קומען פאַרענדיקן אַ באַראַטונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין דער ביבליאָטעק אין רעמבערטאָוו. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסוואַל פון אַ פּיעסע, וועגן איינקויפן נייע ביכער צי אַראָפּברענגען אַ פרעלעגענט פאַר אַ פאָרלעזונג. נישט איינמאָל פלעגט ער איבערלאָזן דאָס געשעפט און אָוועקלויפן אין ליטעראַטן־פאַראיין באַשטעלן אַ פרעלעגענט.

פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער חתונה געהאַט מיט דער פרימאַדאָנע פונעם דראַמקרייז, רוזשקע קירשמאַן, וועלכע איז געווען אַ באַקאַנטע שיינהייט.

נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן איז בערל אַנטלאָפן קיין בריסק, וואָס איז געווען פאַרנומען דורך די סאָוויעטן. ער איז אָוועק אַליין, מורא געהאַט מיטצונעמען זיין פרוי איידער ער וועט זיך נישט איבערצייגן צי עס זענען דאָרט פאַראַן די פּאַסיקע באַדינגונגען. ער האָט זיך גיך אַנטוישט. אין בריסק האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף שרעקלעך שווערע באַדינגונגען און באַשלאָסן צוריקצופאָרן אַהיים. אים איז געלונגען דורכצושמוגלען זיך די גרענעץ און אָנקומען קיין רעמבערטאָוו, וווּ ער איז געבליבן מיט זיין רוזשקען ביזן טראַגישן סוף.



# יאסל מארכאן

יאָסל מאַרכאַן האָט זיך גערעכנט אַלס זייל פון דער רעמבערטאָווער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק און איז אויך געווען דער "וואָרט־זאָגער" אין יאַגאָדעס־גאָרטן, ווו ער פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג ווען די ביבליאָטעק איז געווען געשלאָסן. דאָרט האָט ער מיט חברה יוגנטלעכע געפירט דיסקוסיעס און סתם שמועסן.

פון זיין פאָטער ר' מלך האָט ער געירשנט די פרומקייט, וועלכע ער האָט איבערגעטראָגן אויף דער מאָדערנער יידישער קולטור. ער האָט ליב געהאַט אהבת־נפש דאָס יידישע וואָרט, די יידישע ליטעראַטור און יעדן איינעם וועלכער האָט בייגעטראָגן זיין הילף לטובת דער אַנטוויקלונג פון דער ביבליאָטעק און דראַמקרייז. די ליבשאַפט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינעם פריינדלעכן שמייכל, וואָס האָט תמיד געשטראַלט אויף זיין פּנים. ער האָט פאַרמאָגט דעם מאַגנעטיזם פון אַ דינאַמישער פערזענלעכקייט, תמיד אין באַוועגונג, ברויזנדיק, שטורמיש, אָבער דערביי אויך פריינדלעך, צוציענדיק מיט זיין האַרציקער וואַרעמקייט.

ער האָט געהערט צו די עמאָציאָנעלע ייִנגעלייט, וואָס האָבן ליב געהאַט צו רעדן הויך, דרייסט און געוואַגט, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט אין זיין גוטמוטיקייט, אין שטענדיקער גרייטקייט צו העלפן אַ חבר אין אַן עת צרה.

עס איז געווען באַזונדערס אינטערעסאַנט צו אָבסערווירן ווי דער דאָזיקער ברויזנדיקער און טעמפּעראַמענטפולער יאָסל מאַרכאַן האָט געצויגן צו אינטימיטעט און געהאַט אַזאַ געוואַלטיקע פאַרשטענדעניש פאַר קאָלעגיאַלקייט. עס איז אים געווען פרעמד יעדע אויסגערעכנטקייט, איז געווען ווייט פון יעדן מין חנופה אָדער אויבערפלעכלעכע קאָמפּלימענטן. זיין תמימות און גראָדליניקייט האָט געהאַט אַ באַזונדערן צויבער און השפעה אויף די וואָס זענען געקומען מיט אים אין קאָנטאַקט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, בעת דער י. ל. פּרץ־מיטגליד מאָריץ איז געשטאָרבן ביי טראַגישע אומשטענדן און יאָסל האָט זיך דאַן געוואָנדן צו די אייגנטימער פון די געוועלבער אין דער הויפּט־גאַס, און זיי געבעטן, אַז ווען עס וועט דורכגיין דער לוויה־צוג זאָלן זיי שליסן די געשעפטן. דאָס האָט אויסגעזען

געוואָגט און נישט צום דורכפירן, אָבער עס איז געשען, אַז אַלע האָבן זיך אָפּגערופן אויף יאָסלס ווענדונג מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט און די געוועלבער זענען אַלע ווי איינער געשלאָסן געוואָרן. דאָס איז געווען דער ווירקנדיקער כוח פון זיין מאָראַלישער השפעה.

ער איז נאָך געווען יונג און נישט געהאַט קיין רייכע לעבנס־דערפאַרונג. זיין חכמה האָט ער דעראָבערט דורך די ביכער און זי איז ביי אים געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ באַצווינגנדיקער תמימות. יעדע פרייע מינוט האָט ער אָפּגעגעבן דעם לייענען ביכער, ביכער... ווי די ביימער זאַמלען אין זיך די וואַרעמקייט פון דער זון, אַזוי האָבן די ביכער, אין זייערע בלעטער און אותיות, געזאַמלט די וואַרעמקייט פון ברודערלעכער האַרציקייט.

יאָסל האָט געגלייבט, אַז דאָס פייער, וואָס איז פאַראַן אין גרויסע ליטעראַ־רישע ווערק, איז אימשטאַנד אָנצוצינדן הערצער מיטן פלאַם פון הויכע אידעאַלן.

האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט יאָסל חתונה־געהאַט מיט יוכבדן און געהאָפט אָנצוהייבן דאָס לעבן פונסניי, געטריי און מסירות־נפשדיק איבער־געגעבן דער נעסט, וואָס זיי האָבן צוזאַמען אונטערגענומען צו בויען.

דער גרויזאַמער אומקום האָט געמאַכט אַ סוף צו זייערע ביידנס האָפענונגען און חלומות.

# פייוול מארכאן



אויף זיין פנים איז געלעגן דער אויסדרוק פון סודותדיקייט, כאָטש ער האָט זיך לגמרי נישט געגוריטיקט אין קיין קאָנספּיראַציע, ווייל ער איז אָפיציעל קיינמאָל נישט געווען אָנגעשלאָסן אין קיין שום פּאָליטישער ריכטונג טראָץ זיינע טיפע סימפּאַטיעס פאַר סאָציאַליסטישער גערעכטיקייט.

ער איז געווען פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין דער רעמבערטאָווער י. ל. פרץ ביבליאָטעק האָט ליב געהאַט די ביכער־אַטמאָספערע, די קולטור־אימפּרעזעס און אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו יידישער קולטור. ער איז אויך געווען פון די אַקטיוויסטע אָנטיילנעמער אין דראַמקרייז "בליאונג" און האָט זיך געפּילט ווי אַ פיש אין וואַסער אין די רעוואָלוציאָנערע ראָלן פון די פּיעסן ווי: "ברוך שולמאַן", "אויפשטאַנד", "זיבן געהאנגענע" און אַנדערע. ער האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו באַהעמע, צו קינסטלערישן הפקר, זיין אופן רעדן, גיין און טראָגן דאָס קאַפּעלושל "נאַ־באַקער" — האָבן עדות געזאָגט אויף זיין קינסטלערישער נאַטור.

אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז מיטן פּלאַן צו בלייבן דאָרט אַ תושב, אָבער אים האָט געצויגן צוריק צום אייגענעם היימישן משפּחה־הויף, צו די חברים און צו דער ביבליאָטעק. נאָך עטלעכע חדשים ווײַלן אין פּאַריז איז ער צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו און געבראַכט מיט זיך נייע ווערטער, אַזעלכע וואָס רעמבערטאָוו האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, ווי: "מערסי", "ביען מעסיע"... "אָ לאַ לאַ"... א. א. יונגע יאָטן האָבן שטאַרק אָנגעקוואָלן פון פּייוולס "פּערפעקטן" פראַנצויזיש, וואָס ער האָט באַוויזן זיך אויסצולערנען אַזוי שנעל...

ווען די מלחמה ברעכט אויס אין יאָר 1939 אַנטלויפט ער אין די פאַרנומענע געביטן פון די סאָוויעטן, שפּעטער ווערט ער צוזאַמען מיט אַלע פליטים אָוועקגעפירט אין טיף רוסלאַנד, אין דער הויפּטשטאָט פון קאָמי ס.ס.ס.ר., סיקטיווקאַר, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט ביי בוי־אַרבעט.

אין יאָר 1942 ווערט ער מאָביליזירט אין אַרבעטס־באַטאַליאָן אין זשעשאַרט, אָבער צוליב זיין שוואַכקייט ווערט ער שנעל באַפרייט.

אין דעם טאָג, ווען מען האָט אים באַפרייט איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. נישט וועלנדיק וואַרטן ביז פרילינג ווען דער טייך ווערט לאָזן און קענען אָפּפאָרן מיט אַ סטאַטעק קיין סיקטיווקאַר, לאָזט ער זיך קיין סיקטיווקאַר צופיס. ער ווערט מיד בעתן מאַרשירן, זעצט זיך אָפּרוען און כאַפּט אַ דרימל. אויפצומאָרגנס געפינט מען אים אַ דערפרוירענעם צום טויט.

דער שיין־גייסט, באַהעם און באַגייסטערטער קולטור־טוער פּייוול מאַרכאַן האָט פאַרענדיקט זיין לעבן צו 24 יאָר און געקומען צו קבורה אין די סטעפּעס פון ווייטן קאָמי.



# יצחק קראקאווסקי

אַ געוועזענער ישיבה־בחור, שטאַמט פון אַ חסידישער היים. זיין מאַמע פלעגט אָפּשטיין שעהנווייז הינטער די פענסטער פון בית־המדרש אויפצוכאַפּן אַ „ברכו" אָדער אַ „יהא שמי׳ רבא"...

יצחק קראַקאָווסקי פאַרלאָזט דאָס בית־המדרש, שערט אָפּ די פּיאות, נעמט זיך קליידן „קורץ", און דערנענטערט זיך צו די רעכטע פועלי־ציון. ווען די עלטערן באַזעצן זיך אין רעמבערטאָוו איז שוין דעמאָלט יצחק באַקאַנט אין צענטראַל־קאָמיטעט פון די פועלי־ציון אין וואַרשע אַלס חבר פון דער ערשטער שורה.

אין יענער צייט איז קיין פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין רעמבערטאָוו נישט געווען, די אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות" האָט שוין געהאַט באַוויזן צו אָרגאַניזירן און אַריינציען אין אירע רייען כמעט דאָס גאַנצע שטעטל וועלטלעכע יוגנטלייט. יצחק איז גאָר צופרידן פון דעם. ער זעט פאַר זיך אַ קאַמפּס־פעלד און וואַרפט זיך אַריין מיטן גאַנצן ברען פון זיין נשמה אין דער ווערבירונגס־אַקציע. עס געלונגט אים אַריינצוציען עטלעכע אַקטיוויסטן און צוזאַמען מיט זיי באַשליסט ער צו „שטורמען די באַסטיליע" און אַריינציען וואָס מער יוגנט פון שטעטל אין די רייען פון „פועלי־ציון".

קראַקאָווסקין האָט אָבער געשטערט דאָס וואָס ער איז געווען אַ שוואַכער רעדנער, אין אַ געוויסן זין אַ כבד פה. דעריבער נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער אָרגאַניזאַטאָר האָט ער נישט באַוויזן צו ווערבירן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער. דערצו זענען אין שטעטל די אומשטענדן נישט געווען קיין גינסטיקע פאַרן פאַרוואַנדלען די פועלי־ציון אין אַ גרויסער מאַסן־אָרגאַני־זאַציע, ווי קראַקאָווסקי האָט געשטרעבט. די רעכטע פועלי־ציון זענען נישט דערגאַנגען צו קיין גרויסער צאָל מיטגלידער, אָבער זענען געווען אַ פּאַרטיי

מיט וועלכער מען האָט זיך גערעכנט אין שטעטל און זי האָט אויך געפירט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

יצחק קראַקאָווסקי איז שוין פאַרבליבן אַלס דער אייביקער פאָרזיצער פון "פועלי־ציון" אין רעמבערטאָוו. אין דער דאָזיקער הינזיכט איז ער געווען פאַר־גליכן צו אַ צדיק. אַ צדיק נויטיקט זיך נישט, מען זאָל אים ווײַלן. ער איז עס אין זכות פון זײַנע מעלות און מידות. קראַקאָווסקין האָבן אַ סך געגעבן די יאָרן, וואָס ער האָט געלערנט אין דער ישיבה, פונקט ווי די שפּעטערדיקע יאָרן פון דורשטיקן שלינגען ביכער פון וועלטלעכן וויסן. אין זײַן גרויסער התמדה האָט ער אין זיך אויסגעאַרבעט די אייגנשאַפטן פון אַ מנהיג רוחני.

יצחק קראַקאָווסקי איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך וויסן און טיפער אינטעליגענץ. אויסער דעם, וואָס ער איז געווען אַ למדן, אַן אידעאָלאָג, אַן אָרגאַניזאַטאָר, איז ער אויך געווען בקי אין דער יידישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור. מיט גרויס ענטוזיאַזם האָט ער געפירט די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

ארץ־ישראל איז פאַר אים געווען דער אידעאַל פון יידישער גאולה, פיזישע און גײַסטיקע. דערפאַר איז ער גרייט געווען מקריב צו זײַן זיך פאַר דער אַרבעט און געטון אַלץ, אַז די אידעע פון אַרבעטנדיקן א״י זאָל אַרײַנדרינגען אין מוח און האַרץ פון יעדן איינציקן ייד. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס טאָר זיך נישט געפינען קיין איין יוגנטלעכער, וואָס זאָל נישט שטרעבן צו עליה, הגשמה עצמית. די דאָזיקע איבערצײַגונג האָט אים געגעבן דעם סוגערירנדיקן כוח איבער־צײַגן אויך אַנדערע. אין זײַנע רייד האָט מען געפילט דברים היוצאים מן הלב, דורכגעלײַטערט און דורכגעטראַכט פון אַ שאַרפן מוח.

ז׳ אלול 1942 איז יצחק קראַקאָווסקי, ווי אַלע זײַנע חברים, באַגײַסטערטע אַקטיוויסטן, אָפּגעפירט געוואָרן אין די טראַנספּאָרטן קיין טרעמבלינקע.



# טשאַרנע פוקס

דער פילאָזאָף פּענעקא האָט געזאָגט, אַז חכמה קומט צו קיינעם נישט דורך קיין צופאַל. מיט דעם פילאָזאָפישן געדאַנק קען מען באַצייכענען די פּערזאָן פון טשאַרנע פוקס, די טאָכטער פון ר' חיים פוקס.

די היים, פון וועלכער זי שטאַמט, איז געווען אַ היים פון תורה און חכמה און זי איז געבוירן געוואָרן ווו מען פלעגט זאָגן אין פוילן מיט אַן "אָפענעם קאָפּ"

אויסער שכל, מילדע נאַטור, צאַרט געפיל און לעבנס־חכמה, האָט איר בלוט געזידט מיטן דראַנג צו זיין טעטיק געזעלשאַפטלעך. פון אירע יונגע יאָרן אָן איז זי געווען אַנגעשלאָסן אין "הנוער הדתי", שפּעטער ווערט זי פון די אַקטיווע טוערינס אין "הפועל־המזרחי" און מיטגלידערין פון פּרויען־קיבוץ "ברוריה" ביי דער מזרחי. זי ווערט געוויילט אין אַלע פאַרוואַלטונגען, אָבער פּאַקטיש איז זי אַליין די פאַרוואַלטונג. מען רעכנט זיך מיט איר מיינונג, ווייל מען ווייסט, אַז די "מיינונג" איז ביי איר טויזנט מאָל איבערגעטראַכט געוואָרן.

געווען איז טשאַרנע אַ טונקל־חנעוודיקע, מיט אַ מין שפּילעוודיקייט אין די גוטמוטיקע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשיינט שוועסטערלעכע גוטסקייט מיט אַ געמיש פון מאַמעשן צער. איר בליק האָט געקוקט אין דער ווייט און איז אין לעבן געווען ווייטזעעוודיק און דרייסט. מענטש און וועלט האָט זי געקענט מיט די מעלות און חסרונות. זי האָט געזען אַז מענטשן טראָגן זיך אַרום זייער גאַנץ לעבן מיט נישט־פאַרווירקלעכטע שטרעבונגען, מיט נישט־אויסגעלעבטע דראַנגען און נישט־געשטילטע פאַרלאַנגען. נישט איינמאָל האָט זי וועגן דעם גערעדט מיט ווייטאָג. איר איידל האַרץ איז געווען פילבאַר אויפן מינדעסטן מענטשלעכן צער און דערביי האָט זי געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר מענטשלעכע חסרונות און תמיד מיט מילדקייט זיי פאַרענטפערט.

אין אויגוסט 1942 איז זי אַוועק צוזאַמען מיט אירע עלטערן אויפן וועג וואָס האָט געפירט קיין טרעמבלינקע.



# אשר קרופניק

מיטן נאָמען אשר קרופניק, מישן זיך אויף די ערשטע בלעטלעך פון דער אַנטשטייאונג פון דער ציוניסטישער אַרבייטס פּאַרטיי "התאחדות" אין רעמ־בערטאָוו.

אשר קרופניק איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר און פּאָרזיצער פון "התאחדות" אין רעמבערטאָוו, ער האָט אָנגעשטעקט מיט זיין אידעאַליסטישן ברען די רעמ־בערטאָווער יוגנט, אַרבעטנדיקע און אינטעליגענץ און אָנגעצונדן אין זיי דאָס פייער פון חלוציזם, מיט פרומער דביקות אין דער אידעע פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי "התאחדות".

קיין רעדנער איז ער נישט געווען, ווייל ער איז אין דער נאַטור געווען אַ באַשיידענער און צוריקגעצויגענער. ער האָט נישט געהאַט די אייגנשאַפטן פון קיין מנהיג און טאָן־געבער. זיין גאַנצע פּאַרטיי אַגיטאַציע איז באַשטאַנען אין לאָגישער אויפקלערונג דורך דברים היוצאים מן הלב.

גאָר אַקטיוו איז ער אויך ווען עס ווערן שפּעטער מיט זיין מיטהילף, געגרינדעט די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס "ויתקיניה" און "גורדוניה". קוקענדיק אויף די יוגנטלעכע אין די סקויטישע מונדירן, ווערט זיין האַרץ איבערפולט מיט פרייד און שטאָלץ ווער שמועסט נאָך, ווען די יוגנטליכע האָבן גענומען זינגען כאָראַל אַ בענקענדיק ציון־־ליד אין עברית, דאַן האָט דאָס געזאַנג פאַר אים געקלונגען ווי אַ סימפאָניע פון תחיית האומה.

אשר קרופּניק איז געווען דורכגענומען מיט אַ פּאַנאַטישער פרומקייט פאַר זיין פּאַרטיי. אַלס ביישפּיל וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן פאָלגנדן עפּיזאָד:

נאָך דער שריפה פון ערשטן געדונגענעם לאָקאַל, האָט די "התאחדות" אָרגאַ־ניזאַציע באַשלאָסן אויפצובויען אויפן פּלאַץ פון מאָטל יעלען אַן אייגענעם בנין.

צו דער דערעפנונג פון לאָקאַל אין אייגענעם הויז איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכע חנוכת־הבית. עס זענען געקומען ספּעציעל־איינגעלאַדענע געסט פון וואַרשע. דער זאַל אַ פיין דעקאָרירטער, איז געווען איבערפולט פון פּאַרטיי־חברים, די יוגנט אין די מונדירן, די בינע אויסגעפּוצט מיט פענער. אשר קרופּניק האָט דערעפנט די פייערונג.

אין דער זעלבער מינוט ווי ער האָט נאָר באַוויזן אַרויסצוזאָגן די ערשטע ווערטער, האָט זיך געעפנט די טיר, און מען האָט אַריינגעברענגט אין זאַל אַ גרויס בילד פון א. ד. גאָרדאָן, וואָס מען האָט ספּעציעל באַשטעלט אין וואַרשע. דערזעענדיק ווי מען טראָגט דאָס בילד אַרויף אויף דער בינע, ווערט אשר קרופּניק אַרומגעכאַפּט מיט אַן ענטוזיאַזם און פאַלט אַריין אין אויסערגעוויינ־לעכן עקסטאַז, נעמט שרייען: "חברים, אָט דאָ ברענגט מען!... אָט דאָ טראָגט מען!... אונדזער אהרן דוד גאָרדאָן!..." עטלעכע פון די זיצנדיקע אין פּרעזידיום זענען צו אים צוגעלאָפן, האָבן מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט באַקומען קיין האַרץ־אַטאַק, אים געגומען באַרואיקן... עס האָט דאַן גענומען אַ לאַנגע צייט, ב״ז ער איז געקומען צו זיך.

פאַר אשר קרופּניק איז די "התאחדות" און די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס געווען די קראַפט וואָס וועט ברענגען די גאולה פאַרן יידישן פאָלק און דאָס איז געווען דער אינהאַלט פון זיין לעבן.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן די פאַרוואַלטונג פון דער "התאחדות", וועלכע האָבן בלב ובנפש מיטגעווירקט, אַז "התאחדות" זאָל ווערן די גרעסטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין רעמבערטאָוו.

די פאַרוואַלטונג פון "התאחדות" איז באַשטאַנען פון: דודטשע ביטער, מאיר יעלען, יאַנקל רובין, אברהם בלאַכמאַן, מאיר ביטער, יחיאל יעלען און וואָווע יעלען.

די פאַרוואַלטונג פון "ויתקיניה": רבקה טענענבוים, יהושע קאָווערבלום, יאַנקל קאָווערבלום, שמואליק רובין, מאַניעק רובין, מאַלע גאָלדשטיין א. א..

די לייטונג פון "גורדוניה" איז באַשטאַנען פון: שרה פייגע שאַפּשיק, פאָלע מיינעמער, מאַניעק בראַנדעס, בלאַוואַטניק, גיטל דיסטעלמאַן און בלומע מיינעמער (לעבט אין ישראל).

ז׳ אלול פון יאָר 1942 איז אשר קרופּניק צוזאַמען מיט די אַלע דאָ אויבנ־דערמאָנטע פאַרוואַלטונגס מיטגלידער פון "התאחדות", "ויתקיניה" און "גורדוניה" אַרויסגעפירט געוואָרן דורך די מערדערישע היטלעריסטן נאָך טרעמבלינקע (אויסער רבקה טענענבוים, וועלכע איז פריער נאָך דערשאָסן געוואָרן דורך אַ דייטשן באַנדיט אין לוצק).



# אריה זילבערבערג

אין דראַמקרייז "בליאונג" האָט אריה זילבערבערג פאַרנומען אַ גאַר אַנגעזען אָרט, איז געווען אַקטיוו ביי אַלע צוגרייטונגען און איז צו יעדער אויפפירונג צוגעטראָטן מיט דער גאַנצער התלהבות. אינטעליגענץ און טאַלאַנט זענען ביי אים געגאַנגען צוזאַמען און דערפאַר איז זיין אָנטייל תמיד געווען פון גרויסן באַדייט, האָט געבראַנגט כבוד דעם דראַמקרייז. ער האָט זיין יעדע ראָל געשפּילט איבערצייגנדיק, האָט זי טיף איבערגעלעבט און גערירט די צושויער. דערביי האָט ער געהאַט אַ פיינעם חוש פאַר דער טעאַטער־קונסט אין יעדער אויפטריט זיינער האָט פאַרשאַפט די צושויער גייסטיקן גענוס. מען האָט וועגן אים גערעדט נישט בלויז אין רעמבערטאָוו נאָר אויך אין די אַנדערע שטעטלעך, פון וואַנען מען פלעגט קומען אויף אונדזערע פאָרשטעלונגען.

מען דאַרף געדענקען, אַז יעדע אויפפירונג איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס אָנשטרענגונג, גייסטיק און פיזיש. מען האָט געדאַרפט אַריינלייגן אַ סך אַרבעט, וועלכע איז אָפּטמאָל געווען איבער די כוחות. עס איז אַזוי אויסגעקומען, אַז דער גרעסטער טייל פון די דראַמקרייזלער איז תמיד געווען באַשעפטיקט, יעדער ביי זיין אַרבעט, וואָס דאָס איז נישט געווען קיין מילתא דשכיחא צווישן דער רעמבערטאָווער יוגנט, וועלכע איז אָפט געווען אַרבעטסלאָז. דאָך האָט יעדער זיין פרייע צייט אָפּגעגעבן דער טעטיקייט אין דראַמקרייז. אריה זילבערבערג האָט פונקט ווי זיינע חברים: יצחק שאפשיק, לייבל אליוועגשטיין, רוזשקע קירשמאַן, ישראלקע וועגדריגער, אליעזר פוקס, חנה שטיינמאַן, שמעון קירשמאַן און בערל וועגדריגער — געאַרבעט אין וואַרשע. אין רעמבערטאָוו גופא זענען אויך געווען באַשעפטיקט סטאַביל, יעדער ביי זיין אַרבעט די אַנדערע דראַמ־קרייזלער: אהרון פוקס רייזל ראָזנבלום, משה שטיינמאַן און מנשה שולשטיין.

רעמבערטאָווער דראַמקרייז איז געווען געבענטשט מיט אַ האַרמאָנישן

אַנסאַמבל, וועלכן עס האָט פּאַראײניקט דער פלאַמיקער אידעאַליזם און קרבנות גרייטקייט. עס איז געווען אַ גרויסע איבערלעבעניש צו אָבסערווירן זייער פרייד פון מיטשאַפן, זייער שטאָלץ מיט יעדער דערגרייכונג, מיט יעדן נייעם אויפטו. עס איז געווען די איבערצייגונג אין דער וויכטיקייט פון זייער אַרבעט און אין דעם באַוווסטזיין, אַז דאָס איז אַ גרויסער ציל, וואָס גיט אינהאַלט דעם לעבן.

אריה זילבערבערג איז געווען אַ ליכטיקע געשטאַלט, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דער ציל פון טעאַטער איז צו ברענגען דערהויבנקייט אינעם לעבן פון פּשוטן פאָלקס־מענטש, אַנטוויקלען זיין אינטעליגענץ און ברענגען פרייד דער יידישער באַפעלקערונג.

אריה צוזאַמען מיט זיין פרוי זענען אין דעם טרויעריקן ז׳ אלול אַרויסגעפירט געוואָרן נאָך טרעמבלינקע ווו זיי זענען צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן אומגעבררענגט געוואָרן.



## משה זילבערבערג

תמימותדיק און פאַרחלומט איז ער געקומען אין דעם רעמבערטאָווער דראַמ־קרייז "בליאונג" און ווען ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס סופלאָר, האָט ער אין דער אַרבעט זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן ברען, ממש מיט פאַנאַטישער התלהבות. ער האָט אפשר געחלומט פון שפּילן אין דראַמקרייז, אָבער עס האָט אים געשטערט דער מום, די קרומע פּלייצע, מיט וועלכע ער איז געבוירן געוואָרן. ער האָט שווער געליטן פון זיין פעלער, אָבער באַמיט זיך צו באַהאַלטן דעם אומעט טיף אין זיך און פאַר דער וועלט האָט ער שטענדיק געוויזן אַ פריילעך פּנים און ער האָט ווירקלעך אַנטוויקלט אין זיך אַ שטאַרקן אָפּטימיזם, האָט ליב

געהאַט די יידישע קולטור, דאָס יידישע וואָרט און די ליבשאַפט האָט געשלאָגן פון אים ווי פון אַ קוואַל.

דער דראַמקרייז האָט געהאַט אַ סך צו פאַרדאַנקען משה זילבערבערגן, וואָס האָט אַ סך געטון פאַר אַנטוויקלען דעם טעאַטער־חוש צווישן יוגנט און דער־וואַקסענע. אַלס סופלאָר איז ער געווען די בריק צווישן שוישפּילער און צושויער. גלייכצייטיק האָט ער אַדאַנק זיין שאַרפזין און אָבסערוואַציע־פעאיקייט געקענט אַ סך מיטהעלפן ביים דורכפירן בינע־אויפפירונגען. ער האָט דערביי אַרויס־געוויזן איידעלע אַמביציעס און טעמפּעראַמענט.

פון פאַך איז ער געווען אַ שניידער און געאַרבעט בשותפות מיט זיין פאָטער ר׳ ישעיה אין אייגענעם שניידער־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פּראָנט־געוועלב. נישט איין מאָל איז משה געשטערט געוואָרן אין זיין אַרבעט דורך די דראַמקרייזלער, וועלכע פלעגן אים אָפט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט פרעגן עצות, אַרומרעדן ענינים אין שייכות מיט זייערע ראָלן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך שטאַרק איבערגענומען און געאַרבעט איבער זיי מיט גרויס דביקות. דאָס האָט געדעדט צו משה׳ס האַרצן און ער האָט צו יעדן איינציקן געהאַט אויסער־געוויינלעכן געדולד, נישט דערלאָזט אַז עמיצן זאָל זיך דאַכטן, אַז ער שטערט אים אין דער אַרבעט. מיט זיין חכמה און טאַקט האָט ער זיך דערוואָרבן גרויס פאַרערונג צווישן די יוגנטלעכע און יעדן געגעבן אַ חברישע עצה, אַן אָנווייזונג און אַלע האָבן זיך גערעכנט מיט זיין מיינונג, וועלכע איז אַרויסגעקומען ביי אים דורכגעטראַכט.

אַ באַזונדערן טאַלאַנט האָט ער געהאַט צוזאַמענצושטעלן פאַר יעדער טעאַטער־אויפפירונג די גאַרדעראָב פאַר יעדן אָנטיילנעמער. אהרן פוקס, וועלכער פלעגט אויסבאָרגן צו יעדער פאָרשטעלונג גאַנצע זעק מיט מלבושים פאַרן טעאַטער, ביי דער אַלמנה פון אַ באַקאַנטן יידישן אַקטיאָר אין וואַרשע, האָט פריער גענומען די רשימה ביי משה זילבערבערג, וועלכער האָט אים אויסגערעכנט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט יעדן דעטאַל פון דער גאַרדעראָב, וואָס איז נויטיק געווען פאַר דער פאָרשטעלונג. עס איז ממש געווען צו באַוווּנדערן זיין אינוועניק ביים צופּאַסן די מלבושים פאַר די פאַרשידענע ראָלן, פאַר חסידים, רבנים, אויפ־געקומענע גבירים און סתם שיינע יידן, פאַר מחותנתטעס און כלה־מיידלעך פאַר פּראָסטע יונגען און פאַר מלמדים, פאַר בדחנים און שדכנים, פאַר פּריצים, זשאַנדאַרן, פאַר לצים א.א.

דערביי איז ער געווען אויסערגעוויינלעך דיסציפּלינירט. צו די פּראָבן איז ער שטענדיק געקומען דער ערשטער און חברה פלעגן זיך וויצלען, אַז ער איז תמיד גרייט מיטן "מחזור" אָנצוהייבן דאָס "זאָגן"...

שטיל, פליסטערנדיק האָט משה סופלירט זיצנדיק אין זיין סופלאָר בודקע, אָבער גאַנץ אָפט האָבן ביי אים אויך געאַרבעט די הענט, דער ווייז־פינגער, מיט וועלכן ער האָט דעם דראַמקרייזלער אָנגעוויזן די רעפליק און ווו ער דאַרף שטיין, ווען אַוועקגיין א. א. וו.

נישט געקוקט אויף זיין פיזישן פעלער האָט פון אים עמאַנירט מיט גייסטיקער שיינקייט און דאָס האָט אַרויסגעפילט זיין פרוי, חנהטשע אַ סימפּאַטישע און אינטעליגענטע פרוי, וועלכע האָט אים ליב געהאַט פון גאַנצן האַרצן, האָט איבגעבוירן צוויי ליכטיקע שיינע קינדערלעך: דאָרא און ישראלקע.

די גאַנצע משפחה איז צוזאַמען מיט אַלע אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין טרעב־לינקע, ווו זיי זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן דערמאָרדעט געוואָרן.



## שמעון קירשמאַן

ער האָט געהערט צו די אַקטיווע מיטגלידער פון דער רעמבערטאָווער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק. אַ הויך־געוויקסיקער, אַ שלאַנקער און אליוו־ברוין פּנים, וואָס האָט אָפט געשמייכלט און אויסגעדריקט איינגעבוירענע אינטעליגענץ. דערצו האָט ער געהאַט אַ רייכע דערפאַרונג אין אַדמיניסטראַטיווע ענינים און האָט זיך באַמיט צו ברענגען נוצן מיט זיין וויסן און דערפאַרונג דער ביבליאָטעק.

ווי אַ קינד האָט ער זיך געפרייט מיט יעדן ניי־איינגעקויפטן בוך, וואָס איז צוגעקומען אין דער ביבליאָטעק. גאָר שטאַרק האָט ער זיך אַנגאַזשירט אין רעמבערטאָווער דראַמקרייז ״בליאונג״ און יעדע אויפפירונג האָט אים פאַרשאַפט פיל פרייד.

כדי צו פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק און באַרייכערן זי מיט נייע ביכער, האָט די אָנפירונג איינגעאָרדנט פון צייט צו צייט בלימל־טעג און דאָ האָט שמעון זיך אַרויסגעוויזן מיט זיין גאַנצער איניציאַטיוו און איבערגעגעבנקייט. עס איז

נישט געווען קיין איין אַקציע, ער זאָל זיך נישט אַנגאַזשירן. ער פלעגט מיט זיין פאַרטנערין באַזוכן די פאַרמעגלעכע שטובן און אין ערגעץ האָט מען אים נישט געקענט מעיז־פנים־זיין און תמיד אַריינגעוואָרפן אין דער פושקע אַ באַשטייערונג, וואָס זאָל זיין בכבודיק, ווייל פאַר שמעונען האָט מען געדאַרפט האַלטן פאַסאָן. זיין פושקע איז תמיד געווען פולער און שווערער פון אַנדערע מיט גרעסערע מטבעות.

ער איז געווען שפּאָרזאַם אין רייד און אויבנאויף האָט זיך געקענט שאַפן דער איינדרוק פון אַן אינדיווידואַליסט, וואָס גייט זיך זיין אויסגעטראָטענעם וועג און מישט זיך נישט אין קיין געזעלשאַפטלעכע ענינים. ערשט ווען מען האָט אים נעענטער דערקענט, האָט מען געזען פאַר זיך אַ מענטש מיט אַ שטאַרק אַנטוויקלטן חוש און להוט נאָך חברים, נאָך היימישקייט. ער אַליין איז געווען דורכגעדרונגען מיט ליבשאַפט צו מענטשן און די נעענטערע חברים האָבן אין אים געפילט אַ גוטן און טרייעם פריינט.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט ער געחלומט צו אַנטלויפן און ראַטעווען זיך און זיין משפחה פון די דייטשן אָבער ער האָט נישט באַוויזן.



## דאָבע לאה רובין

דאָבע לאה, די טאָכטער פון ר׳ שמואל רובין, האָט געהאַט דעם שטעל פון אַ פריצישער טאָכטער, זי האָט ליב געהאַט אויף אַ באַשיידענעם אופן אָנצוהאַלטן דעם שטאַט פון דער אַמאָליקער גבירישער היים, נישט קוקנדיק וואָס די געוועזענע גרויסע עסקים פון איר פאָטער, האָבן אין די לעצטע יאָרן פאַר דער מלחמה געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט. דאָבע לאהן איז שווער געווען זיך צו שיידן מיט דער געוועזענער גלאָריע. פאַר די אויגן איז איר שטענדיק געשטאַנען דאָס בילד, ווי ריזיקע טישן געגרייטע מיט כל טוב זענען אויסגעשטעלט אין זייער היים

פאַר די געסט, פאַרמעגלעכע סוחרים, וואָס זענען געווען איינגעלאַדן אויף היימישע און פייערלעכע מאָלצייטן, און אַלע האָבן נהנה־געווען פון ר׳ שמואל רובינס הכנסת־אורחים, וואָס ער האָט געפּראַוועט מיט אַ ברייטער גבירישער האַנט.

דאָבע־לאה האָט ליב געהאַט זיך צו קליידן אַנדערש, קעמען אַנדערש, אָבער אַלץ מיט טעם און נישט אויפּרייצנדיק.

זי איז געווען אַ הייסע ציוניסטין און איר ליבע צו ארץ־ישׂראל אויסגעדריקט אין מעשׂים, באַטייליקנדיק זיך אין אַלע אַקציעס לטובת דעם ישוב.

אין די בלימל־אַקציעס לטובת קרן־קימת האָט דאָבע־לאה געהאַט אַ חזקה צו נעמען דאָס ערשטע אָרט זאַמלענדיק די גרעסטע סומע. אַלס "סגולה", אַז די אייוורינער און די צוגעפאַרענע זאָלן וואָס מער שפּענדן אין איר זאַמל־פּושקע, פלעגט זי ביים אָנשטעקן דאָס בלימל אויפהויבן די ברעמען־וויעס און אירע גרויסע אויגן האָבן אַ בליץ־געטון מיט יידישן חן און מיידלשן כישוף, וועלכן קיינער האָט נישט געקענט ביישטיין. דער אידעאַל פון שיבת־ציון, פון אייגענער היים פאַרן יידישן פאָלק, פאַר יידישע זין און טעכטער, איז דאַן געוואָרן קלאָרער און מען האָט "פאַרשטאַנען", אַז מען קען נישט יוצא־זיין מיט אַריינוואַרפן אַ קליינע מטבע... דאָבע־לאהס אויגן האָבן אַלס אַנערקענונג זיך נאָך מער צעעפנט און איר פּנים האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

אַ צייט פאַר דער מלחמה פאָרט דאָבע־לאה מיט אַ באַזוך קיין פּאַריז צו איר ברודער הערשל און ערב דעם אויסברוך פון דער מלחמה 1939 קומט זי צוריק פון פּאַריז קיין רעמבערטאָוו מיטברענגענדיק מיט זיך פולע וואַליזן מיט פּאַריזער קליידלעך, בלוזקעלעך און קאָסטיומען, ווען זי פלעגט זיך באַווייזן אין גאַס אָנגעטאָן אין דער עלעגאַנטער קליידונג, איז ס׳שטעטל געלאָפן קוקן אויף וואונדער וואָס "פּאַריז־גנב" קען אַלץ אויסקלערן...

22 יאָר איז זי אַלט געווען ווען זי איז מיט אירע עלטערן, שוועסטער און ברידער אַוועק מיטן טראַנספּאָרט פון אויגוסט 1942 קיין טרעמבלינקע.



# שלמה שאול קלוגמאַן

ער איז געווען דעם רעמבערטאָווער ראש הקהל ר׳ מענדלס זון און פון דער גאַנצער משפחה קלוגמאַן איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט זשורנאַליסטיק, איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין וואַרשעווער ״מאָמענט״ און אין דער נאָכמיטאָג־צייטונג ״ראַדיאָ״, האָט געשריבן רעפּאָרטאַזשן, בילדער און פאַרצייכענונגען, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער לעבעדיקייט, שאַרפער אָבסערוואַציע־פעאיקייט און אינטערעסאַנטער טעמאַטיק, גענומען פון טאָג־טעגלעכן לעבן אין יידישן וואַרשע.

שלמה שאול קלוגמאַן איז געווען פילבאר אויף עוולות קעגן שוואַכע און אומבאַהאָלפענע און אין זיינע זשורנאַליסטישע אַרבעטן איז געקומען צום אויסדרוק דער פּראָטעסט קעגן כלערליי תקיפים, וואָס האָבן אין זייער געלט־און כבוד־גיריקייט אויסגענוצט די דערשלאָגנקייט פון די אָרעמע און שוואַכע. מיט זיין סארקאסטישער שפּראַך האָט ער דעמאַסקירט צביעות און פאַלשקייט פון מכלומרשטע בעלי־טובות. ער האָט מיט זיין שאַרף אויג אויפגעכאַפּט פּיקאַנטע מאָמענטן, פאַקטן און סצענעס, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס, וואָס דאַרף ווערן אויסגעבעסערט אין דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט.

פון זיין שטרענג־רעליגיעזער היים האָט ער מיטגענומען זיין התלהבות פאַר די אויפגאַבן, וועלכע ער האָט זיך געשטעלט אין זיין שעפערישער אַרבעט. זיין פאָטער האָט אים אַ סך געגעבן פון זיין לומדות און ברייט יידיש וויסן. אין די יונגע יאָרן האָט ער אַ סך געלערנט, זיין בקיאות און חריפות האָט אַרויסגערופן באַוווּנדערונג און מען האָט אים פאָרויסגעזאָגט דעם וועג פון אַן עילוי און גרויסן למדן.

אים איז אָבער געווען ענג אין די ד׳ אמות פון ישיבה און בית־המדרש. זיין

איינגעבוירענער טאַלאַנט האָט זיך געריסן צום אויסדרוק. אין אָנהייב האָט ער געשריבן באַהאַלטענערהייט, געשילדערט טיפן און געשטאַלטן פון זיין נאָענטער סביבה, האָט זיך דערמיט פאַרטרויט נאָר פאַר זיינע נאָענטסטע חברים.

מיט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן איבער זיך, אַ סך געלייענט, געשלונגען די ביכער פון דער יידישער און וועלט־ליטעראַטור. ער האָט געגלויבט אין דער וואָג פון זיין שרייבערישן טאַלאַנט און געוווּסט, אַז נעמענדיק אויף זיך די אויפגאַבע צו שרייבן, מוז ער פריער ענדערן עפּעס אין זיך און נאָכדעם איז אַנדערע. ער האָט פון זיך אַ סך געפאָדערט, געוואָלט וואָס מער אויסברייטערן און פאַרטיפן זיינע ידיעות, האָט געגלויבט, אַז דערמיט אַנטוויקלט ער אויך זיין טאַלאַנט וואָס בעסער און אינטערעסאַנטער אַרויסצוברענגען דעם אמת. מיט דער זעלבער התמדה, וואָס ער האָט פריער געלערנט גמרא, האָט ער דערנאָך געלערנט וועלטלעך וויסן און האָט דערפאַר נישט געהאַט קיין צייט אָפּצוגעבן זיך ברייטערע געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען, פאַרברענגט נאָר אין אַן ענגן קרייז פון די סאַמע נאָענטסטע, וועלכע האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר זיינע שטרעבונגען.

די מענטשן פון זיין קרייז האָבן גוט געקענט זיין ערלעכע איבערגעגעבנקייט צו פריינד, זיין צאַרטקייט און טיפן גלויבן אין מענטש, וואָס האָט אים אָפּט דערפירט ביז נאַיוויטעט. דערביי האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַ שאַרף אויג און אַ געזונטן חוש פאַר הומאָר. דאָס לערנען און לייענען האָט נישט געמינערט פון זיין שפּרודלדיקער לעבנסלוסטיקייט.

צוזאַמען מיט אַלע קדושים, זיין מוטער, ברודער, שוועסטער און צעצווייגטער משפחה איז ער אין יענעם פינצטערן טאָג פון 1942 אַוועק אויפן לעצטן וועג קיין טרעמבלינקע.

## רייזל ראָזנבלום

רייזל ראָזנבלום, אַ מיטלוווקסיקע, מיט אַ שפע פון חן און פשטות. די טונקל־שאַטינענע האָר גלאַט פאַרקעמט, מיט אַ שרונט. פון איר האַלטונג האָט געאָטעמט מיט מילדקייט און פריינדלעכקייט. די, וואָס האָבן זי געקענט פון דער נאָענט, האָבן געוווּסט ווי נאָענט עס איז איר דאָס פּראָבלעם פון מענטשלעכע נויטן און ראַנגלענישן פאַר עקזיסטענץ.

זי האָט געהערט צו די, וואָס האָבן געזוכט אַ וועג פאַר פאַרבעסערן דאָס לעבן פונעם אַרבעטס־מענטש. זי אַליין האָט אַלע יאָרן געאַרבעט אַלס שניידערין אין דער דאַמען־אַטעליע פון דער פרוי ראַבינערזאָן, וועלכע איז געווען אַ רעליגיעזע פרוי, אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס זי האָט גוט געקענט רייזלס אַנשויאונגען, האָט זי זיך באַצויגן צו איר מיט מאַמעשער האַרציקייט. זי האָט זיך אין דער שטוב געפילט ווי אַ משפחה־מיטגליד, באַקומען דאָרט פולן אויפהאַלט. רייזל האָט אָפּגעענטפערט מיט אויפריכטיקער דאַנקבאַרקייט, געשוינט זייערע רעליגיעזע געפילן און זיך גערעכנט אין דער שטוב מיט די יידישע דינים און מנהגים, נישט געפרוווט דעמאָנסטרירן אירע פרייע אַנשויאונגען.

אַן אַנדערע איז רייזל געווען אין איר פרייער צייט, ווען זי איז געקומען אין ביבליאָטעק, ווו זי האָט זיך געטראָפן מיט אירע חברים, מיט וועלכע ס'האָט זי פאַרבונדן דער אידעאַל פון קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן.

רייזל איז נישט געווען דאָגמאַטיש. אין די דיסקוסיעס האָט זי באַרירט די ספיקות, וואָס האָבן זיך אַריינגעגנבעט אין איר האַרצן, האָט געזוכט קלאָרקייט אינעם טומל פון פראַזן און שרייאיקע לאָזונגען. גלייכצייטיק האָט זי זיך עקשנות־דיק געקלאַמערט אין איר גלויבן אין אַ בעסערער וועלט, אין וועלכער עס וועלן נישט זיין קיין אונטערדריקונג און אויסנוצעריי.

איר האַרץ־אויסדערוויילטער איז געווען נפתלי וואגער, מיט וועלכן זי איז אַ סך יאָר אַרומגעגאַנגען, אָבער די שווערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָבן נישט דערמעגלעכט די צוויי יונגע מענטשן צו פאַרבינדן זיך און אויפבויען אַן אייגענע נעסט. ווער קען וויסן ווי גרויס עס זענען געווען זייערע יסורים? אָבער רייזל האָט עס פאַר קיינעם נישט אַרויסגעוויזן. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דראַמקרייז אויסגעפירט מיט דערפאָלג מאַמע־ראָלן און איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן דער דראַמקרייזלערישער טעטיקייט.

די מיטגלידער פונעם דראַמקרייז האָבן אין איר געזען אַ שוישפּילערישן כוח און אַן אויפריכטיקע פריינדין, וואָס איז גרייט צו געבן פון זיך דאָס בעסטע. זי איז געווען באַפריינדעט מיט אַלע, אפילו מיט פּאָליטישע קעגנער. עס איז געווע׳ אַ קעגנזייטיקער רעספּעקט און קעגנזייטיקע פריינדשאַפט.

איר רעוואָלוציאָנערע קעמפערישקייט איז געווען געמישט מיט סענטימענ־טאַלן מיטגעפיל צו ליידנדיקע. זי האָט געשלונגען די ביכער, אין וועלכע עס זענען געשילדערט די ליידן פון אָרעמע און דאָס לעבן פון יידישע רעוואָלוציאָנערן און האָט בעתן לייענען נישט געשעמט זיך צו לאָזן אַ טרער.

אַ קורצע צייט פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט רייזל געזאָגט צו איר געטרייער חברטע אסתר מאַיעווסקי־וואָסערציער: ״אסתר, עס דערנענטערט זיך די מלחמה. כ׳האָב מורא, אַז אונדזערע וועגן וועלן זיך צעשיידן. דערפאַר אָבער וועלן מיר נאָך דער מלחמה האָבן וואָס צו דערציילן איינע דער אַנדערער...״

ליידער האָט זי נישט דערלעבט דעם סוף פון דער מלחמה און נישט געקענט דערציילן אסתרן אירע איבערלעבענישן. זי איז אין די ערשטע מלחמה־טעג אַנטלאָפן צוזאַמען מיט איר חתן נפתלי וואַגער. זיי זענען געלאָפן אין דער ריכטונג פון מינסק־מאַזאָוויעצק. אויפן וועג זענען זיי באַפאַלן געוואָרן פון אַנפליענדיקע דייטשע עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידריק און געעפנט אַ פייער אויף די ציווילע פוסגייער. רייזל מיט נפתלין זענען געבליבן ליגן אַרומגענומענע אין אַ טייך בלוט.



## שמואליק רובין

ער איז געווען דער זון פון כּונעם שוישפּילער מלך רובין. מען האָט אים גערופן פּאַרצויגן, מיט ליבשאַפט: שמואליק.

דריי יאָר איז ער אַלט געווען, ווען זיינע עלטערן זענען אַוועק פון רעמבערטאָוו און געפאָרן קיין דאַנציג אָרגאַניזירן אַ יידיש טעאַטער. עס זענען פאַרביי צען יאָר, די מוטער איז געשטאָרבן און דער פאָטער איז צוריקגעקומען קיין רעמבער־

טאָוו, מיט פיר קינדער, דריי ייִנגלעך און אַ מיידל, איבערגעלאָזט זיי ביי זײַנע עלטערן אין ניי־רעמבערטאָוו און אַליין אַוועק שפּילן טעאַטער.     שמואליק, אַ דרייצן־יאָריק ייִנגל, האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל און אויף אַלעם, וואָס מען האָט אים געפרעגט אין ייִדיש, האָט ער געענטפערט אויף דייטש. ייִדן האָבן אים באַוווּנדערט: אַזאַ קליין ייִנגל און רעדט שוין אַזוי גוט דייטש. דערצו איז ער געווען מלא חן, מיט איידעלע מאַניערן. מען האָט אים דערפאַר מוחל געווען זיין נישט קענען קיין ייִדיש...

מיט דער צייט איז ער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע "וויתקיניה". ער האָט געהאַט גרויס דערפאָלג ביי די מיידלעך אין זיין עלטער, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן אינעם זיסן בחורל מיטן גאָלף־סוועטער, פּאַרמאַכט איבערן האַלדז, קורצע ספּאָרט־הויזן און לאַנגע ספּאָרט־זאָקן. אַלע האָבן זיך געריסן צו לערנען אים רעדן ייִדיש. עס האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און שמואליק האָט גערעדט ייִדיש ווי אַ וואַסער, אַ ריינעם ייִדיש. אָן דייטשמעריזמען.

שמואליק האָט ליב געקראָגן די אָרגאַניזאַציע און מיט זיין יונגן ברען אַריינגעוואָרפן זיך אין דער אַרבעט, האָט גענומען אויף זיך פאַרשידענע אויפגאַבן, איז געוואָרן אויסגעוויילט אין דער פאַרוואַלטונג.

ער האָט זיך גיך אַרויסגעוויזן מיט זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן, מיט זיין געזונטער לאָגיק און שאַרפן פאַרשטאַנד. אים איז געלונגען צו ווערבירן נייע מיטגלידער, געהאָלפן שאַפן אַ דראַמקרייז און איז געווען די נשמה פון אַלע אָרגאַניזירטע אויספלוגן. דאָס זענען געווען לאַנגע מאַרשן צופוס, אַזש ביז פאַלעניץ, אַ מרחק פון איבער דרייסיק קילאָמעטער.

באַשאַנקען מיט אַ שיינער שטים איז שמואליק אויך אויפגעטראָטן אויף די קאָנצערטן פון דער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געזונגען ייִדישע פאָלקס־לידער, וועלכע ער האָט געהערט פון זיין פאָטער, ווען ער האָט אין דאַנציק געגרייט זיך צו די טעאַטער־אויפטריטן. ער האָט די פאָלקסטימלעכע לידער געזונגען זייער האַרציק און אַרויסגערופן די התפעלות פון עולם.

ער איז ביים אויסברוך פון דער מלחמה אַנטלאָפן נאָך ביאַליסטאָק אָבער ביזן היינטיקן טאָג ווייסט נישט קיינער וואָס מיט אים איז געשען. פאַרפאַלן געוואָרן ווי אַ שטיין אין וואַסער.

## חוה׳טשע יעלען

חוה״טשע יעלען איז געווען די מפקדת פון דער רעוויזיאָניסטישער יוגנט־אָרג. ״בית״ר״ אין רעמבערטאָוו. פיל מיט יונגער גלויביקייט איז זי געווען איבערגעגעבן מיט דער גאַנצער נשמה דער אויפגאַבע, וואָס איז איר געוואָרן אָנפאַרטרויט און זי האָט מדריך געווען די יוגנטלעכע בית״ריסטן אין גייסט פון שטאָלצער קעמפער־רישקייט, מיליטערישער דיסציפּלין און גרויסער ליבשאַפט צום אייגענעם פאָטער־לאַנד. זיי צוגעגרייט צו קרבנות־גרייטקייט אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד.

עס וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז חוה׳טשע איז פעאיק פאַר אַ מפקדת אין ״בית״ר״. גיכער וואָלט מען געזאָגט, אַז זי איז מער צוגעפּאַסט צו זיין אַ צניעותדיקע דערציערין אין אַ מיידל־שול. איר יידישער חן, איידעלע שטריכן און יידיש־אָראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי אויך איר צאַרטע באַנעמונג און איר שטיל רעדן האָבן אַרויסגערופן די פאָרשטעלונג פון אַ דערציערין וואָס לערנט אַריסטאָ־קראַטישע מאַניערן און איידעלע מידות. אַזאַ איז זי טאַקע געווען אין איר מהות און די פּרינציפּן האָט זי אָפּגעהיטן אויך אַלס אינסטרוקטאָרין, לערנענדיק די בית״רישע גרופּן מיליטערישע צוגרייטונג, צו קענען קעמפן מיט געווער אין האַנט פאַר דער באַפרייאונג פון ארץ־ישראל.

יעדן 11־טן נאָוועמבער, ווען פּוילן האָט געפייערט דעם יום־טוב פון מלוכהשער אומאָפּהענגיקייט, איז אין רעמבערטאָוו פאָרגעקומען אַ דעפילאַדע פון אָרטיקן מיליטערישן גאַרניזאָן. די דעפילאַדע האָט דורכמאַרשירט דורך אַ ספּעציעל־אויפגעשטעלטער טריבונע און די אָפּנעמער פון דער דעפילאַדע זענען געווען דער פּולקאָווניק פון דער אָרטיקער מיליטערישער אָפיצירן־שול און אַנדערע הויכע אָפיצירן.

בעת דער דעפילאַדע האָבן אין אַ באַזונדערער ריי אויך מאַרשירט די יידישע קאָמבאַטאַנטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען יידישע אָפיצירן ווי פעפער, רויער א. א., וועלכע זענען געווען מיטגלידער פון דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. נאָך זיי, אין אַ באַזונדערער ריי, האָבן מאַרשירט די אָרטיקע בית״ריסטן אונטער דער אָנפירונג פון חוה׳טשע יעלען.

חוה׳טשע, וועלכע איז געגאַנגען פאָרויס, אָנגעטון אין אַ רעוויזיאָניסטישן מונדיר, אויפן קאָפּ אַן אָפיצירן־היטל פון דער בית״ר־אָרגאַניזאַציע און פון איר בלוזע האָט אַראָפּגעפינקלט אַ זילבערנער שנור, האָט מיט איר שטאָלצן און פאַריסענעם קאָפּ אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינלעכע התפעלות אין שטעטל. יידן האָבן געזאָגט, אַז עס איז משיחס צייטן און ווייבער האָבן געווישט אַ טרער פון גרויס געריגטקייט.

די רעמבערטאָווער פּאָליאַקן האָט דאָס אָבער געשטאָכן אין די אויגן. זיי האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן, אַז יידן זאָלן גיין מיט אויפגעהויבענע קעפּ און מוסטער־האַפּט מאַרשירן אין מיליטערישער אָרדנונג. פלעגן זיי מיט חוזק נאָכשרייען: "זשידאָווסקע וואָיסקאָ!" "איי וויי טאַטעלע!" און נאָך אַזעלכע מיני עפּיטעטן.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט וועט כדאי זיין איבערצוגעבן פאָלגענדן עפּיזאָד, וואָס מיר איז אויסגעקומען אין יאָר 1957, נאָך דער סיני־אַקציע, אָנצוטרעפן זיך בעת מיין זיין אין לאָנדאָן.

אין אַ געוויסן טאָג בין איך געזעסן אין אַ לאָנדאָנער קאַפע מיטן געוו. וואַרשעווער געטאָ־קעמפער און שפּעטער לאָנדאָנער כלל־טוער און פּאַרזיצער פון "יוו"אָ", ה' זילבערבערג, און בעת אונדזער שמועס איז אין קאַפע אַריינגעקומען דער פּוילישער גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן אויפשטאַנד אין וואַרשע. היות ווי ער האָט זיך געקענט מיט זילבערבערגן, איז ער צוגעקומען און זיך צוגעזעצט צו אונדזער טיש. נישט דאָ איז דאָס אָרט איבערצוגעבן דעם גאַנצן געשפּרעך, אָבער עס וועט זיין טשעקאַווע צו דערציילן ווי אַזוי גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי האָט זיך דעמאָלט אויסגעדריקט וועגן ישראל. איך ציטיר דאָ זיינע ווערטער:

"עס איז נישט צו פאַרשטיין, יידן האָבן אַן אייגענע מלוכה, אַ שטאַרקע אַרמיי, אַמבאַסאַדאָרן, דיפּלאָמאַטן, און מיר, פּאָליאַקן, זענען אין גלות!".

פאַר מיר זענען דעמאָלט אויפגעשוווּמען די בילדער, ווי די פּאָליאַקן האָבן געחוזקט פון דער יידישער מיליטערישער יוגנט און עס האָט זיך מיר אין יענעם מאָמענט געוואָלט אויסשרייען אים גלייך אין פּנים אַריין:

"איי וויי, קאָמאָראָווסקעלע!"

חוה'טשע יעלען האָט געטיילט דעם גורל צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן. אין עלטער פון 22 יאָר איז זי צוזאַמען מיט די עלטערן, ברידער און שוועסטער אָפּגעפירט געוואָרן אין טרעמבלינקע.



# אנשל קלוגמאן

"אבני ביתו של אדם וקורות ביתו של אדם מעידים בו"
(תענית י"א, א')

ר' מענדל קלוגמאַנס זון, אַנשל, האָט זיך אויסגעטיילט פון זיין יחוסדיקן ארום איז נישט געפּאָרן צו קיין רבין, אָבער זיין גייסטיקע פיזיאָנאָמיע האָט געטראָגן אין זיך די שפּורן פון דער חסידישער היים און דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין זיין טאָג־טעגלעכער התנהגות.

ער האָט געהערט צו די אַקטיווע טוער פון "מזרחי" אין שטעטל. די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אידעאָלאָגיע איז געווען אַ טייל פון זיין אינעווייניקסטן מהות און ער האָט פאַרשטאַנען עס צו באַרעכטיקן לאָגיש און פאַרשטענדלעך.

אין שטעטל האָט מען אים ליב געהאַט פאַר זיין איידלקייט, העפלעכער באַציאונג און געדולד צוצוהערן זיך צו יעדן איינעמס טענות און אפילו ווען זיי זענען געווען געוואָנדן צו אים האָט ער נישט פאַרלוירן זיין גוטמוטיקן שמייכל, וואָס האָט געמילדערט יענעמס פאַרדרוס. ביים גיין אין גאַס האָט ער ליב געהאַט זיך אונטערצוברומען אַ ניגונדל, וואָס האָט אים געהאָלפן פאַרטיפן זיך אין זיינע מחשבות.

אַנשל האָט פאַרמאָגט אַ סך וועלטלעך וויסן, אָבער קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו לערנען אַ בלאַט גמרא, מעיין זיין אין אַ ספר. זיין רייך וועלטלעך יידיש וויסן האָט אים נישט געשטערט אין זיין חברן זיך אפילו מיט פּראָסטע בחורים. ער האָט פון זיין וויסן נישט געמאַכט קיין ווענז, אָבער אין די שמועסן און דיסקוסיעס מיט אידעאָלאָגישע קעגנער האָט ער מיט זיין רייכן באַגאַזש אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ און אפילו די קעגנער האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זיינע קלוגע רייד און טיפזיניקע געדאַנקען.

אַנשל וועלכער האָט אַלע יאָרן געשטרעבט עולה צו זיין, האָט נישט זוכה געווען צו דער גלעקלעכער רגע, און צוזאַמען מיט זיין גרויסער פאַרצווייגטער משפחה אומגעקומען אין טרעמבלינקע.



# משה
# עפשטיין

ער האָט זיך גערעכנט פאַרן עלטסטן באַלעבאָס אין רעמבערטאָוו, דער עלטסטער שליח ציבור, אין וועלכן מען האָט געזען אַן אידעאַל. אין זיין התנהגות איז געקומען צום אויסדרוק זיין גרויסע ערלעכקייט אויך אין ענינים פון בין אדם לחברו. ער האָט געהערט צו די זעלטנסטע געשטאַלטן אין שטעטל, האָט דערמאָנט אינעם ווערטל פונעם צדיק ר׳ לייב שרהס: "איך בין נישט געפאָרן צום רבין ר׳ בער, דעם מעזריטשער מגיד, כדי צו לערנען ביי אים תורה, נאָר צו זען ווי אַזוי ער פאַרבינדט זיך די שיך". ר׳ משה עפשטיינס התנהגות יעדן טאָג אין יאָר, איז געווען זייער באַלערנדיק.

ר׳ משה עפשטיין איז געווען אַ בעקעריי־אייגנטימער און האָט זיך נוהג געווען אויפצונעמען יעדן שבת אינדערפרי ביי זיך אין הויז די יידן פאַרן גיין דאַווענען אין בית המדרש, פאַרן זאָגן תהילים בצוותא. דעם דאָזיקן מנהג האָט ער אָפּגעהיטן לאַנגע יאָרן און עס פלעגן קומען צו אים די שענסטע באַלעבאַטים פון שטעטל, האָבן דאָרט געטרונקען אַ גלאָז הייסע שוואַרצע קאַווע אָדער טיי וואָס איינער האָט געוואָלט. ר׳ משהס ווייב, די פרומע צביה, האָט זיך באַטייליקט אין דער מצווה, האָט צוגעגרייט און אַלעמען דערלאַנגט צו טרינקען.

ר׳ משה האָט אויך געזאָרגט אַריינצוציען אינעם קרייז תהילים־זאָגער וואָס מער מענטשן און אויך אַזעלכע, וועלכע זענען געווען ווייט דערפון. ער האָט תמיד געפונען דעם נויטיקן טעם איבערצוצייגן די מענטשן ווי גרויס עס איז דער ענין פון תהילים־זאָגן. ער האָט אָנגעשטעקט די מענטשן מיט זיין התלהבות, מיט זיין דורכגענומענעם ציטער פון קדושה. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אומגעהויערע פאַרדינסטן פאַרן פאַרטיפן דאָס יידישע לעבן אין שטעטל, אויסברייטערן די פאַרשידענע אופנים פון אַריינציען די מענטשן אין פרומער התנהגות און געבן אַ תוכן אויך די מענטשן, וואָס אין זייער פראָסט־

קייט איז זיי שווער געווען צו באַנעמען די גרויסקייט פון אַ מצווה. ער האָט אַ סך געטון פאַרן פאַרשטאַרקן און פאַרגרעסערן דאָס געבן צדקה. זיין כוח אויפ־צוקלערן איז געווען פון אַ באַזונדערער קוואַליטעט, וואָס האָט איבערצייגט קודם־כל מיט דער ערלעכקייט, ווייל ר׳ משה איז געווען נישט בלויז אַ נאה דורש נאָר אויך אַ נאה מקיים.

ר׳ משה און זיין ווייב צביה איז באַשערט געווען דורכצולעבן אַ שווערע טראַגעדיע זייער איינציקער זון עוזר איז אַמאָל געשטאַנען אין ניי־רעמבערטאָוו און צוגעקוקט זיך ווי מען לערנט זיך שיסן אין אַ ציל־ברעט מיט שפּיציקע אייזנדלעך, ווי מיט קוילן. ער איז געשטאַנען נאָענט פונעם ציל־ברעט און איינער פון די שקצים האָט אנשטאָט אינעם ציל־ברעט געצילט עוזרן אין קאָפּ און ער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, צי דאָס איז געווען צוליב אומפאָרזיכטיקייט, אָדער דער שקץ האָט געהאַט די כוונה צו טרעפן דעם יידישן בחור.

דאָס שווערע אומגליק האָט ר׳ משהן מיט זיין ווייב פולשטענדיק צעבראָכן. נאָך אַ געוויסער צייט האָבן זיי באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן און זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

ר׳ משה איז נפטר געוואָרן אין ישראל בשיבה טובה, דערגרייכט אַן עלטער פון קרוב צו הונדערט יאָר. אויך זיין ווייב צביה איז געשטאָרבן אין ישראל אין טיפן עלטער.

## מנשה שולשטיין

זיין מאָגער פּנים האָט דערציילט וועגן שטרייקן און תפיסות. פון זיינע טונקעלע אויגן, ווי פון זיין גאַנצער געשטאַלט האָט עס געשלאָגן מיט טענות צו דער וועלט, צום לעבן, הלמאי די זון שיינט נישט פאַר אַלעמען גלייך.

ווי אַ מיטגליד פונעם דראַמקרייז האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין איבער־געגעבנקייט און ליבשאַפט צו שפּילן טעאַטער. ער האָט תמיד אויסגעפירט די ראָל פון א רבין, אַ גוטן ייד אָדער סתם אַ גוטן זיידן און אים איז געלונגען אַרויס־צוברענגען אין זיינע אויפטריטן דאָס מיסטישע און גלייכצייטיק דאָס טעאַטראַלישע אין די חסידישע געשטאַלטן.

ער איז געבליבן אין זכרון ווי ער שטייט אויף דער בינע, גרימירט און אָנגעטון אין חסידישן לבוש, מיט אַ הדרת־פּנימדיקער באָרד. ער האָט אין דער

ראַל געאָטעמט מיט עולמות העליונים און איז אָפּטמאָל דערגאַנגען צו אַ קינסט־לערישער הויך און דאָס האָט געווירקט אויפן פובליקום, וואָס האָט אים תמיד באַשאָנקען מיט וואַרעמע אַפּלאָדיסמענטן.

די וואַרעמע אָפּלאָדיסמענטן האָבן אָבער נישט באַוויזן צו דערוואַרעמען זיין נשמה און ווען ער איז אַראָפּ פון דער בינע, איז ער ווידער געווען פאַרזאָרגט און שוויגנדיק. אין זיין דערשלאָגנקייט האָט אויך געהאַט אַ גרויס חלק דאָס וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין מזל צום שיינעם מין און ער האָט טאַקע נישט באַוויזן אויפצושטעלן אַ פאַמיליע־לעבן.

צוזאַמען מיט זיין פעטער און מומע, איז ער אַוועק מיטן טראַנספּאָרט קיין טרעמבלינקע.



## ריווטשע רובין

ריווטשע איז געווען אַ טיפּ פון אַ טרוימערין און אין דער זעלבער צייט אַ שעמעוודיקע. צוויי אייגנשאַפטן, וועלכע האָבן זיך געפּאַסט פאַר די אַמאָליקע רבישע צניעותדיקע טעכטער, אָבער לויט אירע מעלות איז זי געווען: "נאָך העכער"...

די וואָס האָבן ריווטשען געקענט פון דער נאָענט, האָבן געוווּסט, אַז דאָס מיידל איז געבענטשט מיט אַ שפע פון ליבע צו מענטשן און גוואַלדיקן דראַנג צו טון מענטשן גוטס. זי איז געווען אויפריכטיק, האַרציק, מיט נאַטירלעכער באַ־שיידנקייט, דורכגעדרונגען מיט רחמנות צו עלנטע און אומגליקלעכע און האָט דאָס געפאָדערט אויך פון אַנדערע. ריווטשע האָט נישט בלויז געדרשנט נאָר אַליין אויך מקיים געווען דאָס, וואָס זי האָט געמאָנט פון אַנדערע.

זי האָט זיך אַלע יאָרן אַרומגעטראָגן מיט אַ טיפער בענקשאַפט אין האַרץ און איר טרוימערישקייט האָט דערפאַר אָנגענומען דעם ניואַנס פון עצבות. אָבער מיטן מאָמענט ווען זי האָט געהאַט אַ געלעגנהייט עמעצן צו העלפן פלעגט זי ממש אויפשיינען מיט פרייד.

ריוועשע איז אַלט געווען 19 יאָר, ווען זי איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע עלטערן ברודער און איר יינגער שוועסטערל סאַלטשע.

## מענדל ליטוואַק

מענדל ליטוואַק, איז געווען דער איין־און־איינציקער בונדיסט אין רעמבער־טאָוו, געשטורעמט קעגן אויסנוצער און קעגן קליינבירגערטום, כאָטש אַליין האָט ער זיין חיונה געצויגן פון אַ ״קליינבירגערלעך״ שפייז געוועלבל, וואָס ער האָט געהאַט אויף דער אַרטילעריסקע־גאַס אין הויז פון יצחק שולשטיין, אָדער ווי מען האָט אים גערופן יצחק שיסטער.

מענדל האָט גערעדט אַ פאַרצויגענעם ליטווישן יידיש מיט עפּעס אַ באַזונדערן דיאַלעקט. זייענדיק אָנגעלייענט מיט די געשיכטעס וועגן בונדישער קאָנספּיראַציע אין די צאַרישע צייטן, איז אין אים געבליבן די קאָנספּיראַטיווע אויפפירונג און ער האָט קיינעם נישט דערציילט דעם סוד פונוואַנען ער שטאַמט, האָט בכלל ווייניק גערעדט וועגן זיך און אַוודאי נישט וועגן זיינע אַמאָליקע יאָרן.

ער איז געווען אַ האַרציקער פאָלקס־מענטש, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין באַשיידנקייט, ערלעכקייט און עניוות. דאָס, וואָס ער איז געווען דער איינציקער בונדיסט אין שטעטל, האָט אין אים נישט אַרויסגערופן קיין געפיל פון איינזאַמקייט און איז נישט געווען געפאַלן ביי זיך. פאַרקערט גאָר, ער האָט געהאַט אין זיך אַן אינערלעכן שטאָלץ דערמיט וואָס ער שטייט איינער אַליין קעגן אַ גאַנצער מחנה מיט אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען און קעמפט פאַר זיין אידעע. ערב די וואַלן צום פּוילישן סיים איז ער אַריינגעפאָרן קיין וואַרשע, אין דער צענטראַלע פון ״בונד״ און פון דאָרט געבראַכט מיט זיך אַ ריזיקן וואַל־אַפיש און אים אויפגעהאַנגען איבער דער גאַנצער ברייט פון זיין געוועלבל. אגב, איז זיין געוועלבל געווען אין אַ געגענט ווו עס האָבן געוווינט אַ סך פּאַליאַקן. פונעם וואַל־פּלאַקאַט האָבן אַראָפּגעשריגן ריזיקע אותיות אין יידיש: ״שטימט פאַרן בונד!״

אין צוזאַמענהאַנג מיטן דאָזיקן וואַל־פּלאַקאַט האָט מען זיך אין שטעטל דערציילט פאָלגנדיקן עפּיזאָד:

דורכן געוועלבל זענען דורכגעגאַנגען עטלעכע גויעס און דערזעענדיק דעם ריזיקן פלאַקאַט איבער מענדלס געוועלבל, האָבן זיי געמיינט אַז ער פאַרקויפט עפּעס מציאות, זענען זיי אַלע אין איין אָטעם אַריין צו מענדלען און אים געפרעגט :

״מענדעליו, צאָ מאַש דאָ ספּזשעדאַניאַ ?״

דערויף האָט זיי מענדל, זייער פּרום־פּאַרטייאיש געענטפערט מיט זייז צעבראָכענעם פּויליש :

״גלאָסאָוויוואַיטשע נאַ בונד״...

״פּאָקאַזש !״ — האָבן די גויעס אויסגעשריגן און שוין געוואָלט זען וואָס איז דאָס פאַראַ סחורה וואָס האָט אַזאַ משונהדיקן נאָמען.

מענדל ליטוואַק האָט זיך נישט געפוילט איז אַרונטער הינטערן בופעט, און אַרויסגעשלעפּט אַ גאַנצן פּאַק מיט וואַל־בילדער פון די בונדישע פירער, ווי : הענריק ערליך, נח, ויקטאָר אַלטער, בייניש מיכאלעוויטש. ער האָט ברייט פונאַנדערגעלייגט זיין ״סחורה״ אויפן טיש און מיט אַ זיגערישן בליק אַרומגענומען זיינע ״קונים״.

דערזעענדיק די ״סחורה״ האָבן זיך די קריסטינס צעכיכיקעט און זענען גיך אַרויסגעלאָפן פון געוועלב. אָבער מענדל אין זיין גרויסע תמימות האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס איז עס אַזעלכעס געווען צו לאַכן פון אַזעלכע גרויסע פירער ?...

מענדלען פלעגט הנאה־טון, אַז קעגנער זאָלן אין אים אַריינרעדן, אים דווקא ועלן איבערצייגן, ער זאָל זיך אָנשליסן אין זייער פּאַרטיי. ער פלעגט זיי געדולדיק אויסהערן, און לשם טאַקט אפילו צושאָקלען מיטן קאָפּ, אָבער ווען דער אַגיטאַטאָר איז שוין געווען ביי זיך זיכער ,אַז ער האָט שוין מענדלען אויף זיין זייט, האָט אים דאַן מענדל געענטפערט בזה הלשון : ״איר זשייט זיך גערעכט — אָבער איך מענדל זשאָג אייך, אַזש דער זשיג פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, וועט קומען נאָר דורך דעם גערעכטן קאַמף פון ״בונד״, פון ארבעטער־קלאַס״.

אינגאַנצן 32 יאָר איז מענדל ליטוואַק אַלט געווען אין יענעם אויגוסט 1942, ווען ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד אַוועקגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע.



# פערל רייזמאַן

פּערל רייזמאַן — אַ שטילקייט איז געגאַנגען פֿן איר סימפּאַטיש אויסגעאיידלט פּנים. זעלטן מען האָט זי געזען לאַכן. ווען זי האָט געלאַכט, האָט עס געמוזט זיין אַ געלעכטער מיט טרערן. אַזעלכע האָבן מיר געקענט פּערלען, די טאַלאַנטירטע מיטגלידערין פון דראַמאַטישן קרייז ״בליאונג״.

זי האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע קינדהייט און יוגנט. דער פאָטער איז געווען אַ פרומער ייד און די פרנסה איז געווען בצמצום. די מוטער איז יונג געשטאָרבן און דער מאַן איז געבליבן מיט זעקס קליינע קינדער. פּערל האָט גאָר יונג דערפילט דעם עלנט פון דער אָרעמער שטוב. די מרה שחורהדיקע אויסוועג־לאָזיקייט פן זייער לעבן.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט זי זיך געפונען, ווען זי האָט זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט אהרן פוקס, וועלכער האָט זיך באַמיט, אַז מען זאָל זי אַריינגעמען אַלס מיטגליד פונעם דראַמקרייז.

דער רעמבערטאָווער דראַמקרייז ״בליאונג״ איז שוין אין יענע טעג געווען אַ שם־דבר. די אָרגאַניזאַטאָרן זענען אַלע געווען חסידים פון בעסערן יידישן־טעאַטער און האָבן במשך פון אַ קורצער צייט דערפירט, אַז דער קרייז זאָל אויסוואַקסן אין אַ שעפערישן טעאַטער־קאָלעקטיוו, וואָס האָט באַקומען אַ שם אויך אויסער די גרענעצן פון שטעטל. זיי האָבן שטאַרק געקליבן ביים צונעמען אַ נייעם מיטגליד אין קרייז אַריין, אָבער פּערל רייזמאַן האָט זיך באַלד ביי דער ערשטער פּראָבע אַרויסגעוויזן, אַז זי פאַרמאָגט טאַלאַנט, שפּילט עכט, האָט אַ גוטע דיקציע און דערצו אַ פיינע יידישע אויסשפּראַך. מען האָט זי דערפאַר גלייך אויפגענומען און דאָס שפּילן אין דראַמקרייז האָט פולשטענדיק געענדערט איר

שטימונג. זי האָט געפונען אַ טעם אין איר לעבן. דער קרייז פון קולטורעלע חברים און חברטעס האָט איר דערמעגלעכט צו פאַרגעסן איר עצבות. זי האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין דער פאַרשפרייטונג פון יידישן וואָרט און יידישער קולטור אין רעמבערטאָוו.

במשך פון דער צייט איז זי אויפגעטרעטן מיט גרויס דערפאָלג אין די אויפגעפירטע פיעסן, ווי: "דאָס גרויסע געווינס", "דער דאָרפס־יינג", "מאָטקע גנב", "דער דיבוק", "פאַר אונדזער גלויבן", "ברוך שולמאַן", "גאָס, מענטש און טייוול", "אויפשטאַנד", "זיבן געהאָנגענע" און אין אַ סך אַנדערע פיעסן.

אויך איר יינגערע שוועסטער שרה, איז געווען אַקטיוו אין דראַמקרייז, איז פון אָנהויב אָן געווען לעבנסלוסטיק און תמיד גרייט צום לאַכן מיט אַ פול מויל. זי איז געווען פלינק און באַוועגלעך און איר זשאַנר איז געווען מער צוגעפּאַסט צו לייכטע קאָמעדיעס. זי פלעגט אויפטרעטן אין קאָמישע ראָלן, האָט געזונגען און געטאַנצט און איז דורכן עולם געוואָרן וואַרעם אויפגענומען.

אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט פערל חתונה מיט אהרן פוקס. עטלעכע וואָכן פאַרן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע חיילות ווערט ביי זיי געבוירן אַ מיידעלע.

ז׳ אלול פון יאָר 1942 ווערט פערל מיט איר מאַן אהרן און טעכטערל, צוזאַמען מיט איר שוועסטער שרה אָפּגעפירט נאָך טרעמבלינקע.

צוזאַמען מיט זיי זענען אַרויסגעפירט און דערמאָרדעט געוואָרן פאָלגנדע מיטגלידער פון דראַמקרייז "בליאונג": רוזשקע קירשמאַן, אריה זילבערבערג, שמעון קירשמאַן, משה זילבערבערג, אברהמעלע גרינבערג, ישראלקע ווענדריגער, בערל ווענדריגער, די 2 שוועסטער שרה און עטקע כהן, מנשה שולשטיין, בעלאַ הימעלפאַרב, יאָסל גוטמאַן א. א.

עס האָבן זיך על פּי נס אָפּגעראַטעוועט: יצחק שאַפּשיק, ווע‏לוול צוקער (מעקסיקאָ־סיטי), פסח קירשמאַן, יאָסל גרינבערג (ניו־יאָרק), אברהם בימבליך (קאַנאַדע), לייבל אַליוועשטיין, משה שטיינמאַן, כאַנטשע שטיינמאַן, שרה קאַווערבלום, ברײַנדל הערץ, יאָסל פרידמאַן און דער שרייבער פון די שורות (ישראל).



# מלך
# רובין

ווי דער רוב יידישע שוישפּילער איז אויך מלך רובין נישט געגאַנגען אין קיין פּראָפעסיאָנעלער דראַמאַטישער שול, נאָר האָט זיין בינע־קאַריערע גאָר פרי אָנגעהויבן מיטן אַרומפאָרן איבער פּוילישע שטעט און שטעטלעך מיט זיין טעאַטער־טרופּע און אַמאָל אויך מיט דראַמקרייזן, וועלכע האָבן געגעבן פאָר־שטעלונגען ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

זיין פאָטער איז געווען אַ פרום־אָפּגעהיטענער ייד און האָט קיינמאָל נישט געחלומט, אַז זיין מלכל וועט ווערן אַ יידישער אַקטיאָר. מלך האָט אָבער ליב געהאַט יידיש טעאַטער און מיט לייב און לעבן זיך אַריינגעוואָרפן אין שפּיל. גלייך נאָך דער חתונה איז ער אַוועקגעפאָרן מיט זיין פרוי קיין דאַנציג, געשאַפן דאָרט אַ טעאַטער טרופּע, צונויפגעשטעלט פון אַמאַטאָרן און אויפגעפירט לייכטע פּיעסן אונטער זיין רעזשי און מיט זיין אָנטייל אַלס אַקטיאָר. די טרופּע איז אַרומגעפאָרן איבער די יידישע ישובים אין דאַנציג, צאָפּאָט און לאַנגפור, דער א.ג. דאַנציגער קאָרידאָר, ווו עס האָבן געוווינט יידן, אָבער ווייט פון דער אינטענסיווער יידישער קולטור־טעטיקייט אין צענטראַל פּוילן.

דאָס איז געווען אַ תקופה פון גרויס התלהבות אין מלך רובינס בינע־טעטיקייט, אָבער דאַן איז געקומען דאָס אומגליק, זיין פרוי איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין בליענדיקן עלטער, איבערלאָזנדיק אים מיט פיר קליינע קינדער, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין דאַנציג. דאָס זענען: שמואליק, מאָניעק, יעקב און מאַלטשע. געבליבן לעבן איז בלויז יעקב.

גלייך נאָך דער שבעה איז מלך צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו, איבער־געלאָזט ביי זיינע עלטערן די פיר קינדער און אַליין אָנגעשלאָסן זיך אין דער וואַנדער־טרופּע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט מאָריס לאַמפּע. די טרופּע איז אַרומגעפאָרן איבער פּוילישע שטעט און שטעטלעך און געשפּילט יידיש טעאַטער.

מלך רובין איז געווען אַ גוטמוטיקער און גאָר העפלעכער מענטש, מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפן פּנים. אין פּריוואַטן לעבן איז ער געווען זייער פּשוט, האָט פײַנט געהאַט צו מאַכן אַרטיסטישע אָנשטעלן, ווי דאָס האָבן געטון אַנדערע, וועלכע פּלעגן זיך קליידן אין שרייאיקע מלבושים און גערעדט מיט אַ האַרטער בינע־שפּראַך.

אין גאַנצן אַן אַנדערער איז ער געווען אויף דער בינע, פול מיט טעמפּעראַמענט און תמיד באַמיט זיך אַרויסצוברענגען די נשמה פון דער געשטאַלט, וועלכע ער האָט כאַראַקטעריזירט און נישט באַגנוגנט זיך מיט אויסערלעכן שפּיל.

אין די הייסע זומער־חדשים, ווען דער לאַמפּע־אַנסאַמבל איז זיך צעפֿאָרן יעדער אין זיין היים, אויף אורלויב, איז אויך מלך רובין צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו צו זיינע קינדער. אין די טעג ווען ער איז געווען מיט זיי, האָט ער זיך באַמיט צו געבן זיי אַן אַ שיעור פּאַטערלעכע וואַרעמקייט, געוואָלט זיי פֿאַרגיטיקן פֿאַר די לאַנגע חדשים, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו זיין מיט זיי צוזאַמען.

אין דער צייט פון זיין אורלויב האָט ער אויך געפּלעגט אויפפירן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג מיט די שטעטלשע דראַמקרייזלער און מיט די מיטגלידער פון גורדוניה.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן איז ער צוזאַמען מיט זיין 16־יאָריקער בילד־שיינער טאָכטער מאַלטשע אַנטלאָפן פון פּוילן איבער דער גרענעץ, אין דעם טייל, וואָס איז געווען אָקופּירט דורך די סאָוויעטן. אין יאָר 1941, ווען די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט קיין לוצק און אָנגעהויבן מאָרדן די יידן, איז אויך געפאַלן אַ קרבן די שיינע מאַלטשע. די דייטשן האָבן זי געפונען אין איר באַהעלטעניש הינטער אַ טיר און זי אויפן אָרט דערשאָסן. דעם פאָטער מלך רובין האָבן די דייטשן אַרעסטירט און שפּעטער אויפגעהאנגען.

פון די קינדער האָט זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז יאַנקל, וועלכער לעבט מיט זיין משפּחה אין רמת־גן, דער עלטסטער זון שמואליק איז פֿאַרפאַלן געוואָרן. דער מיטלסטער זון מאָניעק מיט זיין פרוי שיינדל (פון דער היים יעלען) זענען אומגעקומען אין טרעמבלינקע.

## הערשל רויזמאַן

מיר דוכט זיך, אַז עס איז נישט געווען אַ מענטש, וואָס זאָל זיין אַזוי צוגעבונדן צו רעמבערטאָוו, ווי עס איז געווען הערשל רויזמאַן, אָדער ווי מען

האָט אים גערופן: הערשל די גאַנטשאַרקעס. ער איז געווען אַ יונגערמאַן מיט קולטור, ליב געהאַט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, געווען באַהאַוונט אין אַלגעמיינע אַקטואַליטעטן אין לאַנד און אין דער וועלט־פּאָליטיק. ער איז אויך געווען באַקאַנט אין דער יידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור, אָבער קיינמאָל נישט אַרויסגעפאָרן פון רעמבערטאָוו, אפילו נישט קיין וואַרשע. ער איז געווען אַזוי צוגעבונדן און אַזוי שטאַרק ליב געהאַט דאָס שטעטל, אַז ס'איז פאַר אים געווען פולשטענדיק גענוג דאָס אויסלעבן זיך צווישן זיינע נאָענטע חברים און ער האָט אין שטעטל זיך געפילט אַ סך בעסער ווי אין גרויסן כרך וואַרשע.

זיין בעסטע פאַרוויילונג איז געווען צו ליגן מיט חברה יאַטן אין יאַגאָדעס גאָרטן אָדער אויף מענדעלע שוסטערס וועראַנדע. תמיד איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצער חברה יונגוואַרג, וואָס האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין און געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט אויך געהאַט אַ חוש פאַר הומאָר און שטענדיק געהאַט צו דער האַנט אַ פריילעכע מעשה, אַ חכמה, אַ וויץ און דערביי אַליין זיך צעלאַכט אַזוי שטאַרק, אַז די אויגן האָבן ביי אים גענומען טרערן. ער האָט טאַקע שטענדיק געהאַט ביי זיך אַ נאָז־טיכל, געווישט די אויגן און ווייטער געלאַכט. דער סוף פון יעדער חכמה און וויץ איז דערטרונקען געוואָרן אין אייגענעם געלעכטער.

זיין מאַמע, די גאַנטשאַרקע, האָט זיך איינגערעדט, אַז הערשל איז אַ קראַנקער, קוים וואָס ער זשיפּיעט. האָט זי אים געקעכלט מיטן שענסטן און בעסטן און יעדן טאָג, ווען ער פלעגט זיך אַרויסלאָזן אין וועג אַריין, צו יאַגאָדעס גאָרטן, האָט זי אים אונטערגעשטופּט אַ זלאָטע אָדער צוויי, ער זאָל זיך קויפן אַ יאַגדע־קיכל, אַז ס'האַרץ זאָל אים נישט חלשן.

הערשל האָט זיך ווייניק געמאַכט פון דער מאַמעס "פּיעשטשעני־שן" און מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט קולטור־אַרבעט, איז אַלע יאָרן געווען דער ביבליאָטעקאַר פון דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, זיך מטפל געווען מיטן באַזאָרגן די רעקוויזיטן אויף דער בינע צו די פאָרשטעלונגען פון דראַמקרייז. ער איז אויך געווען דער מורה דרך פאַר יוגנטלעכע, וועלכע ער האָט געהאָלפן אויסקלויבן די געהעריקע ביכער צום לייענען.

צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, מיט זיין ברודער אברהם און שוועסטער פאָלע מיט איר יונג קינד איז הערשל אין עלטער פון 26 יאָר אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע.

פון דער משפחה רויזמאַן האָט זיך קיינער נישט אָפּגעראַטעוועט. געווען אַ פאַרצווייגטע יידישע משפחה, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַזעלכע שיינע און ערלעכע מענטשן — אַלע זענען אומגעקומען אין טרעמבלינקע.

# ר׳ ישעיה זילבערבערג

אַ זעלטענער ייד געווען, פון די לעצטע פון אַ דור, וועמענס גייסטיקע מעלות און הויכע מידות מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

פון פאַך איז ער געווען אַ שניידער און זיין וואַרשטאַט האָט ער אַ סך יאָרן געפירט אין אַ פראָנט־געוועלב אויף דער הויפּט־גאַס, פּילסודסקיעגאָ, ווו ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין זון משה.

אָט דער קליינער וואַרשטאַט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרעף־פּונקט פאַר די מיטגלידער פון דער י. ל. פּרץ ביבליאָטעק. זיי פלעגן יעדן טאָג דאָרט קומען טרעפן זיך מיט זיין זון משה, אַרומרעדן פאַרשידענע קולטור־ענינים, פּראָגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום טעאַטער און דראַמקרייז. דאָרט האָט מען זיך געאַמפּערט אין הייסע וויכוחים און צוגענומען ביים טאַטן מיטן זון אַ סך אַרבעטס־שעהן. אין די ווינטער־טעג, ווען עס האָט געשיט אַ געדיכטער שניי, איז דאָ פאַר דער חברה געווען אַ וואַרעם ווינקל. אַלע ווײַלע פלעגט עמיץ עפענען די טיר, האָט זיך אַריינגעריסן אַ שניידיקע קעלט, אַז אַפּטמאָל פלעגן ״פליען״ צו־געשניטענע טיילן. דער ווינט האָט זיי אַ יאָג געטאָן אין אַנדערן עק וואַרשטאַט. ר׳ ישעיה האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען, האָט געקוקט אויף די בחורים מיט אַ גוטהארציקן בליק. קיינמאָל האָט אויף זיין פּנים זיך נישט באַוויזן קיין וואָלקן פון פאַרדרוס. ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אָן אַ שיעור מענטשלעכקייט און גייסטיקע דערהויבנקייט.

ר׳ ישעיה אַליין האָט נישט אָנטיילגענומען אין די דיסקוסיעס. ער איז געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט און געשוויגן, אָבער דיסקוטירנדיקע בחורים האָבן געוווּסט, אַז ביי דער גאַנצער פאַרטוענקייט האָט ער אונטערגעשטעלט אַן אויער און זיך צוגעהערט צו די וויכוחים. מען האָט געקענט זיין אינטערעס צו די פּראָבלעמען פון דער יוגנט, זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער נישט געשטילטער בענקשאַפט און די הייסע שטרעבונגען פון דער יוגנט, וואָס חלומט פון בעסערע צייטן און געפינט זיך נישט קיין אָרט אין די געגעבענע באַדינגונגען פון עקאָנאָמישן קריזיס.

עס פלעגט טרעפן, אַז ער איז אַריינגעקומען אין וואַרשטאַט דורך דער טיר וואָס האָט געפירט פון זיין שטוב און זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, ווי ער וואָלט געווען גלייכגילטיק צו די שמועסן פון די יוגנטלעכע. זיין ווייב ביילע האָט גוט געקענט זיין אינטערעס און געוווּסט, אַז ער איז לגמרי נישט גלייכ־גילטיק צו דעם וואָס עס ווערט דאָ גערעדט אין וואַרשטאַט. זי איז אַריינגעקומען מיט דער דעה צו זאָגן דער חברה יונגוואַרג, אַז זיי שטערן אין דער אַרבעט.

אָבער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט עמיצן צו באַליידיקן. אַ שטילע און איידעלע האָט זי געזוכט אַן אופן און ווי אַזוי אַרויסצוהעלפן זיך אין דער געשאַפענער סיטואַציע, איז צוגעגאַנגען צו איר מאַן און אַריינגעטענהט אין אים: ״שעיה, דאַרפסט דאָך עפּעס טון, אפשר וועט שוין זיין גענוג?״

ר׳ ישעיה האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און גענומען ענערגיש אַרײַנ־שטעפּן אַן ארבל. מען האָט געזען, אַז ער האָט מורא, זיין ווייבס ווערטער זאָלן נישט דערגיין צו דער חברה. ער האָט ליב געהאַט צו געפינען זיך אינעם קרייז פון די יונגע מענטשן, פון וועלכע עס האָט געשלאָגן מיט פאַרבאָרגענע לעבנס־קוואַלן. ער האָט זיי פאַרשטאַנען, כאָטש אַליין האָט ער געלעבט אין זיין וועלט פון פרום יידישע טראַדיציעס.

איז די ווינטערדיקע בין השמשותן, ווען זיין זון משה איז צוזאַמען מיט דער חברה יונגוואַרג אַוועק אין ביבליאָטעק, איז ר׳ ישעיה געבליבן אַליין אינעם צוגערוימטן וואַרשטאַט, געלייענט אַ צייטונג, געטרונקען דאָס גלאָז הייסע טיי, וואָס זיין בײַלע האָט אים דערלאַנגט, אָבער זיין פּנים האָט זיך דאַן פאַרצויגן מיט אַ לייכטן וואָלקן, ווי מען וואָלט מיטאַמאָל אַוועקגעריסן די פרייד פון יוגנטלעך לעבן, וואָס האָט ערשט מיט מינוטן צוריק דאָ אַזוי געדרוישט. ער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויף יענע שעהן, ווען די חברה האָבן זיך ווידער גענומען צונויפקומען אין וואַרשטאַט און פול געמאַכט אים מיט יוגנטלעכן רויש און טומל.

פון דער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה האָט זיך אָפּגעראַטעוועט בלויז איין טאָכטער, פייגע, וועלכע לעבט אין חיפה צוזאַמען מיט איר מאַן לייבל אליוונשטיין און זייער משפחה.

פייגעס שוועסטער חיה, די פרוי פון שעפסל רודניצקי האָט בעת דער אַקציע אין רעמבערטאָוו, געפּרוווט זיך באַהאַלטן, אָבער די רוצחים האָבן זי געפונען אין איר באַהעלטעניש און דערשאָסן אויפן אָרט.

ר׳ ישעיה און זיינע זין ישראלקע, אריה און משה זענען צוזאַמען מיט די משפּחות אומגעקומען אין טרעמבלינקע. די פרוי פון ר׳ ישעיהן, בײַלע איז גע־שטאָרבן דריי חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה.



# ר׳ וועלוול טענטשער

ר׳ וועלוול טענטשער איז געווען באַקאַנט אין רעמבערטאָוו אַלס גרויסער למדן, איינער פון די גאָר פרומע יידן.

קיין רעמבערטאָוו איז ר׳ וועלוול טענטשער געקומען אין יאָר 1929 פון אָסטראָווע מיט צען קינדער, (די פרוי איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה). אין רעמבערטאָוו האָט ער געהאַט אַ קרוב ר׳ דוד סאָקאָל, וועלכער האָט אים אָנגעהערט אַ פּעטער (שפּעטער איז ער אויך געוואָרן דער שווער פון בנימין שאַפּשיק, וועלכער געפינט זיך היינט אין חיפה).

ר׳ וועלוול פלעגט זיצן אַ גאַנצן טאָג אין בית המדרש און לערנען (מיט פּרנסה האָבן זיך פאַרנומען די קינדער). אין זיין זיצן טאָג און נאַכט און לערנען, האָט ער געפונען דעם גאַנצן טעם אין לעבן. דערביי איז ער געווען אַ בעל מידות און ענָיו, בטבע אַ קנאַפּער רעדער, דערווייטערט זיך פון שיחות חולין, דאַקעגן ווען עס איז געקומען צו תורה־שמועסן, איז ער לגמרי נישט געווען בצמצומדיק אין רייד, האַלטענדיק פון דעם: "כל פטפיא בישין, ופטפיא דאורייתא טבין".

ר׳ וועלוול פלעגט דאַן בליצן מיט אינטערעסאַנטע רעיונות, געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישן די יסודות פון אַ שכלדיקער הנחה און די יסודות פון אמונה און האָט אויפגעוויזן, אַז די ריין־ וויסנשאַפטלעכע הנחות זענען נישט מער ווי השערות. קיין שום וויסנשאַפטלער קען זיך נישט באַרימען, אַז זיינע אָבסערוואַציעס שטעלן פאָר דעם אבסאָלוטן אמת. אַנדערש איז מיט דער אמונה. זי קומט שטענדיק מיטן אַבסאָלוטן אמת און דאָס דערגרייכן וויסן קומט דורך עלית־נשמה און שטעלט פאָר די רעטונג פונעם מענטש, לערנט אים קוקן אויף זיך נישט ווי אַן אָפּגעריסן, אָפּגעזונדערט וועזן, ווייל די געטלעכע התגלות געפינט זיך אין אַלץ און אין אחדות הבורא געפינט ער אַ זין, וואָס פאַרבינדט

דעם מענטש מיטן איבערנאַטירלעכן כוח, נאָך וועלכן ער בענקט, דריקט אויס זיינע באַגערן און שטרעבונגען. דערביי האָט ער צוגעגעבן מיט זיין פאַרשטענדיקן שמייכל:

"די, וואָס האַלטן זיך פאַר פראַקטישע מענטשן, זענען אינדעראמתן קורצזיכטיק און זענען דערפאַר נישט מסוגל צו דערזען די פאַרבאָרגענע טיפענישן, וואָס אַנטפּלעקן זיך פאַרן מאמין. די יידישע אמונה גיט דעם מענטש אַ זין פאַר זיין קיום אויף דער וועלט און ווייזט אים דעם מקור פון אַלץ, וואָס קען באַטראַכט ווערן פאַר הייליק, אמת, יושרדיק און שיין. די באַזע פאַר דעם געפינען מיר אין דער תורה, וואָס זאָגט, אַז "דער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט". אָט די הנחה איז דער יסוד פון דער יידישער עטיק. ס'איז דער יסוד אויף וואָס עס שפּאַרט זיך אָן די הייליקייט פון מענטשס לעבן, די גערעכטיקייט פון זיינע מעשים און דער צוזאָג, וואָס ער טאָר נישט ברעכן, ווייל "שופך דם האדם באדם דמו ישפך, כי בצלם אלקים עשה את האדם" (דער וואָס פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ מענטש, זאָל דורך אַ מענטש זיין בלוט פאַרגאָסן ווערן, וואָרום אין דער געשטאַלט פון גאָט האָט ער געמאַכט דעם מענטש, (בראשית ט', ו').

די יידישע עטיק, האָט ער געהאַלטן, איז ווייט נישט קיין טרוקענער קאָדעקס פון חוקים. די חוקים פון דער תורה זענען געבויט אויף דער דערקענטעניש פון דעם וואָס מען דאַרף פאַרשטיין אונטער אמת און שקר. דער בעסטער באַווייז איז דער "ואהבת לרעך כמוך" אָדער הללס אויסגעברייטערטע הנחה "מה דסני לך לחברך לא תיעבד" (דאָס וואָס דו ווילסט נישט אַז מען זאָל דיר טון, זאָלסטו יענעם נישט טון). די יידישע אמונה איז זיך סומך אויף מעשים טובים און דאָס איז דער זין פון "לתקן עולם במלכות שדי" — דאָס איז דער העכסטער אידעאַל פון דער מענטשהייט און צו דעם איז זוכה נאָר דער מאמין.

דער דאָזיקער גרויסער למדן און דענקער, מיט אמונה און אהבת ישראל, האָט אין יענעם מוראדיקן טאָג פון ז' אלול נישט אויסגעמיטן דעם גורל פון אַלע רעמבערטאָווער יידן און צוזאַמען מיט זיינע ניין קינדער אומגעקומען אין טרעמבלינקע.

בלויז איין זון האָט זיך אָפּגעראַטעוועט און לעבט היינט אין אַשדוד.

# נחום ביטער



די געשטאַלט פון נחום ביטער רייסט זיך אַרויס פון דער גאַלעריע פאָרטרעטן אין אונדזער יזכור־בוך מיט דער באַזונדערקייט פון זיין לעבן און אומקום, מיט זיינע העלדישע מעשים, וואָס האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדאַרע געשטאַלט, אַ סימבאָל פון יידישן ווידערשטאַנד און גבורה, אַ ביישפיל פון מסירות נפש, פון גרייטקייט זיך מקריב צו זיין לטובת הכלל און לטובת יעדן יידישן יחיד אין מאָמענט ווען ער איז באַפאַלן געוואָרן דורך שונאים.

דער קומענדיקער יידישער היסטאָריקער וועט מיט אַ באַזונדער געפיל פון ערפורכט אויפוויקלען פאַר אונדז די מגילה פון גבורה און קדושה פונעם דאָזיקן יידישן בחור אין רעמבערטאָוו; דערציילן וועגן דעם לעבן־און טויט־געראַנגל מיט סטאַישער דרייסטקייט, מוט און העלדישקייט. עס איז אומבאַדינגט נויטיק צונויפצונעמען אַלע פרטים וועגן זיינע העלדישע מעשים, אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און זיי פאַרשרייבן, פאַראייביקן אין לעבנס־בוך פון אונדזער אומה.

ביז איצט איז עס ליידער נאָך נישט געטון געוואָרן, אָבער זיין אָנדענק איז איינגעקריצט אין די טיפענישן פון דער נשמה פון יעדן רעמבערטאָווער ייד אומעטום ווו ער געפינט זיך. מיר גיבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער יסוד פון גבורה קען נישט אָפּגעטיילט ווערן פונעם סוד פון יידישן קיום. אָן גבורה קען מען זיך נישט פאָרשטעלן דאָס יידישע לעבן, וואָס געפינט זיך שטענדיק צווישן די ציינער פון געפאַר, צווישן אַגרעסיווע רעליגיעס, צווישן שטרייטנדיקע מלוכות, צווישן קעמפנדיקע קלאַסן — צי וואָלטן מיר אָן דער דאָזיקער הארטנעקיקער גבורה געהאַט דעם כוח איבערצוהאַלטן די אַלע פּלאָגן.

נחום ביטער האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די דאָזיקע יידישע גבורה. אַ

שלאַנקער און עלעגאַנטער בחור, מיט אַן אָפן, סימפּאַטיש פּנים, האָט ער זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זיין פלינקייט און פיזישן כוח, וואָס ער האָט אויסגענוצט נאָר אויף צו פאַרטיידיקן שוואַכע יידן קעגן פּוילישע כוליגאַנעס. אַ טבע האָבן די כוליגאַנעס אין רעמבערטאָוו געהאַט צו טשעפּן נאָר שוואַכע יידן, וועלכע האָבן נישט געוואַגט קעגנצושטעלן זיך, אָבער ווי איז געווען צו די כוליגאַנעס, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן אין נחום ביטערס הענט. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז ער האָט דערזען ווי מען שלאָגט אַ ייד און גלייך איז ער צוגעלאָפן און גענומען טיילן קלעפּ אויף רעכטס און לינקס. די שקצים האָבן זיך גיך אָפּגעטראָגן. קיינער האָט נישט געוואַגט צו פּרוון זיך פאַרמעסטן מיט אים און נישט איינער איז אַוועק מיט אויסגעהאַקטע ציין.

ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פוטבאָליסט, אַ מיטגליד אין אַ פּוילישער פוטבאָל־דרוזשינע. זיינע פּוילישע חברים האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ, אָבער ער האָט פון דער נאָענט געזען זייער באַציאונג צו יידן, געקענט זייער חיהשע שנאה, וואָס האָט געוואַרט אויף אַ פּאַסיקער געלעגנהייט.

נחומס פאָטער ר׳ חיים ביטער איז געווען אַ פרומער ייד און נחומס האַרץ האָט אין זיך אַריינגענומען די תפילות פונעם דאָזיקן מאַראַליש־לויטערן ייד און נישט איינמאָל האָט ער זיך פאַרטיפט אין טראַכטענישן וועגן יידישן גורל אין יענעם ים פון שנאה און רציחה. ער האָט מער פון אַ סך אַנדערע געוווסט צו וואָס עס זענען פעאיק די קריסטלעכע כוליגאַנעס, צו וועלכע פאַרברעכנס זיי זענען מסוגל אויב עס וועט זיי געגעבן ווערן די מעגלעכקייט צו לאָזן זיך ווילגיין איבער יידן.

אַ סך איז שוין געשריבן געוואָרן וועגן העלדישע יידישע קעמפער אין די געטאָס, אין די פאַרטיזאַנער־רייען און אויף די פראָנטן. נחום ביטער איז איינער פון די דאָזיקע העלדישע קעמפער. שוין אין די ערשטע חדשים פון יאָר 1941 איז ער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין רעמבערטאָווער געטאָ געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די באַוואָפנטע עס־עס־לייט און מיט זיין גבורה־טאַט אָנגעצונדן דעם פלאַקער פון נקמה אין די מערדער.

זיין בלוטיקער קאַמף קעגן די עס־עס־לייט איז פאַרגעקומען פאַר די אויגן פון די יידן, וואָס זענען געווען פאַרשפאַרט אין רעמבערטאָווער געטאָ. נחום האָט אָרגאַניש נישט געקענט סובל זיין קיין דערנידעריקונג, צי זי איז געקומען פון אַ פּוילישן כוליגאַן צי פון אַ באַוואָפנטן עססעסאָווייעץ און ער האָט דערויף רעאַגירט מיט יידישן שטאָלץ, נישט גערעכנט זיך מיט קיין געפאַרן און גרייט געווען מקריב צו זיין דאָס אייגענע יונגע לעבן.

מיט זיין גאַנצער ברויזנדיקער נשמה האָט ער ליב געהאַט זיין משפחה, די גאַנצע עדה יידן אין רעמבערטאָוו. צוזעענדיק ווי זייער לעבן איז געוואָרן הפקר,

האָט אין אים געקאָכט דער צאָרן. שרייבנדיק די דאָזיקע ווערטער זע איך פֿאַר זיך דעם דאָזיקן קרעפּטיקן זעקס־און־צוואַנציק־יאָריקן בחור, שטאַרק, ווי אַ דאָמב, מיט אַ גרויס יידיש האַרץ.

ווי ביי זיין לעבן, איז ער אויך אין די לעצטע מינוטן געבליבן געטריי זיך אַליין, זיין אייגענער מענטשלעכער ווירדע און נאַציאָנאַלן שטאָלץ. די אומ־ברחמנותדיקייט פֿון יידישן גורל איז קיינמאָל נישט געווען אימשטאַנד אָפּצו־טעמפּן זיין אויסערגעוויינלעכע עמפּינדלעכקייט און די איידלקייט פֿון זיינע געפֿילן פֿאַרקערט, דאָס האָט געשטאַרקט אין אים דאָס רחמנות, מיטגעפֿיל און סאָלידאַ־ריטעט מיט די געפּלאָגטע און געשלאָגענע און ער איז געוואָרן אויפֿגעטרייסלט ב״ם אָנבליק פֿון דער בעסטיאַלישער אַכזריות, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעוויזן זינט די ערשטע טעג פֿון זייער אַריינמאַרש קיין רעמבערטאָוו.

נחום ביטער איז געווען אַ מענטש־פּלאַם. ער האָט פֿאַרקערפּערט אין זיך די שטאָלצע נאַטור פֿון יידישן גבור, די אייגנשאַפֿט פֿון חשמונאים־גבורה. ער האָט נקמה גענומען פֿאַרן יידישן בלוט, וואָס די נאַצישע שונאים האָבן פֿאַרגאָסן, פֿאַר דעם יידישן כבוד, וואָס זיי האָבן געטרעטן.

זיין געשטאַלט וועט דערפֿאַר אויף אייביק בלייבן איינגעקריצט אין די הערצער פֿון רעמבערטאָווער שארית הפליטה.



נחום ביטער אין דער פּוילישער פֿוטבאָל־מאַנשאַפֿט אויף אַ פֿאַרמעסט אין וואַרשע, דער דריטער (רעכטס) פֿון די ווייסע בלחעס. זיין לעצטן קאַמף מיט די עס־עס־לייט, באַשרייבט טאָבטשע גראָכאָווסקי אין אירע זכרונות פֿון רעמבערטאָווער געטאָ.



# שרה רייזמאַן

זי איז מיר געבליבן אין זכרון אַ יינגיטשקע, אַ חנווודיקע און צעזונגענע. אין איר חסידישער היים האָט זי איַינגעזאַפּט אין זיך סיי די התלהבות, סיי דעם ניגון און סיי דעם דמיון, וואָס חסידות פאַרמאָגט אין זיך אויף צו שטאַרקן יידישע הערצער. זי איז געווען טעמפּעראַמענטפול און טרוימעריש. איר פריילעך געלעכטער איז געווען אַנשטעקנדיק און האָט געוואַרעמט דאָס געמיט, אָבער אַ פּילבאַר אויג האָט געקענט באַמערקן דעם אומעט, וואָס האָט זיך לייכט געוויקלט אַרום איר אײדל פּנים און ווער עס האָט געקענט לייענען פון אַן אויסדריקלעך פּנים, האָט געקענט אַרויספילן דעם צער, וואָס זי האָט באַהאַלטן טיף אין זיך, אין איר נשמה, וואָס האָט געבענקט נאָך עפּעס; אַ בענקשאַפט, וואָס איז געבליבן אַ פאַרשלאָסענער סוד אפילו פאַר אירע נאָענטסטע.

אַזויפיל אומעט האָט זי געטראָגן אין זיך און דאָך האָט אַזאַ ליכטיקער שמייכל אַראָפּגעשיינט פון איר פּנים און מיט שטילע שטראַלן צוגעבונדן צו זיך די אויפמערקזאַמקייט, אַזוי אין טאָג־טעגלעכן לעבן, אויף חברישע צוזאַמענטרעפן און אַזוי אויף אירע בינע־אויפטריטן אין די פאַרשטעלונגען פונעם דראַמקרייז.

איר בינע־טאַלאַנט איז געקומען צום אויסדרוק בעיקר אין געזאַנג־און טאַנץ־נומערן. אַלס אַזעלכע איז זי אַנערקענט געוואָרן דורכן פּובליקום, וואָס פלעגט קומען אויף די פאַרשטעלונגען פונעם דראַמקרייז "בליאונג" אין רעמבערטאָוו און זי באַשאַנקען מיט ענטוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטן. זי האָט געזונגען און געטאַנצט מיט טעמפּעראַמענט, מיט פייער און צוזאַמען מיט איר באַהערשן די טעכניק האָט מען אַרויסגעפילט די פּאָעזיע פון איר נשמה, דאָס וואָס מיר רופן קינסטלער־נאַטור.

אַזוי אינטערעסאַנט איז אויך געווען דער מענטש אין איר. אַ פול הארץ

אַריינגעשטעלט צוויי געניצטע ניי־מאַשינען און גלייך נאָך עטלעכע טעג איז אונדזער קיבוץ שוין געווען טעטיק. רעמבערטאָווער פרויען האָבן אונדז געבראַכט פאַרשידענע אַרבעטן און זענען געווען צופרידן פון אונדזער גוטער אויספאַר־טיקונג. מיט דער צייט האָבן אָנגעהויבן קומען צו אונדז אויך קריסטלעכע פרויען און מיר האָבן שיין פאַרדינט, געהאַט אויף אָפּגעבן די חובות און זיך געקענט ווי געהעריק באַשפּייזן און קליידן.

עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין קאָמישע עפּיזאָדן. אונדזערע מאַמעס האָבן אין אָנהויב נישט געקענט תופס זיין דעם גאַנצן ענין. עס האָט זיך זיי אויס־געוויזן, אַז דער גאַנצער טאַראַראַם מיטן קיבוץ איז עפּעס אַ מין סאָרט אַקציע, וועלכע מיר פלעגן דורכפירן, ווי למשל אַ בלימל־אַקציע, אַ ווערבירונגס־אַקציע. זיי האָבן כסדר געהערט ווי מען באַנוצט זיך מיטן וואָרט אַקציע, האָבן זיי געגלויבט, אַז צו די אַלע אַקציעס איז צוגעקומען אַ פרישע אַקציע, אָבער אָן ערנסטע רעזולטאַטן פאַר דער צוקונפט. ווען מען האָט זיי אויפגעקלערט דעם צוועק פונעם קיבוץ, האָבן זיי מסכים געווען, אַז עס איז אַ גוטע זאַך, זיי זענען געווען זיכער, אַז זייערע טעכטער וועלן ווייטער בלייבן אין די היימען, וווּ זיי וועלן עסן און שלאָפן, נאָר פון צייט צו צייט, אַז זיי וועלן נישט האָבן וואָס צו טאָן אין שטוב, וועלן זיי צולויפן אין קיבוץ און אויפנייען אַ יאַקעלע פאַר אַ קינד, אַ בלוזקעלע פאַר אַן אָרעמער כלה...

ערשט ווען די מיידלעך האָבן געמאָלדן זייערע מאַמעס, אַז זיי פאַרלאָזן די היימען און גייען איבער אין קיבוץ אויף "סטאַלע" און זיי וועלן דאָרט עסן און שלאָפן, אויסהאַלטן זיך פון די אייגענע פאַרדינסטן — האָט אין די היימען זיך גענומען טאָן חושך...

אין די שבתים פלעגן די מאַמעס אָפּוואַרטן זייערע טעכטער ביים אַרויסגיין פון קיבוץ און געבעטן זיך זיי זאָלן אַהיימקומען בלויז "פאַרזוכן" אַ שטיקל געפילטע פיש, אַ פּיצל פּעטע קישקע א.א.וו.

די מאַמעס האָבן נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס די מיידלעך דאַרפן זיך איינדאַרן די קישקעס מיט אַ שטיקל ברויט מיט הערינג און נישט אַהיימקומען ווען אין שטוב איז דאָ פון אַלעם גוטן, אָפּגעבאַקענע חלות, באַטעמטע פיש, זיסע צימעס.

אויסער דער אַרבעט און די באַלעבאַטישקייט האָבן מיר זיך פאַר־נומען אויך מיט קולטור־טעטיקייט, געהאָלפן איינאָרדענען די קולטור־אימפּרעזעס האָט אונדז דער חבר פון מרכז מזרחי מענדל סאקאל, וועלכער האָט געוווינט אין רעמבערטאָוו.

דער סדר פון אונדזער קולטור־טעטיקייט נאָך דער טעגלעכער אַרבעט איז

געווען איינגעטיילט לויטן פּאַלגנדיקן קאַלענדאַר: זונטיק איז פּאַרגעקומען אַ פּרעסע־איבערזיכט, אַ לעקציע עברית, אַ רעפעראַט פון י. ראַפּאַפּאָרט; מאָנטיק האָט מען נאָכן פּרעסע־איבערזיכט געלערנט דינים און עברית; דינסטיק איז נאָכן פּרעסע־איבערזיכט געווען בלויז אַ לעקציע עברית; מיטוואָך האָט יהושע אסטווינד געלערנט מיט אונדז אגדה; דאָנערשטיק, תנ״ך און אַ רעפעראַט פון מענדל סאָקאָל; פרייטיק־צו־נאַכטס האָט עוזר סאָקאָל, אַ סטודענט פון פילאָזאָפישן פאַקולטעט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט געהאַלטן פאַר אונדז אַ רעפעראַט אויף אַ פילאָזאָפישער טעמע.

נאָך אַ קורצער צייט איז אונדזער קיבוץ געוואָרן זייער פּאָפּולער אין די קרייזן פון דער מזרחי־באַוועגונג. פון צייט צו צייט זענען געקומען צו אונדז אויף באַזוכן טוער פון מזרחי און פון אַנדערע פּאַרטייען. עס האָבן אונדז באַזוכט צוו. אַנד.: הרב פישמאַן, הרב נייפעלד, נתן ביסטריצקי, לוי יונגסטער, זרח וואַרהאַפטיג (געוו. רעליגיע־מיניסטער אין ישראל), ד״ר כהנא, י. גרינבערג, סקורעטשקאָווסקי, פרידמאַן, גרדי פון ירושלים און אַ סך אַנדערע.

מיר האָבן אויך געהאַט אומגעוווּנטשענע באַזוכער. טאָג־טעגלעך האָט אונדז באַזוכט אַ באַאַמטער פון פּאַטענטן־אַמט, געזען ווי עס אַרבעטן צען מיידלעך און צוויי צענדליק אַנדערע פּאָרען זיך אַרום, האָט ער געפאָדערט פון אונדז, אַז מיר זאָלן אַרויסנעמען אַ פּאַטענט פון ערשטער קאַטעגאָריע. ער האָט אונדז אַזוי לאַנג געמאַטערט ביז איך בין געצוווּנגען געווען אַרויסצונעמען אַ פּאַטענט און אָפּ־געהאַנדלט אַז ער זאָל זיין פון פינפטער קאַטעגאָריע.

אַ באַזונדערן חן האָט צוגעגעבן אונדזער מיידלעך־קיבוץ די איינהייטלעכע אוניפאָרם — בלויע ספּודניצעס און ווייסע בלוזקעס. אונדזער רעדן צווישן זיך עברית האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און אַרויסגערופן צו אונדז רעספּעקט.

נאָך אַ יאָר הכשרה אין אונדזער קיבוץ האָבן מיר, דורך דער פאַרמיטלונג פון מזרחי, געוואָנדן זיך צום פּאַלעסטינע אַמט אין וואַרשע, מען זאָל אונדז צוטיילן סערטיפיקאַטן עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

ווי דערשטוינס און פאַרביטערט זענען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן באַקומען אַן אָפיציעלן בריוו פון פּאַלעסטינע אַמט, אין וועלכן מען האָט אונדז געמאָלדן דעם אָפּזאָג צוצושטעלן אונדז סערטיפיקאַטן. דער אָפּזאָג איז מאָטיווירט געוואָרן באשר ס'איז קעגן סטאַטוס, וואָס פאַרווערט חלוצים איינצואָרדענען אַ קיבוץ אין דער זעלבער שטאָט, ווו זיי וווינען אונדזערע הכשרה איז דערפאַר נישט דורכ־געמאַכט געוואָרן לויט די אָפיציעלע־באַשטימטע כללים.

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. דער מרכז מזרחי האָט געדראָט מיט

קאָנסעקווענצן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט אינטערווענצן, השתדלותן, אָבער די מערהייט פון פּאַלעסטינע אַמט איז געווען קעגן ענדערן דעם באַשלוס. נישט־האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן אַ פּרעסע־קאָנפערענץ.

מיר האָבן זיך געוואָנדן צו דער גאַנצער יידישער פּרעסע, וואָס איז דער־שינען אין וואַרשע, צום "היינט", "מאָמענט", "טאָגבלאַט", "פאָלקס־צייטונג" "אונדזער עקספּרעס", "נאַש פּשעגלאָנד", "דאָס וואָרט", און צו די נאָכמיטאָג־צייטונגען "היינטיקע נייעס" און "ראַדיאָ". מיר האָבן זיי אַלע איינגעלאַדן צו קומען קיין רעמבערטאָוו אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ, צו וועלכער מיר האָבן אויך איינגעלאַדן דעם לייטער פון וואַרשעווער פּאַלעסטינע־אַמט ה' שאפאר און דעם דאָקטאָר פון פּאַלעסטינע אַמט ד"ר פּעקער.

די פּרעסע־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען דעם 5־טן נאָוועמבער 1934. עס זענען געקומען זשורנאַליסטן און פאָטאָ־רעפּאָרטערן. הרב נייפעלד און זרח וואַרהאפטיג האָבן פאַר זיי אויפגעקלערט און באַלויכטן דעם גאַנצן ענין.

איך קען זיך נישט דערמאָנען אַלע נעמען פון די זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין דער פּרעסע־קאָנפערענץ. אין זכרון זענען מיר געבליבן די נעמען: אהרן און זיין פרוי ברכה איינהארן, מ. יוסטמאַן (איטשעלע), י. פּאַט, מ. קרימסקי, י. קאזשדאַן, מ. בערנהאַלץ (סעלים), יוסף זאַק, ז. פיינגאָלד, ד"ר י. שיפּער, מ. כילינאָוויטש, מ. גליקסמאַן, יעקב ראַדזינסקי א.א. עס זענען אויך געקומען פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס: ד"ר שלמה לעוויטע, ד"ר מונדלאַק, ד"ר קאַגאַן, ד"ר האַראָוויץ. עס זענען אויך געקומען די פאַר־שטייער פון פּאַלעסטינער אַמט: ה' שאפאַר און ד"ר פּעקער.

די שטימונג אויף דער קאָנפערענץ איז געווען זייער אַ הייסע. סיי די זשורנאַ־ליסטן און סיי די געזעלשאַפטלעכע פאָרשטייער האָבן אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו דעם ענין און אויפמערקזאַם זיך באַצויגן צו יעדער קלייניקייט, זענען געגאַנגען פון ווינקל צו ווינקל אין אונדזער קיבוץ, געשטעלט פראַגן און אויפ־מערקזאַם אויסגעהערט אונדזערע אויפקלערונגען. די פאָטאָ־רעפּאָרטערן האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָטאָגראַפירן סיי די מיידלעך און סיי די אַנדערע אָנטייל־נעמער אין דער פּרעסע־קאָנפערענץ. עז זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס און די וויכוחים זענען יעדער מינוט געוואָרן אַלץ הייסער. זיי האָבן זיך געצויגן אויך ווען מיר האָבן געדעקט די טישן און איינגעלאַדן אַלע אָנטיילנעמער אויף אַ גלעזל טיי. צוהערנדיק זיך צו די רעדעס איז פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז די זשורנאַ־ליסטן באַציען זיך וואַרעם צו אונדזער ענין און געוווּסט, אַז מיר וועלן האָבן אַ פּאָזיטיווע פּרעסע.

אויף צומאַרגנס האָבן זיך אין אַלע ידישע צייטונגען באַוויזן אַרטיקלען, טייל אַפילו גאָר שאַרפע קעגן פּאַלעסטינע־אַמט. פון די אַלע אַרטיקלען איז אונדז געלונגען אָפּצוגעפינען בלויז דעם פעליטאָן, וועלכן עס האָט געשריבן דער זשורנאַליסט מ. סעלים (בערנהאָלץ) אין וואַרשעווער "היינט", נאָוועמבער, 1934 :

## 28 נייהטאַרינס אין בלויע קליידלעך

### פּרעסע אויספלוג אין פּרויען הכשרה קיבוץ פון "החלוץ המזרחי" אין רעמבערטאָוו

"רעמבערטאָוו קאָן מען זאָגן, איז אַ "תורה ועבודה" שטאָט, אַ מזרחיסטישע פעסטונג. זעט איר למשל, אין אַ געסל אין רעמבערטאָוו אַ בעל־עגלה, וואָס שמירט די רעדער פון זיין וואָגן און ברומט זיך דערווייל עפּעס אונטער אַ ניגונדל, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס חזרט ער איין עפּעס אַ ניי "תורה־ועבודה"־זמר'ל, און זעט איר צוויי ראָוועריסטן אין וועלאָסיפּעד־היטלען שטעלן זיך פּלוצלונג אָפּ אין מיטן פאָרן, קריכן אַראָפּ פון די ראָווערן און נעמען עפּעס פירן אַ הייסן וויכוח, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס שפּאַרן זיי זיך איבער עפּעס אַ שטיקל מדרש, וואָס זיי האָבן דעם לעצטן שבת געלערנט אין לאָקאַל פון "צעירי־מזרחי". זעט איר אַ סטראַזשאַק מיט אַ קאַסקע שפּאַצירט מיט אַ מיידל און טענהט מיט איר עפּעס איין, זאָלט איר נישט חושד זיין, אַז זיי כאַפּן עפּעס אַ פּשוטן פלירט. ניין, דאָס



**"ברוריה"־מיטגלידערינס — 1־טע ריי (רעכטס, זיצנדיק) :** לאה רובין, גליקע ראַפּאַפּאָרט, רודניצקי. **2־טע ריי :** טשאַרנע פוקס, שטיין, גיטל רובין, שרה גראַכאָווסקי, ברכה שטיין. **3־טע ריי :** פּוטערמאַן, רויזעלע אָסטשעגאַ, מיינעמער, חנה רובין, פינקלשטיין, מאשע גראַכאָווסקי.

איז אַ "פּועלי־מזרחי" מיט אַ "חלוצה מזרחית" און זיי שמועסן מכח סערטיפיקאַטן, וועגן דער דיקטאַטור פון דער הסתדרות און וועגן דער עקזעקוטיווע, וועלכע באַעוולהט דעם "מזרחי" הן בנוגע סערטיפיקאַטן, הן בנוגע אַנדערע זאַכן וכדומה. אַז יידן־סוחרים, שטייען אויף די שוועלן פון זייערע געוועלבער, שמועסן און טענה'ן זיך אויס, מיינט איר, אַז זיי רעדן וועגן געשעפטן, וועגן דאָלאַרן, וועגן די פּרייזן פון תבואה, מאַנופאַקטור, צי גאָר וועגן ראָטשילדס מיליאָנען? אָ, מען רעדט און מען חלומט וועגן אַ סערטיפיקאַט פאַר אַ זון אָדער אַ טאָכטער...

אַזוי זענען מיר אַ גרופּע זשורנאַליסטן און אַנדערע געסט אין אַ שיינעם זונטאָג נאָכמיטאָג אַראָפּגעפאָרן קיין רעמבערטאָוו אין פּרויען־קיבוץ פון החלוץ המזרחי — "למטרה". מיר האָבן דאָרטן געטראָפן 28 מיידלעך ביי ניי־מאַשינען, יונגע, שמייכלנדע פּנימער, אויף וועלכע ס'איז אויסגעגאָסן יענער ווונדערלעכער יידישער צניעות־חן. דאָס איז אַ פאַכמעניִשער קיבוץ. מען נייט דאָ וועש, קליידער און מען העפט אויס ציכלעך און קאפּעס. די אַרבעט איז זייער געפעלן די געסט, בפרט דעם ווייבערישן טייל. אין "למטרה" אַרבעט מען בלויז אויף באַשטעלונג, און באַשטעלונגען זענען דאָ. עס פעלט נישט ברוך השם קיין אַרבעט, אַזוי אַז אין דער קאַסע זענען נאָך דאָ אַביסל רעזערוון.

זיצן זיי דאָ אינעם נישט גרויסן, אָבער ציכטיקן צימער, אין די העל־בלויע קליידלעך, נייען און זינגען זיך אונטער אַ לידל. נישט די טרויעריקע לידלעך פון פּרצ'ס "דריי נייטאָרינס" מיט די בלויע ליפּן און רויטע אויגן, וועלכע נייען זיך אויס גרויע צעפּ און תכריכים, אנשטאָט חופּה־קליידער, רחמנא־ליצלן, נאָר פריילעכע חלוצישע לידער און זיי נייען און נייען ביז זיי נייען זיך אויס... סערטיפיקאַטן. דאָס איז דאָך דער עיקר.

אינטערעסאַנט זענען די אויפשריפטן אויף די ווענט, אָט האָט איר אַ מאמר חז"ל:

"בזכות נשים צדקניות שבאותו דור נתגלאו אבותינו ממצרים" (אין זכות פון די פרומע ווייבער פון יענעם דור זענען די יידן אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים), אַ רמז, הייסט עס, אַז מיר וועלן טאַקע אויסגעלייזט ווערן בזכות די נשים צדקניות פון "למטרה".

ווייטער: מרים, דבורה, יעל, יהודית, אסתר וברוריה הכינו לנו את הדרך למטרה.

"אַזוי ווי די פרוי — אַזוי די פאַמיליע. אַזוי ווי די פאַמיליע — אַזוי דאָס פאָלק". מען דערציילט, אַז עס איז געווען אויך אַן אויפשריפט: "שקר החן והבל היופי" האָבן זיך די שיינע מיידלעך פון "למטרה" צעבונטעוועט און די אויפשריפט אַראָפּגעריסן.

ווען מיר ווען נאָך צוגעבן, אַז די "למטרה'ניצעס" דאָווענען אַלע טאָג, לערנען תנ"ך, משניות און אגדה, וועט איר שוין האָבן אַ שטיקל באַגריף וועגן די דאָזיקע באמת שיינער און העכסט סימפּאַטישע 28 נייהטאָרינס פון פועלי מזרחיסטישן קיבוץ אין רעמבערטאָוו.

ביים היינטיקן טאָג האָט די "מזרחי" אין פוילן 100 קיבוצים און דריי טויזנט חברים אויף הכשרה, צווישן זיי 30 פּראָצענט חברות.

וועגן די דאָזיקע מזרחיסטישע קיבוצים האָט אונדז דערציילט פיל אינטערע־סאַנטע זאַכן י. גרינבערג פון דער "הפועל המזרחי"־לייטונג, צווישן די מזרחיסטישע הכשרהניקעס געפינען זיך פיל ישיבה־בחורים און יונגעלייט מיט היתר הוראה. זיי פירן אויס כלערליי אַרבעטן אין פעלד, וואַרשטאַט, פאַבריק. אין די פאַבריקן איז אָבער שווער זיך אַריינצובאַקומען צוליב דער פאָדערונג צו אַרבעטן שבת. גרינבערג דערציילט אינטערעסאַנטע קוריאָזן וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון "החלוץ המזרחי", די מלחמה, וואָס די קינדער האָבן געמוזט פירן מיט די עלטערן, פאַר וועלכע דער ענין "קיבוץ" האָט געקלונגען משונהדיק־ווילד. אין געוויסע פאַלן האָט מען געמוזט אַנקומען צו דער הלכה און מען האָט געפּסקנט, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ מצווה, מעג מען נישט האָרכן די טאַטעס... היינט קומען רבנים בעטן, מען זאָל זייערע קינדער אַריינגעמען אין די קיבוצים.

אַרום דער רעדע פון גרינבערגן האָט זיך אַנטוויקלט אַ לענגערע דיסקוסיע. ביי אַ פיין־געדעקטן טיש מיט פרוכטן, טשאַסטעס און אַנדערע מיני מזונות אין לאָקאַל פון "צעירי מזרחי" אין רעמבערטאָוו. הרב נייפעלד, וועלכער האָט באַגריסט



אַ גרופּע פון "הנוער הדתי"

די געסט אין נאָמען פון דער "תורה־ועבודה"־באַוועגונג, האָט קריטיקירט די הסתדרות און איר נעגאַטיווע באַציאונג צו די פּאַך־קיבוצים. ער טרעט אויך אַרויס קעגן דער איבערפילונג פון די הכשרה'ניקעס, וואָס עס שלאָגט זיך אָפּ אויף דער גייסטיקער הכשרה פון קיבוץ. רעדנדיק וועגן נייע עליה־גזירות, וואָס גרייטן זיך אויף אונדז, דאָס אַרויסשיקן די טוריסטן און דער אָפּזאָג צו געבן אַ גרעסערע צאָל סערטיפיקאַטן, רופט ער צו אחדות, וואָס איז איצט בשעת סכנה, פיל נויטיקער ווי אַלע מאָל.

דער אַלטער קאָזשעניצער רבי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז די יידן אַליין פאַרשטייען נישט זייער כוח. ווען אַלע יידישע הענט זאָלן זיך פאַראייניקן אין איין האַנט, וואָלט די דאָזיקע האַנט געווען אַזוי גרויס און מעכטיק, דאָס זי וואָלט געקענט דערגרייכן ביז צום הימל. לײדער זעען מיר בלויז קליינע הענטעלעך, וועלכע ציען בלויז יעדע פאַר זיך...

גרינבערגן און נייפעלדן ענטפערט ה' שאַפּאַר, דער לייטער פון פּאַלעסטינע־אַמט. אויסדריקנדיק זיין אַנערקענונג פאַר דער מוסטערהאַפטיקער אָרגאַניזאַציע פון די "מזרחי"־קיבוצים, וואַרפט ער אָפּ די באַשולדיקונג וועגן די שוועריקייטן, וואָס עס ווערן געמאַכט די הכשרה־קיבוצים פון "מזרחי". מען מאַכט נישט קיין שוועריקייטן די פאַכמעניש־אויסגעבילדעטע חלוצים. ענטפערנדיק אויף די פאַרוורפן פון נייפעלדן וועגן דער באַציאונג פון דער עקזעקוטיווע צו דער אומלעגאַלער עליה, זאָגט ער, אַז ווען מען שיקט אַרויס די יידישע טוריסטן פון ארץ־ישראל, טאָר מען דאָך נישט פאַרגרעסערן די צאָל אומלעגאַלע עולים.

פרוי ד"ר לעוויטע, וואָס האָט באַגריסט אין נאָמען פון "וויזאָ", איז געוואַלדיק נתפעל פון די "למטרה'ניצעס". זי איז אַן אָנהענגערין פון באַזונדערע קיבוצים פאַר פרויען, ווייל אין די געמישטע קיבוצים איז די פרוי נישט צופרידן מיט איר ראָל, ס'רוב די ראָל פון אַ קעכין אָדער וועשין. די זעלבע מיינונג האָט אויך פרוי איינהאָרן (וועלכע האָט באַגריסט אין נאָמען פון י.פ.אָ.). "איך בין צוויי מאָל געווען אין ארץ־ישראל און כ'האָב זיך אויך איבערצייגט, אַז די פרוי פילט זיך גאָר גליקלעך אין איר אייגענער פרויען־קבוצה" — זאָגט פרוי איינהאָרן.

קאָלעגע איינהאָרן, וועלכער רעדט אין נאָמען פון די איינגעלאַדענע זשורנאַליסטן פרוווט געפינען אַ סמיכות הפרשיות צווישן די הכשרה־קיבוצים פון "מזרחי" מיט די הכשרה־קיבוצים פון דער אגודה אין קאַרזעל, וועלכע ער האָט דאָ נישט לאַנג באַזוכט ביז צו די הסתדרות־קיבוצים. "מיר ווילן נישט אַריינגיין אין אייערע אינערלעכע רייבונגען — זאָגט ער — איך בין אַ זשורנאַליסט און אַלס אַזעלכער קוק איך אויף די זאַכן אָביעקטיוו. פאַר מיר איז דער עיקר די עצם דערשיינונג, די וווּנדערלעכע דערשיינונג פון דער דאָזיקער

רעוואָלוציע, וואָס מיר מאַכן דורך און דערזיף דאַרפן מיר מאַכן אַ "שהחיינו"

פריילין גרינבערג באַגריסט און דאַנקט אין העברעאיש אין נאָמען פון קיבוץ. ה' פוטערמאַן אין נאָמען פון צווייטן מזרחיסטישן קיבוץ אין רעמבערטאָוו "קיבוץ אברהם", חברה רובין פון "למטרה", ה' סאָקאָל, פאָרז. פון "צעירי מזרחי" אין רעמבערטאָוו. און... דער עולם הויבט זיך אויף פון די טישן, דער בלאָז־אָרקעסטער פון רעמבערטאָווער "צעירי מזרחי" שפילט "תחזקנה" און מען פאָרט צוריק קיין וואַרשע מיט אַ דאַנקבאַרקייטס־געפיל פאַר די איינאָרדנער פון אויספלוג, וואָס האָבן אונדז אַריינגעפירט אויף אַ פאָר שעה אין דעם דאָזיקן שיינעם הכשרה־ווינקל פון דער "רעליגיעזער חלוצה".

נאָך דער פרעסע קאָנפערענץ, איז די גאַנצע וואַרשעווער פרעסע אַרויס מיט פאָדערונגען צוצושטעלן אונדז סערטיפיקאַטן. ווי איבערראַשט זענען מיר געוואָרן ווען אין געציילטע טעג אַרום זענען צו אונדז אין קיבוץ אַראָפּגעקומען פאָרשטייער פון פּאַלעסטינע־אַמט און אונדז צוגעטיילט 17 סערטיפיקאַטן.

מען קען זיך פאָרשטעלן די גוואַלדיקע פרייד, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען. צוזאַמען מיט דער פּאַלעסטינע־אַמט־פאָרשטייערשאַפט און מיט דער הסכמה פון אַלע חברות און מזרחי פאָרשטייער האָבן מיר איינגעטיילט די סערטיפיקאַטן לויט פאָלגענדן צוזאַמענשטעל: 8 סערטיפיקאַטן פאַר די פּיאָנערקעס פון קיבוץ, מיר האָבן געוואָלט איינטיילן נאָך עטלעכע סערטיפיקאַטן פאַר אונדזערע חלוצות, אָבער זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי וועלן פאָרן מיט דער צווייטער חלוקה, זיי זענען נאָך נישט גרייט צוליב פאַמיליע־סיבות צום זאָפאָרטיקן אָפּפאָר. האָבן מיר דאַן די איבעריקע 9 סערטיפיקאַטן פאַרטיילט פאַר די עלטערן און פאַמיליעס פון אונדזערע חלוצות: מאַשע און שרה גראָכאָווסקי, פאַר די עלטערן פון: זעלדע און ריווע עקשטיין. וואָס שייך די רעשט עלטערן פון די חלוצות, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר וועלן זיי ביי דער ערשטער מעגלעכקייט אַרויספאָדערן קיין ארץ־ישראל.

די הכנות צום אָפּפאָר נאָך ארץ־ישראל האָבן נישט לאַנג געדויערט. ענדע 1934 האָבן אונדזערע פאַמיליעס, חברים, פריינד און דאָס גאַנצע שטעטל רעמבערטאָוו אונדז באַגלייט צום וואָקזאַל. אויף דעם איבערפולטן פערון האָבן זיך גרופּירט גרופּן, וועלכע האָבן מיט גרויס התלהבות געטאַנצט הוראָס, און אָן אויפהער געזונגען ארץ־ישראל־לידער. די שטימונג און שמחה סיי פון די אָפּפאָרנדע און סיי פון די באַגלייטער איז געווען אין לשער. פאַרן רירן פון צוג האָבן מיר, די אָפּפאָרנדע, פאַרגאָסן טייכן טרערן. מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט אַז דאָס באַוויינען מיר אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער און די אַלע טאַנצנדיקע, וועלכע מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט זוכה זיין מער צו זען.



יאסל גרינבערג

# יוגנט
# און אירע אידעאלן

אנהויבנדיק פון 1933 ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה איז דאָס געווען אַ שטעטל מיט אַ טייל גבירים, אַ סך קליינ־הענדלער, בעלי מלאכות און זייער פיל בכבודיקע אָרעמעלייט. אמת, קיין עקסטרעמע אָרעמקייט, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, איז אין רעמבערטאָוו נישט געווען. טאָמער מאַך איך אַ טעות איז דאָס צו פאַרדאַנקען די יעניקע וואָס האָבן באַוויזן צו האַלטן בסוד זייער פאַקטישע עקאָנאָמישע לאַגע. דעריבער טאַקע האָב איך פריער באַצייכנט אַזעלכע מענטשן ווי בכבודיקע אָרעמעלייט. דאָס איז געווען איינע פון די וויכטיקע כאַראַקטער־שטריכן פון די רעמבערטאָווער יידן.

למדנות און אפילו אַלעגמיין וועלטלעך וויסן זיינען בדרך כלל זייער הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן. מענטשן וואָס זיינען געווען באַקאַנט אַלס למדנים אָדער סתם געלערנטע האָבן גענאָסן פון אַלגעמיינעם רעספּעקט און באַוווּנדערונג. אפילו אין פּאָליטישן זין איז רעמבערטאָוו געווען הויך אַנטוויקלט. עס זיינען געווען מער אָדער ווייניקער רעפּרעזענטאַנטן פון כמעט אַלע עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען; אָנהויבנדיק פון דער התאחדות "אגודת ישראל", "מזרחי", "לינקע פּועלי ציון" ווי אויך געציילטע פון "בונד" און קאָמוניסטן. אַלע זענען געווען איבערגעגעבן זייערע אידעאַלן בלב ובנפש. דאָס איז ניט קיין גוזמא. געווען אויך פאַלן ווען פּאָליטישע אנגעהעריקייטן האָבן משפּיע־געווען אויפן גאַנג פון פּריוואַטן לעבן פון אַ היפּש ביסל מענטשן. טאָמער האָבן נישט גערעדט מיט זייערע זין, ברידער זענען ברוגז געווען איינער מיטן אַנדערן בלויז צוליב פּאָליטישע סכסוכים.

געלייגט אַ חותם אויפן יידישן רעמבערטאָוו האָבן די פּאָלגנדיקע דריי אָרגאַ־ניזאַציעס: "מזרחי", "י. ל. פּרץ ביבליאָטעק" און "התאחדות". אגב, האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט קיין אינפאָרמאַציע וועגן די טעטיקייטן און דעם אופן פון פונקציאָנירן פון דער "מזרחי"־אָרגאַניזאַציע. עס איז שטענדיק געווען מיין איינ־דרוק, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ גענוי אָנגעצייכנטן פּראָגראַם פון פּרינציפּן און זיינען זיך געגאַנגען זייער אייגענעם וועג אומגעשטערט פון קיינעם

גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע אין דער "פּרץ ביבליאָטעק" און אין "התאחדות". די ביידע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַפּעלירט און געהאַט אָנהענגער צווישן דער נישט רעליגיעזער יוגנט. כאָטש ווי עס לייגט זיך אויפן שכל האָבן די ביידע גרופּעס זיך ניט געדאַרפן נוגע זיין איינע דער אַנדערער, ווייל די "י. ל. פּרץ ביבליאָטעק" איז פּרינציפּיעל געווען אַן אומפּאַרטייאישע קולטור אָרגאַניזאַציע. נישט געקוקט דערויף האָבן די ביידע גרופּעס זיך תמיד געראַנגלט איינע מיט דער אַנדערער. אַזוי לאַנג ווי כ׳קען נאָר געדענקען איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיקע ריוואַליזאַציע צווישן "התאחדות" מיט "פּרץ ביבליאָ־טעק", מיר איז די געשיכטע ניט באַקאַנט. נאָר וואָס כ׳געדענק בלויז איז, אַז תמיד איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף, ווער עס וועט וועמען איבערשטייגן אויף יעדן געביט.

וויכטיק איז פעסטצושטעלן, אַז די מאָסן מיט וועלכע מען האָט געמאָסטן דעם דערפּאָלג פון די אָרגאַניזאַציעס זענען דורכאויס געווען גייסטיקע. למשל, פאַרשפּרייטן וויסן דורך אויסבאָרגן ביכער איז דאָך געווען דער תמצית פון דער "פּרץ ביבליאָטעק" טעטיקייט. וואָס טוט דער "התאחדות"? ער שאַפט זיך איין אַן אייגענע ביבליאָטעק בכדי זיינע מיטגלידער זאָלן נישט דאַרפן אָנקומען צו דער קעגנערישער אָרגאַניזאַציע.

דאָס זעלבע איז אויך פאָרגעקומען מיט אַ דראַמאַטישן קרייז. דאָ וועט זיין וויכטיק צו דערמאָנען, אַז ווען די "י. ל. פּרץ ביבליאָטעק" האָט זיך איינגעפונ־דעוועט און זיך צעוואַקסן, האָט זי זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַר־שפּרייטן גוט יידיש טעאַטער. די טראַדיציע איז אָנגעהאַלטן געוואָרן כמעט ביזן אויסברוך פון דער מלחמה.

ווען איך דערמאָן זיך אין יענער פאַרשוווּנדענער צייט, און כאָטש כ׳בין נאָך געווען אַ יינגל אין יענער צייט, קען איך ניט פאַרגעסן וויפל התלהבות און איבערגעגעבנקייט עס האָבן אַרויסגעוויזן די אַלע, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין צוגרייטן אַ פאָרשטעלונג. דאָס מיינט ניט בלויז די אַרטיסטן. אַלע, אפילו די וואָס האָבן געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו באַזאָרגן אַ שטיקל מעבל אָדער אַן אַנדערע זאַך פאַר דער בינע האָבן זיך אויפגעפירט ווי פון זייער צושטייער איז

אָפּהענגיק דער דערפֿאָלג פֿון דער גאַנצער אונטערנעמונג. די אחריות פֿון יעדן איינעם פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע איז פּשוט שווער איבערצוגעבן.

נאָך איצט שטייען מיר קלאָר פֿאַר די אויגן דער באמת טאַלאַנטפֿולער שוישפּילער, אהרון פֿוקס, ווי אויך פּערל רייזמאַן, וואָס האָט אויף פֿיל געביטן געהאַט איבערגעווײנלעכן טאַלאַנט. ווען כ׳גיב אַ טראַכט אויף צוריק, נאָך דעם ווי כ׳בין שוין געווען אין אַ היפּשער צאָל לענדער און באַזוכט פֿיל טעאַטערן איז נישט מער ווי יושר צו אָנערקענען, אַז די אויפֿפֿירונגען פֿון רעמבערטאָווער דראַמאַטישן קרייז זיינען קינסטלעריש נישט אָפּגעשטאַנען פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע טעאַטערס.

״התאחדות״ האָט אויך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישן קרייז, אויפֿגעפֿירט עטלעכע פּיעסן אויף אַ גאַנץ געלונגענעם אופֿן, אָבער זיי האָבן לאַנג נישט געקאָנט אנהאַלטן. כ׳בין זיך משער, אַז זיי האָבן נישט געהאַט געגנוג ערנסט־פּאַראינטערע־סירטע מענטשן אין דעם שטייגער אַקטיוויטעטן.

ביים סוף פֿון די דרייסיקער יאָרן האָט זיך די קאָנקורענץ צווישן די צוויי וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס פֿאַרשפּרייט אויך אויפֿן געביט פֿון איינאָרדענען רעפֿע־ראַטן מיט גוט באַוווּסטע רעדנער. די אונטערנעמונגען פֿלעגן פֿאָרקומען אין די פֿרייטיק־אָוונטן. איך אַליין האָב נישט געהאַט קיין אינטערעס אין די לעקציעס, ווייל עס איז מיר שווער געווען נאָכצופֿאָלגן די רעדנער, נאָר כ׳פֿלעג קומען צו די ״התאחדות״־אָוונטן, ווייל כ׳האָב געהערט צו דער ״גורדוניה״־אָרגאַניזאַציע. אויך דאָ האָבן ביידע אָרגאַניזאַציעס געאַרבעט מיט מסירת נפֿש. עס איז שווער צו פֿאַרגעסן ד באַגייסטערנג פֿון די ״פּרץ ביבליאָטעק״־מיטגלידער נאָך אַן אָוונט פֿון ד״ר קרוק, זרובבל, לעאָ פֿינקעלשטיין אָדער אַן אַנדערן. דאָס זעלבע אויך אין די ״התאחדות״־קרייזן נאָך אַ געלונגענעם רעפֿעראַט פֿון אַ ד״ר שיפּער, אברהם לעווינסאָן אָדער אַן אַנדערן ציוניסטישן עסקן. טעג נאָכאַנאַנד פֿלעגט מען נאָך אַלץ הערן קאָמענטאַרן און קריטיק איבער די פֿאַרשיידענע לעקטאָרן.

אַזאַ איז געווען די קאָנקורענץ צווישן די צוויי וועלטלעכע גרופּעס. ביידע האָבן געטאָן אַלדאָס מעגלעכע בכדי איבערצושטייגן איינע די אַנדערע גייסטיק און אינטעלעקטועל. לסוף איז דער קולטור פֿאַרמעסט געווונען געוואָרן פֿון דער פּרץ ביבלאָטעק.

עפּעס דאַרף אויך געזאָגט ווערן וועגן דער באַגייסטערונג און איבערגעגעבנ־קייט פֿון די רעמבערטאָווער יונגעלייט פֿאַר זייערע אָרגאַניזאַציעס, פֿאַר דער ״פּרץ ביבליאָטעק״, פֿאַר ״התאחדות״ און פֿאַר אַלע אַנדערע, וואָס זענען געווע־טעטיק אין שטעטל.

אזוי לאַנג ווי כ׳קען זיך דערמאָנען רעמבערטאָוו, האָט ״מזרחי״ שטענדיק געהאַט איר אייגענעם שיינעם און גרויסן בנין און אויך אַ בלאָז אָרקעסטער כ׳קען זיך בלויז פאָרשטעלן וויפל התלהבות און מסירת נפש די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געמוזט אַרויסווייזן בכדי זיך צו דערשלאָגן צו אַזאַ בנין.

וואָס כ׳געדענק יאָ זייער גוט, איז געווען די צייט ווען דער אַלטער לאָקאַל פון ״התאחדות״, וואָס האָט זיך געפונען אין אַן אַמאָליקן טאַנץ־זאַל, איז אָפּגעברענט געוואָרן און די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, בראש מיט מיין פעטער מאיר יעלען, האָבן באַשלאָסן צו בויען אַן אייגן הויז פונקט ווי ״מזרחי״ האָט געהאַט. עס זאָגט זיך לייכט אַרויס: בויען אַ הויז, אָבער ווען מען האָט נישט קיין געלט דערויף זענען אין די דריי ווערטער באַהאַלטן טריזנטער שוועריקייטן כ׳האָב קיינמאָל נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג וועגן דער פינאַנציעלער לאַגע פון ״התאחדות״ בשעתן בויען דאָס הויז. זי איז ווייזט אויס נישט געווען קיין צו געהויבענע, ווייל מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע פלעגן מוזן קומען און טאָן געוויסע אַרבעטן מיט וועלכע זיי האָבן זיך געקאָנט אַן עצה געבן, בכדי איינצושפּאָרן געלט. אויך פלעגן אַנדערע גיין אַרבעטן אויף עטלעכע טעג בכדי צו פאַרדינען אַ פּאָר ברעטער אָדער עפּעס אַנדערש אין וואָס מ׳האָט זיך גענויטיקט. אָבער קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן דעם ווינטער, ווען די ווענט פון דעם הויז זענען שוין געשטאַנען, דער דאַך איז שוין געווען צוגעדעקט, נאָר עטלעכע מעטער פון דער איינציקער געמויערטער וואַנט פון אונטן איז נאָך געשטאַנען אָפן. נישט געווען קיין געלט אין דער קאַסע אויף צו קויפן ציגל און צו באַצאָלן אַ מויערער. יעדע נאַכט פלעגט אַ גרופּע חברים מיט זעק אין די הענט אַוועקגיין צום אַלטן אָפּגעברענטן לאָקאַל און פון דאָרט ברענגען ציגל, וועלכע זענען שפּעטער אָפּגערייניקט געוואָרן און גענוצט געוואָרן צו פאַרענדיקן די וואַנט. אַלע אַלע, וואָס פלעגן גיין און שלעפּן די ציגל אויף זייערע פּלייצעס, זענען געווען טיף איבערצייגט, אַז זיי טוען אַ גרויסע מצוה מיט העלפן פאַרענדיקן דעם בנין פון ״התאחדות״.

גרויס איז געווען די שמחה אין דער אָרגאַניזאַציע ווען יאַנקל רובין האָט ענדלעך פאַרענדיקט די וואַנט. עס איז לייכט אַ זאָג צו טאָן ״פאַרענדיקן אַ וואַנט״, אָבער ווען האָט אַ בחור ווי יאַנקל געהאַט צו טאָן מיט מויערײַ? כ׳געדענק גוט די קאַלטע טעג ווען ער איז געשטאַנען מיט אַ קעלניע אין דער האַנט און כאָטש ער האָט זיך געמאַטערט מיט יעדן ציגל, מיט יעדן עמער ליים, דאָך איז אַזאַ צופרידענקייט געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים, ווי ער וואָלט געטאָן ממש אַ הייליקע גרויסע אַרבעט.

## פון דער י. ל. פרץ־ביבליאָטעק
## צו פיר אוניווערזיטעט־דיפּלאָמען

דאָ וויל איך דערקלערן, אַז אויך איך בין פיל באַווירקט געוואָרן פון די וונדערבאַרע יונגעלייט, וואָס זענען אַזוי פרי אומגעבראַכט געוואָרן און די וואָס זענען מיט מזל לעבן געבליבן. איך האָב אָנגעהויבן מיין בילדונג פון לייענען די ביכער אין דער "י. ל. פרץ־ביבליאָטעק" ווי אויך אין "התאחדות". אין איצטיקן מאָמענט האָב איך פיר אוניווערסיטעט־דיפּלאָמען, אָבער דעם דורשט צום לערנען און וויסן האָב איך איבערגענומען פון זיי. אָן דעם גרויסן פאַרלאַנג צו לערנען און אָן דעם ביישפּיל פון זייער אַמביציע, וואָלט איך זיכער זיך נישט דערשלאָגן צו מיין איצטיקער פּאָזיציע.

די אָנפירונג פון דער "מזרחי" אָרגאַניזאַציע איז ניט אָפּגעשטאַנען פון דער "י. ל. פרץ ביבליאָטעק". אָט געדענק איך ווי מענדל סאקאל איז געוואָרן אַזוי פּראָמינענט נישט בלויז אין רעמבערטאָוו, נאָר אפילו איבערן לאַנד און ער איז געשיקט געוואָרן ווי אַ פאָרשטייער פן דער לאַנד־אָרגאַניזאַציע צו רעפּרעזענטירן "מזרחי" ביי איינעם פון די ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן. דאָס איז אַ געוואַלדיק גרויסער כבוד וואָס אַ רעמבערטאָווער האָט ווען עס איז דערגרייכט.

אין די לעצטע 2—3 יאָרן פאַר דער מלחמה זענען פאָרגעקומען געוויסע ענדערונגען אין די צוויי וועלטלעכע יידישע אָרגאַניזאַציעס פון רעמבערטאָוו. די מער עלטערע חברים, וואָס זענען יאָרן לאַנג געשטאַנען ביי דער אָנפירונג, האָבן חתונה געהאַט. דאָס האָט פּאַסירט מיט ביידע וועגדריגערס, מיט מאיר יעלען אלעזר פוקס, בן־ציון ביטער און אַנדערע וועמענס נעמען כ'קען זיך נישט דער־מאָנען. עס זענען אויפגעקומען נייע פירער. אין דער "פרץ ביבליאָטעק" איז פייוול מארכאן געוואָרן דער פאָרזיצער, אָבער דער פּאַקטישער טוער און טאָן־געבער איז געוועזן דער אומדערמידלעכער אהרון פוקס וועמענס טאַלאַנט אין ענערגיע האָבן אויסגעפילט די בלויזן וואָס זענען געבליבן נאָך די פריערדיקע אַקטיוויסטן.

ווער עס זענען געווען די אָנפירער פון "התאחדות" צו יענער צייט געדענק איך נישט, ווייל צוליב אַ געוויסן קאָנפליקט אָדער מיספאַרשטענדעניש האָט זיך אַ גאַנצע גרופּע פון "התאחדות"־מיטגלידער אָפּגעריסן און אַריבער צו דער "פרץ־ביבליאָטעק".

מיט דער צייט איז אין די וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס פאָרגעקומען אַ

לעבהאפטיקע פאַראינטערעסירונג צו ענדערן די באַציאונג אָדער אָפּאָזיציע צו דער יידישער קהילה און ווערן אַן אַקטיווער טייל פון איר. דער ערשטער וועלטלעכער דאזאר איז געווען אברהם בלעכמאַן, געווײלט געוואָרן פון דעם ״התאחדות״, דער צווייטער איז געווען משה זילבערבערג, וואָס האָט רעפּרע־זענטירט די ״י. ל. פּרץ ביבליאָטעק״.

זומער־צייט האָט דאָס געזעלשאַפטלעכע רעמבערטאָוו באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. די לאָקאַלן פון יעדער אָרגאַניזאַציע זענען גענוצט געוואָרן איבער־הויפּט פאַר אָפיציעלע פאַרזאַמלונגען. ס׳רוב פון די רעמבערטאָווער יוגנטלעכע פלעגן זיי גאַנצע טעג פאַרברענגען אין יאַגאָדעס גאָרטן אויפן גראָז, און אין די אָוונטן פלעגט דער טרעף־פּונקט זיין ביי מענדעלע גאָלדשטיין אויף דער ווערנאַנדע.

ביי יאַגאָדען אין גאָרטן פלעגט מען זען רעדלעך יונגעלייט שפּילן אין קאָרטן אָדער פירן היציקע דיסקוסיעס וועגן לייט־אַרטיקלען אין די טעגלעכע צייטונגען אָדער גאָר זיך טיילן מיט איינדרוקן פון דורכגעלייענטע ביכער. די געשפּרעכן זענען תמיד געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. כ׳וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן וואָס פאַראַ שטאָלץ עס פלעגט זיין פאַר ועמען צו קומען און אָפּגעבן אַ באַריכט פון אַ נאָר וואָס דערשינענעם בוך וואָס קיינער האָט נאָך נישט געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען. די ביכער פלעגט מען זיך יאָגן צו קויפן. מערקווירדיק איז, אַז די זעלבע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך ניט פאַרגינען צו קויפן עטלעכע פּאַפּיראָסן, האָבן גערן אויסגעגעבן זייערע לעצטע פאַר גראָשן פאַר אַ ניי דערשינענעם בוך.

אין די אָוונטן פלעגט די גאַנצע חברה זיך צונויפקומען ביי מענדעלע גאָלדשטיין אויף דער ווערנאַנדע. לכתחילה האָט ר׳ מענדעלע געטאָן אַלדאָס מעגלעכע פּטור צו ווערן פון זיינע געסט, אָבער ער האָט נעבעך געהאַט צו טאָן מיט יוגנטלעכע, וואָס האָבן נישט געהאַט ווו זיך אַהין צו טאָן. פלעגן זיי קומען צוריק. ר׳ מענדעלע האָט איינגעזען, אַז עס וועט אים נישט העלפן מיט די עקשנים, האָט ער זיך לסוף אונטערגעגעבן. אָרום דער ווערנאַנדע זענען פאָרטגעזעצט געוואָרן אַלע שמועסן פון יאַגאָדעס גאָרטן. ווען כ׳דערמאָן זיך די אָוונטן, די טעמאַטיק און דעם קאַליבער פון די געשפּרעכן מוז איך צוגעבן, אַז עס וואָלט געווען אַ גרויסע גייסטיקע דערפרישונג צו האָבן עטוואָס ענלעכעס אין די מאַטעריאַליסטישע פאַראייניקטע שטאַטן.

נאָך איז וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז די ליטעראַרישע אָדער פּאָליטישע דיסקוסיעס זענען פאָרגעקומען צווישן מענטשן, וואָס האָבן אין דער גרויסער מערהייט קיין שום פאָרמעלע בילדונג נישט געהאַט. דאָס זענען געווען אמתע פאָלקס־אינטעליגענטן אין פולן זין פון וואָרט. נישט געקוקט אויף דער האָפנונגס־

לאַזיקייט פון דער יידישער לאַגע אין דעמאָלטיקן פּוילן בכלל און זייער אייגענער בפרט, האָבן זיי זיך באַוויזן צו דערהויבן איבער דעם און אנשטאָט רעזיגנירן צו די געגעבענע באַדינגונגען, האָבן זיי געזוכט וועגן און מיטלען ווי צו פאַר־בעסערן די גאַנצע וועלט. מיט גרויס באַוואונדערונג און יראת הכבוד דערמאָן איך די אַלע מיינע חברים.

**כבוד זייער אָנדענק!**

---



**רעמבערטאָווער פּאַרטיי קאָמיטעט פון "רעכטע פועלי ציון" און "העובד".**

**עס זיצן ערשטע ריי פון רעכטס:** אברהם בימבליך, שיינדל בימבליך, יאַנקל בימבליך, דוד יעלען, יהושע טענענבוים.

**צווייטע ריי פון רעכטס:** יאָסל (איידעם פון ראובן דיסטעלמאַן), יצחק קראַקאָווסקי, אהרן פוקס, פערל רייזמאַן, (איידעם פון שמואל סקאָווראָנעק) שימעלע באַרדאַס, משה שטיינמאַן.



פייגע אליוועשנטיין־זילבערבערג

# אונדזער היים

קיין היים האָט געלאָזט טיכּע שפּורן אין מײַן נשמה. די מאָראַלישע שיינקייט פון אונדזער שטוב, דאָס אידעאַלע און דערהויבענע, אינ־ספּירירט און באַגייסטערט מיך ביזן היינטיקן טאָג. תּמיד זע איך פאַר מײַנע אויגן די אינערלעכע גײַסטיקייט און קולטור־דורשט, וואָס האָט געלעבט אין די דאָזיקע פּשוטע מענטשן. באַשיידן און אָרעם איז געווען זייער מאַטעריעלע עקזיסטענץ, אָבער רײַך מיט זייער התלהבותדיקער געטרײַקייט צו הויכע אידעאַלן און דערפאַר זענען אַפילו אין זייער וואָכעדיק לעבן געווען אַזויפיל יום־טובדיקע שעהן, אַזויפיל באַגײַסטערונג פאַרן שיינעם און דער־הויבענעם, מיט וועלכן עס זענען געווען דורכגעוועבט די טעג פון אַ גאַנץ יאָר.

מײַן פאָטער, פון די ערשטע באַלעבאַטים אין רעמבערטאָוו, איז געווען אַ שניידער, אַ רעליגיעזער ייִד, אַ פאָלקס־מענטש, אַ נהנה מיגיע כפּו און פון זײַן פראַצע אויפגעבויט זיך אַן אייגן הויז, חתונה־געמאַכט דריי זין און דריי טעכטער געגעבן זיי אַ שיינעם אויסשטייער און געהאַט נחת פון די אייניקלעך.

מײַנע דריי ברידער האָבן געאַרבעט מיטן טאַטן. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן שוין געלעבט אין אַן אַנדערער וועלט, אַנדערע אידעען, אַנדערע פּראָב־לעמען, איז געווען עפּעס אידילישעס אין זייער צוזאַמענלעבן מיטן טאַטן. דער וואַרשטאַט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קולטור־צענטער פון שטעטל. עס זענען זיך דאָ צונויפגעקומען די חברים, קולטור־אַקטיוויסטן און מען האָט צוזאַמען באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, פון דראַמקרײַז. מען האָט דיסקוטירט איבער ניי־דערשינענע ביכער פון יידישע שרייבער, פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, וועגן אויפקום פון סאָציאַליסטישע און נאַציאָ־נאַלע אידעען, וועגן געזעלשאַפטלעכע און רעוואָלוציאָנערע כּוחות.

דער טאַטע האָט זיך שטיל צוגעהערט צו די רייד און כאָטש ער איז געווען ווייט פון יענעם שטורעמדיקן ווירוואַר פון אידעען און באַוועגונגען, האָט מען געפילט זיין קלוגע פאַרשטענדעניש פאַר די אידעאַלן פון דער יוגנט, זיין וואַרעמען אינטערעס פאַר זייער שטרעבן צו אַ בעסערער וועלט.

עס פלעגט טרעפן, אַז די מאַמע האָט זיך געוואַנדן צו אים מיט דער טענה, פאַרוואָס זיי גיבן אָוועק אַזויפיל צייט אויף די רעדערייען, אין וועלכע זי האָט נישט געזען קיין תכלית. ״שאיע — פלעגט זי זאָגן צום טאַטן — וואָס ווילן זיי? פון דעם וועט דאָך נישט זיין קיין פרנסה״. מיט די דיסקוטאַנטן האָט זי אַמאָל געפרווט איינטענהן: ״קינדער, כ׳בעט אייך, לאָזט אַרבעטן״.

אָבער וואָס האָט זי געקענט העלפן, אַז די יוגנט האָט געהאַט אַזויפיל פּראָבלעמען צו לעזן און מען האָט געמוזט אָנקומען צו מיין ברודער משה צו באַהאַנדלען מיט אים איבער וועלכער פּיעסע דער דראַמקרייז זאָל אָנהייבן אַרבעטן, ווי עס דאַרף אויסזען דער פונאַנדערטייל פון די ראָלן און דערביי אַריינכאַפּן אַ שמועס וועגן נייע פאָרמען, נייע סטילן אין טעאַטער, אין דער ליטעראַטור.

אין פּרט פון אומרו, פון קולטור־דורשט איז דער טאַטע נישט געווען ווייט פון די יונגע. די ביבליאָטעק איז געווען אין אונדזער הויז און דער טאַטע איז געווען פון די אָפטע באַזוכער, האָט אַ סך געלייענט, איז געקומען אויף פאַרלעזונגען, אויף טעאַטער־פאָרשטעלונגען, געהאַט אַן אָפענעם מוח און אַן אָפן האַרץ פאַרן שטורעם און דראַנג פון דער יוגנט, פאַר די נייע געדאַנקען. ער האָט פאַרמאָגט די קונסט פון באַנייען זיך אַליין, בלייבן זיך אַליין געטריי און דערביי אויפנעמען און פאַרדייען דאָס נייע. דאָס האָט אים מסתמא געהאָלפן צו האַלטן זיך יונג און ניי, ביז עס האָט אָנגעיאָגט דער גרויזאַמער אומקום און אַזוי אַכזריותדיק פאַרשניטן יידישע לעבנס, אַזאַ דערהויבן יידיש לעבן.

מיין מאַמע איז געשטאָרבן דריי חדשים פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה. פון איר האָט עמאַנירט צאַרטקייט און ליבשאַפט און געשטראַלט מיט עכט־יידישן פאָלקסשטייגער.

פון דער גאַנצער משפחה בין איך אַליין געבליבן, און ווי אויף יעדן אָפּגעראַטעוועטן פיל איך אויך אויף זיך דעם חוב צו שרייבן און פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע קדושים, דערציילן וואָס מער פון זייער לעבן און אומקום, אָבער אָפגענומען איז ביי מיר דאָס לשון. איבער אונדזער לעבן איז געבליבן הענגען די שווערע נאַכט פון אומקום, וואָס האָט צוגערויבט ביי אונדז דאָס טייערסטע און פאַרלאָשן דאָס ליכט פון אונדזער לעבן. זאָלן די עטלעכע ווערטער צום אָנדענק פון מיינע עלטערן זיין אַ נר־תמיד פאַר זייער גרויסער שיינקייט און גרענעצלאָזער ליבשאַפט צו אַלדאָס דערהויבענע און הייליקע אין יידישן לעבן.



## לייב אליוועשנטיין

# מיין טאַטנס ניגון

מיין פאָטער איז געווען אַ גערעכער חסיד, אַ ייד אַ בן־תורה, אָבער נישט קיין בטלן, כמעט אַ וועלטלעכער מענטש. באַהערשט פּערפעקט עטלעכע שפּראַכן אין שרייבן, לייענען און אין רעדן. דערצו האָט ער געהאַט אַ שיינע האַנטשריפט, אַ קאַליגראַפישע. געהייסן האָט ער יהושע אַליוועשנטיין, אָבער אַלע האָבן אים גערופן ר׳ שיעלע חזן, ווייל יאָרן לאַנג איז ער געווען דער חזן פון אונדזער טייער שטעטעלע רעמבערטאָוו. ווי איך געדענק, אַלס קינד נאָך, איז דער טאַטע געווען דער שליח ציבור. פון 1914 ביז 1939 ביז דער צווייטער וועלט מלחמה, במשך פון דער גאַנצער צייט, איז נישט געווען קיין איין פאַל, אַז מען זאָל אים, חלילה, אָפּזאָגן פון חזנות. געדאַוונט פאַרן עמוד האָט ער מיט אַ קאַפּעלע פון עטלעכע יינגלעך משוררים, וועלכע פלעגן צוהעלפן דעם טאַטן. דאָס זענען געווען די בני קלוגמאַנס.

שוין נאָך ראש חודש אלול האָט דער טאַטע אָנגעהויבן איינשטודירן מיט דער קאַפּעלע די נייע ניגונים, וועלכע ער האָט געבראַכט פון גערער הויף. די משוררים האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם לאַנגן טיש און צוגעהערט זיך צום טאַטנס איבערזינגען עטלעכע מאָל דעם מאָטיוו. די יינגלעך, באַשאָנקען מיט אַ מוזיקאַלישן חוש, האָבן גלייך אונטערגעכאַפּט דעם ניגון און עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָבן שוין אַלע געזונגען צוזאַמען. דער טאַטע האָט אַרויסגערוקט די ברילן אויפן שטערן און דיריגירט מיט די יינגלעך, ווי אַן אמתער דיריגענט. מיט די האַנט־באַוועגונגען האָט ער זיי אָנגעוויזן ווי אויפצוהייבן און ווי אַראָפּ־צולאָזן זייערע שטימען. פון צייט צו צייט האָט ער זיי געמאַכט פאַכמענישע

באַמערקונגען, געוואַלט אַרויסציען פון זיי דעם ריכטיקן טאָן, די נשמה פונעם ניגון. ער האָט מקפּיד געווען אויף יעדן האַלבן טאָן, עס זאָל אַרויסקומען געשליפן, בויגעוודיק ווי עס פּאַסט פאַר די הייליקע ימים נוראימדיקע תּפילות.

נישט איין מאָל האָב איך באַמערקט ווי עס קאָסט אים געזונט ווען עמיץ האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ פאַלשן טאָן. גלייך פלעגט ער אָפּשטעלן דאָס געזאַנג און מיט צער אויפן פּנים געוואַנדן זיך צו זיינע משוררים: "נו, קינדער, ס'איז גוט אַזוי?... מעג מען אַ תּל מאַכן פון אַזאַ שיינעם ניגון?..."

באַלד איז זיין שטים געוואָרן ווייכער, צערטלעכער: "אַ ביסל הייסער, מער געפיל, נו, לאָמיר אויסבעסערן... לאָמיר נאָך אַמאָל איבערגיין. נו, זכרנו לחיים... אָט אַזוי, אָט אַזוי... נישט צו הויך.."

דער טאַטע האָט מיט דער לינקער האַנט פאַרשטעלט זיך דאָס אויער און אָנגעשטרענגט זיך אויפצוכאַפּן יעדן ניואַנס. אַליין איז ער געווען אַ בעל מנגן מיט אַ שוואַכער שטים, אָבער דער ניגון איז אַרויסגעקומען פול מיט מתיקות. ער איז אויך געווען אַ האַרציקער בעל תּפילה, אַ גוטער זאָגער. יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין מויל, האָט געקלונגען דייטלעך און איבערגעגעבן דעם פּירוש המילים, ממש אָנצוטאַפּן מיט דער האַנט. אפילו די ווייבער אין דער עזרת נשים האָבן אָנגעקוואַלן פון זיין דאַווענען. ווען זיי זענען אַרויס פון שיל האָט מען געקענט הערן ווי זיי זאָגן איינע צו דער אַנדערער: "רבונו של עולם, הלוואי מיר זאָלן האָבן אַזאַ גוט יאָר ווי שיין ער האָט געדאַוונט".

די מאַמע ע"ה האָט געשעפּט נחת פונעם טאַטן, כאָטש אין שטוב איז געווען זייער ווייט פון פּרנסה, אָבער זי האָט אַלץ אָנגענומען באהבה און קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט.

אויף אַלע מיינע וועגן האָט מיך באַגלייט דאָס ליכטיקע געזאַנג פון מיין טאַטן מיט זיינע משוררים. און תּמיד שטייט מיר פאַר די אויגן די חכמה און באַשיידנקייט פון מיין מאַמען, וואָס פלעגט העלפן אין דער פּרנסה, צוגעהאַנדלט מיט חלות אויף שבת. די שווערסטע מאָמענטן האָט זי איבערגעטראָגן רואיק, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. אַן אָרעמע היים, אָבער אַן ערלעכע, דורכגענומען מיט ליבשאַפט צו יעדן מענטש.

אַזעלכע זענען זיי געווען מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

כבוד זייער הייליקן אָנדענק.



יוסף בן בצלאל פרידמאַן

# א שטראל ליכט אויף פאַרגאַנגענע יאָרן



גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דער רבון כל העולמים האָט מיך נישט באַשאָנקען מיט קיין שרייבערישן טאַלאַנט און דערפאַר נעם איך זיך נישט אונטער אַרומצונעמען אַלץ, וואָס עס דאַרף געשריבן ווערן וועגן יידישן לעבן אין רעמבערטאָוו, וועגן דער יידישער ענערגיע, וואָס איז אַריינגעלייגט געוואָרן אינעם אויפבוי פונעם שטעטל. עס איז אָבער דער חוב, וואָס כ'פיל אין זיך מספיד צו זיין כאָטש אין געציילטע ווערטער מיין שטעטל, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן, פאַרברענגט מיין קינדהייט און יוגנט, יאָרן פון חלומות און שטרעבונגען, צוזאַמען מיט נאָענטע קרובים, חברים און פריינד.

אַ יונג שטעטל, אפשר דאָס יונגסטע אין פוילן און דער רוב איינוווינער איז באַשטאַנען פון צוגעפאָרענע פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, געטריבן דורך דאגת פרנסה און רעמבערטאָוו האָט אויסגעזען צוצוזאָגן אַ בכבודיקע עקזיסטענץ. אַזוי איז אויך געווען מיט מיינע עלטערן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין רעמבערטאָוו נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אַ סך פריער איז געקומען קיין רעמבערטאָוו מיין פעטער ברוך שולמאַן, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע רעמבערטאָוור־תושבים און ער האָט מיר געפלעגט דערציילן וועגן יענע ערשטע יאָרן, ווען אַרום איז געווען געדיכטער וואַלד און ער האָט זיך גענומען צום אויסהאַקן דיביימער און אויף דעם פּלאַץ האָט ער אויפגעבויט דאָס הויז, וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער דעם בית־המדרש.

אַזוי האָבן געטון אויך אַנדערע יידן און אַזוי איז גאָר גיך אויסגעוואַקסן אונדזער טייער שטעטל מיט די גוטע האַרציקע יידן, וואָס האָבן צווישן זיך

געלעבט ווי אייגענע ברידער, אַרויסגעהאָלפן איינער דעם אַנדערן אין אַ נויט, נישט געלאָזט הונגערן קיין אַלמנות און יתומים, פאַרזאָרגט זיי מיט פּרנסה, מיט ברויט און קאַרטאָפל און מיט אַ גוט וואָרט אַריינגעבראַכט ליכט און וואַרעמקייט אין די קעלטסטע שטובן; הייליק אָפּגעהיטן די שבתים, די שיינע ימים טובים, דעם ציטער און די מורא פון ראש־השנה און יום־כיפור, די פריילעכקייט ביי הקפות און שמחת־תורה.

אָט זע איך מיינע מלמדים, די חדרים, ווו איך האָב געלערנט, דעם רבין מיטן טייטל, שפּעטער דעם רבין, וואָס לערנט חומש מיט אַ ניגון, זאָגט אַ שיעור גמרא, און די חדר־יינגלעך, וואָס האָבן אויסגעזונגען דעם גמרא־ניגון בציבור, פריילעך און פריש אַרומגעשטיפט אין פאַרשידענע שפּילערייען.

כ'זע פאַר זיך דעם מלמד ר' אברהם־יצחק טורעק ווי ער זיצט אויבן־אָן פון אַ טיש און קנעלט מיט די תינוקות דבית רבן תורה, אַ ציכטיקער ייד, וואָס האָט זיין אַרבעט געטון באמונה. כ'מיין, אַז עס איז נישט געווען אין רעמבערטאָוו קיין יידיש קינד, וואָס זאָל נישט האָבן דורכגעגאַנגען זיין חדר. ער, ווי אויך די אַנדערע מלמדים זענען געווען דער יסוד פון דער יידישער בילדונג און יידישער קולטור אין שטעטל. זיי האָבן אונדז געלערנט חומש און גמרא, שיינע מידות און מעשים טובים, האָבן אין אונדז אַנטוויקלט דעם שכל און געשאַרפט דעם מוח. אין חדר האָבן מיר דערפילט די ערשטע זשעדנעקייט נאָך וויסן, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אין אונדזער ווייטערדיקן לעבן.

מן הדין איז צו דערמאָנען אויך דאָס וועלטלעכע קולטור־לעבן אין אונדזער שטעטל, די קולטור־אינסטיטוציעס, די י. ל. פרץ־ביבליאָטעק, דער דראַמקרייז וואָס איז געווען באַקאַנט אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך און האָט מיט זיינע אויפפירונגען געבראַכט פרייד און קינסטלערישן גענוס.

געווען אויך קולטור־קרייזן אין פּריוואַטע שטובן. אַזאַ איז געווען די וועראַנדע פון ר' מענדל גאָלדשטיין, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען "די בערזע", ווייל דאָ איז מען זיך צונויפגעקומען און באַהאַנדלט אַקטועלע ענינים און דברים העומדים ברומו של עולם. אַזאַ פּלאַץ איז אויך געווען יאַגאָדעס גאָרטן. אָ, וויפל דערינערונגען עס זענען פאַרבונדן מיט די אַלע פּלעצער און האָבן דערפאַר אַזוי טיף איינגעקריצט זיך אין זכרון.



רבקה רייזמאַן־זאַגאַן

# רעמבערטאָוו - א פאַרשוווּנדענער אוצר

איך בין איינע פון די געציילטע רעמבערטאָווער, וועלכע האָבן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, באַוויזן צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט דורך דער "מזרחי"־פאַרטיי. אַזוי אַרום האָב איך באַוויזן אָפּצוראַטעווען זיך פון היטלערס מאָרד־מאַשין. אין זכרון איז רעמבערטאָוו געבליבן פאַר מיר ווי אַ מאַמע אויך פאַר ליידענע און נויט־באַדערפטיקע, ווייל אין שטעטל האָט מען געזאָרגט פאַר יעדן תושב אויב ער האָט זיך געפונען אין אַ שווערן מצב. מען איז זיך געווען נאָענט אין ליידן און אין פריידן.

כ'דערמאָן זיך ווי צו מיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל איז געוואָרן איינגעאָרדנט פאַר מיר אַן אָפּשיידנס־אָוונט, מיט מיין פרייד האָט זיך מיטגעפרייט דאָס גאַנצע שטעטל. דעם גאַנצן אָוונט האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער, מען האָט געגעסן, געטרונקען, געזונגען און געטאַנצט, — אַזוי זענען זיי געווען די רעמבערטאָווער יידן, יעדנס פרייד איז געווען זייער פרייד און יעדנס צער זייער צער.

אַ רייך יידיש קולטור־לעבן איז געפירט געוואָרן אין רעמבערטאָוו. נישט געווען דער טאָג אין דער וואָך, אַז אין שטעטל זאָל נישט פאָרקומען קיין קולטור־אונטערנעמונג. די "מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, די פרויען־גרופּע "ברוריה" און "למטרה"־קיבוץ האָבן געפירט קולטור אימפּרעזעס, איינגעאָרדנט, אונטער דער לייטונג פון די ברידער מענדל און עוזר סאָקאָל, חוגי תנ"ך, יידישע געשיכטע, עברית־לעקציעס, רעפעראַטן, פאַרזאַמלונגען און פּעדאַגאָגישע שמועסן,

"התאחדות" און "גורדוניה" זענען געווען טעטיק אַלע טעג און אָוונטן פון דער וואָך. פון די פענסטער האָבן זיך שטענדיק געטראָגן חלוצישע געזאַנגען און עס האָבן אָפּגעהילכט די "הוירא" טענץ. צו דעם אויך כסדרדיקע רעפעראַטן ־ון

באַרימטע פּרעלעגענטן. די טעמעס האָבן אַרומגענומען אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות געהאַט צו ציוניסטיש־חלוצישע פּראָבלעמען.

די "י. ל. פּרץ ביבליאָטעק" מיט איר רייכן אויסוואַל פון ביכער האָט שטענדיק געררישט, די יוגנט האָט געברענגט צוריק געלייענטע ביכער און גענומען פרישע צום לייענען. אַ באַזונדערע ראָל האָט געשפּילט דער גוטער דראַמקרייז, אין וועלכן עס האָבן אויך גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל מיין שוועסטער פּערל מיט איר מאַן אהרן און מיין יינגערע שוועסטער שרה.

פּאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָב איך באַקומען אַן אַלאַרם־בריוו פון מיין שוועסטער פּערל און אהרן פוקס. זיי האָבן געבעטן, אַז כ׳זאָל זיי שיקן סערטי־פיקאַטן און העלפן אַריבערנעמען. ליידער האָט די ענגלישע בעווין־רעגירונג נישט געוואָלט הערן דעם וויי געשריי פון די וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען און קיין סערטיפיקאַטן נישט געוואָלט געבן.

פון מיין שוועסטער פּערל און שוואָגער אהרן האָב איך באַקומען די לעצטע ידיעה, ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט אָקופּירט רעמבערטאָוו. זיי האָבן מיר צוגעשיקט אַ קורץ בריוועלע דורכן רויטן־קרייץ, געשריבן, אַז עס איז ביי זיי געבוירן געוואָרן אַ מיידעלע. ווער האָט דעמאָלט געקענט וויסן, אַז מיטן געבוירן פון אַ קינד, איז גלייך געבוירן געוואָרן אַ פרישׂ קבר.

צוליב דער נאָענטקייט פון אונדזער שטעטל צו וואַרשע, האָבן אַ סך יוגנט־לעכע געלערנט און געאַרבעט אין וואַרשע און אין פּראַגע. דאָך זענען אַלע געווען צוגעבונדן צום שטעטל און צו די מענטשן, צווישן וועלכע עס זענען געווען אַזעלכע שיינע געשטאַלטן.

פאַר מיינע אויגן שטייט די געשטאַלט פון משה בעקער, אַ דורכגעזאַפּטער מיט יידישקייט און מענטשלעכער גוטסקייט. מיר זענען געווען שכנים און מיר איז אָפט אויסגעקומען צו באַמערקן ביי אים זאַכן, וואָס האָבן זיך געפּאַסט פאַר אַ גרויסן צדיק. צוו. אַנד. האָב איך געזען, אַז ער איז נישט צוגעגאַנגען צום מיטאָג ביז ער האָט נישט אַראָפּגענומען אַ טייל פון די אָפּגעקאָכטע מאכלים און זיי אַוועקגעשיקט צו פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט, וואָס נאָר געציילטע האָבן געוווּסט, אַז די מענטשן ליידן הונגער.

מיר האָבן געוווּסט, אַז אין בית המדרש גיט ער יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס אַכטונג, אַז קיין שום אָרעמאַן זאָל נישט בלייבן אָן אַ שבתדיקן טיש. ער האָט געזאָרגט, אַז יידן זאָלן אַהיימנעמען אורחים, אָרעמעלייט וועלכע זענען געקומען פון אַנדערע שטעטלעך. ער האָט אויך געזאָרגט, אַז קיין שום אָרעמאַן זאָל נישט בלייבן אָן נאַכטלעגער. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן און ער איז תמיד גרייט געווען צו געבן אַ גמילת חסד.

ר׳ משה בעקער איז נישט געווען דער איינציקער פון דעם מין אין שטעטל. עס זענען געווען אַ סך אַזעלכע, אָבער אים האָב איך געקענט פון דער נאָענט און זיין התנהגות, זיינע שיינע מידות און גוטהאַרציקייט האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון.

אין רעמבערטאָוו האָט די יוגנט געפירט אַ לעבהאַפטיקע קולטור־טעטיקייט די ביבליאָטעק, דער דראַמקרייז, ווו מיין שוועסטער פערל און אהרון פוקס האָבן אָנטיילגענומען אין די פאָרשטעלונגען.

עס איז נישט גרינג אויפצובלעטערן פונסניי דאָס לעבן פון יענע ערשטע יאָרן. נישט אַלץ געדענקט זיך. אָבער עס ווילט זיך שטאַרק, אַז אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן קענען זייער אָפּשטאַם און יחוס, די היים פון זייערע עלטערן און אורעלטערן. דאָס שטעטל, ווו טאַטע מאַמע, זיידעס און באָבעס האָבן געלעבט און די גאַנצע משפחה איז געווען פאַרגלידערט צוזאַמען, געפירט אַ שיין יידיש לעבן, פאַרבונדן אין גרויסע יידישע טראַדיציעס, אין געמיינזאַמען שטייגער און קולטור, מנהגים און לשון ; דורות פון לעבעדיקער, וואַקסנדיקער יידישקייט.

אַזעלכע זענען געווען אונדזערע יידישע היימען אין רעמבערטאָוו. אין יעדן פלאַנטער, וואָס עס טרעפט אין אונדזער לעבן ; ווי אין יעדער שווערער סיטואַציע, אין וועלכער מיר זאָלן זיך נישט געפונען, דאַרפן מיר ווענדן אונדזער בליק צו דער פאַרגאַנגענהייט און ביי איר זיך לערנען זוכן אַן ענטפער אויף עקבערנדיקע פראַגן. ציען יניקה פאַר ווייטערדיק יידיש לעבן. פונעם נעכטן אין אונדזער געבורט־שטעטל קענען מיר זיך לערנען פאַר אונדזער היינט און מאָרגן, פאַר דער צוקונפט פון אונדזערע קינדער, פון אונדזער יידישן און מענטשלעכן קיום.

טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון איז געבליבן מיין געזעגענען זיך מיט רעמבערטאָוו, דער פייערלעכער באַנקעט, וואָס האָט זיך געצויגן ביז שפעט אין דער נאַכט. אַלע האָבן זיך געפרייט מיט אונדזער עולה זיין קיין ארץ ישראל. מיין שוועסטער פערל צוזאַמען מיט איר מאַן האָבן אַלע יאָרן געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. זיי האָבן אָבער נישט זוכה געווען און אומגעקומען אין די גרויזאַמע טעג פון היטלעריזם. ניצול געוואָרן איז מיין ברודער אברהם, וועלכער איז אַוועק קיין רוסלאַנד.

טייערער טאַטע מיינער, ווי שטאָלץ דו ביזט געווען מיט מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל. ווי דו האָסט ליב געהאַט דאָס הייליקע לאַנד, ליידער איז אויף דיר נגזר געוואָרן צו טיילן דעם גורל פון אַלע אַנדערע יידן אין רעמבערטאָוו.

אַזוי איז טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן אַ שיינע יידישע קהילה, און איז איר אַלע אונדזערע נאָענטע און טייערסטע.

ש. ש.

# די
# גמילות חסדים קאַסע



**ר׳ שלום גראַכאָווסקי ז״ל**
גרינדער און פּאָרזיצער פון דער
גמילות־חסדים־קאַסע אין
רעמבערטאָוו.

רעמבערטאָווער יידן זענען געווען ווייט באַקאַנט מיט זייער געבן צדקה און העלפן נויטבאַדערפטיקע. ממילא איז דאָס גרינדן אַ גמילות־חסדים־קאַסע אין שטעטל אויך געווען אַ נאַטירלעכע דער־שיינונג און האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וויכטיקן אָפּשניט אין דער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט. דאָס האָט דערמעגלעכט צו העלפן אויף אַ בכבודיקן אופן די, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף, בכדי צו שטעלן זיי אויף די פיס און זיי זאָלן קענען אַנגיין מיט זייערע פּרנסות, צאָלן אַ וועקסל צום באַשטימטן טערמין אָדער אָפּצאָלן דירה־געלט און שכר־לימוד פאַר קינדער.

דער גרינדער פון דער גמילת־חסדים־קאַסע, וועלכער איז אויך געווען אַלע יאָרן דער קאַסירער, איז געווען דער אָנגעזעענער באַלעבאָס, ר׳ שלום גראַכאָווסקי ר׳ שלום האָט זיך שטאַרק באַמיט, אַז יעדער ייד, וועלכער נויטיקט זיך אין אַ גמילות־חסד, זאָל עס באַקומען אָן שום פּראָצעדור און שוועריקייטן. קומט אַ ייד און זאָגט, אַז ער נויטיקט זיך אין אַ גמילות־חסד, דאַרף עס געטון ווערן באַלד אויפן אָרט און אָן אָפּשלעפּעניש.

בכדי צו אָרגאַניזירן די געלטער פאַר דער גמילת חסדים קאַסע וואָס איז מערסטנטייל באַשטאַנען פון פרייע באַשטייערונגען, און פון דעם קהלה־בודזשעט, איז געוואָרן באַשטימט דער חשובער באַלעבאָס ר׳ יעקב קירשמאַן.

ר׳ יעקב, וועלכער האָט אויך פאַרמאָגט אַ סוחרישן חוש האָט געוויסט דעם סוד פון קענען שאַפן געלט. זייענדיק אַ צייט קהילה פּרעזעס האָט ער אַ סך

געטון, אַז פון בודזשעט זאָל פאַר דער גמילת־חסדים־קאַסע אָפּגעגעבן ווערן אַ בכבודיקע סומע.

דער דריטער פאַרוואַלטונגס מיטגליד און אַקטיווער טוער אין דער גמילת־חסדים־קאַסע, איז געווען דער שפעטערדיקער קהילה־פרעזעס און חשובער עסקן ר׳ אהרן ראָזנשיין, וועלכער פלעגט מיט זיינע רייד שטאַרקן די נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנקומען צו הלוואות, איינרעדן זיי, אַז זיי טוען די גרעסטע טובה דער קאַסע דערמיט, וואָס זיי באַוויליקן צו נעמען אַ גמילת־חסד.

אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גמילות־חסדים־קאַסע זענען אויך געווען פאַרטרעטן: יצחק שולשטיין, בן־ציון וואָלף (משה עפשטיינס איידעם) און משה קאַווערבלום.

עס וועט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן, אַז אין שטאָט איז אויך געווען אַ נישט־אָפּיציעלע גמילת־חסדים־קאַסע אין באַשטאַנד פון איין פּערזאָן. דאָס איז געווען פרוי פייגע קאַווערבלום, וועלכע איז איינע אַליין געווען טעטיק ב״ים שאַפן אַ גמילת־חסד פאַר די הענדלער פון רעמבערטאָווער באַזאַר. זי איז געווען זייער אַקטיוו און נישט איינמאָל געהאָלפן צוזאַמענשטעלן, מיט דער מיטהילף פון די רעמבערטאָווער באַלעבאַסטעס אַ גמילות חסד פאַר אַן אָרעמען קרעמער, וועלכער האָט אַ דאַנק דעם געקענט זיך אײַנקויפן אַ ביסל סחורה און ווייטער האַנדלען.

אין אַלגעמיין גענומען האָט די רעמבערטאָווער אָפיציעלע גמילת־חסדים קאַסע געהאַט צו פאַרצייכענען וויכטיקע אויפטוען ביים העלפן רעמבערטאָווער סוחרים, קליינהענדלער, בעלי־מלאכות און סתם יידן, וועלכע האָבן געדאַרפן אַ גמילת־חסד, פון קלענערע סומעס ביז גרעסערע צוועקן, ווי העלפן חתונה מאַכן אַ קינד א. א.

די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער רעמעברטאָווער גמילת־חסדים־קאַסע האָבן זוכה געווען אויסצומיידן די פאַרניכטונג און זענען נאָך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה אַנגעקומען קיין ארץ־ישראל און דאָ געשטאָרבן. ר׳ שלום גראָכאָווסקי און זיין פרוי אסתר זענען צו קבורה געקומען אויפן בית עלמין אין זכרון־מאיר; ר׳ יעקב קירשמאַן מיט זיין פרוי זענען צו קבורה געקומען אויפן בית עלמין אין קרית שאול. די אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: ר׳ אהרן ראָזענשיין, ר׳ יצחק שולשטיין, בן־ציון וואָלף און משה קאַווערבלום זענען אומגעקומען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן אין טרעמבלינקע.

ש. ש.

שלמה שידלאָווסקי

# קאַפּיטלעך פֿון
# אַ פֿאַרשוווּנדן לעבן

## דער שבתדיקער וואַלד
## און דער וואָכעדיקער גאָרטן

אַרום דעם קליינעם רעמבערטאָוו, האָט זיך געפֿונען אַ ריזיק גרויסער וואַלד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ווי מען איז אַריבער די באַן־ליניע, און זיך אַוועק־געצויגן העט ווייט, אויף אַ מרחק פֿון 6 קילאָמעטער, ביז גראָכאָוו. פֿון שטעטל ביזן וואַלד איז געווען נישט מער ווי אַ 200 מעטער.

אין סאַמע האַרץ פֿון שטעטל האָט זיך געפֿונען אַ גאָרטן, וועלכן מען האָט גערופֿן: ״יאַגאָדעס גאָרטן״, וועלכער איז מער ענלעך געווען צום וואַלד מיט די ווילדעס אויף דער באַרימטער אָטוואָצקער ליניע. דער גאָרטן האָט געהאַט אַן 80 מעטער די ברייט און לענג פֿון 300 מעטער. ביים סוף האָט ער זיך געגרענעצט מיטן קאָווענטשינער וואַלד.

פֿון דער לינקער זייט, האָט זיך און ״יאַגאָדעס־גאָרטן״ געצויגן אַ ריי אַלטע הילצערנע הייזקעס, האַלב־צעבראָכענע. אָן קאַנאַליזאַציע אָן וואַסער־לייטונג און אָן עלעקטרישער באַלייכטונג. וואַסער האָט מען גענומען פֿון אַ ברונעם און די באַלייכ־טונג איז געמאַכט געוואָרן דורך ליכט און נאַפֿט־לעמפּלעך. זומער, זענען די הייזקעס פֿאַרדונגען געוואָרן פֿאַר די נישט־פֿאַרמעגלעכע איינוווינער פֿון פּראַגע, וועלכע פֿלעגן קומען דאָרט אָפּריכטן הלכות דאַטשע...

״יאַגאָדעס־גאָרטן״ איז געווען אַ מין ״הפֿקר־טעריטאָריע״. קיין סטרוזש און קיין שומר איז דאָרט נישט געווען. די יורשים פֿון אַלטן יאַגאָדע, וועלכע זענען געווען רייכע רעסטאָראַטאָרן אין פּראַגע און אין וואַרשע, האָבן זיך קיינמאָל נישט מטריח געווען אַראָפּצוקומען, זיי האָבן געהאַט אַ וויטערן קרוב אין רעמבערטאָוו, וועלכער פֿלעגט זיך פֿאַרנעמען בלויז מיטן פֿאַרדינגען די הייזקעס יעדן זומער. ווייטער האָט אים גאָרנישט אינטערעסירט.

דער אַריינגאַנג אין ״גאָרטן״ האָט זיך געפֿונען צווישן אייזיק פּשעננעס שפּייז־געוועלב און ישראל אהרן ביאַלערס זייגער־געשעפֿטל. אַ נידעריקער הילצערנער פּלויט האָט אָפּגעטיילט די געוועלבער איינעם פֿון צווייטן. אינדערמיט

איז געווען אויסגעשניטן אַ נידעריק טירל וואָס ביים וועלן איינטרעטן אין גאָרטן האָט געדאַרפֿן געטועט ווערן צוויי מלאכות: ערשטנס אויפֿהויבן די פּיס דורך די לייסטן וואָס זענען געווען פּאַרפּעסטיקט פֿון הינטן, און צווייטנס איינבייגן דעם קאָפּ ביים דורכגיין, אַנדערש האָט מען געקענט געניזיקט ווערן.

דער "גאָרטן", וועלכער איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיט שיינע גרינע ביימער און גראָז, איז געווען דער "מקום־מקלט" פֿאַר די רעמבערטאָווער איינ־ווינער בכלל און פֿאַר דער יוגנט בפֿרט. דאָרט פֿלעגט דער עולם קומען פֿאַר־ברענגען די פֿרייע צייט, וועלכע איז פֿאַר דער יוגנט געווען בשפֿע "אויף דער שויס פֿון דער נאַטור"...

ווער עס האָט נאָר געוואָלט איז דאָרט אַריין און זיך צעלייגט און צעשפּרייט, געניסענדיק פֿון הפֿקר. דאָרט האָט מען געקענט, אויב עס וואָלט זיך נאָר געפֿונען אַן אַמאַטאָר, אפֿילו אַוועקשטעלן אינמיטן גאָרטן אַ בעט מיט בעטגעוואַנט, און שלאָפֿן אַ גאַנצן טאָג אין שאָטן פֿון די ביימער.

דער "גאָרטן" איז פֿון פֿרימאָרגן ביז נאַכט געווען איבערגעלייגט מיט יונגע בחורים און מיידלעך, אַרבעטסלאָזע אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געקענט פֿאַרלאָזן אויף דער פּרנסה פֿון זייערע עלטערן, האָבן נאָך צוגעקרויגן פֿון זייי טאַשן־געלט, זיי זאָלן זיך קענען קויפֿן, סאָדע וואַסער מיט סאָק, איריסן, באַניעקערן און לאָדעס... זייער "פּרעזידענט" איז געווען הערשל רויזמאַן אָדער ווי מען האָט אים גערופֿן: "הערשל די גאַנטשאַרקעס". הערשל איז געווען אַן אינטעליגענטער, באַלעזענער און קלוגער בחור. זיין מאַמע האָט אים איינגערעדט, אַז ער איז אַ שוואַכער. פֿון שוואַך איז זי איבערגעגאַנגען אויף קראַנק און פֿון קראַנק אויף חרוב... אָט דער "חרובער" הערשל רויזמאַן האָט אויפֿן צווייטן פֿרישטיק פֿאַרטיק געמאַכט אַ 150 גראַם אויפֿשניט, דריי פֿרישע קייזערקעס און פֿאַרביסן מיט אַ ריזיקן עפּל. די מוטער האָט זיך שטענדיק געקריגט מיטן מאַן, פֿאַרוואָס ער לויפֿט נישט גיך אַרויסטראָגן הערשעלען עפּעס אַ נאַש, ווייל דעם "קינד חלשט שוין אַוודאי ס'האַרץ"... (דאָס "קינד" איז שוין דעמאָלט אַלט געווען 24 יאָר).

הערשל פֿלעגט אָנפֿירן מיט דער גאַנצער "גרענדע". אַלס "פּאָרזיצער" פֿלעגט ער זיך זעצן אויפֿן גראָז מיט די פּיס אַרונטער און "רעפֿערירן" אויף פֿאַרשידענע טעמעס. צווישן זיינע צוהערער זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט אויף צו קויפֿן אַ פּאַפּיראָס.

הערשל רויזמאַן האָט אויך ליב געהאַט, מען זאָל דערציילן מעשיות אָבער נאָר "סמיעשנע" מעשיות, עס זאָל זיין פֿון וואָס צו לאַכן. ער פֿלעגט ביים לאַכן אַזש ווישן זיך די טרערן פֿון די אויגן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז עס פֿלעגן זיך דאָרט געפֿינען אויך יוגנטלעכע, וועלכע

זענען געזעסן אָפּגעזונדערט און געלייענט אַ בוך, אַ צייטונג אָדער זיין פֿאַרנומען מיט ערנסטע שמועסן.

אַ סענסאַציע פֿלעגט זיין פֿאַר דער חברה גאָרטן־זיצער, ווען יאַנקל, דער זון פֿון שוסטער אשר גלאַזמאַן, וואָס האָט געוווינט אין גאָרדאָנס ווילע, פֿלעגט באַפֿרייט ווערן פֿון טורמע און קומען אין גאָרטן אַריין דערציילן מעשׂיות און נסים פֿון תּפֿיסה.

יאַנקל גלאַזמאַן איז געווען פֿון די אַקטיווע קאָמוניסטן אין וואַרשע. רעמבער־טאָוו איז נישט געווען פֿאַר אים קיין פֿעלד פֿון אַרבעט, ווייל אין גאַנצן שטעטל האָבן זיך געפֿונען נישט מער ווי אַ קנאַפּער מנין קאָמוניסטן. יאַנקל גלאַזמאַן איז זיין גאַנץ לעבן אָפּגעזעסן אין פֿאַרשידענע טורמעס, ווען אַ "וויראָק" האָט זיך געענדיקט, פֿלעגט ער נישט באַוויזן זיין אויף דער פֿריי אַ וואָך און איז ווידער אַרעסטירט געוואָרן. נאָכן באַפֿרייט ווערן איז ער גלייך געקומען אין "גאָרטן" אַריין און חברה האָט אים אַרומגערינגלט און געבעטן, ער זאָל זיי דער־ציילן פֿון תּפֿיסה־לעבן. ווי אַ דיסציפּלינירטער פּאָליטישער טוער האָט ער געוווּסט וואָס ער דאַרף יאָ דערציילן און וואָס נישט. מערסטנס האָבן זיך זיינע דערציילונגען געוויקלט אַרום דעם איזדעקעווען זיך פֿון די פּוילישע טורמע־וועכטער איבער די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

אַרום 2 אַזייגער פֿלעגט דער "גאָרטן" זיך אויסליידיקן. דער רוב איז אַהיים עסן מיטאָג. עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען ווייטער געבליבן זיצן. דאָס זענען געווען די, וואָס אין זייערע היימען האָט נישט געוואַרט אויף זיי קיין מיטאָג.

דאַקעגן דער גרויסער וואַלד מיט די ריזיקע סאָסנעס און דעמבעס האָט אַ גאַנצע וואָך געפּוסטעוועט. ערשט ווען עס איז געקומען שבת האָט דער וואַלד אויפֿגעלעבט, דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָבן דעם שבתדיקן טאָג באַלאַגערט דעם וואַלד.

"יאַגאָדעס גאָרטן" איז דעם שבתדיקן טאָג געוואָרן פֿאַרלאָזט פֿון די סטאַבילע זיצער, אויסער עטלעכע חסידישע יידן, וואָס פֿלעגן שבת, נאָכן מיטאָג־שלאָף, זיך דאָרט אַרומשפּאַצירן אָן די קאַפּאָטעס מיט די טלית קטנס אינדרויסן, די יאַרמולקעס פֿאַרוקט איבער די שטערנס, און שמועסן צווישן זיך דברי־תּורה, אָדער נאָכדערציילן מעשׂיות וועגן גוטע יידן. אויסער די עטלעכע חסידישע יידן, זענען אַלע אַוועק אין וואַלד.

קיין גוים און שקצים, וואָס זאָלן זיך טשעפּען צו יידן זענען אין וואַלד נישט געקומען, נישט אינדערוואָכנס און נישט אין די שבתים. די קריסטן, וועלכע

זענען געווען די מערהייט איינוווינער אין רעמבערטאָוו, האָבן זייערע ״פּיקניקס״ אָפּגעריכט אין וועסאָלער וואַלד, וווּ קיין ייד איז נישט געקומען.

אַמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ קריסטלעכער רייכער פּריץ, וואָס האָט געוווינט אין אַ פּאַלאַצל נעבן וואַלד, איז דורכגעריטן מיט זיין פערד איבערן יידישן וואַלד, האָט בעתן רייטן זיך ביי אים פון דער הינטערשטער קעשענע פון זיינע רייט הויזן, אַרויסגעגליטשט זיין פּאַרטפעל מיט אַ מנה יפה. דער פּריץ האָט וואַרשיינלעך אָנגענומען זיין פאַרלוסט פאַר אַ ״קאַראַ־באָסקאַ״ דערפאַר וואָס ער איז דורכגעריטן דעם יידישן וואַלד...

די שבתדיקע פּאַרברענגער אין וואַלד, האָבן זיך איינגעטיילט אין דריי גרופּן, — די ערשטע גרופּע איז באַשטאַנען פון יונגעלייט און מיידלעך, וועלכע פלעגן קומען יעדן שבת, 5 פאַרטאָג, אויף ״מאַיוווקע״... די ״מאַיוווקע״ האָט נישט געמוזט זיין דווקא אין חודש מאַי, יעדער שבת פאַרטאָג פון די זומער חדשים איז ביי זיי געווען ״מאַיוווקע״, פלעגן זיי דאָרט די ״מאַיוווקאַזשעס״ ״אַרומוווּיווען״ ביז 9—8 אינדערפרי, און שפּעטער אַהיימגיין טרינקען טיי מיט ״שטרונדל״...

די צווייטע גרופּע יינגלעך און מיידלעך, זענען געקומען 9 פרי, אויסגעשלאָפענע, פאַרקעמטע, שוין נאָך דער טיי מיטן האָניק לעקעך, וואָס די מאַמעס האָבן זאָרגפעלטיק זיי צודערלאַנגט, זיי זענען זיך געקומען מיט סטאַטעטשנע טריט ביזן וואַלד, אָבער ווי זיי האָבן נאָר איבערגעטרעטן דעם וואַלד, פלעגן זיי גלייך זיך נעמען שפּילן מיט וואַרפן ״שישקעס״ איינער אויפן צווייטן. שפּעטער איז אָוועק אַ סדרה פון ״יאָגעלעך״ און ״באַהעלטעניש״. לסוף האָט זיך עס פאַרענדיקט מיט ספּאָרט־שפּילערייען ווי מאַכן ״קאַזשעלקעס״, שטעלן זיך אויף די קעפּ, קריכן אויף די בוימער וכדומה. נאָך די שפּילערייען און געלעכטערס, איז מען אַהיים־געגאַנגען עסן טשאָלנט און אויפן וועג האָט מען זיך געשווירן אייביקע ליבע...

די דריטע גרופּע איז געקומען אין וואַלד אַריין שבת נאָכן מיטאָג־שלאָף, דאָ זענען געווען פּאַרטרעטן גאַנצע משפחות מיט ווייב און קינדער, זיי פלעגן שוין קומען באַלעבאַטיש אויסגערעכנט, מיטנעמענדיק מיט זיך קאָצן אונטערצולייגן בעתן זיצן, בכדי זיך נישט ״אויסצוסאַרגען״ פון די פעטע קלעפּיקע ״שישקעס״. וואָס זענען געפאַלן פון די בוימער. די ווייבער האָבן אויך נישט פאַרגעסן מיטצונעמען אַ שטיקל קאַלטע הין, צעשניטענע מוצאס חלה, און טעפּעלעך קאָמפּאָט. די יידן פלעגן ביי יעדן לעפעלע קאָמפּאָט קרעכצן פון תענוג און געבן צו פאַרשטיין די נשים, אַז עס איז טאַקע עפּעס אַ שיין ווערטל.

פּלוצים ווערט אַ געוואַלד: אַ יינגעלע איז פאַרלוירן געגאַנגען. דער וואַלד גייט האָדאָראָם... די מאַמע פון יינגעלע איז שוין גרייט אַרויפצוקריכן אויפן ערשטן בעסטן בוים און זיך ס׳לעבן נעמען... וויבל יידן עס זענען דאָ אין וואַלד

לויפן אַלע העלפן זוכן דעם פאַרלוירענעם. אינמיטן דער מהומה קומט צולויפן אַ "שטאָפּעט" און דערציילט אַז דער "יונגאַטש" איז אינדערהיים. ווייזט זיך אַרויס, ער איז אַהיימגעגאַנגען אומבאַמערקט אַ ברוגזער, דערפֿאַר וואָס די מאַמע האָט אַלע געגעבן קאָמפּאָט און אים נישט.

דער אָוונט פאַלט צו, דער וואַלד ווערט אַרומגענומען מיט אַן אומהיימלעכער טונקלקייט און דער עולם הויבט זיך אויף פון די ערטער אַן חשק, גלייך נאָך הבדלה מוז מען זיך ווידער נעמען צו די וואָכעדיקע פּרנסות... מען געזעגנט זיך מיט עצבותדיקע בליקן מיטן שבתדיקן וואַלד, און יעדער גייט צו זיך אַהיים.

צומאָרגנס פרי ווערט "יאַגאָדעס גאָרטן" ווידער טעטיק און דער שבתדיקער וואַלד דאַרף איצט וואַרטן אַ גאַנצע וואָך אויף זיין עולם יידן. **ש. ש.**

---

# די השפעה פון גערער הויף

אַ מיטלוווקסיקע מיט אַ נייגונג צו פולקייט, באַשאַנקען מיט אַ שיין שמייכלנדיק פּנים און מיט שוואַרצע לעבעדיקע פריילעכע אויגן איז געווען באַלטשע רובין די פרוי פון יצחק רובין און די מאַמע פון 6 געראָטענע קינדער: רחל, שמואל, בנימין, שלמה, פּיניע און חיהלע.

אַ שטימע האָט באַלטשע געהאַט אַן איינגעהאַלטענע, פון דעם סאָרט שטימען, וואָס זענען צו מילד אויף צו רעדן אין אַ העכערן טאָן, און טאָמער האָט זיך געמאַכט אַמאָל אַ סיבה, זי זאָל זיך אַ בייזער טאָן, איז דער כעס גיך צעשמאָלצן געוואָרן און אַ נחתדיקן שמייכל.

אַליין אַן אָפּשטאַמיקע פון גער, האָט זי אין אירע יונגע מיידלשע יאָרן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צוצוזען צו דער התלהבות פון די חסידים, וועלכע זענען געקומען אין די טויזנטער קיין גער צום רבין. זי האָט באַוווּנדערט זייער מסירות־נפש, שטאַרקע אמונה און צוגעבונדנקייט צום באַשעפער און זייער רבין און איז געווען פול מיט באַוווּנדערונג פאַר זייער האַרציקער באַנעמונג און געטריישאַפט איינער צום צווייטן. דאָס יונגע מיידל באַלטשע האָט אין זיך איינגעזאַפּט ווי אַ שוואָם די אַלע מדות טובות, וועלכע זי האָט שפּעטער אין רעמבערטאָוו אַנגעווענדט צו גרויס און קליין.

טראָץ דעם, וואָס זי האָט נישט געהערט צו די חסידישע קרייזן, האָט זי אַ דאַנק דעם ניצוץ פון גערער חסידות משפּיע געווען אויף איר מאַן ר' יצחק, ער זאָל אָנטיילנעמען אַ טייל פון זייער נחלה דער רעמבערטאָווער אגודת־ישראל אויף אויפצושטעלן אַ גערער שטיבל. באַלטשע האָט געחלומט, אַז דער גערער

רבי וועט אַמאָל קומען אין שטיבל אַריין, וועט עס זיין איר גרעסטער שכר.

באַלטשע האָט איר היים פאַרוואַנדלט אין אַ נעסט פון צדקה, אַן אָפענע טיר פאַר נצרכים. דער פלייש־מסחר אין רעמבערטאָוו האָט געגעבן פרנסה בכבוד און זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו פירן ברייט סיי אין דער הויז־ווירטשאַפט און סיי בנוגע אייגענע און פרעמדע. אירע קרובים פון גער און גריצע האָבן געוווּסט פון איר "שוואַכקייט" און פלעגן קומען צו זיי "צו געסט" אויף לאַנגע חדשים און זענען געוואָרן אויפגענומען מיט אויפריכטיקער האַרציגקייט.

באַלטשע רובין איז געווען אַ וווּנדערבאַרע מאַמע צו אירע קינדער, פאַר וועלכע זי האָט זיך מוסר־נפש געווען, ווו זיי האָבן זיך געפירט, און וואָס זיי האָבן געטון האָט זי אַלץ אויסגעטייטשט צום גוטן און קיינמאָל ביי זיי נישט געזען קיין פעלער, זי האָט זיי אַרומגענומען מיט אירע פליגל און באַשיצט פון עין־הרע'ס און לשון הרע'ס. **ש. ש.**

# די שיינהייטס־קעניגין



צוויי מאָל, ביי צוויי באַזונדערע געלעגנהייטן איז זי אויסגעווילט געוואָרן אין קאָנקורסן אַלס דאָס שענסטע מיידל. דאָס איז געווען די 18־יאָריקע רחל רובין. צום ערשטן מאָל איז זי אויסגעווילט געוואָרן אין אַ לאַנד־קאָנקורס, וואָס די וואַרשעווער פוילישע צייטונג "אָסטאַטניע וויאַדאָמאָשטשי" האָט אָרגאַניזירט אין יאָר 1937.

די נאָכמיטאָג־צייטונג "אָסטאַטניע וויאַדאָמאָשטשי" האָט געהערט צו די פאַרשפרייטסטע צייטונגען אין פוילן. דער שיינהייטס־קאָנקורס איז פּראָקלאָמירט געוואָרן ביים סוף פון יאָר 1936. מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות האָט די צייטונג געמאָלדן, אַז פאַר דער זיגערין אין קאָנקורס איז באַשטימט געוואָרן אַ ריי ווערטפולע מתנות און זי וועט אנגאַזשירט ווערן אויפצוטרעטן אין אַ פוילישן פילם.

דאָס אויסוויילן דאָס שענסטע מיידל פון פוילן איז דורך דער צייטונג דורכגעפירט געוואָרן לויט דעם פאָלגנדן סיסטעם: די קאַנדידאַטקעס פון אַלע שטעט אין פוילן האָבן געדאַרפט צושיקן אין רעדאַקציע צו צוויי בילדער, אנפאַס און

אין פּראָפיל און די קאַנדידאַטין האָט געדאַרפט אויפגעבן איר נאָמען, יאָר פון געבוירן, בילדונג און באַשעפטיקונג. די צוגעשיקטע בילדער זענען יעדן טאָג כּאַרעפּנטלעכט געוואָרן אין דער צייטונג, אָבער אָן זייערע נעמען, נאָר אַ באַצייכנטער לויף־נומער.

אונדזער רעמבערטאָווערין רחל רובין איז ווירקלעך געווען אַ נאַטירלעכע שיינהייט, האָט געהאַט אַ שלאַנקע פיגור און אַן אנגענעם פּנימל מיט פאַרחלומטע מאַנדל־אויגן. אין רעמבערטאָוו האָט מען זיך פון רחלס שיינקייט נישט געמאַכט קיין "צימעס". יידן האָבן געזאָגט, אַז עס פעלן נישט קיין שיינע מיידלעך אין שטעטל. אַנדערש האָט אָבער געטראַכט איר פריינט, וועלכער האָט באַשלאָסן, אַז רחל דאַרף זיך צושטעלן צום קאָנקורס.

עס איז געווען די צייט ווען דער אַנטיסעמיטיזם איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שטאַרקער און עס האָט אויסגעזען, אַז אַ יידיש מיידל האָט נישט קיין אויס־זיכטן צו ווערן אויסגעקליבן דורך קריסטלעכע לייענער אַלס דאָס שענסטע מייד׳ל אין פוילן. רחל רובין און איר פריינט האָבן דערפאַר באַשלאָסן, אַז די בילדער וועט זי צושיקן אין רעדאַקציע נישט אונטער איר אמתן נאָמען, נאָר אַלס ר. שידלאָווסקאַ. דערצו האָט זי פּאָזירט אַלס דאָרפיש מיידל, אָנגעטון אין אַ קאָלירט קאָפּ־טיכל און אין אַ שרייענדיק באַבלימט קלייד.

אין דער צייטונג האָבן זיך דערוויַיל אָנגעהויבן דרוקן די צוגעשיקטע בילדער פון די שיינהייטן, וואָס זענען געקומען פון גאַנץ פוילן. אין יענעם אַ טאָג האָט זיך אויך באַוויזן דאָס בילד פון רחל רובין. נאָך עטלעכע חדשים האָט די צייטונג געמאָלדן, אַז זי שטעלט אָפּ דאָ דאָס דרוקן די בילדער און מען טרעט צו צום וויילן די שיינהייטס־קעניגין.

עס איז ווידער דורך אַ שטיקל צייט, ביז אין אַ געוויסן טאָג, האָט די צייטונג מבשר געווען די בשורה, אַז מיט אַזויפיל און אַזויפיל טויזנטער שטימען איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דאָס שענסטע מיידל אין פוילן ר. שידלאָווסקאַ פון רעמבערטאָוו.

די צייטונג האָט אויך געמאָלדן אירע לייענער, אַז אין קורצן וועלן זיי האָבן די מעגלעכקייט צו זען די אויסדערוויילטע ר. שידלאָווסקאַ פון רעמבערטאָוו אין דעם נייעם פוילישן פילם מיט זבישקאָ סאַוואַן, וועלכער וועט בקרוב געדרייט ווערן.

די יידישע צייטונגען אין פוילן האָבן צום באַדויערן פאַרלוירן אַ "סקאָפּ", אַז אַ יידיש מיידל פון אַ קליין שטעטל איז געוויילט געוואָרן דורך אַ פוילישע צייטונג אַלס די שענסטע אין פוילן. עס איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז די "דאָרפישע שיינהייט" ר. שידלאָווסקאַ פון רעמבערטאָוו, מיטן פויערישן קלייד און פאַרביקן קאָפּטיכל, איז אַ יידיש קינד, מיטן עכט יידישן נאָמען: רחל רובין.

דעריבער איז די געשיכטע פון רחלס אויסוואַל נישט געווען באַקאַנט אין די יידישע קרייזן אין פוילן. בלויז אין רעמבערטאָוו האָט רחלס אויסוואַל אַרויס־גערופן גרויס צופרידנהייט. די יוגנט איז געווען ענטוזיאַסטיש. דאַקעגן דער עלטערער דור האָט נישט אַזוי תופס געווען דעם גאַנצן ענין. "צי פון אַזאַ שטייגער זאַך קען עפּעס אַרויסקומען גוטס פאַר יידן?" — האָבן עלטערע יידן זיך געפרעגט.

דערווייל איז דער ענין נאָך ווייט נישט געווען אויסגעשעפּט. די רעדאַקציע האָט גלייך נאָכן מעלדן דעם רעזולטאַט מודיע געווען רחלען, זי זאָל דעם און דעם טאָג קומען אין רעדאַקציע אויף אַן אינטערוויו און אויך שמועסן מיטן רעזשיסער פון פילם.

צום באַשטימטן טאָג האָט זיך רחל אָנגעטון אין איר נייעם פּאַקענעם מאַנטל, וואָס לאָזער פוקס האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרענדיקט. אויפן קאָפּ — דאָס הויכע פּאַקענע היטל, די הענט אין אַ קליין פּאַקן מופטעלע, אויף די פיס אַ פּאָר עלעגאַנטע ווייסע שטיוועלעך און ווי אַן אמתער פילם־סטאַר אַריינגעפאָרן אין דער רעדאַקציע אין וואַרשע.

לויט ווי רחל רובין האָט שפּעטער נאָך איר צוריקקום פון וואַרשע דערציילט איר פריינד, איז די באַגעגעניש מיט די רעדאַקציע־מיטגלידער פאָרגעקומען אויף דעם אופן:

ווען זי איז אַריינגעקומען אין קאַבינעט פון רעדאַקטאָר, זענען שוין דאָרט געווען עטלעכע פּערזאָנען, וועלכע זי האָט נישט געוויסט ווער זיי זענען. אין ערשטן מאָמענט פון איר אַריינקום זענען אַלע זיצענדיקע געבליבן דערשטוינטע אַן לשון. ערשטנס האָבן זיי אין ערשטן אויגנבליק דערזען אַז זיי האָבן פאַר זיך אַ יידיש מיידל. צווייטנס איז די "פּויערישע שיינהייט" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַריזער גראַנד־דאַמע...

דער רעדאַקטאָר, וועלנדיק זיין זיכער, צי ער האָט נישט קיין טעות, פרעגט ער, צי זי איז עס די "געשעצטע" פריילין ר. שידלאָווסקאַ? נאָכן פּאָזיטיוון ענטפער, קומט די צווייטע פראַגע, צי די "געשעצטע" פריילין איז פון רוימיש־קאַטוילישן גלויבן? ווען רחל רובין ענטפערט זיי, אַז זי איז פון משהס גלויבן, איז זיי אַלע פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אויף אַזאַ וועלט־בראָך האָבן זיי זיך נישט געריכט, נאָך אַזויפיל מי, געלט־אויסגאַבן און טאַראַראַמעווען אין זייער צייטונג, האָבן זיי גאָר אויסגעקליבן אַ יידישע "מיס", אַ פרישע "אסתרקע" אויף זייער קאָפּ. פון כעס, בזיון און פאַרדרוס, האָבן זיי זיך צוביסלעך גענומען אַרויסשאַרן פון קאַבינעט, אַזוי אַז רחל איז געבליבן בלויז אויג־אויף־אויג מיטן רעדאַקטאָר. ער האָט געפּרוווט דערשטיקן אין זיך די אינערלעכע אויפרעגונג און מיט אַ געמאַכטער רואיקייט גענומען שפּילן דעם דיפּלאָמאַט...

ער האָט דערקלערט אַז ער און זיין צייטונג פילן זיך "אויסערגעווײנלעך גליקלעך" וואָס אַ ווירקלעכע שיינהייט איז געוואָרן געווײלט. דאָס ווייזט, האָט ער געזאָגט, דעם גוטן געשמאַק פון די לייענער און דעם געלינגענעם אויסוואַל פון דער זשורי. אַזוי רעדנדיק האָט ער איר דערלאַנגט די צוגעזאָגטע מתנות, אָבער בנוגע דעם שמועס מיטן רעזשיסער, קען עס, לײדער, היינט נישט פאָר־קומען, ווייל דער רעזשיסער איז פּלוצים קראַנק געוואָרן, אָבער אַזוי ווי ער וועט זיך נאָר פילן בעסער, וועלן זיי איר אַרויסשיקן אַ טעלעגראַם, זי זאָל גלייך קומען...

פאַרשטייט זיך אַז ביז סעפּטעמבער 1939 איז קיין טעלעגראַם נישט געקומען, און די צייטונג האָט מער מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט דעם פאַל, בעסער־געזאָגט דעם דורכפאַל פון דעם קאָנקורס.

***

אין יאָר 1939 איז רחל רובין צום צווייטן מאָל געווײלט געוואָרן אַלס גרעסטע שיינהייט, דאָס מאָל דורך דער יידישער אילוסטרירטער וואָכן צייטונג "יידישע בילדער", וועלכע איז דערשינען אין ריגע (לעטלאַנד).

די אילוסטרירטע וואָכן צייטונג "יידישע־בילדער" האָט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך גערעכנט אַלס די פאַרשפּרייטסטע יידישע אילוס־טרירטע צייטונג אין אייראָפּע, זי איז געווען אויף גאָר אַ פיינעם אופן רעדאַגירט, עס האָבן דאָרט מיטגעאַרבעט די אָנגעזעענסטע זשורנאַליסטן און פאָטאָגראַפן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע ברענגענדיק אַזוי אַרום די אינטערעסאַנטע בילדער פון דער יידישער וועלט. צו די מעלות דאַרף אויך ווערן צוגעגעבן, אַז די צייטונג איז דערשינען אויפן אייראָפּעישן שטייגער, אין גרויסן פאָרמאַט און דאָס מאַטעריאַל, סיי די בילדער, און סיי די רעפּאָרטאַזשן זענען געווען אינטערעסאַנט און אַקטועל, געדרוקט אויף אַ גוטן סאָרט פּאַפּיר און דערפאַר געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין יידישן פוילן.

אָנהויב 1939, האָבן די "יידישע־בילדער" פּראָקלאַמירט אַ קאָנקורס אויף דעם שענסטן יידישן מיידל. דערביי איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז די אויסדערווײלטע שיינהייט וועט אַנגאַזשירט ווערן אָנטייל צו נעמען אין אַ יידישן פילם, וואָס וועט טיילוויז געמאַכט ווערן אין פוילן און טיילוויז אין לעטלאַנד.

אין דער רעדאַקציע "יידישע בילדער" האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בילדער פון שיינע יידישע מיידלעך פון פאַרשידענע לענדער אין איירָאפּע. איינע פון די מיידלעך וועלכע האָט באַשלאָסן אויך אָנטייל צו נעמען אין קאָנקורס איז געווען רחל רובין. פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם פאַל האָט זי זיך שוין נישט געדאַרפט

פאַרפּוילישן דעם נאָמען און צוגעשיקט אירע בילדער לויט איר מיידלשן נאָמען: רחל רובין.

אין אָנהייב אויגוסט 1939 האָט די זשורי, צוזאַמען מיט דער גרעסטער צאָל שטימען וועלכע זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פון די לייענער אין אַ ריי אייראָ־פּעישע לענדער, אויסגעקליבן רחל רובין אויפן ערשטן אָרט, אַלס די שענסטע פון די אָנטיילנעמערינס אין קאָנקורס.

אין דער באַגריסונג און אין דעם בריוו, וואָס די רעדאַקציע האָט רחלען צוגעשיקט גלייך נאָך איר אויסגעקליבן ווערן, איז איר געוואָרן מיטגעטיילט, אַז זי איז באַשטימט געוואָרן אָנטייל צו נעמען אין דעם יידישן פילם א.נ. ״די נאַכט פון כל נדרי״ צוזאַמען מיטן באַרימטן זינגער־אַרטיסט יוזעף שמידט.

רחל האָט אַ גליקליכע זיך גענומען גרייטן צו דער גרויסער אויסגעבענקטער שעה. ליידער איז איר נישט אויסגעקומען לאַנג זיך צו פרייען און גרייטן. צוויי וואָכן שפּעטער איז אויסגעבראָכן די מלחמה, און פון אַלע חלומות און שיינע פּלענער איז אין איין אויגנבליק געוואָרן אַש.

דעם 20־טן אויגוסט 1942 האָבן די דייטש־היטלעריסטישע טייוולאָנים אַרויס־געפירט די רעמבערטאָווער יידן נאָך טרעמבלינקע, און רחל רובין צוזאַמען מיט אירע עלטערן, ברודער און שוועסטער און די גאַנצע עדה יידן, האָט אויסגעהויכט איר איידעלע נשמה אין טרעמבלינקער גאַז־קאַמער.

ה׳ ינקום דמם!

ש. ש.

אין אָנהויב פון אַרטיקל ברענגען מיר דאָס בילד פון רחל רובין אַלס אָנטיילנעמערין אין קאָנקורס פון יידישע שיינהייטן, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אַ צייט אַרום אין ריגע. דאָס בילד האָט דער שרייבער פון די שורות געטראָפן אין ״יווא״ אין ניו־יאָרק. — מיר דאַנקען אויף דעם וועג ״יווא״ פאַרן מאַכן דורך זיי אַ פאָטאָקאָפּיע פון אָרגינאַל, איבערגעבנדיק אונדז דאָס בילד פאַרן רעמבערטאָווער יזכור־בוך.

# דער רעמבערטאָווער באַזאַר

די ערשטע יאָרן איידער עס איז אויפגעבויט געוואָרן דער נייער באַזאַר אין רעמבערטאָוו, זענען די מאַרק־טעג איינמאָל אין וואָך פאָרגעקומען אין דער געגנט פון פּאַליגאָן, אין דעם שיטערן וועלדל, וואָס האָט זיך געפונען ביים סוף סון דער קאַלעיִאָווע גאַס.

דער נייער באַזאַר, וועלכן די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אויפגעבויט, איז שוין געווען אַ מאָדערנער געשלאָסענער באַזאַר, ארומגערינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט מויערן. אין דרײַ מויערן זענען געוואָרן אויפגעבויט געוועלבער און יעדעס געוועלב איז געווען פאַרזען מיט צוויי טירן, איינע אַנטקעגן דער צווייטער, בכדי צו קענען אַריינקומען סיי דורך דער גאַס און סיי דורכן באַזאַר. די פערטע מויער, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער לינקער זייט, אַריינקומענדיק פון דער קאַלע־יאָווע, איז געווען פאַרזען מיט קליינע געקראַטעוועטע פענסטער. דאָרט האָט זיך געפונען דער פּאָליציייאישער אַרעסט.

דער באַזאַר איז נישט געווען פאַרזען מיט גענוג טישן פאַר אַלע סוחרים און קרעמער, האָבן יידן זיך אַן עצה געגעבן, געברענגט מיט זיך ברעטער אָדער אַלטע טירן, אַרויפגעלייגט אויף סטאַלינגעס, און עס איז געוואָרן אַ טיש.

דער אָפיציעלער באַזאַר־טאָג אין רעמבערטאָוו איז געווען פרייטיק. פאַרטאָג, ווען דאָס שטעטל איז נאָך געווען פאַרזונקען אין שלאָף, פלעגן יידן ווערן אויפ־געוועקט פון די קוויטשערייען פון חזירים און געקרייערײַ פון הענער, דאָס פלעגן זיך אָנפאָרן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, און אויף זייערע פורן געברענגט אויפן באַזאַר זייערע סחורות. די פויערים האָבן אויסער יונגע חזירים און הענער אויך געברענגט אייער, פּוטער, מילך, סמעטענע א.א.

די קרעמער פון שטעטל האָבן אויסגעשטעלט און אויסגעלייגט אויף זייערע טישן שניט־סחורות, לעדער, צעלניק, גלאָזוואַרג, שיך, שטיוול, הויזן, היטלען. אַ טייל הענדלער האָבן אויסגעשטעלט זייערע סחורות אויף דער ערד, ווי למשל ערדענע טעפּ, שיסלען און קריגן, גענוצטע מלבושים אָדער שיך, אָפטמאָל איז אויך געקומען אַ סוחר מיט טעפּיכער אַזש פון ווייטן קיטעוו נעבן דער רומענישער גרענעץ, אַ קליינער פאַרשוין מיט אַ גרויסן קאַפּעלוש, פלעגט אויסשפּרייטן זיינע קאָלירטע טעפּיכער. עס פלעגט זיך אויך אַוועקשטעלן אַ גוי מיט אַ טראָג־טישל, אויף וועלכן עס איז געלעגן ווייסער "ליפּעץ" און פאַר 5 גראָשן אָפּגעהאַקט מיט אַ העקעלע אַ פּאָרציע "ליפּעץ" און נאָך צוגעגעבן אַ שטיקל ווייס פּאַפּיר...

עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין ציגיינערישע "וורוזשקעס", וועלכע פלעגן זיך אַרומשלעפּן צווישן די טישלעך און זוכן ווו מען קען עפּעס מיטשלעפּן.

פאַרשטייט זיך, ווי אויף אַ באַזאַר, האָט נישט געפעלט קיין טומל און געשרייען, יעדער הענדלער האָט געשלעפּט די יידישע און קריסטלעכע קונים נאָר צו זיין שטעל. פרויען פלעגן אויסרייסן לעבעדיקע שטיקער פון די עופות ביים אויס־פּרוּוון צי זיי זענען פעט און צי זיי וועלן זיך לייגן... די אונטערשטע שורה איז געווען, אַז די הענדלער האָבן געלייזט, די ווייבער האָבן זיך געפרייט וואָס זיי האָבן געכאַפּט מציאות, און אין רעזולטאַט זענען אַלע צדדים געווען צופרידן.

די יידישע הענדלער האָבן צו די קריסטלעכע ווייַנאַכטן אויך צוגעגרייט גאַנגבאַרע" אַרטיקלען פאַר די קריסטלעכע קונים. די טישלעך זענען געווען באַלייגט מיט קאָלירטע חנוכה־ליכטלעך, "שווישטשידעלקעס" צום אויפהענגען אויף די כאָינקעס, שניי פון וואַטע, שעפּסן פון קראָכמאַל, געפאַרבטע קיכעלעך, "שוויענטע מיקאָלייקעס", מיט ריזיקע ווייסע בערד אַנגעטאָן אין פעלצן, און קיילעכיקע פוטערנע היטלען אויף די קעפּ, געטראָגן זעק מיט לאַלקעס, פייפערס, מויל־האַרמאָשקעס און נאָך אַנדערע "צאַצקעס", מתנות פאַר קינדער.

אַ ייד פון פּראַגע האָט זיך גאָר געברענגט אַ גאַנצן טראַנספּאָרט מיט "הייליקע מאַריעס" פון ליים, ווי זי שטייט פאַרלייגט מיט די הענט און "מאַדליעט" זיך. דער ייד האָט זיך אָװעקגעשטעלט ביי זיין קויש "הייליקע מאַריעס" און געשריגן מיט באַנומענע קולות: "לוקסוס, לוקסוס, זאַ פּול צעני..."

אויסער דעם באַזאַר, וואָס פלעגט פאָרקומען איין טאָג אין דער וואָך, זענען אויך גאַנץ אָפט פאָרגעקומען פּי מערק. אויף די פּלעצער פון מאָטל יעלען אָדער דוד סאָקאָל זענען געוואָרן אָנגעברענגט קי, אָקסן, קעלבער, צום קויפן און פאַר־קויפן. די פאַרקויפער זענען מערסטנטייל געווען די אַרומיקע פּויערים און די קויפער זענען געווען יידן, דערביי פלעגט דער מסחר דורכגעפירט ווערן מיט אַ האַנט־פּאַטשעריי. האָט דער ייד צוגעזאָגט דעם פּויער אַ פּרייז, האָט ער אים צום פּרייז צוזאָגן נאָך צוגעגעבן אַ כמאַל אין דער האַנט אַריין. האָט דער פּויער עפּעס פון פּרייז אַראָפּגעלאָזט, האָט ער אויך צום אַראָפּגעלאָזטן פּרייז אַראָפּגעלאָזט דעם ייד אַ פּליאַסק אין דער האַנט אַריין. האָט דער ייד ווידער עפּעס דערלייגט צום פריער צוגעזאָגטן פּרייז, האָט ער ווידער דעם פּויער אַראָפּגעלאָזט אַ מתנת־יד און אַזוי אָן אַ סוף, אַזש די הענט זענען געוואָרן געשוואָלן. איינער פון די גוטע פּעטש־געבער אין די הענט, האָט זיך גערעכנט נפתלי יעלען, אַז ער האָט אַראָפּגעלאָזט אַ "פּליק", פלעגט דער פּויער אויסשרייען: "אָלאַ־באָגאַ!"

בלויז זכרונות זענען געבליבן פון דעם דעמאָלטיקן פריילעכן לעבן, נישטאָ מער קיין יידישער באַזאַר אין רעמבערטאָוו, און קיין פּי מערק. נישטאָ די יידישע קויפער און פאַרקויפער, דער לעבעדיקער הו־האַ איז פאַרשטומט געוואָרן אויף אייביק.

**ש. ש.**

# אויף די וועגן פון נעכטן

דורך די האַלב אָפענע בעקעריי טירן, האָבן מיט דער בלאַקייט פון פרימאָרגן זיך אַרויסגעגליטשט די בעקער געזעלן מיט די גרויסע קוישן נאָך הייסע ברויטן און זעמל — אָנפילנדיק די קאַלטע טוי־לופט מיט רייצנדע געבעקס־ריחות. די בעקער־געזעלן האָבן זיך היינט פאַרטאָג אַביסל פאַרשפּעטיקט מיטן פונאַנדערטיילן די געבעקסן, די סיבה דערפון איז געווען וואָס מיט אַ שעה צוריק האָבן זיי איבער־געלאָזט די בעקערייען מיט די הייסע ברויטן, קייזערקעס, פּאַרקעס, ראָגאַלעס, זאַלצוווקעס, פּלעצלעך מיט ציבעלעס, און זענען אַרויס אויף דער גאַס זיך צוקוקן צו אַן אומזיסטער טעאַטער־פאַרשטעלונג אונטערן פרייען הימל. דאָס האָבן די אַמאַטאָרן פון דראַמקרייז, נאָכן פאַרענדיקן אַ טעאַטער־פאַרשטעלונג זיך אַרויסגעלאָזט אין קאַיאַר איבערן שטעטל, אַלע אָנגעטוען אין די קאָסטיומען, אין וועלכע זיי האָבן געשפּילט, אויסגעפּיצט אין גרים און אין די פּערוקן און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די גאַסן מיט אַ טענצל און געזאַנגען, אויפוועקנדיק כאַר־שלאָפענע יידן, וועלכע האָבן אויפגעפּראַלט לאָדנס, געוואָלט זען וואָס פאַראַ שמחה האָט עס דעם שטעטל אַרומגעכאַפּט אין סאַמע פאַרטאָג. צו זייער גרעסטער דער־שטוינונג האָבן זיי דערזען עפּעס אַזעלכעס, וואָס זייט זיי לעבן, האָבן זיי אַזעלכעס נישט געזען.

דערזען האָבן זיי ווי אַ חבֿרה יידן מיט לאַנגע בערד, מיט רויטע פּאַטשיילעס פאַרשטעקט אין די יידענע קאַפּאָטעס, טאַנצן אינמיטן שטעטל מיט אַ באַנדע ציגיינערינס אָנגעטוענע אין קאָלירטע לאַנגע קליידער און קאָפּ־טיכלעך, אַרום־געהאָנגענע מיט ריזיקע שנירן קרעלן, אויף די הענט מעשענע בראַסלעטן, אין די אויערן אויערינגלעך גרויס ווי די בייגל. די יידן מיט די ציגיינערינס טאַנצן און זינגען בקולי קולות... אָט זעען זיי ווי אַ רוסישער גובערנאַטאָר אָנגעהאָנגען מיט מעדאַלן און מיט אַ לאַנגער שווערד ביי דער זייט, גייט געאָרעמט מיט אַ יידענע אין אַ שייטל אויפן קאָפּ און זינגט איר אַריין גלייך אין אויער אַריין עפּעס אַזאַ מין געזאַנג וואָס צעגייט אין אַלע אבֿרים...

שפּעטער ווען אייזערנע פּרענטן, האָבן פון יידישע קראָמען זיך אַראָפּגעלאָזט מיט פאַרזשאַווערטער געסקריפּעריי, און נישט אויסגעשלאָפענע קרעמער, האָבן מיט קריאת־שמע־שעפּטשנדע ליפּן צעפּראַלט טירן און צעעפנט לאָדנס, זענען די לעצטע ברכות ווי פאַרשריגן געוואָרן פון דעם הילכיק צעצויגענעם פייף פון צוג נאָך וואַרשע, וואָס האָט ווי באַפוילן, אַלץ איבערצולאָזן און אַריינפאָרן ברענגען פון וואַרשע די נייטיקע אַרטיקלען.

האָבן יידן געכאַפּט פון טישקעסטלעך אומגעציילטע געלטער, און זיך געלאָזט

אין גרעסטער איילעניש לויפן! — פאַר אַ גוטן "לויפער" האָט זיך אין שטעטל גערעכנט שעפסל רודניצקי, שטענדיק מיט 2 קוישן איןביידע הענט, אַ זעקל אונטערן אָרעם, און אַ האַלב נאַסן פּאַפּיראָס אין מויל, פלעגט ער נישט פריער זיך אַרויסרייסן פון געוועלב אַרויס, ווי פונקט איין מינוט פאַרן צוג־אָפּגיין, און טראָץ דעם וואָס אין דער איינער מינוט, האָט ער געדאַרפט אויסלויפן אַ האַלבע פּילסודסקי גאַס, האָט זיך קיינמאָל ביי שעפּסלען נישט געטראָפן ער זאָל פאַר־שפּעטיקן דעם צוג. מעשה שטן פלעגט ער טעגלעך שוין זיצנדיק אין צוג, זיך דערמאָנען, אַז ער האָט פאַרגעסן מיטצונעמען דעם חודש־בילעט פון דער באַן...

אַ גאָר אָנגעזעענע ראָל אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון שטעטל שפּילט דאָס סאָדע־וואַסער געוועלבל פון אברהם משה ערנסטער, ווו עס ווערן אויך פאַרקויפט די יידישע צייטונגען. ווען אברהם משה גייט אַוועק צום צוג אָפּוואַרטן די צייטונגען, זאַמלט זיך דערווייל אַרום זיין געוועלבל אַ האַלב שטעטל יידן וועלכע וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דער פרעסע. דאָרט זעען מיר פאַרשידענע גרופּקעס. איין גרופּקע יידן באַשטייט פון דעם סאָרט, וואָס האָבן ליב אויפן ניכטערן מאָגן אַריינצוכאַפּן אַ בלאַט גמרא, צווישן זיי ר' שמערל סירעק וועלכער גיט דעם רוב צייט אָפּ אויף צו לערנען אין בית המדרש מיט גמרא בחורים, לא על מנת לקבל פרס; ר' ישראל־אהרן ביאַלער, ר' אהרן פערקאַל און ר' הענעך פינקעלשטיין, ר' ברוך קלוגמאַן און ר' הערשל אָסטשעגאַ ווילן דווקא אויפווייזן אַן איפּכא מסתברא, שפּאַרט מען זיך, אַמפּערט מען זיך, און מען איז זיך מכבד מיט פּאַפּיראָסן!...



אויפן געזעגענונגס־אָוונט לכבוד יהודה סורעקס עולה־זיין קיין ארץ־ישראל
ערשטער (רעכטס) איז אברהם משה ערנסטער, אייגנטימער פון סאָדעוואַסער געוועלב.



רעמבערטאָווער יידן גייען שבת נאָכן דאַוונען אויף אַן איינגעלאַדענעם קידוש שמועסנדיק אויפן וועג דברי תורה. — (רעכטס) די ערשטע פון פאָרנט, ר׳ יצחק רייזמאַן און ר׳ אברהם־יצחק טורעק.

די שטעטלשע קולטור־טוער, די ראש־המדברים, זענען אהרן פוקס, שמעון קירשמאַן און בערל װענדריגער. מ׳בויט קולטור־פּלענער, מען רעדט וועגן קלאַ־סיקער, מען שפּאַרט זיך און מען וויל איינער דעם צווייטן איבערצייגן, — און דערווייל זעט מען נישט אברהם משהן מיט די צייטונגען. רעגן זיך אַלע אינאיינעם אויף, מען זאָגט אַריין די פּוילישע באַנען, וואָס פאַרשפּעטיקן זיך, און מען איז שוין גרייט אויף אַן אמת זיך צו דענערווירן.

אין אַ צווייט זייטיק געסל, זיצט זיך דערווייל נעבן די טיר פון זיין שטוב דער שטאָט חזן ר׳ יהושע אַליוועשטיין, זיצט ער אַ פאַרזינקענער אין מחשבות, עפּעס אַ קלייניקייט די ימים נוראים דערנענטערן זיך, און מען דאַרף עפּעס צוגרייטן אַ פרישן נגון וואָס זאָל אַ נעם געבן. ווישט ער די גראָבע ברילן יעדע ווײַלע, ווי וועלנדיק דעם ניגון וואָס ער קלויבט זיך פאַרפּאַסן בעסער זען, און ווען די חזנטע ברענגט אים אַרויס עפּעס אַ וואַרעם גלעזל מילך צו דערכאַפּן זיך דאָס האַרץ, וויל ער עס אפילו אין האַנט נישט נעמען, בכדי נישט מפסיק צו זיין בעתן צונויפנעמען די מחשבות פאַר דער נייער קאָמפּאָזיציע.

אויף די ווענט פון די הייזער זענען פונאַנדערגעהאַנגען פּלאַקאַטן און מעלדונגען: "...היינט אין בית־המדרש נאָך מעריב, וועט דרשנען דער באַרימטער מגיד פון וואָלאָזשין ר׳ יששכר בער"... "8 אָוונט וועט אויפטרעטן אין "מזרחי"־בנין מיט אַ רעפעראַט דער נאָווידוואָרער רב הרב נייפעלד"... "4 נאָכמיטאָג אין

"אגודה"־בנין אַ צוזאַמענטרעף פון די "בנות־יעקב" מיט דער באַרימטער קראָקעווער "בית־יעקב" גרינדערין און פּעדאַגאָגין מרת שרה שנירער"... "אין י. ל. פרץ ביבליאָטעק אַ קעסטל־אָוונט אונטערן אונטערן פאַרזיץ פון ישראלקע ווענדריגער"... "אין "התאחדות" אַ פּאַרטיי־צוזאַמענפלי מיטן אָנטייל פון אברהם לעווינסאָן און יוסף לעווי".. "אין "גורדוניה" — פייערלעכער געזעגנונגס־אָוונט לכבוד חברים צו זייער עולה זיין נאָך ארץ־ישראל"..

גרופּעס יוגנטלעכע זאַמלען זיך אַרום די שיין געמאָלענע פּלאַקאַטן פון אהרון פוקס, ווו עס ווערט געמאָלדן, אַז דעם שבת־צו־נאַכטס ווערט אויפגעפירט אין פייערלעשער־זאַל "די זיבן געהאַנגענע", נאָך דער פאַרשטעלונג אַ פאַנטאַ־לאָטעריע און שפּעטער טענץ ביזן גרויען טאָג.

די פאַרזאַמלטע אַרום די פּלאַקאַטן פון דער טעאַטער פאַרשטעלונג דיסקוטירן, קאָמענטירן און טיילן זיך מיט מיינונגען: "...האַ וואָס זאָגסטו, הערשל? — זאָגט איינער צום צווייטן, יצחק שאַפּשיק שפּילט דאָך פאַר יאַנסאָנען, איך געדענק נאָך ווען ער האָט מיט אַ צייט צוריק געשפּילט פאַר יאַנסאָנען, זיין "מיך נישט הענגען" קלינגט מיר נאָך אין די אויערן... אַ קינסטלער דער יצחק, ווי איך בין אַ ייד..."

"...וואַ וואַ — רופט זיך אָפּ אַן אַנדערער — זעט נאָר רוזשקע קירשמאַן שפּילט דאָך פאַר מוסיאַ... דאָ זעט עטץ, ברידערלעך, ווער שוין דער זאַל דונערן פון אַפּלאָ־דיסמענטן"...

"...און וואָס איז מיט לייבל אַליוועשטיין? — ווייל אַ דריי־טער וויסן — וואָס פאַראַ ראָל שפּילט ער?... מאַמעלעך מיינע! מישקע ציגאַנאָק?!... ער וועט דאָך

דראַמ. קרייז ביי די י. ל. פרץ ביבליאָטעק אין רעמבערטאָוו.

פּ ר אָ ג ר אַ ם:

# "די 7 געהאַנגענע"

טראַגעדיע אין 5 בילדער

פון לעאָנאַרד אַנדרעיעוו.

פּ ע ר ז אָ נ ע ן:

| | |
|---|---|
| מיניסטער | י. שאַפּשיק |
| זיין זון | ס. קירשמאַן |
| זיין טאָכטער | ה. באַרדאַש |
| נאַטשאַלניק פון די אכראַנע | פּ. פוקס |
| לאַקיי | א. ז. |
| אויספאָרשונגס ריכטער | ש. יעלין |
| מישקא ציגאַנאָק } (מערדער) | ל. אַליוועשטיין |
| יאַנסאָן } (מערדער) | י. שאַפּשיק |
| מוסיא } פּאָליטישע פאַרברעכער | ר. קירשמאַן |
| טאַניא קאָוואַלטשוק } פּאָליטישע פאַרברעכער | ב. צוקערט |
| סערגיי גאָלאָווין } פּאָליטישע פאַרברעכער | ש. קירשמאַן |
| ווערנער } פּאָליטישע פאַרברעכער | פּ. פוקס |
| וואַסיל קאַשירין } פּאָליטישע פאַרברעכער | א. זילבערבערג |
| ניקאָלײַ. סערגייעוויטש | י. ש. |
| זיין פרוי | ב. הערץ |
| פרוי קאַשירין | ב. צוקערט |
| סעקרעטאַר | י. כודניצקי |
| זשאַנדאַרם | נ. יעלין |
| עקזעקוטאָר | ש. י. |
| סאָלדאַטן | — — — |

1־טער—בילד ביים מיניסטער 2־טער—ביים אויספאָרשער, 3־טער—טורמע קאָרידאָר 4־טער—אין וואַגאָן, 5־טער—אין וואַלד פאַרן עקזעקוציע פּלאַץ. צייט 1930

רעזשי: סופלער מ. זילבערבערג.

אַ פּראָגראַם פון "די 7 געהאַנגענע" וואָס אַ רעמבערטאָווער "טעאַטער־זסיד" האָט ביי זיך אויפגעהאַלטן אַלס אָנדענקונג פון יענע גוטע צייטן.

איינלייגן די בינע מיט זיין ברויזנדן טעמפעראַמענט... כ׳זאָל אַזוי געזונט זיין, ווען ער האָט ס׳לעצטע מאָל געשפּילט פאַר מישקען האָב איך מיך שטאַרק דערשראָקן. כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט אַוועקממיתן די ריכטער מיט אַלע גאַרדאַוואַיעס... שוין איינמאָל אַן אַקטיאָר אונדזער לייבעלע, האַ?...

און איך — רופט זיך אָן אַ זייטיקער — וועל מיך דאָס מאָל נישט לאָזן, ביי יענער פאַנטאָן־לאָטעריע האָב איך דווקא געוואָלט געווינען דעם קאָלירטן לעבעדיקן האָן, וואָס איז געשטאַנען אין דער קליאַטקע, אָבער עס איז מיר נישט געגאַנגען. אַן אַנדערער האָט אים געוווּנען, אָבער דאַסמאָל, קאָלעגעלעך, מעג מיך קאָסטן אַ פאַרמעגן, מוז איך אַהיימגיין מיט אַ האָן אונטערן אָרעם״...

״...און יעך — רופט זיך ווידער אָן אַן אַנדערער — בין מיך מחיה מיט די טענץ נאָך דער פאָרשטעלונג... עטץ ווייסט דאָך שוין, עס קומען דאָך ספּעציעל צו פאָרן צו די טענץ די שענסטע מיידלעך פון וואַרשע, פּראַגע, גראָכאָוו, וואַווער מילאָסנע, אָקוניעוו... וואָסזשע, מיינט עטץ, טו יעך? יעך טאַנץ מיר יעדן טאַנץ מיט אַן אַנדערער, אַ טאַנגאָ מיט אַ וואַרשעווערין, אַ וואַלס מיט אַ פּראַגערין, אַ קאָקסטראָט מיט אַ גראָכאָווערין, אַ שימי מיט אַ וואַווערין, אַ טשאַרלעסטאָן מיט אַ מילאָסנערין און אַ ענגלישן וואַלס מיט אַן אָקוניעווערין״... ״און וואָס טאַנצסטו



פּאָר די ייִדישע זעלנער פון פאַרשידענע שטעט אין פּוילן, וועלכע זענען אויף פּסח נישט באַפרייט געוואָרן, האָבן רעמבערטאָווער בעלי־הבתים איינגעאָרדנט אויף די גאַנצע אַכט טעג פּסחדיקע מאָלצייטן.

אויפן בילד: פּרייוויליקע קוכערס און סאַרווערס (אין די ווייסע פאַרטוכער), אַ טייל בעלי־הבתים, פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט די געסט אין די מיליטערישע מונדירן.

מיט אַ רעמבערטאָווערין ?״ — ווילן דווקא חברה וויסן... מיט אַ רעמבערטאָווערין — ענטפערט דער טענצער — טאַנץ איך מיר אַ ברוגז־טאַנץ...

איילן זיך דערוויל יידישע טעכטער, וואָס האָבן גענומען אויף זיך דעם עול פון דערציען אַנדערע. יעדע צו איר סניף, צו איר אָרגאַניזאַציע רבקה טענענבוים צו די ״ותיקיניה״, שטיינס טעכטער צו די ״בני עקיבא״ דעם רבס טאָכטער צו ״בית יעקב״, פאָלע מיינעמער צו ״גורדוניה״, יעלענס טעכטער צו ״בית״ר״ און די שוועסטער גרינבערג אין דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק. — די יוגנט רוט נישט מען וויל לערנען, מען וויל וויסן, מען וויל צוגרייטן אַ דור פון קולטורעלע, דערצויגענע מענטשן.

ווען דער פאַרנאַכט פאַלט צו, באַווייזט זיך אויפן וועג צום בית־המדרש צו מנחה מערב, דער רעמבערטאָווער רב. הרב אברהם דוד בערגהויער אין באַגלייטונג פון ר׳ יצחק רייזמאַן, ר׳ מאָטל יעלען, ר׳ מאיר מיאַדאָווניק און ר׳ הענעך ראבינערזאָן.

פאַרהאַלט דער רב אויפן וועג דורכגייענדיקע יידן, און נעמט זיך אויספרעגן יעדן באַזונדער ווי עס גייט אים, און אין רעזולטאַט פון די שמועסן, זאַמלט ער אָן אַ שפּאַר ביסל יידישע צרות, וועלכע ער פירט אַוועק מיט זיך אין בית־המדרש אַריין און איז הייס מתפלל, אַז פון דעם פעקל צרות זאָל ווערן ישועות



ונחמות. גרויסן זיך שטעטלשע יידן מיטן רב זייערן און באַצייכענען אים אַלס ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער פון רעמבערטאָוו.

שלאָפט דאָס שטעטל יידן איין מיט קריאת־שמע־לייענען אויף די ליפּן, מען זאָגט מיט כוונה דעם ותעמידנו לשלום, און עס קומט זיי נישט אויפן געדאַנק, אַז עס רוקן זיך אָן טעג ווען דער ותעמידנו לשלום, וועט שוין פאַר זיי מער נישט מקוים ווערן! און אַז פאַרשווונדן אויף אייביק וועט דאָס פּרעכטיקע פולבלוטיקע יידיש לעבן אין שטעטל.

**שלמה שידלאָווסקי**

---



**אויף אַ געבורטס־טאָג מסיבה אין רעמבערטאָוו לכבוד דעם דריי יעריקן טעכטערל פון מאָטעק און ציעשאַ גראָכאָווסקי־אייזנשטאַרק. פון דער גאַנצער גרופּע האָבן זיך בלויז 2 אָפּגעראַטעוועט, די איבעריקע אַלע אומגעקומען אין טרעמבלינקע.**

**אויפן בילד אויבערשטע ריי פון לינקס:** ריווטשע רובין, שרה רובין־טענענבוים, יאַנקל רובין, אייזנשטאַרק, אהרן אייזענשטאַרק, (לעבט אין ישראל) רוזשקע רובין, (אומבאַקאַנט), שמואליק רובין, (אומבאַקאַנט), אברהם רובין.

**צווייטע ריי פון לינקס:** לעאָן שפּיגעלמאַן, רחטשע אָסטזשעגאַ־שפּיגעלמאַן, מאָטעק גראָכאָווסקי, ציעשאַ גראָכאָווסקי־אייזנשטאַרק, זייער 3 יעריק טעכטערל, (טאָבטשע גראָכאָווסקי, ישראל).

**אונטן ביים טיש:** די 8 יעריקע סאַלטשע רובין און פרוי אייזענשטאַרק. די איבעריקע זענען ניט אידענטיפיצירט.

# חסידי אומות העולם

## אפגעראטעוועט פון א פאגראם

א ינעם ים פון רשעות און אכזריות, אין וועלכן עס האָבן זיך געטרונקען יידן צווישן זייערע קריסטלעכע שכנים אין די צייטן פון דער צאַרישער הערשאַפט אין פוילן, וועט זיין אינטערעסאַנט איבער־צוגעבן אַ פאַקט ווי אַזוי רעמבערטאָווער יידן זענען ניצול־געוואָרן פון אַ פאָגראָם. דאָס איז געשען אַ דאַנק אַ רעמבערטאָווער קריסטלעכן קצב, איינער פון די חסידי אומות העולם, וועלכער האָט זיך באַצייטנס דערוווּסט, אַז די צאַרישע קאָזאַקן פּלאַנירן אַ פּאָגראָם איבער דער יידישער באַפעלקערונג אין רעמבערטאָוו.

דער קריסטלעכער קצב סאָבאָלעווסקי האָט הינטער זיין הויז אויף דער פּאָליגאָנאָווע (שפּעטער פּילסודסקי) גאַס געהאַט אַן אַרומגעצוימטן ריזיקן פּלאַץ, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיטן שעכט־הויז און האָט געדינט איינצוזאַמלען די בהמות איידער זיי זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין שעכט הויז. ווען ער האָט זיך דערוווּסט פון זיינע קריסטלעכע פריינד, אַז צאַרישע קאָזאַקן דאַרפן אין אַ געוויסן טאָג אָנקומען פון פּראַגע און דורכפירן אַ פּאָגראָם איבער דער רעמבער־טאָווער יידישער באַפעלקערונג, האָט ער דאָס גלייך צוגעזאָגט געוויסע יידן.

עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה אין שטעטל. דער עולם האָט זיך געגרייט צו באַהאַלטן אויף בוידעמס און אין קעלערן. אַנטלויפן פון שטעטל האָט מען מורא געהאַט, ווייל די קאָזאַקן זענען געווען אומעטום אין די מיליטערישע קאַזאַרמעס, וועלכע האָבן זיך געפונען אין יענער געגנט.

דער פוילישער קצב סאָבאָלעווסקי האָט געוווּסט, אַז אַ באַהעלטעניש אויף בוידעמער און אין קעלערן איז קיין באַהעלטעניש נישט, ווייל די קאָזאַקן פלעגן אין אַ סך פאַלן אונטערצינדן די הייזער און די יידן זענען אומגעקומען אין די פלאַמען, האָט ער באַפוילן, אַז אַלע רעמבערטאָווער יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף זיין גרויסן אַרומגעצוימטן פּלאַץ הינטער זיין הויז, מיטנעמען מיט זיך די וויכטיקסטע שטוב־זאַכן, און ער מיט זיינע זין און אַ טייל רעמבערטאָווער יידישע קצבים וועלן שטיין און היטן דעם פּלאַץ. אויב די קאָזאַקן וועלן זיך פּרוּוון אַריינרייסן וועלן זיי מיט העק קעמפן קעגן די קאָזאַקן, סאָבאָלעווסקי האָט זיך נישט בלויז פאַרלאָזט אויף זיך מיט די זין, נאָר אויך אָרגאַניזירט אַ חברה קריסטלעכע קצבים פון דער אַרומיקער געגנט, "יינגלעך" וואָס קענען האַלטן העק אין די הענט.

די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג וועלכע איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַן ערך זעקס הונדערט נפשות מיטן רב בראש האָבן אין דער גרעסטער איילעניש

געכאַפּט די קינדער, פּעק בעטגעוואַנט און זענען אַוועק צו סאָבאָלעווסקין אויפֿן פּלאַץ.

ווען די קאָזאַקן זענען אין יענעם באַשטימטן טאָג אין ווילדן גאַלאָפּ אַריינ־געפאָרן פון גראָכאָװער וועג נאָך רעמבערטאָוו, זענען שוין סאָבאָלעווסקי מיט זיינע זין און די אַנדערע קצבים געשטאַנען אַרום דעם פּאַרקאַן, וואָס האָט פֿאַרשטעלט דעם פּלאַץ. דער הויכער פּאַרקאַן האָט נישט דערמעגלעכט צו זען וואָס אינעווייניק טוט זיך.

סאָבאָלעווסקי מיט די זין און די גוטע ברידער האָבן שוין געהאַט אַרויס־געשלעפּט מיט זיך אַ צענדליק גרויסע חזירים, און געווען אַרום זיי שטאַרק "פֿאַרפּאַרעט", אויפֿבינדנדיק זיי די פֿיס און צובינדנדיק. דערביי האָבן זיי געשטאַכן די חזירים מיט נאָדלען אויף עמפּינדלעכע ערטער זיי זאָלן מאַכן קולות און קוויטשערייען. סאָבאָלעווסקיס אויסרעכענונג איז געווען, אַז ווען די חזירים וועלן קוויטשען, וועלן די קאָזאַקן נישט קענען דערהערן אויב אַ קינד וועט זיך פֿון יענער זייט פּאַרקן צעווײנען. די חזירים האָבן ווירקלעך מוראדיק געריטשעט.
די קאָזאַקן האָבן זיך געלאָזט איבער דער יידישער געגנט, אָבער אומעטום האָבן זיי אַנגעטראָפֿן אָפֿענע טירן און פֿענסטער אָן אַ לעבעדיקן נפש, זיי האָבן געזוכט אויף די בוידעמעס און אין די קעלערן און פֿאַר גרויס כעס געבראָכן וואָס עס איז זיי געקומען אונטער די הענט. ווען זיי זענען צוגעפֿאָרן צו סאָבאָלעווסקין פֿרעגן ווו די יידן האָבן זיך באַהאַלטן, זענען זיי פֿאַרטויבט געוואָרן פֿון די חזירישע ריטשערייען. מען האָט נישט געקענט הערן איינער דעם אַנדערן. סאָבאָלעווסקי האָט זיי בלויז מיט דער האַנט אַנגעוויזן צום מילאָסנער וועג. עס האָט געדאַרפֿט הייסן, אַז דאָרט זענען די יידן אַוועק.

זיי האָבן געגומען שיטן מיט רוסישע קללות, אָבער זיך לאָזן נאָכיאָגן צום מילאָסנער וועג האָט זייער עלטסטער, אַן אַטאַמאַן מיט אַן אויערינגל אין אויער פֿאַרבאָטן, ווייל דאָס וואָלט געהייסן סתם מאָרד, דאַגעגן פּאָגראָמירן און דערצו אויך מאָרדן איז ביי די קאָזאַקן און צאַרישער מאַכט געווען כשר... אָדער ווי האָט אַמאָל געזאָגט דער פּוילישער גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי: אָוושעם!...

ווען דער קצב סאָבאָלעווסקי איז געשטאָרבן, האָט אין דער לוויה זיך באַטייליקט ס׳גאַנצע שטעטל יידן. דער רב איז געגאַנגען בראש און אַלע האָבן באַוויינט דעם טויט פֿון דעם מענטש, וועלכער האָט זיך מקריב געווען און געראַטעוועט די יידן פֿון אַ גרויס אומגליק.

דער אַלטער רב האָט דעמאָלט סאָבאָלעווסקין געמאַכט אַ הספד און אויס־גערופֿן, אַז ער צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן וועלן מתפלל זיין, אַז דער קריסט סאָבאָלעווסקי זאָל האָבן עלית נשמה. **ש. ש.**

שלמה שידלאָווסקי

# ויהי בימי רעמבערטאָוו

**(סאַטירע אויף אַ מעשה שהיה)**

רעמבערטאָוו, מיט אירע גענזנטע זין און שיינע טעכטער,
לייכטע אויף שטענדיקן געלעכטער,
האָט אין אַ פרימאָרגן גענומען גיין אויף רעדלעך
דערוויסנדיק זיך, אַז אַכט מיידלעך
מיטאַמאָל
לאָזן איבער ס׳שטעטל, און פאָרן אָפּ נאָך ארץ־ישראל.
האָט ס׳שטעטל יידן געשריגן גוואַלד! עס איז דאָך כלו כל הקיצין!
ס׳קומט אויס, די שעה זאָל נישט זיין, אַז די יונגעלייט דאָ וועלן פאַרזיצן.
די עלטערע בעלי־הבתים, ווער מיט, אין ווער אָן אַ באָרד,
האָבן זיך אַרומגעשטעלט אין אַ ראָד,
און נעבן זיי אַ גאַנץ געזעמל,
ביי אברהם משה ערנסטערס קרעמל,
און עס איז אַוועק אַזאַ מין שמועסעניש:
אַז עס זאָל אַוועקפאָרן חנה, און מאַשע?
איז טאַקע אַ קשיא,
ריווע און זעלדע עקשטיין
איז פשוט נישט צום פאַרשטיין,
גיטל און שרה מיטן שמייכל?
לייגט זיך עס גאָרנישט אויפן שכל,
ווידער מרים אין גליקע? אָך!
זיי זאָלן אָפּטאָן אַזאַ זאַך,
פשוט אַ שרעק, אַ סטראַך!
יאַנקעלע שוחט האָט זיך געקאָכט מיט לעב און "לאַבן"...
זאָ עטוואַס! — האָט ער געטומלט, איז נאָר אין די גאַזעטן צו באַשרייבן...
8 מעדכענס, וועלכע זענען צום "האַבן"...
אונד צום באַוואַבן...
פאַרלאַסן אונדז אויף אימער, מיטאיינמאָל?
דאַרפן מיר אַלע שרייען גוואַלד! אונד שמע ישראל!...

אויך די עלטערן זענען געווען פֿאַרמוטשט, ווי זיי וואָלטן געלערנט אַ שווערע רש״י
און באַשולדיקט מענדל סאָקאָלן, אַז דאָס האָט ער פֿאַרקאָכט די קאַשע,
איז על כן, וועט נישט זיין קיין אַנדערע ברירה,
ווי צו בעטן הרב נייפֿעלד, ער זאָל בטל מאַכן די גזירה.
די טאַטעס און מאַמעס, האָבן געחלומט פֿון דאָס און דאַס,
פֿון חתנים, וואָס שפּאַצירן מיט די טעכטער אין גאַס,
און ״פֿונדעוועט״ זיי ״טשאַסטעס״ מיט קוואַס...
און נאָך זאַ עטוואַס !...
שפּעטער, אַ היימישע שטוב, וווּ מען וועט קאָכן און באַקן,
וווּ מען וועט שטעלן שבת אַ טשאָלנט אַ געשמאַקן,
און נאָך שפּעטער טאַקע ,צו טוץ קינדער, יינגלעך און מיידלעך,
און אין טעפּ זאָל זיך קאָכן וועמפּלעך מיט קניידלעך,
בראָטן און פּרעגלען, עס זאָל גאָרנישט ווערן נמאס,
און אין אויוון, זאָל זיך שטענדיק ״פּראַזשען״ אַ פּעטער צימעס,
צום סוף האָט גאָר אַ מענדל סאָקאָל גאָט געטוען צושיקן,
און אַ סוף צו אַלע גליקן !
אין יעדער איינער שטוב, וווּ מען איז נאָר אַריין,
האָט קיינער נישט געקענט פֿאַרשטיין,
וווּ נעמען זיך עפּעס אַכט מיידלעך צוזאַמען,
און לאָזן זיך אַליין איבער לענדער און ימען ?
גוואַלד !
ווי לאָזט מען דאָס איבער אַזאַ שיינעם וואַלד,
וווּ שבת גייט מען שפּאַצירן,
און מען טוט זיך אַמוזירן,
איינער עסט אַ באַרנע, אַ צווייטער קייעט אַ פּאַנטשקע,
מיידלעך רויטלען זיך און פֿירן זיך ״פּאַד ראַנטשקע״...
אַ קינד שפּילט זיך מיט די אייגענע פֿיסלעך אין וויגל,
אַ טאַטע עסט אַ פּולקע, אַ מאַמע באַלעקט זיך מיט אַ גענזענעם פֿליגל.
און ווי פֿאַרלאָזט מען עס עפּעס אַזאַ גאָרטן ווי פֿון יאַגאָדע ?
וואָס פֿאַרברענגען דאָרט איז דאָך די גרעסטע וויגאָדע,
וווּ עס קומען פֿאַר פֿאַרליבענישן און ראָמאַנסן,
און וווּ מען לערנט זיך אויפֿן גראָז טאַנצן,
און עס איז טאַקע אויך אַ סברא,
אַז פֿרומע יידן לערנען דאָרט שבת גמרא

זוי לאָזט מען עס איבער אַזאַ אַלטן משה סטאָלאָוויטש וואָס האַנדלט
מיט האָלץ און קוילן
און קען קיינמאָל ביי די יאַטן נישט פועלן,
זיי זאָלן אין גאָרטן נישט גוואַלדעווען ביזן הימל,
ווייל ער קען נעבעך נישט כאַפּן קיין דרימל...
איז דאָך טאַקע די קשיא דעריבער,
ווי פאָרט מען דאָס אַוועק, און מען לאָזט דאָס אַלץ איבער?
אָדער, אַ שטייגער, ביי מענדעלען אויף דער וואַראַנדע,
זיצן דאָרט שטענדיק אַ גאַנצע באַנדע
אויף אַ באַנק,
און מען רעדט, וואָס עס קומט אויפן געדאַנק,
מען שרייט און מען שפּאַרט זיך צוזאַמען אַלע,
מען דערציילט זיך ווער עס ווערט אַ חתן, און ווער אַ כלה,
ביז די אלמנה, וואָס וווינט דאָרט הינטער דער וואַנט,
קומט אַרויסצולויפן מיט אַ שעפּ וואַסער אין האַנט:
"עטץ גייט אַוועק!" שרייט זי און ווערט אַזש רויט
"כ'געב ענק אַ צוואָג אָפּ מיטן וואַסער, ווערט עטץ געהרגעט אויף טויט"...
טאָ ווי קען מען עס עפּעס אַוועקפאָרן
און איבערלאָזן אַזעלכע טיפּן, אַזעלכע פיגורן?
אָדער איר זעט, ווי אויף אַ שניידערישער שילד
איז אויפגעמאָלן אַ בילד
פון אַ שטייפן פראַנט, וואָס מען דאַרף אָנקוקן אויף ווונדער,
טראָגט אויפן קאָפּ אַ קוימען, וואָס דאַרף הייסן: אַ צילינדער,
און דערצו צווי אויפגעשטעלטע וואָנסעס ביז צו די שטערן,
ווי צווי גאַזאָווע לאַמטערן.
צי גאָר ביי אַ שוסטער אויף זיין שילד
איז אויפגעמאָלן אַ בילד
פון אַ שטיוול, אָפּגעבליאַקעוועט אין מאַט,
און מען קען נישט דערגיין, צי איז עס אַ שטיוול אָדער אַ לופּע פון אַ האַרמאַט...
אָדער גאָר אַז וואַגער פון די "קאַוואַרניע" לויפט פאַרטאָג
צום צוג
איינקויפן אין וואַרשע, געווענזלטע הערינג, שילאָוועס און ווין,
שרייט אים נאָך די וואַגעראָווע, אַזוי איידל און פיין:
שלימזל, ווי איז מיר און קלאָג,

געב אַכטונג, זאָלסט נישט איבערפּאָרן דעם צוג,
זאָלסט מיך נישט איבערלאָזן קיין וויסטע אלמנה
און פאַרגעס נישט אין דרערד אַריין, די מאַרמעלאַדקעס און אַ מחזור אויף
ראש־השנה״...
אָדער אַזאַ מאָטעלע פון סאָדע־האַנדל ספּערע
זיצט איבערגעדעקט אין זיין בודקע אין אַ ווייבערישער דערע,
שטענדיק אין דער זעלבער מערכה,
און ער ציילט די באַניעקערן, צי עס איז אַריינגעקומען די ברכה...
ווי לאָזט מען דאָס אַלץ איבער, און מען פאָרט אַוועק
מיט העק און פעק ?...
בלויז דאָס ? אָט האָט אַמאָל אַ דאַטשניצע פון יאַגאָדען, ביים לויפן אין קלייטל
קויפן אַ שטיקל הערינג מיט אַ האַלב ברייטל
פאַרלוירן פון קאָפּ ס׳שייטל...
גייט אַדורך יאָנטל, זעט ער אַ שייטל, הויבט ער עס אויף, און באַהאַלט ס׳שייטל.
ער טראַכט זיך, אפשר וועט ער אַמאָל האָבן אַ ווייב...
מוז מען באַצייטנס זאָרגן, וועגן צוויי זאַכן, — אויף ״פּלעיש״ אַ טאָפּ...
און אַ שייטל אויפן קאָפּ...
וואָס דאַרפט איר מער, ווען דער אָרקעסטער פון מזרחי מיט די אייגענע
טאַלאַנטן,
האָבן ס׳ערשטע מאָל אַ שפּיל אויף געגעבן אויף זייערע אינסטרומענטן.
איך קען נישט פון די אינסטרומענטן די נעמען,
אָבער ס׳שטעטל איז גלייך זיכער געווען אַז עס איז אַ חתונה ביי וועמען.
הערטס נאָר, מענטשן...
האָבן ווייבער אויסגערופן, און זיך גענומען גלייך בענטשן,
עס זאָלן שוין טאָקע זיין שמחות, פריידן און וונדער
און מערטשעם ביי אונדזערע קינדער,
מערטשעם ביי אינס פּערל...
מערטשעם ביי אינס בערל...
מערטשעם ביי אינס טשיפּע...
און קומטס לאָמיר לויפן צו דער חופּה...
איצטער ווידער, אַז רעמבערטאָווער יידן זענען געווען בעלי צדקה, איז דאָך
באַקאַנט.
יעדער האָט זיך געלאָזט קאָסטן מיט דער ברייטער האַנט,
אָנהויבנדיק מיטן גביר און ענדיקנדיק מיטן בעדער.

ווער שמועסט נאָך, ווען מען האָט געדאַרפֿן מאַכן פּסח אַ סדר,
מיט מצות, פֿיש, פֿלייש, ווײַן און סאַלאַטן,
פֿאַר די ייִדישע פּאָליגאָן־סאָלדאַטן.
ברוך יעלען איז געווען דער קוכער און סאַרווער אויך
אַ האַלבע קי האָט ער צוגעשטעלט צום קאָכן, אַז עס איז געגאַנגען אַ רויך...
און בכדי די יויך זאָל זײַן באַטעמט און געשמאַק,
האָט ער אין קעסל נאָך צוגעוואָרפֿן מיטן גאַנצן קנאַק,
עטלעכע פֿערטלעך קעלבער, און לונג און לעבערס אַ זאַק.
וואָס ווייסט איר, אַז מען האָט געדאַרפֿן אָפּשוימען די יויך פֿון אַזאַ "טעפּל"...
האָט מען געמוזט באַנוצן אַ לאָפּעטע במקום אַ לעפֿל...
און אַז דער קוכער האָט געוואָלט פּרובירן צי ס'פֿלייש איז ווייך, האָט ער איינס און צוויי
אַ כאַפּ געגעבן אַנשטאָט אַ גאָפּל, אַ ווידלע פֿון היי...
אַרויסגעכאַפּט פֿון קעסל אַ שטיקעלע פֿלייש פֿון אַ דריי קילאָגראַם...
און מודיע געווען בקול רם,
אַז ס'פֿלייש איז ווייך ווי פּוטער, און ס'האָט טויזנט טעם...
אַזעלכע וווּנדער, וואָס מען קען פֿאַר קיין געלט נישט קויפֿן,
ווילן די אַכט מיידלעך איבערלאָזן און אַנטלויפֿן ?...
וואָס טויגן די רייד, ס'האָט נישט געהאָלפֿן קיין רעדן און קיין בעטן.
די מיידלעך האָבן זיך דערווייל צוגעגרייט די פֿאָרמאַליטעטן
אויסגעקויפֿט שיפֿס־קאַרטן און באַן־בילעטן,
אויפֿגענייט זיך בלוזקעלעך מיט ווײַסע קראַגנדלעך און מאַנזשעטן.
די טעג פֿון פֿאָרן האָבן זיך דערנענטערט, אין די שטיבן אַ מהומה, אַ געדרענג.
עס טוט זיך אומעטום אויף טיש און אויף בענק.
אַ האַוועניש !...
אַ פּאַקעניש !...
עס העלפֿן הענט און מען שטעלט אונטער פּלייצעס.
ווער ס'האָט אַ האַנט מיט אַ פֿוס, גיט עצות,
אַ ייִדענע עצהט מיטנעמען "נאַושניקעס" אויף די אויערן.
זאָגט אַ צווייטע, נאָר אַ פּוטער, ווײַל בײַנאַכט ווערט מען דאָרט געפֿרוירן.
זאָגט אַ דריטע, אַ פּוטער איז נישט ווערט קיין גראָשן,
דער עיקר : קאַלאָשן...
ווײַל ס'האָט איר געשריבן איר ברודערס שוואָגער נאָטע,
אַז מען ווערט דאָרט דערטרינקען אין דער בלאָטע.

די מאַמעס האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו פּאַקן די רענץ,
זיי זענען אַרומגעלאָפן צו די פויערים אויפקויפן די פעטסטע גענז.
מען האָט אין זיי אַריינגעבלאָזן, און געטוען פּרוון,
צי עס וועלן זיין פון זיי פעטע גריוון,
שמאַלץ צו פּרעגלען
געפילטע מעגלען.
אויסער די גענז האָט מען דערווייל געדעמפּט אָקסענע לעקער...
און געלאָפן צום בעקער
נאָך סטריצלען און חלות
און צו דעם אַלעס,
האָט מען געבאַקן קיכענעס, האָט מען געדאַרפן אויף זיי זיין אַ מבין
אויף הייוון,
מיט ראָזשינקעס, און אָן,
מיט מאַנדלען און מאָן,
קיכעלעך קרוכע,
קיכעלעך "סוכע"...
קיכעלעך אויף אויל
וואָס צוגייען אַליין אין מויל.
יעדן בעקן, וואָס מען האָט פון אויוון געטון אַרויסציען,
איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ ווינטשעניש: "געזונטערהייט, פּאָזשיען"...
מאַמעס בעטן זיך: פּאַרזיכטס האַרצעדיקע אַ שטיקל פלאָדן
ס'וועט אייך כ'לעבן שמעקן און נישט שאָדן.
אַ פרומע מומע, וואָס האָלט אַביסל אין דערזייט ס'קעפל,
מאַכט אַ גוואַלד: האַלטס מיר ס'טעפל...
אַ יידענע, וואָס האָט שוין "פּאַרזוכט" קיכעלעך אַ שאָק,
שטיפּט אונטער די פרימע מומע אַ גלעזעלע מיט יאַגדע סאָק...
אַזוי צוגרייטנדיק עסנוואַרגן נישט אויף קיין קאַטאָוועס,
איז געקומען דער אָפּפאָר־טאָג, צום לאַנד פון די אבות.
אין שטעטל איז שמחת תורה
ווער האָט אין זינען די קרעמלעך, וועמען גייט אָן די סחורה.
יידן פּאַסן זיך ברוך השם צו צו יעדער סיטואַציע, מען לויפט אויף דער סטאַציע,
מעג דונערן, מעג רעגענען.
עס הויבט זיך אָן דאָס געזעגענען,
אַ שטופּעריי,

אַ כליפּעריי.
אַ חברה יונגעלייט נוצן אויס דעם טומל מיטן געשריי
און קושן זיך מיט די מיידלעך לויט דער ריי.
דער צוג דערנענטערט זיך. געשרייען: „פּאָרט געזונט,
שרייבט געשווינד!"
דער באַן נאַטשאַלניק, דער קריסט,
גיט אַ צייכן מיטן פענדל דעם מאַשיניסט.
אַ פּייף, אַ סאַפּען טיף
פון לאָקאָמאָטיוו.
די מיידלעך שטייען ביי די פענסטער אַרויסגעבויגן,
מיט אויסגעוויינטע אויגן.
שלום, קינדער, מיר וועלן אייך געדענקען.
מזל־טוב! עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן ס'בענקען.
דער צוג רירט לאַנגזאַם טריט ביי טריט!
אַ לאַנגער פּייף אין דער טונקעלקייט פון דער נאַכט
און דער צוג פאַרשווינדט מיט די מיידלעך אַכט.



**בנות "ברוריה" שעלו לא"י בשנת תרצ"ה**

**משמאל:** שרה גרוכובסקי, זלדה אקשטיין, טובה רובין, חנה רובין, מאשה גרוכובסקי, גליקה רפפורט, ריווה אקשטיין, מרים עפשטיין.

# בא הקץ

1939 דצמבר — על הקהילה הוטל תשלום עונשין ע"ס 40,000 זלוטי, ומכסה יומית של 50 איש לעבודה (בהתחלה קבלו העובדים שכר יומי של 10 זלוטי לאיש)

1940 יולי—ספטמבר, נמנו ברמברטוב 1830 יהודים (חלק מהתושבים ברחו לרוסיה), מזה 274 פליטים, רובם מהערים קאַליש ושעראדז.

רמברטוב שמשה נקודת מעבר בתנועת העזיבה מגיטו וורשא, במחצית השנייה של אפריל 1941 עברו כאן במשך שבועיים כ־1500 יהודים.

בידיעה אצל רינגלבלום: "ממאי 1941, מצויינת רמברטוב כקהילה הדואגת לענייה. התמונה כאן קטנה יותר מאשר לפני המלחמה. מתוך 1500 היהודים שבמקום, 300 הם פליטים מלודז ומקלושין. מי שמשתמט מלשלם את מס הקהילה מחרימים ממנו בגדים ומצרכי מזון. פועל שם מטבח ציבורי המספק 600 ארוחות צהריים ליום".

בנובמבר נמצאו בגיטו 1800 נפש, ביניהם 300 פליטים חדשים מוורשא.

ב־20 באוגוסט 1942 חוסל הגיטו. כל יהודי רמברטוב הועברו לפאַלעניץ ומשם לטרמבלינקה. ברמברטוב נשאר מחנה עבודה, לתוכו הובאו יהודים משרידי גיטאות שחוסלו. למעשה היו כאן שתי נקודות עבודה: האחת במסילת הברזל, והשניה בבית חרושת לתחמושת "פוצ'יסק".

מוראות תנאי הקיום במחנה "פוצ'יסק" משתקפים במעשה שהיה בשני פועלים תשושים ששוקעו חיים בתוך כתלי בנין.

מחנה זה חוסל בסוף מאי או תחילת יוני 1943, באותו זמן הוצאו מהמחנה כאלף איש, אך נראה שקבוצות של עובדים נשארו ברמברטוב גם לאחר תאריך זה, לפי עדות אחת נורו ברמברטוב 50 איש באוגוסט 1943.

(רשם: א. קאַליש)

הערות:

הסקירה מבוססת על המקורות דלהלן: בדפוס — עתונות (II); רינגלבלום (III) ברבייר (III); LANDAU (III); RMS (I) SG; תעודות בארכיון יד־ושם (III) S 121. בע"פ מבני המקום מר מרדכי רבינרזון גבעתיים, ומר אריה הררי תל־אביב

# העולם שנחרב

— — — עוד הרבה לספר לנו, לבנינו ולדורות הבאים, על תקופת־דמים זו, שהתרגשה עלינו ושאין לה אחות ודוגמא בתולדות ישראל הארוכות ועקובות מדם. חורבנן של קהילות רמברטוב, אוקונייב ומילוסנה מהווה דף בלבד בתולדות המרטירולוגיה היהודית בדורנו אנו, אולם המדפדף בספר זה, על כל פרקיו, וכוללם יחד, ההווי והדמויות, חיי החברה, החומרי והרוחני, נפתוליה ופרפוריה בשנות השואה, ישחזר הווי יהודי מקורי, חדור אהבת ישראל וכבוד לאומי, שנוצר וקויים בתנאים הקשים ביותר; תקום לפני עיניו תקופת השואה, שנות החיסול ההדרגתי של קהילות שלמות, הרדיפות והרציחות שבוצעו בדם קר ובשיטות טכניות משוכללות ומחושבות עד כדי פרטי־פרטים.

ומן העיירות: רמברטוב, אוקונייב ומילוסנה, כמו מכל העיירות והערים שבפולין, נשמעה הקינה החרישית:

„איכה ישבה בדד העיר...

בכו תבכה בלילה ודמעותה על לחיה, אין לה מנחם...

על אלה אני בוכיה, עיני, יורדה מים".

ספר הזכרון לקהילות אלו יצטרף, ללא ספק, לספר התולדות של היהדות הפולנית וישמש מעיין להיסטוריון ולסופר בעתיד ואזהרה לעולם כולו.

ספר זכרון זה בא לא רק למלא חובת כבוד לקדושי קהילותינו; לא רק לזכור ולהזכיר את זוועות העבר, אלא גם להסיק את המסקנות ולמנוע את השנותן בהווה ובעתיד. ברור לנו: רק אם נזכור ולא נשכח את מה שעשה לנו עמלק בימינו — רק אז לא יקום עמלק חדש היום, מחר או בשנים הבאות.

הדברים שנכתבו בספר מעט־מן־המעט הם ממה שהיה, טיפה מן הים, ים של צרות ושל עינויים, מהם סבלו ובהם עונו יהודי רמברטוב, אוקונייב ומילוסנה. באכזריות איומה עונו ובגבורה עצומה נשאו את סבלם, סבל יהודי בעד היותו יהודי, ובמסירות־נפש עילאית של קידוש השם צעדו את צעדיהם האחרונים, כשמלות „שמע ישראל" נישאות על שפתותיהם.

השם ינקום דמם! — המערכת

שלמה שידלאָווסקי

# דער אנהייב פון סוף



ביזן ערשטן סעפּטעמבער 1939 איז רעמבערטאָוו געווען אַ באַקאַנטער מיליטערישער צענטער אין פּוילן. אין רעמבערטאָוו האָט זיך געפונען אַן אָנגעזעענער פּונקט פאַר מאַנעווורעס פון פּוילישן מיליטער. אין דעם אַזוי גערופענעם "באַאַן־מאַנעווראָווי" האָבן זיך סטאַביל אויפ־געהאַלטן אַרטילעריע־אָפּטיילונגען און אַ דיוויזיע פוסגייער סאָלדאַטן. דער "באַאַן מאַנעווראָווי" האָט פאַרנומען אַ ריזיקן שטח פון צענדליקער קילאָמעטער וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן דורך סולעיוווּעק (פּילסודקיס זומער־רעזידענץ) אַזש ביזן סוף פון די מילאָסנער וועלדער.

אין רעמבערטאָוו האָט זיך אויך געפונען די העכסטע פּוילישע אָפיצירן־שול, וועלכע עס פלעגן אָפט באַזוכן הויכע מיליטערישע פירער פון אויסלאַנד. היות ווי דער וועג צום פאָליגאָן האָט געפירט דורכן האַרץ פון יידישן שטעטל, דורך דער פּילסודסקי גאַס, האָט יעדער ייד "פּערזענלעך" געקענט אַלע פּוילישע פירער. עס איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג צו זען בעת זייער אָנקום אין דער מיליטער־שול דעם מאַרשאַל פּילסודסקי, גענעראַל רידז־שמיגלי, גענעראַל סקלאַד־קאָווסקי, דעם פּרעזידענט מאָשטשיצקי א.א. אין רעמבערטאָוו האָט זיך אויך געפונען די גרויסע אַמוניציע־פאַבריק "פּאָטשיסק", ווו עס האָבן געאַרבעט הונדערטער קריסטלעכע אַרבעטער פון רעמבערטאָוו און פון אַנדערע אַרומיקע געגנטן, ווי גראָכאָוו, פּראַגע, וואַווער, א.א.

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט דעם מיליטערישן "יחוס" פון רעמבערטאָוו, כדי אונטערצושטרייכן, אַז אַ דאַנק די מיליטערישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, האָט דאָס שטעטל דערנערט די 500 יידישע משפחות, וועלכע האָבן געציילט 2000 נפשות, געהאַט פּרנסה. די געוועלבער האָבן געלייזט, בעלי־מלאכות האָבן געהאַט באַשעפטיקונג. שוין אָפּגערעדט פון די אָפיציעלע יידישע "פּאָדריאַטשיקעס" וועלכע האָבן צוגעשטעלט פאַרן מיליטער און פאַר דער אָפיצירן־שול פּראָדוקטן. די גרעסטע צושטעלער זענען געווען: שאָלקע רובין, שמואל

רובין, משה־יודל יעלען. אויך מיין פֿאָטער ר׳ משה שידלאָווסקי איז געווען אַ געוויסע צייט אַ צושטעלער פֿאַר דער אָפּיצירן־שול.

אַ דאַנק די פּרנסה־קוואַלן האָבן רעמבערטאָווער יידן זיך באַקאַנט געמאַכט מיט זייער ברייטער האַנט אין צדקה־ענינים. אין אונדזער קליינעם שטעטל זענען אָפֿט געקומען פֿאַרשידענע משולחים, בכבודע נצרכים, מגידים, אויסגעשפּילטע אַקטיאָרן און סתם יידן, וואָס האָבן געדאַרפֿט חתונה מאַכן טעכטער. יעדער איינער איז אויפֿגענומען געוואָרן בסבר פּנים יפות און בכבודיק צופֿרידנגעשטעלט. רעמבערטאָווער יידן האָבן אויך געהאַט אַ מנהג איינצואָרדענען פּסח גרויסע קאָלעקטיווע סדרים פֿאַר די יידישע זעלנער, וועלכע האָבן דאָרט געדינט. עס זענען אויך געוואָרן איינגעאָרדנט פֿאַר די זעלנער פֿאַרשידענע סעודות ביי פֿאַרשידענע געלעגנהייטן, מיט דער כוונה אַרויסצונעמען אַביסל די יידישע זעלנער פֿון די קאַשאַרן אויף חיי שעה צווישן יידן. די קריסטלעכע אָפֿיצירן האָבן זיך אפֿילו געוווּנדערט, פֿונוואַנען נעמען זיך אַזויפֿיל ימים טובים ביי יידן, אָבער א ״מתן בסתר״ האָט פֿאַרענטפֿערט אַלע קשיות.

אַזוי האָבן רעמבערטאָווער יידן געלעבט יידישלעך, בכבודיק, אין אַ שפֿע פֿון קולטורעלער און גייסטיקער אויסלעבונג. עס וועט זיכער זיין כאַראַקטעריסטיש צו דערמאָנען, אַז אין רעמבערטאָוו האָבן די אָרגאַניזאַציעס זיך אויפֿגעבויט אייגענע בנינים. די ערשטע זענען עס געווען די ״הפּועל־המזרחי״, וועלכע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט אַן אייגענעם בנין אויף אָקוניעוווסקע 18 (אויפֿן פּלאַץ פֿון דוד סאָקאָל) צו דעם האָט די ״הפּועל המזרחי״ אויך געגרינדעט פֿון אירע מיטגלידער אַן אייגענעם בלאַז־אָרקעסטער, וועלכער איז אויפֿגעטרעטן מיטן גרעסטן דערפֿאָלג איבער פֿאַרשידענע שטעט אין פּוילן אויף אימפּרעזעס לטובת ״הפּועל המזרחי״ דערביי זענען אַלע מיטגלידער פֿון בלאַז־אָרקעסטער צוזאַמען מיט זייער דיריגענט, אַ סערזשאַנט פֿון פּוילישן מיליטער, געווען געקליידעט אין ספּעציעלע בלוי־ווייסע היטלען.

די צווייטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך אויפֿגעבויט אַן אייגענעם בנין איז געווען די ״אגודת ישראל״. די ״אגודה״ האָט זיך אויפֿגעשטעלט איר בנין אויף אַרטילעריסקע 10 (אויפֿן פּלאַץ פֿון יצחק רובין) מיט אַן אייגענעם בית־המדרש־חדר און בית־יעקב־שול. די רעמבערטאָווער ״אגודה״ איז געווען פֿון די געציילטע אין פּוילן וועלכע זענען צוגעקומען צו דעם מעמד פֿון אויפֿבויען זיך אַן אייגן הויז.

די דריטע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך אויפֿגעבויט אַן אייגענעם בנין נאָך דעם ווי עס איז אין אַ שרפֿה אָפּגעברענט געוואָרן זייער לאָקאַל צוזאַמען מיט דער ביבליאָטעק, איז געווען די ״התאחדות־גורדוניה־ויתקיניה״, וועלכע האָבן אויפֿגעשטעלט זייער אייגענעם בנין אויף אַלעיא פּילסודסקיעגאָ (אויפֿן פּלאַץ

פון מאָטל יעלען). די "התאחדות־גורדוניה־ויתקיניה" האָבן נאָכן איבערציען זיך אין אייגענעם בנין, געפירט אַ פּאַרצווייגטע טעטיקייט און דערצויגן די יוגנט אין גייסט פון חלוציזם.

די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, וועלכע איז אין רעמבערטאָוו געווען אַ דורכ־אויס־אומפּאַרטייאיש, צוזאַמען מיט איר באַרימטן דראַמקרייז "בליאונג", האָבן האַרט פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה זיך פאַרנומען אויף גאָר גרויס און עס איז שוין געווען דער פּלאַן אויפצובויען זיך אַן אייגענעם בנין, צוזאַמען מיט אַן אייגענעם טעאַטער־זאַל. דער פּלאַן איז שוין געווען אין סטאַדיום פון רעאַליזירן, האָט געדאַרפט אויפגעבויט ווערן אויפן שטח פון יאַגאָדעס גאָרטן, אָבער ליידער זענען אַלע פּלענער געבליבן אויפן פּאַפּיר.

דער באַרג־אַראָפּ פון יידישן רעמבערטאָוו האָט זיך אָנגעהויבן אין די ערשטע טעג פון סעפּטעמבער 1939. עס איז געווען אין די טעג, ווען די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן געזייט טויט און פאַרניכטונג אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך. אין אַ פרימאָרגן האָט זיך צווישן די רעמבערטאָווער יידן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז צום שטעטל דערנענטערט זיך אַ היטלעריסטישע מיליטערישע אָפּטיילונג.

די ידיעה האָט זיך במשך פון מינוטן פאַרשפּרייט איבער יידישע הייזער. נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם וואָס קיינער האָט נישט געקענט אָנווייזן, פון וואַנען עס נעמט זיך די ידיעה, עס האָט זיך אויך נישט געפונען קיין ילוד אשה, סיי פון דער יידישער און סיי פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכער זאָל האָבן געזען אַ דייטשן פאַרפּאָסטן, אָבער די יידן האָבן זיך נישט געגוויטיקט אין קיין פּרטים און דעטאַלן, עס איז געגוג געווען בלויז דער קלאַנג, אַז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג זאָל אַרומגעכאַפּט ווערן אין אַ היסטערישער בהלה־שטימונג, יעדער האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז דער אָנקום פון די היטלעריסטן זאָגט נישט אָן קיין גוטס און ווי אַ בת־קול האָבן זיך דערהערט רופן: יידן, לאָמיר זיך ראַטעווען פון די מערדער, לאָמיר אַנטלויפן!

ספּאָנטאַן האָבן 2 טויזנט יידישע נפשות, אנשים, נשים וטף, אין דער גרעסטער איילעניש זיך אַרויסגעלאָזט פון זייערע היימען, נישט באַוויזנדיק אַפילו צו פאַרמאַכן די פענסטער און פאַרשליסן די טירן. סוחרים האָבן פאַרקייטלט די קראָמען, בעלי־מלאכות האָבן איבערגעלאָזט די וואַרשטאַטן אויף הפקר און אַלע אינאיינעם האָבן זיך געלאָזט אין אַ גוואַלדיקער פּאַניק לויפן צום שאָסיי, וואָס פירט קיין מילאָסנע, מיטן צוועק זיך אויסצובאַהאַלטן אין דעם קליינעם שטעטעלע אָקוניעוו, עטלעכע קילאָמעטער אין אַ זייט פון מילאָסנע, און איז ווייט פון מינסק־מאַזאָוויעצקער הויפּט־שאָסיי, ממילא אויך אָפּגערוקט פון אַ באַן־ליניע. דאָס בהלהדיקע אַנטלויפן פון די רעמבערטאָווער יידן, איבערלאָזנדיק אַלץ אויף

הפקר איז געווען ווי דאָס אַנטלויפֿן פֿון אַ פּאָגראָם. דאָס פּאָרגעפֿיל, אַז דער אָנקום פֿון די היטלעריסטישע בעסטיעס איז פֿאַרבונדן מיט אַן אומגליק, האָט געטריבן דאָס גאַנצע שטעטל יידן צו לויפֿן זיך ראַטעווען, איבערלאָזנדיק אויף הפקר אָנגעזאַמלט האָב און גוטס פֿון יאָרן שווערע האָרעוואַניע.

די אַנטלויפֿענדיקע יידן האָבן אפילו נישט באַוויזן מיטצונעמען עפּעס עסן אָדער טרינקען פֿאַר די קינדער, שוין אָפּגערעדט פֿון מלבושים אָדער בעטגעוואַנט. יעדער האָט נאָר אין זינען געהאַט וואָס שנעלער זיך דערווייטערן פֿון שטעטל, עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי עפּעס אַ פֿייערדיקע לאַווע גיסט זיך צום שטעטל, און מען מוז ווי אַמשנעלסטן אַנטרינען.

דער וועג פֿון רעמבערטאָוו נאָך אָקוניעוו, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן עמק הבכא, ספּאַזמעס, געוויינען, געשרייען פֿון כּרויען און קינדער, קרעכצן פֿון קראַנקע, וועלכע מען האָט געמוזט טראָגן אויף די פּלייצעס אָדער פֿירן אויף ראָווערן.

טאָמער איז ווייניק געווען די וויסטע בהלה, וועגן וועלכע מיר גיבן דאָ איבער אָלס עד ראיה, איז צוגעקומען אַ פֿרישע סומאַטאָכע וועלכע האָט די אַנטלויפֿנדע יידן געטראָפֿן אומגעריכט, שוין נאָענט פֿון מילאָסנע. איבער די קעפּ פֿון די אנטלויפֿנדיקע האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ דייטשער אויסשפּיר־עראָפּלאַן, וועלכער האָט גענומען קרייזן איבער דער עדה יידן. צוויי טויזנט יידן האָבן אין דער גרעסטער בהלה זיך געוואָרפֿן אין די ראָוועס. מוטערס האָבן מיט זייערע קערפּערס פֿאַרדעקט די קינדער. שפּעטשענדיקע תּפֿילות אויף רחמים האָבן זיך געטראָגן צו הימלען פֿון קליין און גרויס. אַ טויט־שטייס האָט יעדן באַגאָסן, ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק און ווו צו אַנטלויפֿן און זיך צו שיצן איז נישט געווען, דער ריזיקער וואַלד, וועלכער וואָלט געקענט געבן שוץ, האָט געהערט צו דער מיליטערישער זאָנע און איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן.

נאָכן אַרומקרייזן עטלעכע מאָל, האָט דער עראָפּלאַן זיך צוריק אויפֿגעהויבן און איז אַוועק. אין די עטלעכע מלחמה־טעג האָט מען זיך שוין דערוווּסט, אַז אויסשפּיר־עראָפּלאַנען גיבן צו וויסן ווו מען דאַרף און דעמאָלט פֿליען אַרויס באָמבאַרדירער, וועלכע אַטאַקירן מיט באָמבעס אָדער לאָזן זיך אַראָפּ נידעריק און באַשיסן מיט מאַשין־געווער. אונדזערע רעמבערטאָווער איינוווינער, רייזל ראָזענבלום און נפתּלי וואַגער זענען אין יענעם טאָג אַנטלאָפֿן אויפֿן וועג צו קאַלושין און אַנטדעקט געוואָרן פֿון אַן אויסשפּיר־עראָפּלאַן, שפּעטער זענען אָנגעקומען באָמבאַרדירער און זיי זענען דערהרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע.

די פּליטים האָבן נאָכן אָפּפלי פונעם אויסשפּיר־עראָפּלאַן זיך צעטיילט ביים קרייץ־וועג מילאָסנע. אַ קלענערע גרופּע איז אַוועק אויפן וועג פון אַלט־מילאָסנע, געוואָלט דערגיין ביז מינסק־מאַזאָוויעצק און קאַלושין. די גרעסטע טייל האָט זיך געלאָזט אויפן זייטיקן וועג צו אָקוניעוו. די שרעק האָט אַביסל אָפּגעלאָזט. די עדה יידן איז געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין וואַלד און אַזוי לויפנדיק מיט די לעצטע כוחות זענען זיי בשלום אָנגעקומען אין שטעטעלע אָקוניעוו.

דער פּלוצימדיקער אָנפליייץ פון בערך 1500 רעמבערטאָווער יידן אויף אָקוניעוו איז פאַר די אָקוניעוער יידן געקומען אומגעריכט. די צענדליקער הילצערנע אָדער געמויערטע הייזער אַרום דעם פּירעקיקן מאַרק האָבן ביים בעסטן ווילן נישט געקענט אַריינגעמען אַלע פּליטים, אַזוי אַז אַ טייל יידן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו קריסטלעכע פּויערים און פּאַר גוט באַצאָלט זיך ביי זיי איינגעדינגען. ביי דער געלעגנהייט דאַרף באַצייכנט ווערן, אַז די אָקוניעווער יידן האָבן מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און געפיל געעפנט זייערע קליינע וווינונגען פאַר די פּליטים, מקיים זייענדיק דעם זאָץ אין פּרקי אבות: "יהא ביתך פתוח לרווחה", אָבער ביים בעסטן ווילן איז ביי אַזאַ צושטראָם דאָס לעבן אין די הייזקעס ווייט נישט געווען לרווחה. אַלסביישפּיל וועלן מיר דאָ ברענגען די "קליטה" בלויז אין איין דירה...

די וווינונג פון שמואל בורשטין אָדער ווי מען האָט אים גערופן אין רעמבערטאָוו "שמואל קעפּל" איז באַשטאַנען פון איין צימער מיט אַ קיך און דאָרט האָט ער געלעבט מיט זיין ווייב און זיבן קינדער. היות ווי שמואל קעפּל איז געווען אַ מילכיקער, פלעגט ער אין די פאַרטאָגן אַריינברענגען אין רעמבער־טאָוו מילך, פּוטער און קעז, אָבער בכדי צונויפצוזאַמלען זיין ביסל סחורה, האָט ער געמוזט זיך אויפהייבן נאָך חצות און אַרומפאָרן צו די פּויערים מיט זיין פערד און וועגעלע, איינקויפן די סחורה. די זיבן קינדער זיינע זענען געשלאָפן ווער אויף אַ טיש און ווער אונטערן טיש, אַזוי אַז נאָכט־ביי־נאָכט פלעגן זיי אויסקוקן די מינוט ווען דער טאַטע וועט זיך אויפהויבן פון זיין בעט נאָך חצות, דעמאָלט פלעגן 3—2 קינדער מיט גדולה אַריינלויפן אין זיין בעט.

מיטן אָנקום פון דעם שטראָם פּליטים, האָבן זיך אין דער "באַקוועמער" דירה באַזעצט אויף דער איינלאַדונג פון מכניס אורח שמואל בורשטין די פאָלגנדע רעמבערטאָווער פאַמיליעס: שאָלקע רובין מיט זיין ווייב יאָספּע און די קינדער: ריווטשע און סאַלטשע; יצחק רובין מיט זיין ווייב באַלטשע און די קינדער: שמואל, רחל, בנימין, שלמה, הערשל און חיהלע; רחטשע אָסטזשעגאַ־שפּיגלמאַן מיט איר מאַן און טאָכטער און צווישן זיי אַלע גם אני הקטן.

אויב בייטאָג האָבן די פּליטים זיך געפונען אויסער די שטובן, איז אָבער די נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. אפילו אויף דער הוילער ערד האָט

אויסגעפּעלט אָרט צום שלאָפן. פון שלאָפן אינדרויסן איז נישט געווען קיין רייד. די נעכט זענען געווען קילע און צו דעם איז נישט געווען מיט וואָס זיך צוצודעקן.

נאָך עטלעכע טעג זיך פּייניקן מיט די קליינע קינדער אין די ערגסטע באַדינגונגען, האָט זיך באַלטשע רובין פאַר מיר באַקלאָגט, אַז דער צער פון די קינדער, וועלכע שלאָפן אויף דער ערד אָן אַ קישן און אָן אַ צודעק איז ביי איר אַזוי גרויס, אַז עס מאַכט זי קראַנק פאַר צרות. היות ווי אין יענע טעג האָבן די דייטשן נאָך נישט געהאַט אָקופּירט רעמבערטאָוו, האָב איך אויסגעדריקט מיין גרייטקייט אַריינצופאָרן מיטן פערד און וועגעלע פון שמואל בורשטין און ברענגען פאַר די קינדער אַביסל בעטגעוואַנט. אומר ועושה. יצחק, שמואל "קעפּלס" זון האָט איינגעשפּאַנט און צוזאַמען מיט אים האָב איך זיך געלאָזט קיין רעמבערטאָוו.

במשך פון אונדזער פאָרן האָבן מיר נישט אָנגעטראָפן קיין שום אָרדנונגס־היטער. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. דאָס פּוילישע מיליטער איז אַוועק צוזאַמען מיט דער פּאָליציי, האָבן זיך אין איילעניש איבערגעטון אין ציווילע מלבושים און זענען זיך צעלאָפן, איבערלאָזנדיק די "אויטשיזנע" אויף הפקר, אָן אַ מאַכט און אָן אַן אָרדענונג. די דייטשן האָבן זיך נישט געאיילט מיטן אָקופּירן די עטלעכע שטעטלעך, וויסנדיק, אַז זיי וועלן זיי סיי ווי פאַרנעמען אָן קאַמפּן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין רעמבערטאָוו און אַ קוק־געטון אויפן שטעטל, בין איך באַהערשט געוואָרן מיט אַ דעדריקטן פּחד. עפּעס גלויב איך נישט מיינע אויגן, אַז געווען אַ שטעטל מיט לעבן, פרייד, געלעכטער און געוויין, און אַט איז דאָס שטעטל פאַרוואַנדלט אין אַ בית־הקברות אינמיטן נאַכט. אַלע פעדעם פון לעבן זענען געוואָרן איבערגעריסן, אַן איינגעפונדעוועטע קהילה איז געוואָרן פּוסט אין געציילטע שעהן. ווו מען זאָל נישט אַנשטרענגען די ראיה זעט מען נישט קיין סימן פון קיין לעבעדיקן נפש. עס חושכן יידישע היימען, קיין מענטש קוקט נישט אַרויס דורך אַ פענסטער, קיין קרעמער שטייען נישט אויף די שוועלן פון זייערע געוועלבער. אין יעדן הויז זענען די טירן און פענסטער צעפראַלט מיר בינדן צו דאָס פערד מיט די לייצעס צו אַן עלעקטרישן סלופּ און וואָס ווייטער איך גיי און קוק זיך אַרום אין אַלע זייטן, קען איך נישט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אין אַזאַ זוניקן טאָג זאָל איבערן שטעטל הערשן ביטערע פינסטערניש. אַ גרויל כאַפּט אַרום צו זען, ווי אַ שטעטל, וואָס ערשט נעכטן האָט עס געלעבט, און שוין איז געוואָרן פון אַלעם אויס. אין יידישע היימען זע איך דורך די אָפענע פענסטער טישן מיט פאַרשפּרייטע צעראַטענע טישטעכער און אויף די טישן

שטרויענע קוישלעך מיט ברויט. אויף אַנדערע טישן אַן אַנגעוואָרף פון פאַרשידענע מלבושים, וועלכע מען האָט אין געאייל נישט באַוויזן מיטצונעמען, אין אַ טייל שטיבן דרייען זיך אַרום יאָמערנדיקע קעץ. פון מינוט צו מינוט כאַפּט מיך אַרום אַן אַלץ גרעסערער פּחד. מיין מוח קען נישט משיג זיין ווי אָט דאָס שטעטל מיט איר רוישיק לעבן, מיט איר האַנדל־וואַנדל, מיט די ניגונים פון יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון חדרים, מיט דעם זאָרגלאָזן געלעכטער פון דער יוגנט, ליגט איצט פאַר מיינע פיס אַ געשטאָרבנס.

די פענסטער און טירן פון גרויסן בית־המדרש זענען צעפּראַלט. איך קוק אַריין אין בית־המדרש און זע גרויל איבער גרויל, קיין סימן פון לעבן, ספרים און סידורים צעוואָרפן איבער די טישן, נישטאָ קיין דאַוונער, נישט קיין לערנער. אין מוח לויפן אויף לעגענדעס, וואָס מען האָט זיך אַנגעהערט אין דער קינדהייט וועגן מתים וואָס רופן אויף אינמיטן ביינאַכט פאַרבייגייער צו עלית התורה...

מיר לאָזן זיך אין געאייל צו יצחק רובינס הייזקע אויף אַרטילערסקע 10, קיין שליסלען אויפצושליסן די טיר, זענען דאָ נישט נויטיק. אַן אימה פאַלט אָן אַריינ־קומענדיק אין דער וווינונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן מיט אַ קוך. 10 נפשות, שוין צוזאַמען מיט 2 משפּחה־מיטגלידער פון גער האָבן דאָ געוווינט. האָט אין דער דירה טאָג און נאַכט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. איצט אַזאַ טויט שטילקייט, אַז פון יעדן ווינקל יאָגט מיט אימה, איך האָב געפילט בפועל ממש ווי איבערן שטעטל און איבער די ליידיקע שטובן דרייט זיך אַרום דער מלאך המוות. טרויעריק און פינצטער איז געווען אויף דער נשמה (היינט שטעל איך זיך פאָר אַז אַזוי האָט דאָס יידישע רעמבערטאָוו אויסגעזען גענוי דריי יאָר שפּעטער אין חודש אלול ווען מען האָט די יידן אין אַ פאַרטאָג אַרויסגעטריבן קיין טרעמבלינקע). איך האָב געכאַפּט פון די נישט פאַרבעטע בעטן אַן איבערבעט מיט אַ קישן און מיר זענען אין געאייל אַרויסגעלאָפן צום וואָגן (ווען מען איז צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ביים אַרויסלויפן האָב איך אפילו די טיר אויף דער קלאַמקע אויך נישט פאַרמאַכט).

פאַרשטייט זיך, אַז ביילטשע רובין האָט זיך דערפרייט מיטן "אוצר" אין די איבעריקע רעמבערטאָווער האָבן אונדז אַרומגערינגלט ווי מיר וואָלטן געקומען פון אַן אַנדערן פּלאַנעט. די הויפּט־פראַגעס זענען געווען: צי די דייטשן זענען שוין אין רעמבערטאָוו? צי די שטובן זענען חלילה נישט באַראַבעוועט? צי עס איז נאָך ווער געבליבן אין שטעטל?

מיין ענטפער איז געווען: די דייטשן זענען נאָך נישטאָ אין רעמבערטאָוו, די שטובן זענען נישט באַראַבעוועט. קיין איין לעבעדיקער נפש געפינט זיך נישט אין רעמבערטאָוו, און אפילו די קריסטן ווייזן זיך נישט אַרויס אין גאַס, זיי ליגן

מן־הסתם באַהאַלטן, אַזוי אַז אין שטעטל זעט מען נישט מער, ווי הימל, הייזער און דעם מלאך המות, וואָס דרייט זיך אַרום דאָרט פראַנק און פריי... אויף דערויף איז געקומען אַן ענטפער פון צענדליקער מיילער מיטאַמאָל:

ער, שטענדיק מיט זיינע חכמהלעך...

נאָך דער "רייזע" קיין רעמבערטאָוו האָט מען זיך פון אַלע זייטן געוואָנדן צו מיר מיט בקשות נאָכאַמאָל צו באַזוכן רעמבערטאָוו און ברענגען פאַרשידענע נויטיקע זאַכן, באַזונדערס פאַר די קינדער. איך בין אָבער נאָך געווען דורכ־גענומען מיטן שוידער פון דער אויסגעשטאָרבענער שטאָט און האָב דערפאַר אָפּגעזאָגט. כ׳בין פשוט נישט אימשטאַנד געווען נאָכאַמאָל דורכצומאַכן דעם גרויל. דאַקעגן יצחק האָט זיך געלאָזט צורעדן, האָט איינגעשפּאַנט פערד־און־וואָגן און אַוועקגעלאָזט זיך קיין רעמבערטאָוו איינער אַליין.

ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען, איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין. וואַרשיינלעך זענען אים באַפאַלן פּוילישע באַנדיטן און דערמאָרדעט. אין יענער צייט איז אַ פערד־און־וואָגן געווען אַ פאַרמעגן, באַזונדערס וויכטיק איז עס געווען פאַר דער דאָרפישערווירטשאַפט, ווייל די מיליטערישע מאַכט אין פוילן האָט אין אָנהייב פון דער מלחמה מאָביליזירט די פויערים מיט זייערע פערד פאַרן פראָנט.

דאָס זיצן אין אָקוניעוו און וואַרטן אויפן שונא, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. ביי יעדן גערויש פון אַ פויערישער פור האָט ביי יעדן זיך גענומען וואַרפן ס׳האַרץ פון שרעק, אָט קומען זיי... די שרעק איז געווען נאָך גרעסער, ווען אין די אָוונטן, האָט מען פון אָקוניעוו געזען דעם הימל איבער וואַרשע אין אַ העליש פייער, אין די דעטאָנאַציעס פון די אַראָפּגעוואָרפענע באָמבעס אויף וואַרשע האָבן דאָ אָפּגעהילכט ווי דונערן, וועלכע קומען פון אַ ווייטערן שטח...

די באַנדיטישע היטלעריסטן האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן, דעם ערשטן טאָג סוכות, 10 פריי, האָבן זיי געלאָזט פון זיך הערן. די מענער זענען מערסטנטייל געווען אין אָרטיקן בית המדרש ביים דאַווענען, די פרויען זענען געווען פאַרנומען ביים צוגרייטן אין דער ענגשאַפט אַן אָרעם יום־טוב מאָלצייט. פלוצים האָט זיך דערהערט אַ העפטיקע שיסעריי אין שטעטל. די שיסעריי איז געקומען גלייכצייטיק פון עטלעכע זייטן אַרום אָקוניעוו. די מתפללים האָבן גענומען אַרויסלויפן פון בית־המדרש, יעדער צו זיין ווייב און קינדער, אין דעם מאָמענט זענען דריי יידן געטראָפן געוואָרן פון די קוילן און געבליבן ליגן, אָנגעטאָן אין די טליתים, דערשאָסענע אינמיטן גאָס.

מיט אַ שטורעם און ווילדע געשרייען, ווי זיי וואָלטן גענומען אַ מיליטערישע פעסטונג זענען אין שטעטל אַריין דייטשע מיליטער־לייט אויף מאָטאָציקלען, און

נאָך זיי אַ שטורעם־אַפּטיילונג מיט טאַנקן, האַרמאַטן און אַלע הייזער זענען גלייך אַרומגעשטעלט געוואָרן פון די היטלעריסטן.

עס האָבן זיך דערהערט ווילד־באַנומענע ריטשערייען: ״אַלע מענער הערױס!!״

אין דער זעלבער הייזקע, ווו ס׳האָט געוווינט שמואל־״קעפל״, האָט אין צווייטן איינגאַנג געוווינט אַן איינצלנע קריסטן, אַ הויקער. אין דער צייט פון דער בהלה מיט דער שיסעריי בין איך מיט שפּיגלמאַנען (רחטשע אסטזשעגאָס צווייטער מאַן) אַריינגעלאָפן צו איר זיך באַהאַלטן. די קריסטין האָט לאַנג נישט געקלערט, געעפנט אַ טירל אין דער פּאָדלאָגע פון דער קוך, ווו אונטן איז געווען אַ קעלערל אַריינצושטעלן זומער עסנוואַרג, עס זאָל האַלטן קיל, און אונדז געהייסן דאָרט אַריינשפּרינגען. מיר זענען אַראָפּ אין דעם קעלערל און די קריסטין האָט אויף דער עפענונג פונעם קעלער אַרויפגעלייגט אַ פוירישן טעפּיך און אַליין זיך אָורעקגעשטעלט מיט די קני אויפן טעפּיך און גענומען זיך ״מאָדלען״ צו אַ וואַנט וועלכע איז געווען פול באַהאָנגען מיט איקאָנעס און צלמים.

נאָכן באַפעל ״אַלע מענער הערױס״, זענען פאַרשטייט זיך אַלע אַרויס פון די שטובן. די דייטשן האָבן אָבער זיך געוואָלט איבערצייגן, צי אַלע זענען אַרויס, זענען זיי אַריין מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן אין האַנט אין די שטיבן זוכן ווען זיי זענען אַריין צו אונדזער קריסטין און געזען ווי זי שטייט און ״מאָדלעט״ זיך אויף די קני, האָבן זיי גאָרנישט געפרעגט און גלייך אַוועק.

די היטלעריסטן האָבן צונאָמענגענומען אויף דער גאַס אַלע מענער פון 15 יאָר אָן, זיי אויסגעשטעלט אין רייען און באַפוילן: ווער עס וועט וואַגן אַרויס־צוגיין פון די רייען, ווערט דערשאָסן אויפן אָרט.

איינער אַן אָקוניעווער רעליגיעזער יונגערמאַן, וועלכער האָט נישט פאַר־שטאַנען דעם באַפעל, האָט זיך ״דערמאָנט״, אַז ער האָט זיך נישט געזעגנט מיטן ווייב און געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגיין פון דער ריי. ווי ער האָט געגעבן דעם ערשטן שריט, האָט זיך דערהערט אַ שאָס און דער יונגער מאַן איז אַוועק־געפאַלן אין אַ קאַלוזשע בלוט.

גלייך נאָך דעם פאַל איז געקומען דער באַפעל: מאַרשירן! אַרומגערינגלטע מיט היטלעריסטן און זייערע אָנגעשטעלטע ביקסן, האָבן זיי גענומען יאָגן אין שנעלן מאַרש די עדה יידן.

נאָכן אָפּמאַרש פון דער עדה יידן האָט דער יונגערמאַן, אין וועלכן אַ היטלעריסט האָט געשאָסן, גענומען שרייען מיט קולי קולות, בעטנדיק, מען זאָל אים געבן הילף און ראַטעווען.

די איבערגעבליבענע אין שטעטל פרויען, האָבן דערהערט דעם פאַרוווּנדעטנס הילף־רופן, און די ערשטע, וועלכע איז אַרויסגעלאָפן געבן הילף, נישט רעכענענדיק זיך מיט קיין שום סכנה, איז געווען די רעמבערטאָווערין פערעלע מאַרכאַן, וועלכע האָט דעם פאַרוווּנדעטן מיט די אייגענע הענט אַריינגעטראָגן אין הויז אַריין און שפּעטער מיט נאָך עטלעכע פרויען אים אַרויפגעטראָגן אויף אַ בוידעם. זיי האָבן מיט פרימיטיווע מיטלען אים אָפּגעשטעלט דעם בלוט־אָפּפלוס. צום גליק איז ער נישט געווען שווער פאַרוווּנדעט. די קויל איז אים אַריין אין געזעס, אַ שפּעטער אַרויסגערופענער קריסטלעכער פעלדשער האָט אים אַרויסגענומען די קויל. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, בערך 3—4 טעג, ווי דער יונגערמאַן איז צוריק געשטאַנען אויף די פיס.

במשך פון 10 שעה, האָבן די היטלעריסטן זיך איזדעקעוועט איבער די אָקוניעווער און רעמבערטאָווער יידן, טרייבענדיק זיי אָן שום ציל אַזש ביז וואָלאָמין אָן עסן, אָן וואַסער. די יידן זענען פּשוט אויסגעגאַנגען פאַר אַ טרינק וואַסער, די עלדזער זענען געווען אויסגעטריקנט פון דעם שנעלן לויפן און אַריינאָטעמען אין זיך דעם שטויב פון וועג. עלטערע יידן זענען געוואָרן אָנמעכטיק, מען האָט זיי אָבער נישט געטאָרט לאָזן זיך אָפּשטעלן, אָדער אפילו נישט אויף אַ רגע, ווייל עס האָט זיי געדראָט דערשאָסן צו ווערן. דאַן האָבן די ייִנגערע, וועלכע זענען אַליין אויך געווען געגנוג דערשעפּט, געכאַפּט די האַלב־פאַרחלשטע עלטערע מענטשן אונטער די אָרעמס און אַזוי געלאָפן מיט זיי אָדער, בעסער געזאָגט, געשלעפּט זיי מיט זיך און אַזוי אַרום זיי אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן.

שפּעט ביינאַכט זענען די יידן צוריקגעיאָגטע אָנגעקומען אין אָקוניעוו. אַלע זענען געווען ווייס פון שטויב און זאַמד. אַלע אָן לשון און אָן כוחות, ממש לעבעדיקע מתים, אַ סך זענען געפאַלן אין חלשות. איצט ערשט האָבן רעמבער־טאָווער יידן איינגעזען און באַגריפן וואָס עס דערוואַרט זיי אונטער היטלע־ריסטישער ממשלה, שוין אין די ערשטע מינוטן פון זייער אַריינמאַרש האָט יעדער געוווּסט, אַז עס גרייטן זיך פאַר יידן טעג פון לייד און פּיין, פון בלוט און טרערן. יעדער האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז דאָס איז דער אָנהויב פון סוף.

עטלעכע טעג שפּעטער ווען רעמבערטאָוו איז שוין געווען אָקופּירט זענען די רעמבערטאָווער יידן צוריק אַהיים; אַ היים פון אַ דריי יעריק יסורימדיק לעבן, אַדורכגעזאַפּט מיט דערנידערונג, שקלאַפעריי, אויסגעשטעלט אויף הפקר פאַר יעדן לאָבוזעוואַטן היטלעריסט, וועלכער איז געווען דער באַלעבאָס פון יעדנס לעבן; טעג פיל מיט פּחד און טרערן. דריי יאָר האָבן זיי זיך אַזוי געפייניקט ביז זייער קדושימדיקן אומקום אין טרעמבלינקע, ז׳ אלול 1942.

ה׳ ינקום דמם!

## היטלער אין רעמבערטאָוו

לייענענדיק דעם עפּיזאָד וועגן וועלכן איך שרייב דאָ, וועלן אַ טייל לאַנדסלייט, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גרויסע גליק זיך נישט צו געפינען אין יענע טרויעריקע אָקופּאַציע־טעג אין רעמבערטאָוו, האָבן דעם איינדרוק, אַז דער עפּיזאָד איז עפּעס אַן אויסגעטראַכטע מעשה, וויל איך דאָ פאַרזיכערן, אַז דאָס איז אַ ריכטיקער פאַקט, פון וועלכן איך בין געווען אַן עד ראיה.

לעולם איז עס נישט קיין איבעריקער יחוס, און אַוודאי נישט קיין גרויסער כבוד פאַר אונדז, צי דער צורר היטלער איז יאָ אָדער נישט געווען אין רעמבערטאָוו. מיר פאַרצייכענען בלויז דעם עפּיזאָד צוליב דער איינער סיבה וואָס אין אונדזער יזכור־בוך שרייבן מיר וועגן אַלץ און אַלעמען, וואָס האָט אַ שייכות צו יענע טרויעריקע אָקופּאַציע־טעג, דערמאָנען מיר אויך דאָ דעם עפּיזאָד, וואָס האָט אַ שייכות צו יענע צייטן.

עס איז געווען דעם 17־טן אָדער 18־טן סעפּטעמבער 1939, רעמבערטאָווער ייִדן האָבן מיט צוויי טעג צוריק, זיך אומגעקערט פון אָקוניעוו וווּ זיי זענען געווען אויסבאַהאַלטן זייט דעם מלחמה אויסברוך. די צוריקגעקומענע זענען איצטער נאָך מער ווי פריער געווען פול מיט פחד פאַר די ווייטערדיקע טעג אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. יעדער איינער, סיי ייִדן און סיי די קריסטלעכע איינוווינער זענען אַלע געווען אין זייערע היימען פאַרשלאָסענע. די לאָדן פון די פענסטער זענען אַלע געווען צוגעמאַכט. קינד און קייט האָבן מורא געהאַט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. יעדן איינעם האָט זיך געדאַכטן, אַז אין די ד׳ אמות פון זייערע הילצערנע אָדער געמויערטע הייזקעס פילן זיי זיך מער געשיצט און געזיכערט. אַ שטייגער, ווי די האַלב־חרובע הילצערנע הייזקעס וואָלטן געווען פעסטונגען פון גראַניט. דאָס שפּריכוואָרט: "מיין היים איז מיין פעסטונג", איז דאָ געקומען צום פולן אויסדרוק.

איך און הערשל רויזמאַן, וועלכער איז באַקאַנט געווען אין שטעטל אַלס "הערשל די גאַנטשאַרקעס" האָבן זיך דעמאָלט ביי דער טויט שטילקייט אין שטעטל געפונען אויף דער פּילסודסקי־גאַס. די סיבה, וואָס מיר האָבן זיך אויך אין יענער צייט נישט געפונען אין אַ פאַרשלאָסענער שטוב, איז געווען פאָלגנדע:

לויט באַריכטן פון דער דייטשער און דייטש־פּוילישער פּרעסע, האָט די חלוקה פון פוילן, צווישן היטלער־דייטשלאַנד און רוסלאַנד געדאַרפט פאָרקומען לויט פאָלגנדער פאַרטיילונג: די סאָוויעטישע אַרמיי זאָל פאַרנעמען דעם גאַנצן מזרח־טייל פון פוילן ביז צו דער ווייסל אין פּראַגע און די היטלעריסטישע אַרמיי — דעם מערב־טייל פון פוילן ביז דער ווייסל. דאָס הייסט, אַז די ווייסל האָט

געדאַרפֿן זײַן די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און היטלער־דײַטשלאַנד. אַזוי ווי רעמבערטאָוו געפֿינט זיך 8 קילאָמעטער פֿאַר פּראַגע פֿון דער מזרח־זײַט, האָט לויטן אָפּמאַך, די רויטע אַרמיי געדאַרפֿן אויך באַזעצן רעמבערטאָוו אויפֿן וועג קיין פּראַגע.

יונג זענען מיר געווען און אפֿשר טאַקע איך אַביסל אַוואַנטוריסטיש, האָבן מיר בײדע, איך און הערשל, באַשלאָסן, אַז מיר מוזן מיט די אייגענע אויגן זען, ווי די סאָוויעטישע טאַנקן קומען אַן אין שטעטל אַרײַן. מיר האָבן זיך אויסגעקליבן אַן אָבסערוואַציע־פּונקט נעבן דעם הויז פֿון יעקב־בער ביטער, און זיך אַוועק־געשטעלט וואַרטן...

די גאַסן זענען געווען אויסגעליידיקט פֿון מענטשן. טראָץ דעם וואָס רעמבער־טאָוו איז שוין געווען אָקופּירט, האָט זיך אין שטעטל נישט געפֿונען קיין איין סאָלדאַט אָדער וועלכע עס איז וואַך. ווען זיי זענען אַרײַן אין רעמבערטאָוו, ווי די קריסטלעכע אײַנוווינער האָבן אונדז איבערגעגעבן, און געטראָפֿן דאָס שטעטל ליידיק אָן יידן, זענען זיי אַוועק ווייטער צו דער ווײַסל אויפֿן וועג קיין וואַרשע. בדרך כלל האָבן די היטלעריסטן זיך געפֿירט, אַז ווען זיי האָבן פֿאַרנומען אַ שטאָט, האָבן זיי קודם צוזאַמענגענומען אַלע יידן, און זיי גענומען יאָגן אָן אַ ציל צענדליקער קילאָמעטער און דערבײַ אויך אומגעבראַכט אײנצלנע יידן, אַלץ מיטן צוועק אָנצוואַרפֿן אַ פּחד.

מיר זענען אַזוי אָפּגעשטאַנען עטלעכע שעה און אויסגעקוקט זיך די אויגן, אָבער ניט מיר האָבן געזען אַ סימן פֿון אַ סאָוויעטישן טאַנק און נישט מיר האָבן געהערט דעם מינדסטן גערויש פֿון אַן אָנקומענדיקן פּאַטרול.

הערשל רויזמאַן, וועלכער איז בטבע געווען אַ "צעפּיעשטשעטער" ביי זײַנע עלטערן, האָט זיך נאָך עטלעכע שעה וואַרטן דערמאָנט, אַז ער איז נישקשהדיק הונגעריק און האַלטנדיק, אַז די טאַנקן וועלן זיכער אויף אים וואַרטן ביז ער וועט אָפּעסן, איז ער גיך אַריבערגעלאָפֿן די גאַס און אַרײַן אין שטוב זיך דערכאַפּן ס'האַרץ. ווייזט אויס, אַז נאָכן עסן האָט ער אויך באַשלאָסן צו כאַפּן אַ דרימל אָדער די עלטערן האָבן מורא געהאַט אים אַרויסצולאָזן אין גאַס. מער איז ער שוין נישט אַרויסגעקומען.

אין יענער צייט ווען מיר זענען אַזוי עקשנותדיק געשטאַנען און געוואַרט אויפֿן אָנקום פֿון די סאָוויעטישע טאַנקן, האָבן מיר נישט געוויסט, אַז פֿון דעם גאַנצן אָפּמאַך האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. היטלער האָט זיך מיישב געווען, אַז די גרענעץ צווישן זיי, וועט זײַן דער טייך בוג און נישט די ווייסל. טראָץ דעם וואָס דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט זיך שוין געפֿונען אין שעדלעץ און איז

גאַרוואָלין, האָבן זיי געמוזט זיך צוריקציען ביז איבערן בוג און זיך אָפּגעשטעלט אויף יענער זייט בוג.

בלייבנדיק אַליין האָב איך דאָך נישט געוואָלט אויפגעבן דעם פּלאַן פון זיין אַן עד ראיה בעת עס וועלן אָנקומען די סאָוויעטישע טאַנקן און בין מיר צוגעגאַנגען פון ביטערס הויז צום עק גאַס און זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגן־איבער דעם רעמבערטאָווער באַן־וואָקזאַל.

אין יענער צייט איז שוין גאַנץ פּוילן געווען אָקופּירט, בלויז די הויפּט שטאָט וואַרשע האָט אונטער דער אָנפירונג פון דעמאָלטדיקן שטאָט פּרעזידענט סטאַ־זשינסקי עקשנותדיק זיך פאַרטיידיקט און נישט געוואָלט קאַפּיטולירן. עס האָבן נישט געהאָלפן די דייטשע אולטימאַטומס און די אומאויפהערלעכע באָמבאַר־דירונגען. עס איז שוין באַלד געווען אַ חודש פון דער אָקופּאַציע פון פּוילן, אָבער וואַרשע איז אַלץ געבליבן פּויליש און נישט געוואָלט קאַפּיטולירן.

שטייענדיק אַזוי ביים רעמבערטאָווער וואָקזאַל אין דער אויסערגעוויינלעכער שטילקייט האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן אַ גערויש פון פאַרנדיקע אויטאָ־מאָבילן און איידער איך האָב זיך אָריענטירט פונוואַנען דער גערויש קומט, האָבן זיך גענומען דערנענטערן צו מיין זייט אַ צענדליק שוואַרצע לימוזינעס, וועלכע האָבן פון גראָכאָווער שאָסיי זיך אַריינגעדרייט דורך פּילסודסקיעגאָ צו דער קאָלעיאָווע גאַס, און די לימוזינעס האָבן האַרט נעבן מיר, (דער שאָסיי אויף קאָלעיאָווע איז ווי באַקאַנט געווען זייער אַ שמאָלער), געמוזט פאַרביידעפּילירן.

אַ נייגעריקער האָט איך זיך אַביסל איינגעבויגן און גענומען אַריינקוקן אין די פענסטער פון די לימוזינעס, כדי צו זען מי ומי ההולכים, און אַ דערשטוינטער האָב איך דערזען אין די ערשטע אויטאָס זיצן דייטשע גענעראַלן און אַלע ווי איינער האָבן געקוקט אויף מיר פאַרבליפטע, נישט ריכטנדיק זיך, מן הסתם, עס זאָל אַ "ציווילער" שטיין אַזוי נאָענט ביי זיי. באַלד איז אָנגעפאָרן די פערטע לימוזינע און אַריינקוקנדיק האָב איך דערקענט דעם אַרצי־מערדער. עס איז געזעסן אין איר אַדאָלף היטלער, ימח שמו וזכרו.

ער איז געזעסן אויפן הינטערשטן געזעס, אָן אויסגעפּוצטער אין זיין מיליטער־רישן מונדיר און מיט זיינע טריפהנע אויגן געקוקט אויף מיר. די סוויטע וואָס איז געזיסן מיט אים, אויך גענערעלער, האָבן געקוקט אויף מיינע הענט... פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געדויערט בלויז סעקונדן. אָבער עס איז מיר געלונגען אויפ־צוכאַפּן היטלערס בייזע אומצופרידענע מינע קוקנדיק אויף מיר.

זיין לימוזינע און די איבעריקע לימוזינעס וואָס זענען געפאָרן הינטער אים מיט הויכע מיליטער־לייט האָבן זיך געלאָזט לענג אויס דער קאָלעיאָווער גאַס, אַרויף אויפן סילעזיעווקער וועג און פון דאָרט צום אַלט־מילאָסנער שאָסיי, ווו

זיי זענען צוריק צו זייערע שטאָבן (דער צוריקמאַרש פון היטלערן און זיין סוויטע איז געווען באַשריבן אין אַ דייטשער צייטונג).

ווען איך האָב מינוטן שפּעטער אין יידישע שטובן דערציילט, אַז היטלער איז נאָרוואָס געווען אין רעמבערטאָוו, האָט מען מיר נישט געגלויבט. ווען איך האָב דערציילט דעם רעמבערטאָווער מרא דאתרא הרב בערגהויער, אַז היטלער איז דורכגעפאָרן זיין שטוב אויף קאָלעיאָווע גאַס, ווו דער רב האָט געוווינט, האָט דער רב ווידער געענטפערט:

„אַז עס איז באַשערט אַ צרה, קומט עס גלייך אין שטוב אַריין".

ערשט ווען רעמבערטאָוו, האָט צומאָרגנס געלייענט די דייטשע צייטונג און געהערט דעם ראַדיאָ, ווו עס איז געווען געמאָלדן: נעכטן 11 פרי האָט דער "פירער" באַזוכט אונדזער פראָנט ביי דער פראַגער ווייסל־בריק, און אָפּגעגעבן פון אַ האַרמאַט אַן ערן־שאָס אויף וואַרשע. דערביי איז אויך געווען אָנגעגעבן דער מאַרשרוט פון זיין קומען פון אַלט־מילאָסנע דורך גראָכאָוו קיין פּראַגע און צוריק פון גראָכאָוו דורך רעמבערטאָוו צום שטאַב, האָט מען ערשט דאַן גענומען גלויבן מיין דערציילן. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַן אויספרעגעניש, ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען, איינע, אַן עלטערע פרוי, האָט זיך נישט באַגנוגנט מיט מיין שילדערן דעם אויסזען און געוואָלט דורכאויס וויסן, "צי ער האָט מיר נישט עפּעס געזאָגט"...

היינט לויפן דורך מחשבות, וואָס לאָזן נישט רוען: פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט זיך אין יענעם מאָמענט נישט געפונען קיין באָמבע אין מיינע הענט? פאַרוואָס, פאַרוואָס?

דאָס זענען מחשבות, וואָס לויפן גיך פאַרביי און פאַרשווונדן. גאַנץ אַנדערע מחשבות פאַרנעמען אונדזערע מוחות, ווען מיר טראַכטן וועגן חורבן און אומקום פון אונדזער שטעטל; מחשבות, פאַר וועלכע עס זענען נישטאָ קיין ווערטער. מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווען עס זאָל איצט אויפשטיין אַ ירמיהו, וואָלט ער אויך נישט געפינען קיין ווערטער פאַר אַן "איכה" אויפן חורבן פון אונדזער פאָלק און צוגלייך מיט די מיליאָנען פון פאַרברענטן פאָלק, וואָלט ער געשוויגן אין שטומעניש און ציטער.

ש. ש.





טאבטשע גראכאווסקי,

# אין רעמבערטאווער געטא

איך בין איינע פון די געציילטע, וועלכע עס איז על פי נס געלונגען דורכצולעבן אין רעמבערטאווער געטא ביזן טאג פון דער טראגישער דעפארטאציע פון מיין פאמיליע און מיינע בני־עיר קיין טרעמבלינקע.
בעת דער אויסזידלונג, בין איך געווען באהאלטן אויפן פאליגאן ביי היימישע קריסטן, קונים אין מיין שפייז־געוועלב אין רעמבערטאוו, אבער גלייך נאך דער אויסזידלונג האבן זיי מורא געהאט מיך ווייטער צו האלטן ביי זיך, און זיי האבן מיך אלס פארשטעלטע פויערטע ארויסגעפירט צו זייערע פריינד אין א דארף, וואס האט זיך געפונען צווישן זשיראדאוו און בלוינע. זיי האבן מיך פארגעשטעלט אלס זייערע א קוזינע און אזוי האב איך אלס קריסטלעכע פויערטע ביי זיי געלעבט און געארבעט א לענגערע צייט. שפעטער בין איך איבערגעגאנגען צו אנדערע פויערים ארבעטן, ביזן אנקום פון דער סאוויעטישער ארמיי. וועגן לעבן פון די יידן אין רעמבערטאווער געטא קען איך איבערגעבן נאר א טייל פרטים, ווייל אין יענער צייט בין איך געווען באהאלטן ביי קריסטן, אזוי אז פיל פרטים זענען פאר מיר געווען פארהוילן. אמת די קריסטין פלעגט מיר פון צייט צו צייט דערציילן וואס עס קומט פאר אין געטא, אבער אין מיינע מעמוארן וויל איך זיך שטיצן נאר אויף דעם, וואס איך האב אליין איבערגעלעבט.

מיין מאן לייזער און מיין זון העניעק זענען געווען אויסבאהאלטן אין א צווייטער קריסטלעכער שטוב, אויך אונדזערס א קונה, אבער בעת דער אויסזידלונג זענען זיי אנטדעקט געווארן. מעגלעך, אז מען האט זיי אויסגעגעבן און מען האט זיי צוזאמען מיט אלע רעמבערטאווער יידן אוועקגעפירט קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען.

דאס רעמבערטאווער געטא איז איינגעפירט געווארן אין 1940 און איז גלייך געווארן ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראטן. דייטשע זשאנדארמעריע צוזאמען מיט די יידישע מיליציאנערן, וועלכע די דייטשן האבן אויסגעקליבן פון דער־



**אין רעמבערטאָווער געטאָ אָנהייב 1942,**
**8 חדשים פאַר דער אויסזידלונג**
**אין דער ערשטער ריי:** יאָספּע רובין.
**צווייטע ריי:** (פון רעכטס) מיט די "מגן־דוד"־אָרעם־בענדער אויף די רעכטע אָרבל: ריווטשע רובין, רחל אָסטזשעגאַ, דבורה זיסמאַן.

אָרטיקער יוגנט, האָבן געהיטן טאָג און נאַכט, קיינער זאָל נישט אַרויס פון געטאָ און קיינער זאָל אין געטאָ נישט אַריין.

דאָס געטאָ האָט אַרומגענומען די גאַסן: קאָלעיאָווע, אָקוניעווסקע, אַרטילע־ריסקע, און מאַריאַנסקע. די הויפּט גאַס אַלעיאַ פּילסודסקיעגאָ האָט שוין געהערט צו דער "אַרישער זייט", אַזוי אַז די יידן וועמענס הייזער און איינגאַנג האָבן זיך געפונען אויף אַלעיאַ פּילסודסקיעגאָ האָבן נאָר געקענט אַריינגיין אין זייערע שטובן אָדער געוועזענע געוועלבער דורך דער אָקוניעווסקע גאַס. דאָס שטאָטישע בית המדרש איז געווען איינגעשלאָסן אין געטאָ.

דער יודן־ראַט מיט מאיר טענענבוים אַלס פּרעזעס אָדער "יודן־עלטסטער" האָט זיך געפונען אין אַ קריסטלעך הויז, וואָס איז געשטאַנען עק אָקוניעווסקע און אַרטילעריסקע, קעגנאיבער יצחק שולשטיינס הויז.

די אַלייע פּילסודסקיעגאָ האָט, ווי געזאָגט, געהערט צו דער "אַרישער זייט" און פאַרן כאַפּן אַ ייד דאָרט האָט געדראָט מיט זייער שווערע קאָנסעקווענצן, אָבער, ווי זאָגט מען עס, נויט ברעכט אייזן. צוליבן שווערן מאַנגל אין שפּייז־אַרטיקלען האָבן דרייסטערע געטאָ־איינוווינער ריזיקירט און מערסטנטייל שפּעט ביינאַכט, זיך דורכגעגנבעט דורך די פאַרצוימונגען, בכדי איינצוהאַנדלען ביי דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג אַביסל שפּייז.

## דער העלד און קדוש נחום ביטער

איינער פון די דרייסטע יידישע בחורים, וועלכער פלעגט זיך אָפט אַרויס־באַקומען אויף דער "אַרישער זייט" איינצוקויפן פּראָדוקטן פאַרן געטאָ, איז געווען נחום ביטער. נחום איז ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, געווען פּאָפּולער ביי דער רעמבערטאָווער באַפעלקערונג אַלס דער געוואַגטסטער אין שטעטל. אַליין אַ זון פון אַן אָנגעזעענער משפחה (זיין פאָטער חיים ביטער איז געווען אַ חסידישער ייד, אייגנטימער פון אַ גרויס אייזן־געשעפט), האָט אָבער נחום געהאַט זיין אייגענע טעאָריע, אַז אַ ייד, ווען ער ווערט באַפאַלן פון שונאים, דאַרף אויך קענען געבן קלעפּ. די קריסטלעכע כוליגאַנעס האָבן פאַר אים מורא געהאַט. ווען כוליגאַנעס האָבן געשלאָגן אָדער חוזק געמאַכט פון אַ ייד, האָבן זיך גענומען שיטן אויף זיי קלעפּ פון נחומס פויסטן, אַז זיי זענען געווען געצווונגען זיך צוצעלויפן ווי די מייז.

דאָס האָט אָבער נחומען נישט געשטערט שטענדיק צו זיין אַרומגערינגלט מיט אַ חברה שקצים, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ גוטן־ברודער, וואָס לאָזט זיך נישט שפּייען אין די קאַשע. ווען נחום פלעגט זיך אַרויסבאַקומען אויף דער פּילסודסקי־גאַס האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט זיינע קריסטלעכע קאָלעגן וועלכע פלעגן אים אויסבאַהאַלטן און דורכפירן פאַר אים אַלע זיינע האַנדלס־טראַנזאַקציעס.

אין אַ געוויסער נאַכט, ווען נחום ביטער האָט זיך באַוויזן אויף דער פּילסודסקיעגאָ, האָבן אים געכאַפּט עטלעכע דייטשע זשאַנדאַרן און האָבן אים גענומען מערדערלעך שלאָגן.

נחום איז אָבער נישט געוווינט געווען, מען זאָל אויף אים הויבן אַ האַנט, האָט ער נישט לאַנג געטראַכט, זיך אַ וואַרף־געטון אויף די דייטשן און זיי גענומען טיילן געזונטע קלעפּ אויף רעכטס און לינקס און אויסנוצנדיק די פינצטערניש פון דער נאַכט, איז ער אַנטלאָפן צוריק אין געטאָ.

צומאָרגנס פרי איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט מיט מיליטער בראש פון ס.ס.־אָפיצירן און קרייז קאָמענדאַנט. זיי האָבן געשטעלט דעם יידן־ראַט אַן אולטימאַטום, אַז אויב מען גיט זיי נישט אַרויס נחום ביטערן, וועלן זיי דער־שיסן צען יידן פון געטאָ.

אין געטאָ איז געוואָרן אַ בהלה און אַ יללה. דער עולם האָט זיך גענומען באַהאַלטן אויף בוידעמס און אין קעלערן, אָבער ווען די ידיעה, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו מאַכן אַ שחיטה איז דערגאַנגען צו נחומען, האָט ער דערקלערט זיינע עלטערן, אַז ער וויל נישט יידיש בלוט זאָל פאַרגאָסן ווערן צוליב אים און אַ

שטאָלצער מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ איז ער פרייוויליק אַרויס פון געטאָ און זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די ס.ס.־לייט.

די ס.ס.־לייט האָבן אים אַריינגעזעצט אין אַ מיליטערישן אויטאָ, אָבער איידער נאָך דער אויטאָ האָט געריִרט פון אָרט, האָט נחום וויסענדיק אַז קיין לעבעדיקער וועט ער פון זייערע הענט נישט אַרויס, באַשלאָסן אַז זיין יונג לעבן וועט ער נישט אָפּגעבן אָן קאַמף. ער האָט זיך ראַפּטום אַ וואָרף געגעבן אויף די ס.ס.־לייט און מיט אויסערגעוויינלעכער פלינקייט זיי דערלאַנגט איינעם נאָכן צווייטן "קעפּקעס" אין די קעפּ אַריין, אַז סבלות האָט זיי גלייך גענומען רינען פון די נעז. זיי זענען געוואָרן אין ערשטן מאָמענט צעמישט. דאָס איז געשען פאַר די אויגן פון הונדערטער יידן און קריסטן. נחום האָט נישט פאַרלוירן קיין איין סעקונדע, האָט די דייטשן געהאַקט מיט די פויסטן און געקאָפּעט מיט די פיס, צעריסן אויף זיי די מונדירן, ביז זיי האָבן באַוויזן אַרויסצושלעפּן זייערע באַגנעטן און מיט ווילדער רציחה גענומען אים שטעכן. ווען דער אויטאָ איז צוגעקומען צום סולעיִוווקער וואַלד, איז דער קדוש נחום ביטער שוין געווען טויט.

נחומס העלדישער טויט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער ביי אַלע רעמבערטאָווער יידן. אויך די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געווען דערשיטערט. עס זענען געווען אַזעלכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן אין אים געזען אַ העלדישן קעמפער פאַר פוילנס פרייהייט. און פלעגן אין געהיים קומען צום ראַנד פון סולעיִוווקער וואַלד, ווו די דייטשן האָבן נחומען באַגראָבן, און זיי האָבן געלייגט בלומען אויף זיין קבר.

## טאָג־טעגלעכע קרבנות

ווען דאָס געטאָ איז איינגעפּירט געוואָרן, האָבן זיך דאָרט געפונען בערך צוויי טויזנט רעמבערטאָווער יידן אויך דריי הונדערט יידישע פּליטים פון וואַרשע, קאַליש און אַנדערע שטעט. צווישן די וואַרשעווער פּליטים האָט זיך אויך געפונען אַ גרופּע יידיש־פוילישע אַרטיסטן און די פּאָפּולערע זינגערין ווערע גרען (זי האָט זיך באַקאַנט געמאַכט מיט אירע סענטימענטאַלע טאַנגאָס אין וואַרשעווער ראַדיאָ). זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אין רעמבערטאָוו אַ צייט פאַר דער אויסזידלונג.

ביז דער אויסזידלונג האָבן אויך רעמבערטאָווער יידן געגעבן גענוג קרבנות. דער ערשטער פון זיי איז געווען ישראל־אהרן זאַביעלסקי. אויסער דעם זענען כמעט יעדן טאָג, בעתן פירן צו דער אַרבעט אויפן פּאָליגאָן, אויך דערשאָסן געוואָרן יידן פאַר נישט גיין "גלייך" אין דער ריי, פאַר נישט אויספירן ווי "געהעריק" די אַרבעט און נאָך אַזעלכע צוגעטראַכטע תירוצים. באַזונדערס האָט

זיך אויסגעצייכנט אין מאָרדן אַ סאַדיסט פון העכסטן גראַד, אַ הויכער געלער ס.ס.־מאַן (ליידער קען איך זיך נישט דערמאָנען זיין פאַרשאָלטענעם נאָמען). ער פלעגט מיט סאַדיסטישער הנאה מאָרדן יידן אָן אַ פאַרוואָס, האָט שטאַרק הנאה געהאַט ווען זיין וואָלפישער הונט האָט אויף זיין באַפעל זיך געוואָרפן אויף יידן און פון זיי אויסגעריסן שטיקער פלייש פון די פיס און אַנדערע טיילן קערפער.

דער זעלבער באַנדיט, האָט אַמאָל באַמערקט אין געטאָ אַ יוגנטלעכן וועלכער האָט נישט געטראָגן אויפן אָרעם דעם באַנד מיטן מגן־דוד. דער בחור האָט באַמערקט ווי דער געלער סאַדיסט נעמט זיך צום רעוואָלווער, איז ער אַריינ־געלאָפן אין דער וווינונג פון ברוך יעלען און ווען דער ס.ס.־מאַן איז מיט ווילדער רציחה אַריין, אים נאָכגעלאָפן איז דער יוגנטלעכער אַרויסגעשפּרונגען דורכן פאַרטער־פענסטער פון דער גאַס און איז פאַרשוווּנדן אין געטאָ.

דער היטלעריסט האָט אים גענומען זוכן און ווען ער האָט אים נישט געפינען, האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו ברוך יעלענס איינציקער טאָכטער, די בילד־שיינע 16 יאָריקע בראָניע און געשריגן, אַז זי האָט אים באַהאַלטן. עס האָט נישט געהאָלפן איר וויינען און אויפקלערן, אַז ער איז אַריינגעשפּרונגען אין שטוב און איז אַרויס דורכן פענסטער און וויטער ווייסט זי פון גאָרנישט. דעם מערדער האָבן נישט גערירט די תחנונים פונעם אומשולדיקן קינד. ער האָט זי אַרויסגעפירט אויפן הויף און מיט עטלעכע רעוואָלווער־שאָסן זי דער־הרגעט.

אַ באַזונדער קאַפּיטל פון צרות איז געווען די אַרבעט יעדן טאָג. ווער עס האָט זיך נישט געקענט אויסקויפן מיט געלט און אַנדערע פאָדערונגען, איז געטריבן געוואָרן אומברחמנותדיק צו דער אַרבעט. דאָס גיין צו דער אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס פּיין און פּחד. מען האָט געוווּסט, אַז דער געלער סאַדיסט מוז יעדן טאָג ווּעמען דערשיסן און יעדער האָט זיך געשראָקן, אַז דאָס מאָל קען ער זיין דער קרבן. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון סעגרעגירן אויפן פּאָליגאָן דייטשע מיליטערישע מונדירן, וועלכע די צוגן פלעגן ברענגען טאָג און נאַכט פון די פראָנטן. בעת איך האָב אַמאָל געאַרבעט ביי דער סעגרעגאַציע, האָב איך אין אַ פּאָר פאַרבלוטיקטע דייטשע מיליטערישע הויזן געפונען אַן אָפּגעהאַקטן כּוס. אין אַ נאָרמאַלער צייט, ווען איך זע אַזאַ זאַך, וואָלט איך געחלשט פון שרעק און איבל, אָבער אין דעם פאַל האָב איך זיך געווּנטשן יעדן טאָג צו געפינען עטלעכע אַזעלכע מציאות...

אין פאַרלויף פון די יאָרן 1940—1942 האָט זיך אין געטאָ איינגעשטעלט אַ געוויסער פּרנסה־קוואַל. דאָס איז געווען אַ דאַנק די רעמבערטאָווער קצבים, וועלכע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קאָאָפּעראַטיוו. עס זענען אַריינגעשמוגלט

געוואָרן אין געטאָ בהמות און די רעמבערטאָווער קצבים האָבן נישט בלויז פאַרקויפט פלייש פאַר די געטאָ־איינוווינער, נאָר אויך אַרויסגעשמוגלט פלייש צום פאַרקויפן פאַר דער באַפעלקערונג פון וואַרשעווער געטאָ. לויט דער איניציאַטיוו און הילף פון די רעמבערטאָווער קצבים איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קיך פאַר נויטבאַדערפטיקע, פליטים און רעמבערטאָווער יידן פון אָרעמען שטאַנד. די מאָלצייטן זענען געווען נאַרהאַפטיקע. די קצבים האָבן צוגעשטעלט פלייש און ביינער.

## דער פינצטערער גזר

דאָס טרויעריקע לעבן האָט זיך צוביסלעך איינגעשטעלט און יידן האָבן געהאָפט, אַז זיי וועלן זיך שוין אַזוי צופּייניקן ביז עס וועט קומען דער טאָג פון באַפרייאונג, אָבער ליידער זענען די האָפענונגען אויסגערונען און דער פינצטערער גזר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די רעמבערטאָווער יידן.

עס איז געווען דעם 19־טן אויפן 20־טן אויגוסט 1942, 4.30 פאַרטאָג. די רעמבערטאָווער יידן זענען אויפגעוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך אַ שטאַרקער שיסעריי אין אַלע געסלעך פון געטאָ. גלייך האָבן זיך אין די הויפן און אין די שטובן אַריינגעריסן היטלעריסטן, אוקראַינער און פוילישע פאָליציאַנטן און מיט ווילדע אויסגעשרייען: "אַלע יודן הערויס" גענומען טרייבן און שלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן.

עס איז געוואָרן אַ וויסטע מהומה, ספּאַזמערייען, געוויינען, פאַלן אין חלשות מענטשן זענען אין איין מינוט געוואָרן גרוי פון שרעק און זענען אַרויס פון די שטובן נאַקעט און באָרוועס, באַהאַנגען מיט וויינענדע קינדער אויף די הענט.



די ערשטע (רעכטס), בראָניע יעלען, איז דער־שאָסן געוואָרן דורך אַ היטלעריסטישן באַנדיט אין איר היים, אין רעמבערטאָוו. די צווייטע בראָניע מאַרכאַן (איר קוזינע), איז אומגעקומען אין טרעמבלינקע.

די באַנדיטן האָבן במשך פון מינוטן אויסגעשטעלט אַלע יידן אין רייען און גענומען די 2,000 רעמבערטאָווער יידן טרייבן אויפן גראַכאָווער וועג אַרויס, דורך וואָווער ביז פּאַלעניץ.

בעת דער אויסזידלונג־אַקציע, ווען זיי זענען משוגענערהייט אַרומגעלאָפן אין די שטובן און געשריגן: אַלע יידן הערויס, זענען זיי אויך אַריין אין שטוב פון רחטשע אָסטשעגא־שפּיגלמאַן. רחטשע האָט דערקלערט, אַז זי מיט איר מאַן און טאָכטער גייען נישט פונדאַנען און וואָס עס האָט צו געשען, זאָל עס געשען אין איר היים. די היטלעריסטן האָבן לאַנג נישט געטראַכט און דערשאָסן רחטשען, איר מאַן און איר טאָכטער אויפן אָרט. זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אויפן הויף, וואָס האָט געהערט צו רחטשען און שאָלקע רובין.

אין פאלעניץ זענען די רעמבערטאָווער יידן צוזאַמען מיט די פּאַלעניצער, אויפגעלאָדן געוואָרן אין פי־וואַגאָנען און אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע.

דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פון דער בלוטיקער מגילה וועגן אונדזער מוראדיקן חורבן. דער ווייטאָג נאָך די אומגעקומענע הערט נישט אויף צו דריקן ס׳האַרץ. ווי ווייט כ׳זאָל זיך נישט געפינען, פיל איך זיך געבונדן מיט מיין היימ־שטעטל רעמבערטאָוו, ווו די ערד איז דורכגעזאַפּט מיטן בלוט פון אונדזערע קדושים; ווו עס זענען געפירט געוואָרן אויף זייער לעצטן וועג אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע און אומגעבראַכט געוואָרן דורכן בלוטיקסטן רוצח פון אַלע צייטן.

קיינמאָל, קיינמאָל וועט מיין האַרץ נישט אויפהערן צו בלוטיקן דער־מאָנענדיק זיך אין דיליידן און יסורים, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט ביז צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג.



אברהם שפּעקמאַן

# מײַן ברודער בין איך קובר נעבן י. ל. פּרץ־אוהל


יך מיט מײַן ברודער יעקב זענען געווען צווישן די צענדליקער טויזנטער יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון אָקופּירטן פּוילן און זענען אָנגעקומען אין געביטן וועלכע זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די סאָוויעטן. נאָכן אָנפאַל פון היטלער דײַטשלאַנד אויף רוסלאַנד איז געשאַפן געוואָרן די פּוילישע אַרמײ און איך האָב זיך פרײַוויליק מאָביליזירט צוזאַמען מיט מײַן ברודער יעקב אין דער נײַ געשאַפענער אַרמײ און איך בין דערגאַנגען צו דער ראַנגע פון אַן אָפיצער, ווערנדיק דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אָפּראָוויזאַציע אין מײַן דיוויזיע. נאָך דער דײַטשער מפּלה אין סטאַלינ־גראַד האָט זיך אונדזער דיוויזיע גיך דערנענטערט צו די פּוילישע גרענעצן און איידער וואָס און ווען האָבן מיר זיך געפונען נישט ווײַט פון דער ווײַסל. די רויטע אַרמײ איז געבליבן שטיין פאַר דער ווײַסל אין דער צײַט ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּוילישער אויפשטאַנד אין וואַרשע. אונדזער דיוויזיע איז געבליבן שטיין אינעם דאָרף דזשענשין. ווי אַ מילאָסנער תּושב האָב איך זיך אָריענטירט, אַז איך געפין זיך אין דער נאָענט פון מײַן היים־שטעטל. מיר האָבן דעמאָלט נישט געוויסט ווי לאַנג מיר וועלן דאָרט בלײַבן שטיין, אָבער לויטן באַפעל וואָס מיר האָבן באַקומען, אַז מיר זאָלן זיך נעמען בויען זשעמלאַנקעס צום ווינטער, האָב איך פאַרשטאַנען אַז דאָס שטיין וועט זיך פאַרציען אַביסל לענגער. בין איך צוגעגאַנגען צום העכערן אָפיצער איבער מיר און אים דערציילט אַז איך געפין זיך דאָ נאָענט פון מײַן היים און אים געבעטן, ער זאָל מיר דערלויבן צופאָרן דערוויסן זיך דעם גורל פון מײַנע עלטערן און משפּחה.

דער אָפיצער האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ חסר־דעה, וואָס הייסט עפּעס אין מלחמה צײַט זיך לאָזן פאָרן זוכן קרובים? אָבער זעענדיק, אַז ער קען זיך פון מיר נישט אָפּטשעפּען, האָט ער זיך אָנגערופן צו מיר:

″הער, דו ביסט דאָך דער אָפּראָוויזאַציע פאַראַנטוואָרטלעכער, קען איך דיך נישט שיקן סתם אין דער וועלט אַרײַן ″גולייען″. דעריבער שיק איך דיך קיין

מילאָסנע מיט נאָך עטלעכע זעלנער זאָלסט ברענגען היי פאַר די פערד. פאַר־שטאַנען?"

אַוודאי האָב איך פאַרשטאַנען און כ׳האָב גלייך גענומען מיט זיך עטלעכע זעלנער און מיט אַ פערד און וואָגן אַוועק נאָך מילאָסנע.

ווען איך בין אָנגעקומען אין יידישן מילאָסנע, האָב איך אָנגעטראָפן אַ פוסטקייט און שטילקייט ווי אויף אַ בית הקברות. נישט געווען קיין מענטש מיט וועמען צו רעדן. איך בין צו אין איין ציטערניש צו אונדזער הויז. עס איז פוסט, וויסט און פינצטער. קיין לעבעדיקער נפש איז דאָרט נישטאָ. ווי משוגע האָב איך גענומען לויפן איבערן שטעטל ביז כ׳האָב אָנגעטראָפן אַ באַקאַנטן קריסט און ער האָט מיר דערציילט אַז עס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט עטלעכע יידן, אָבער ער ווייסט נישט ווו זיי זענען.

אַביסל שפּעטער האָב איך געטראָפן שמואל איטשע, ער האָט מיר אָפּגעגעבן די ביטערע ידיעה, אַז מיינע עלטערן און מיין גאַנצע משפחה זענען געוואָרן אַרויסגעפירט קיין טרעמבלינקע און מיין ברודער נחום איז בעתן אַנטלויפן נאָך סטאַניסלאַווע דערשאָסן געוואָרן נעבן אַ וואַלד אין וויאַנזאָווע בעת ער איז געשטאַנען שמונה עשרה; מיין שוועסטער שרה לעבט און איז אויסבאַהאַלטן אין סולעיווּעק, ביי אַ ווייסגוואַרדיקע מיטן נאָמען סלאָמטשענקאָ.

איך בין צוריקגעפאָרן אין פּולק און דערציילט מיין ברודער יעקב די ביטערע ידיעות. ביידע האָבן מיר אַ גאַנצע נאַכט באַוויינט אונדזערע טויטע.

די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און איך בין גלייך אַוועק נאָך סולעיוועק צו דער איידעלער פרוי סלאָמטשענקאָ, ביי וועלכער מיין שוועסטער שרה איז געווען אויסבאַהאַלטן. אונדזער פרייד איז געווען זייער גרויס. איך האָב דאַן דערקלערט מיין שוועסטער, אַז עס זאָל געשען וואָס עס וויל, מוז איך אַרויסנעמען אונדזער ברודער נחום פונעם גרוב אין וואַלד, ווו ער איז געוואָרן דערשאָסן און אים ברענגען צו קבר ישראל. מיין שוועסטער שרה, וועלכע איז געווען דערביי ווען אונדזער ברודער איז דערשאָסן געוואָרן, האָט געוווּסט ווו דאָס קבר געפינט זיך און האָט גלייך מסכים געווען מיט מיין פּלאַן.

אָבער ווי אַזוי פירט מען עס דורך? מען דאַרף דאָך דערצו האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. כ׳בין לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער די פאַרשידענע אַמטן, דער מיליטערישער מונדיר, דער אָפיצירן־ראַנג האָט פאַר מיר געעפנט אַלע טירן, אָבער אינערגעץ איז מיר נישט געלונגען דעם ענין צו דערליידיקן, ביז כ׳בין אָנגעקומען צו דער פרוי ד״ר רוזשאַנסקי, וועלכע האָט געאַרבעט אויף אַ מלוכה־אַמט אין פראַגע און זי האָט מיר געהאָלפן באַקומען די דערלויבעניש.

צוזאַמען מיט מיין שוועסטער בין איך געפאָרן קיין וויאַנזאָווע דורכפירן די

עקסהומאציע, אָבער קומענדיק אין וואַלד האָט שרה נישט געקענט דערקענען גענוי דאָס אָרט, ווו אונדזער ברודער ליגט באַגראָבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה זוכענישן און נאָכפרעגענישן, ביז מיר האָבן געפונען דעם קריסט, וועלכן די היטלעריסטן האָבן געצווּנגען צו באַגראָבן אונדזער דערשאָסענעם ברודער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויפן קבר איז אויסגעוואַקסן אַ ביימעלע און דאָס האָט געשטערט מיין שוועסטער צו דערקענען דאָס אָרט.

אויפגראָבנדיק דאָס קבר האָט מיין שוועסטער גלייך דערקענט דעם ברודער לויט די מלבושים. מיר האָבן אויפגעלאָדן זיין קערפּער אויפן וואָגן און אַריינ־געפאָרן קיין וואַרשע, ווו מען האָט אונדז דערקלערט, אַז אויף דורכצופירן די קבורה כדת וכדין געפינט זיך דער פּראַגער קברן, וועמען עס איז געלונגען איבער־צולעבן אויף אַרישע פּאַפּירן. כ׳בין אוועק קיין פּראַגע און אָפּגעזוכט דעם קברן. קיין געלט האָט ער נישט געוואָלט נעמען, דערקלערנדיק, אַז פאַר אַזאַ מצווה נעמט ער נישט באַצאָלט. דער קברן האָט דורכגעפירט די לוויה אויפן גענשער בית־עולם כדת וכדין און מיר האָבן קובר געווען אונדזער ברודער נחום שפּעקמאַן, האַרט נעבן קבר פון י. ל. פּרץ.

מיין ברודער יעקב וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט מיר אין מיליטער און אויף אַלע פראָנטן, איבערלעבנדיק אַלע געפאַרן, איז דערשאָסן געוואָרן דורך די רוצחישע פּוילישע באַנדיטן אויסוווּרפן אויפן וועג קיין לאָדזש. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם צוג, אַרויסגענומען אַלע יידן און זיי דערשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער ברודער יעקב.

אַזוי זענען אומגעקומען און פאַרפייניקט געוואָרן אונדזערע קדושים אויך נאָכן פאַרטרייבן די דייטשע אַרמיי. עס זענען געבליבן די פּוילישע היטלעריסטן און יידיש לעבן איז ווייטער געוואָרן אין גרויס געפאַר. די שנאה צו יידן אין פּוילן איז געפלעגט געוואָרן אין משך פון הונדערטער יאָרן, כּריער פון דער קירך און דערנאָך דורך די קאָמוניסטן, און יידן, וועֶר פריער און ווער שפּעטער, האָבן דערזען, אַז עס איז נישטאָ פאַר זיי קיין אָרט אויך אין ניי׳עם פּוילן, וואָס איז אויפגעשטאַנען אויף די חורבות פון דורות יידיש לעבן.



יאסל גרינבערג, ניו־יאָרק

# אויף די חורבות פון מיין היים

אין פרילינג פון 1946 בין איך באַפרייט געוואָרן פון פּוילישן מיליטער און בין געקומען קיין פּראַגע, ביי וואַרשע, זוכן, — טאָמער האָט זיך ווער פון מיינע קרובים אָפּגעראַטעוועט. ליידער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע. נאָך פון פריער בין איך שוין געווען צוגעגרייט צום קאַלאָסאַלן פאַרנעם פון אונדזער טראַגעדיע, ווייל ווען כ'בין דורכגעגאַנגען פּוילן מיט דער פּוילישער אַרמיי, פון רוסלאַנד ביז דייטשלאַנד, האָב איך ניט באַגעגנט קיין איינציקן יידן. דאָס נעמט אויך אַריין די הונדערטער שטעטלעך ווי רעמבערטאָוו וואָס האָבן אין צייטן פון פאַר דער מלחמה געשמט פון אַ פולבלוטיק יידיש לעבן. ניט געקוקט דערויף, האָב איך ביי זיך באַשלאָסן צו פאָרן קיין רעמבערטאָוו און זען מיט מיינע אייגענע אויגן וואָס דאָרט איז געשען.

בין איך איין טאָג אַהין אָנגעקומען און אַראָפּ פון דער פור. דאָס איז געווען נעבן דער באַן סטאַנציע, און אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פּילסודקיעגאָ גאַס אין דער ריכטונג פון בית־המדרש. די ערשטע זאַך וואָס כ'האָב דערזען איז געווען, אַז ווו עס זענען אַמאָל געשטאַנען יידישע הילצערנע הייזער אויף ביידע זייטן פון גאַס זענען געווען ליידיק, די הייזער פאַרניכטעט. נאַטירלעך, דאָס האָט ניט געקאָנט פאַרטרייבן פון מיין געדאַנק די זכרונות וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט איטלעכן הויז. ווען כ'בין צוגעקומען צו דער גאַס ווו דאָס בית המדרש איז געשטאַנען בין איך אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם וואָס כ'האָב דערזען. אויפן פּלאַץ ווו עס איז אַמאָל געווען דאָס הויז פון שמערל סירעק, אויך ווי מיין זיידע, משה־יודל יעלען האָט אַזוי פיל יאָרן געוווינט, מיין פעטער מאָטל יעלען, דאָס הויז פון ברוך שולמאַן, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַזאַר מיט בוידן, פורן און סטראַגאַנעס. — פון דעם בילד בין איך פּשוט פאַרשטיינערט געוואָרן כ'קען ניט געדענקען וואָס כ'האָב געטאָן, צי האָב איך געוויינט אָדער געשריען. כ'דערמאָן זיך אָבער יאָ, אַז דעם בעקער סטאַלאַרסקיס פרוי, ניט קיין געוואַלדיקע

אוהבת ישראל, האָט מיך אַריינגענומען צו איר אין בעקעריי אַריין און מיך פּרובירט באַרואיקן, טרייסטן.

זי האָט נישט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישטאָ קיין טרייסט אין אָנבליק פון דער מוראדיקער טראַגעדיע. דערצו האָב איך נאָך געצווייפלט, צי קומען די טרייסט־ווערטער פון איר האַרץ. אין מוח האָט געעקבערט דער ספק: ווי אַזוי האָט זי זיך אויפגעפירט דעמאָלט, ווען מען האָט די יידן געטריבן פון שטעטל?

כ׳בין אַרויס פון איר שטוב און ווידער געגאַנגען איבער די האַלב־אָפּגעשטאָר־בענע געסלעך. אין מיר זענען אַלע חושים געוועזן וואַך און אָפן, כ׳האָב זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך. אפשר איז פאָרט ערגעצוווּ געבליבן אַ שפור פון יענעם שפּרודלדיקן און וואַרעמען יידישן לעבן. פון אָפענע פענצטער האָבן זיך געהערט קולות, געלעכטערס, געוויינען פון קינדער, אָבער דאָס אַלץ איז געקומען פון ווייטע, פרעמדע און קאַלטע מענטשן, פאַרמאָגן אפילו נישט דאָס געפיל פון שולדיקייט קעגן די יידן, וואָס זיי האָבן באַראַבעוועט, וועמענס שטובן זיי האָבן גענירשנט.

פנים אל פנים מיטן גרויסן אומגליק בין איך געווען אַזוי דערשלאָגן אַז כ׳האָב ניט געקאָנט צונויפנעמען מיינע געדאַנקען בכדי צו מאַכן כאָטש איין לאָגישן טאַט. אנשטאָט דעם בין איך באַהערשט געוואָרן פון אַ שטאַרקן פאַרלאַנג וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון דעם אָרט וואָס האָט דעמאָלט נאָך אַלץ געהייסן רעמבער־טאָוו, אָבער ווו עס איז שוין מער ניט פאַרבליבן קיין זכר פון יידן און פון דעם וווּנדערלעכן געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט וועלכן דאָס שטעטל האָט נאָך געברויזט מיט אַ קורצער צייט צוריק. ווייטער צו גיין, מער צו זען האָב איך שוין ניט געהאַט קיין מוט. כ׳בין פשוט אנטלאָפן פון שטעטל, ווייל דער באַזאַר און יעדער ליידיקער פּלאַץ האָבן אויפסניי אויפגעריסן אַלע מיינע וווּנדן. אַ צעבראָכענער האָב איך פאַרלאָזן דאָס אָרט ווו עס איז אַמאָל געווען מיין היים.

אין מוח האָט עס געזעצט ווי אַ בראַנד:

נישטאָ מער קיין יידיש רעמבערטאָוו, נישטאָ!





אנדזשע קירשמאַן

# פון רעמבערטאָוו ביז די טויט־לאַגערן

די שרעק, אַז די דייטשע לופט־פּליער וועלן, נאָכן אָנפאַל פון דער היטלעריסטישער אַרמיי אין 1939 אויף פּוילן, באָמבאַרדירן רעמבערטאָוו, האָט אויך אונדזער משפּחה אַרומגעכאַפּט באַלד אין די ערשטע טעג פון מלחמה־אויסברוך. מיינע עלטערן האָבן געוווינט אויף דער קאָלעיאָווע־גאַס, אַנטקעגן דער באַן־ליניע. דורך די פענסטער פון אונדזער וווינונג האָבן מיר געקענט אָבסערווירן די פאַרביילויפנדיקע צוגן נאָך מינסק־מאַזאָוויעצק, שעדלעץ, בריסק, ווי אויך די אינטערנאַציאָנאַלע צוגן פּאַריז—בערלין—וואַרשע, וועלכע זענען געפאָרן ביז דער סאָוועטישער גרענעץ. דאָס וווינען האַרט ביי די באַן רעלסן און דאָס וואָס אין רעמבערטאָוו האָט זיך געפונען אַ גרויסער מיליטערישער צענטער און, ועל כולם וואָס בסך הכל עטלעכע הונדערט מעטער פון אונדזער הויז, האָט זיך געפונען די אַמוניציע־פאַבריק "פּאָטשיסק", זענען געווען דער גורם, מיר זאָלן אַנטלויפן קיין וואַרשע, מיינענדיק אַז דאָרט וועלן מיר זיין זיכערער...

קומענדיק קיין וואַרשע, האָב איך, מיין מאַן שמואל און אונדזער איינציק טעכטערל רעניושע זיך איינקוואַרטירט אין דער וווינונג פון מיין שוועסטער רוזשקע אויף נאַלעווקי 15. אין דער זעלבער וווינונג האָט זיך אויך געפונען מיין שוועסטער רוזשקעס שוואָגער, ישראלקע וועגדריגער.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיט אונדזער אַנטלויפן פון רעמבערטאָוו האָבן מיר געמאַכט אַ פאַטאַלן טעות. רעמבערטאָוו איז נישט געוואָרן באָמבאַרדירט, די דייטשן האָבן געשוינט די אונטערנעמונגען, וויסענדיק אַז זיי וועלן זיי נוצן צו זייערע ווייטערדיקע מלחמה־פּלענער. די אַמוניציע פאַבריק איז שפּעטער געלאָזט געוואָרן אין פולן גאַנג און דער מיליטערישער צענטער איז געוואָרן באַזעצט מיט דייטש מיליטער. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָבן די יידן

אין רעמבערטאָוו ביז צו דער ליקווידאַציע געלעבט פּאַרהעלטנסמעסיק רואיקער ווי אין אַנדערע געטאָס, אָבער פֿאַר אונדז, אַנטלאָפֿענע פֿון רעמבערטאָוו, האָט זיך גלייך פֿון ערשטן מאָמענט, וואָס מיר האָבן איבערגעטרעטן די ערד פֿון וואַרשע, אָנגעהויבן אַ גיהנום. יעדן טאָג זענען מיר געווען עדות פֿון בעסטיאַלישע רציחות איבער יידן. אין שכנות פֿון אונדזער הויז, אויף נאַלעווקעס 9, האָבן די דייטשן דערשאָסן 50 יידן, אַלס "שטראָף" וואָס אַן אונטערוועלט־מענטש האָט דערשאָסן אַ פּוילישן פּאָליציאַנט. ביי וואָס צו פֿאַרדינען איז נישט געווען, מיר האָבן אויס־פֿאַרקויפֿט אַלץ פֿון זיך וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל ווערט. מיר האָבן זיך אַזוי געפּייניקט אין די גרעסטע יסורים ביז ענדע 1942, ווען מען האָט מיין מאַן אַוועקגעפֿירט און ביזן סוף פֿון דער מלחמה האָבן מיר נישט געהערט און נישט געוווּסט איינער פֿון צווייטן.

ווען איך בין נישט געווען אין שטוב איז פֿאָרגעקומען אַן אויסזידלונג, און מיין איינציקע 8־יאָריקע רעניושע ווערט טראַנספּאָרטירט נאָך טרעמבלינקע, צוזאַמען מיט מיינע שוועסטערס רוזשקע און מאַניע און שוואָגער בערל. ווי אַזוי ווינד איז מיר, איך האָב געפֿילט, אַז איך גיי אַראָפּ פֿון זינען. איך שריי צו גאָט ער זאָל מיר צוריקגעבן מיין קינד. די הימלען זענען געווען פֿאַרשלאָסן פֿאַר מיינע תחנונים, מיין קינד קומט אום און איך, די מאַמע לעב... וואָס טויג מיר שוין מיין לעבן, ווען אַלע מיינע טייערסטע זענען שוין נישטאָ, און איך בין געבליבן איינע אַליין, איך בעט אויף זיך דעם טויט, אָבער אַזאַ "לוקסוס" ווערט מיר נישט געגעבן. עס איז פֿאַר מיר אָנגעצייכנט זיך נאָך געניג צו מאַטערן און זיך פּייניקן מיט מיין פֿאַרבלוטיקט אָנגעווייטיקט האַרץ.

## לאַגערן

ווען דער גרויסער געטאָ ווערט ליקווידירט, ווער איך אָפּגעשיקט אין דייטשן שאָפּ "טראַנסאַוויאַ" אויף דער סטאַווקי גאַס אין וואַרשע. די דייטשן האָבן דאָרט אויסגעאַרבעט טיילן צו עראָפּלאַנען און טיילווייז אויך אַמוניציע. עס איז אויס־געבראָכן דער אויפֿשטאַנד. איך האָב געזעצט מיט מיינע אויגן וואַלגערן זיך אויף די גאַסן דערשאָסענע ס.ס.־לייט. דער אויפֿשטאַנד איז געוואָרן אונטערדריקט. מיר האָבן ווייטער געמוזט אויסאַרבעטן מלחמה־מאַטעריאַל פֿאַר די מערדער אין דער "טראַנסאַוויאַ".

נאָכן פּוילישן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע, בין איך מיט אַלע אַרבעטער פֿון "טראַנסאַוויאַ" געוואָרן אַריסגעשיקט אין פֿאַרניכטונגס לאַגער מאַידאַנעק. איך בין שוין געווען גלייכגילטיק צום לעבן. מיך האָט גאָרנישט אינטערעסירט, זאָלן זיי פֿירן, זאָלן זיי שיסן. פֿאַר מיר האָט סיי ווי דאָס לעבן נישט געהאַט קיין

ווערט. אין מאַידאַנעק האָט מען אונדז צו עטלעכע הונדערט מיידלעך איינקוואַר־טירט אין שמוציקע באַראַקן, געשלאָפן זענען מיר אויף די נאַקעטע ברעטער און ס׳עסן איז באַשטאַנען פון געקאָכט וואַסער מיט גרינע בלעטער. אין אַ געוויסן טאָג, ווען מיר זענען געווען ביי די שטעכיקע דראָטן, האָב איך דערזען דורכפירן אונדזער לאַנדסמאַן יהושע פינקעלשטיין, עס איז נישט געווען דערלויבט צו רעדן אָדער צו רופן און ממילא האָב איך נישט געקענט רעדן מיט אים. דער טראַנס־פּאָרט, מיט וועלכן יהושע פינקעלשטיין איז געברענגט געוואָרן, איז גלייך באַ־שטימט געוואָרן אויף ליקווידאַציע. אין מינוטן פאַר זיין אומקום על קידוש השם, האָב איך אים נאָך געזען אַ לעבעדיקן.

נאָכן אָפזיין צוויי חדשים אין מאַידאַנעק בין איך אָפּגעפירט געוואָרן אין דעם שוידערליך טרויעריק באַרימטן אוישוויץ.

## אין גיהנום של מטה

אוישוויץ, דער גרויליקער סימבאָל פון דייטשן בעסטיאַליזם; אוישוויץ, דאָרט ווו פון פיר קרעמאַטאָריעס האָט טאָג און נאַכט געיאָגט מיט פייער־פלאַמען אין פאַרברענט מיליאָנען יידן — אין דעם אוישוויץ בין איך געברענגט געוואָרן צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע יידישע מיידלעך.

פון 1943 ביז יאַנואַר 1945 האָב איך זיך דורכגעמאַטערט און דורכגעפייניקט אין דער היטלעריסטישער טויט־פאַבריק זייער דערפינדעריש זענען זיי געווען די דייטשן. ווען דער מלאך־המוות וואָלט געטיילט „פּרייזן" פאַר דערפינדערישער אכזריות, וואָלט יעדער דייטש געדאַרפן באַקומען טויזנטער פּריזן אַזעלכע.

צו באַשרייבן מיינע איבערלעבענישן אין אוישוויץ, איז פיזיש נישט מעגלעך. די גאַנצע הונדערט פּראָצענט וועט מען זיך סיי ווי סיי נישט דערוויסן. אַזאַ קינסטלער, וואָס זאָל עס קענען געטרוי שילדערן און ריכטיק איבערגעבן, איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. בפרט נאָך אין מיין פאַל, וואָס עס איז אויף מיר נגזר געוואָרן מיטצומאַכן דעם גיהנום־אוישוויץ גאַנצע צוויי יאָר.

איך האָב יעדן טאָג פון די דורכגעמאַכטע צוויי יאָר געבעטן אויף זיך דעם טויט. דער טויט איז געווען אין אונדזערע אויגן אַ דערלייזונג, אָבער דאָס קאַשמאַר־פולע לעבן האָט זיך ווי להכעיס צו מיר געריסן, און ווי געלאַכט מיר אין די אויגן אַריין: אָט בין איך דאָ...

אין דעם באַראַק, ווו איך בין געווען, זענען געווען נאָך 600 יידישע פרויען און אויך 50 אוקראַינישע שיקסעס, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי אַן אַרבעט אין אַ באָטאַנישן גאָרטן, וועלכן די מערדער האָבן זיך דאָרט געמאַכט פאַר זייער פאַרגעניגן. אין אַ געוויסן טאָג איז איינע פון די שיקסעס קראַנק געוואָרן

און עס האָט געדאַרפֿן זיין צו דער אַרבעט געגנוי 50, ווייל אַזוי האָט געפאָדערט די דייטשע פּינקטלעכקייט, האָבן זיי פון אַלע מיידלעך גראַד מיך אויסגעקליבן צו פאַרטרעטן די קראַנקע אוקראַינקע. ווען איך בין אין אָוונט אַ צעבראָכענע צוריק־געקומען אין באַראַק אַריין איז מיר געוואָרן פינסטער פאַר די אויגן, דער באַראַק איז געווען אויסגעליידיקט. אַלע 600 יידישע פרויען זענען דורכן טאָג פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן.

## גיהנום נומער צוויי: בערגן־בעלזן

אין ינואַר 1945, ווען די אַלירטע אַרמייען האָבן זיך אָנגעהויבן דערנעענטערן צו אוישוויץ, זענען מיר, אַ גרופּע פרויען, באַשטימט געוואָרן דורכן מערדער ד״ר מענגעלע אָפּטראַנספּאָרטירט צו ווערן נאָך בערגן־בעלזן.

6 חדשים האָב איך דורכגעמאַכט ס׳גיהנום נומער 2 אין בערגן־בעלזן.

ווען די ענגלישע אַרמיי האָט אַרומגערינגלט דעם לאַגער האָבן זיי מתחילת מורא געהאַט אַריינצוקומען, בכדי זיך נישט אָנצושטעקן מיט קיין טיפוס־קראַנקהייט. מיר האָבן בלויז געהערט פון אַ ווייטערן מרחק, ווי זיי האָבן צו אונדז גערופן דורך הילכער אין דער דייטשער שפּראַך:

״אַכטונג, פליכטלינגע! דאָ רעדט צו אייך די ענגלישע אַרמיי, מיר זענען געקומען אייך באַפרייען! האַלט אייך, מיר ברענגען מיט זיך עסן און וואַסער...״

איך האָב נישט באַנומען וואָס הייסט עס פריי ווערן. מיט מיינע עטלעכע דרייסיק קילאָ, וואָס איך האָב געוואויגן, בין איך גאָרנישט געווען מסוגל צו ווערן דורכגענומען מיט פרייד. דאָס גאַנצע ביסל כוח, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין ״מוזלמענישן״ קערפּער, מיט דעם גאַנצן מ׳שטיינסגעזאַגט ביסל ענערגיע, האָב איך אויסגענוצט, ווען די ענגלענדער זענען אַריין אין לאַגער, און האָבן אַרעסטירט דעם מערדערישן לאַגער־פירער וואָס איך האָב גראַד פאַרגעסן זיין נאָמען. איך בין צו אים צו און וויפל שפייעכטסאיך האָב געקענט אָנזאַמלען אין מיין מויל האָב איך אים מיט דעם גלייך אַריינגעשפּיגן אין זיין טריפהנעם פּרצוף אויס־רופנדיק מיט אַלע מיינע כוחות:

״אָט האַסטו, מערדער, פאַר מיין איינציק קינד, פאַר אַלע דערמאָרדעטע יידן״.

שפּעטער האָט מען דעם מנוול געהאַנגען.

זייער ערשטער באַפעל איז געווען, אַז די דייטשן זאָלן אויפקלויבן די קערפּערס, זיי אויפלאָדן אויף לאַסט־וועגענער און אָפּפירן צו קבורה.

די טויערן זענען אָפן.. איך בין... איך ווייס נישט וואָס כ׳בין... כ׳רעד צום הימל: וואָס טוט מען? גאָט אין הימל, וואָס טוט מען! און ווי אַזוי גיט מען זיך אַן עצה?...



חוהטשע צוקער

# ווידערשטאַנד אין געטאָ

אין רעמבערטאָווער געטאָ איז נישט פאָרגעקומען קיין אויפשטאַנד און נישט קיין ווידערשטאַנד אין פולן פאַרנעם. עס איז אָבער געמאַכט געוואָרן אַן אָנהייב פון אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד און איינע פון די, וואָס האָבן פלאַנירט צו אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן ווידערשטאַנד איז געווען חוהטשע צוקער.

חוהטשע, די טאָכטער פון ר׳ לייבל צוקער, איז באַקאַנט געווען ביי די רעמבערטאָווער יוגנט אַלס אַ מיידל מיט אַן אַנטוויקלטן אינטעלעקט און דערצו פאַרוואָרצלט אין יידישן קולטור־לעבן פון שטעטל, ווו זי האָט געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט, טראָץ די פיין, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אירע יונגע יאָרן.

דער פאָטער שטאַרבט ווען זי איז נאָך גאָר יונג און די מוטער קומט אום אויף אַ טראַגישן אופן. דאָס איז פאָרגעקומען דאַן ווען זי איז געפאָרן קיין וואַרשע איינקויפן פוך און פעדערן פאַרביידע טעכטער, חוהטשע און איר שוועסטער, פאַר וועלכע זי האָט געזאָרגט צוצוגרייטן אַ ״וויפּראַווע.

נאָכן אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג איבער די וואַרשעווער געשעפטן קומט זי ביינאַכט צוריק קיין רעמבערטאָוו מיט דעם איינגעהאַנדלטן זאַק פעדערן און פוך אַ שרעקלעך מידע פון דעם אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג, פאַלט זי איבער די רעלסן און אין דעם זעלבן מאָמענט קומט אָן אַ צוג פון דער צווייטער זייט, וועלכער איז געפאָרן פון מינסק־מאַזאָוויעצק, און פאָרט זי איבער אויף טויט.

נאָך דעם אומגליק וואַרפט זיך חוהטשע אַריין אין דער קולטור־אַרבעט מיט נאָך מער התלהבות און ברען. זי נוצט אויס דעם גאַנצן שלל פון איר וויסן, וואָס

זי האָט געשעפּט פון דער יידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור. זי רופט די יוגנט אָנטיילצונעמען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און אין דער זעלבער צייט אָפהיטן יידישקייט.

זייענדיק אַ מיטגליד אין רעמבערטאָווער דראַמקרייז, פלעגט זי אָנטיילנעמען אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען. אירע אויפטריטן ווערן זייער וואַרעם אויפ־גענומען און הויך אָפּגעשאַצט. זי האָט אויף דער בינע געשאַפן געשטאַלטן מיט אַ סך נשמה און מען האָט אין יעדער ראָל געפילט געדאַנקלעכע טיפקייט און פיינע אינטואיציע.

אין די טעג פון היטלער־קאשמאַר, נאָכן אַריינמאַרש פון די היטלעריסטישע רוצחים קיין רעמבערטאָוו, פירט ווייטער חוהטשע אָן מיט דער קולטור־געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. ווען עס דערגייען צו איר די ערשטע ידיעות וועגן די היטלעריסטישע רציחות אין די געטאָס, שווימט ביי איר אויף דער געדאַנק פון קאַמף קעגן די היטלעריסטן און נישט לאָזן זיך אומברענגען אָן ווידערשטאַנד.

וועגן איר קאַמף און אומקום דערציילט טאָבטשע גראַכאָווסקי, די איינציקע, וועלכע האָט דורכגעלעבט דעם רעמבערטאָווער געטאָ: חוהטשע מיט נחום ביטער און נאָך עטלעכע דרייסטע יונגעלייט האָבן באַשלאָסן צו קעמפן מיט געווער אין האַנט אויב דאָס לעבן פון די רעמבערטאָווער יידן וועט שטיין אין סכנה צו דעם צוועק ווערט באַשלאָסן, אַז נחום, וועלכער האָט געהאַט קאָנטשאַפט מיט קריסטן אויף דער אַרישער זייט, וועט זוכן מעגלעכקייטן איינצוהאַנדלען געווער. דער עיקר איז זיי געגאַנגען אין רעוואָלווערן און גראַנאַטן. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי גענומען ענערגיש פירן די געהיימע טעטיקייט צווישן דער יוגנט און צוגרייטן זיי צום אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד.

דער פּלאַן איז נישט געלונגען, ווייל אינצווישנצייט איז נחום ביטער אומ־געקומען בעת זיין אינדיווידועלן גבורה־קאַמף מיט די רעמבערטאָווער עס־עס־לייט.

חוהטשע צוקער מיט איר שוועסטער האָבן געטיילט דעם ביטערן גורל מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן אומקומענדיק אין טרעמבלינקע. איר איינציקער ברודער וועלוול האָט זיך צום גליק געראַטעוועט און לעבט מיט זיין משפחה אין מעקסיקאָ.

אין אונדזער זכרון וועט חוהטשע צוקער פאַרבלייבן איינע פון די אינטערע־סאַנטסטע פרויען אין אונדזער שטעטל.

ש. שידלובסקי





אנשל פרידמאַן

# מאלאטאוו אינטערווענירט לטובת מיין משפחה

אָכן 18־טן סעפּטעמבער 1939 בעת די רויטע אַרמיי האָט באַזעצט דעם מזרח־טייל פון פּוילן ביזן טייך בוג, בין איך אַנטלאָפן קיין בריסק און פון דאָרט טיפער אין ווייס־רוסלאַנד. מיינע עלטערן, מיינע ברידער און שוועסטער זענען אַלע געבליבן אין רעמבערטאָוו אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

איך בין שטאַרק באומרואיקט געווען וועגן זייער גורל אונטער דער היטלעריסטישער ממשלה און מיינע ערשטע שריט זענען געווען זיי מיטצוטיילן ווו איך געפין זיך און געבעטן מיר גלייך שרייבן דורכן רויטן קרייץ ווי זייער לאַגע זעט אויס און מיט וואָס איך קען זיי העלפן.

עס איז אַדורך אַ קורצע צייט, ווו איך האָב באַקומען אַ בריוו פון רעמבערטאָוו געשריבן פון מיין פאָטער ר׳ נחמיה, אַז די לאַגע האָט זיך אין רעמבערטאָוו פאַרבעסערט און ער ראַט מיר כ׳זאָל צוריקקומען אַהיים.

וועגן צוריקפאָרן צו די דייטשן האָט בכלל קיין רייד נישט געקענט זיין. אין צווישנצייט האָב איך זיך איינגעאָרדנט אויף אַ גוטן פּאָסטן און פון מיינע פאַרדינסטן זיי גענומען שיקן שפּייז־פּאַקעטן.

אין די ווייטערדיקע בריוו האָט מיין פאָטער מער נישט דערמאָנט, אַז די לאַגע פאַרבעסערט זיך. לויטן אינהאַלט פון די בריוו האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז די לאַגע איז דאָרט גאַנץ ביטער. מיר האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן צווישן זיך דעם קאָנטאַקט ביז אָנהויב 1941. אין יאַנואַר האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין פאָטער מיט פאָלגענדן אינהאַלט:

„מיר וווינען שוין אין אַ נייער וווינונג אויפן הויף פון די רובינס, ווו עס איז געווען דער באַזאַר... צוזאַמען מיט אַלע יעקב׳ס קינדער... ראַטעווע אונדז און נעם אונדז אַריבער צו זיך ווי אַמשנעלסטן... מיר לעבן נאָר פון די פּעקלעך וואָס דו שיקסט אונדז...

דער בריוו האָט מיך געוואַלדיק צעבראָכן. מיין מוח האָט גענומען אַרבעטן ווי אַזוי איך זאָל זיי קענען אַרויסראַטעווען און אַריבערברענגען זיי צו זיך. כ׳בין גלייך אַוועק אין ״רייספּאָלקאָם״, ווו איך האָב געהאַט קאָנטשאַפט און פאַר זיי פאַרגעלייענט מיין פאָטערס בריוו, בעטנדיק זיי זאָלן מיר העלפן אַהערברענגען מיין משפחה. זיי האָבן מיר פאַרגעשלאָגן, כ׳זאָל אָנשרייבן אַ ביטע צום סאָוויעטישן אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו און זיי וועלן אַלע אונטערשטיצן מיין ביטע.

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט אַ מענטש, וואָס האָט געקענט גוט די רוסישע שפּראַך און ער האָט פאַר מיר אָנגעשריבן די ביטע. אין דער ביטע האָב איך אויסגערעכנט אַלע נעמען פון מיין משפחה וועלכע איך בעט דאָ אַריבערברענגען.

נאָכן איבערגעבן מיין ביטע דעם ״רייספּאָלקאָם״ האָבן זיי נאָך צוגעשריבן זייער המלצה. עס האָבן אונטערשטיצט די ביטע אויך די איבעריקע שטאָט באַלע־באַטים. זיי האָבן דעם בריוו פאַרזען מיט אָן אַ שיעור סטעמפּלען און דער בריוו איז אַוועקגעגאַנגען צו מאָלאָטאָוו נאָך מאָסקווע.

עס האָט נישט מער געדויערט ווי בערך 2 וואָכן, באַקום איך אַ בריוו פון אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו, ווי ער טיילט מיר מיט, אַז מיין ביטע איז באַשטע־טיקט געוואָרן און אַז דער גאַנצער ענין איז שוין געוואָרן איבערגעשיקט קיין בערלין צום דייטשן אויסערן־מיניסטער ריבענטראָפּ.

דער פּערזענלעכער בריוו פון סאָוויעטישן אויסערן־מיניסטער האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין שטאָט. אַלע האָבן גראַטו־לירט און מען האָט געטרונקען: ״זאַ סטאַלינאַ״, ״זאַ מאָלאָטאָוואַ״ א.א.וו.

עטלעכע וואָכן שפּעטער באַקום איך אַ בריוו פון מיין פאָטער, ווי ער שרייבט מיר: ״זיי וויסן, אַז ס׳זענען געקומען צו אונדז 2 פּאָליציאַנטן, מיט אַ פולער טעקע דאָקומענטן. זיי האָבן פאַרשריבן אונדזערע אַלעמענס נעמען און דערקלערט, אַז מיר דאַרפן זיך אַלע צוגרייטן אַרויסצופאָרן קיין רוסלאַנד. די פרייד איז ביי אונדז גרויס, מיר מאַכן שוין די הכנות און מיר וואַרטן בלויז אויפן באַפעל צו פאָרן״...

ליידער איז די פרייד געווען אַ פריצייטיקע. ביז וואָס און ווען האָט זיך אָנגערוקט דער 22־טער יוני פון יאָר 1941, דער טאָג ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

איך בין דעמאָלט אַנטלאָפן אין טיף־רוסלאַנד, און מער האָב איך פון מיינע עלטערן און משפחה נישט געהערט, עס זענען אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן מיין פאָטער ר׳ נחמיה, מיין מוטער רבקה, מיינע שוועסטער פייגע און דאָבע, מיט איר מאַן אברהם הולמאַן און זייער 7 יאָריק זונעלע, מיין ברודער שמחה און מיין מוטערס שוועסטער סימע.



הרב גדליהו הערץ*

# רעמבערטאוו של מעלה

דורך רחמנות איז די וועלט צושטאַנד געקומען, און רחמנות איז אויך דער יסוד, אויף וועלכן די וועלט האַלט זיך שטענדיק. אין מסכתא סוטה י״ד, און שבת קל״ג, טייטשן די חז״ל די פסוקים: ״הדבק במדותיו, מה הוא רחום, אף אתה רחום, מה הוא חנון, אף אתה חנון״ (באהעפט זיך אין זיינע מידות, אַזוי ווי ער איז אַ רחום, אַזוי זאָלסטו אויך אַ רחום זיין).

איך ברענג דאָ די ציטאַטן אין שייכות מיט מיינע געהויבענע רעמבערטאָווער ברידער, מיט וועלכע איך האָב אין די בחורישע יאָרן זיך צוזאַמענגעלעבט, איינ־געזאַפּט אין זיך זייער התנהגות און הויכע מידות. די רעמבערטאָווער יידן זענען געווען געבענטשט מיט דער גרויסער מידה פון רחמים און צדקה. זיי זענען געווען מענטשן, וועלכע האָבן געלעבט נישט בלויז פאַר זיך און האָבן זייערע מעשים געטון נישט צוליב כבוד און אוודאי נישט צוליב פערזענלעכן נוצן.

״מצוות אינן צריכות כוונה״ — אַלע זייערע מעשים זענען געווען לשם שמים. זייער האַרציקע מענטשלעכקייט איז געווען געבויט אויף יסודות פון יהדות און דיקטירט פון טיפער אמונה. די רעמבערטאָווער יידן האָט כאַראַקטעריזירט דאָס שטרעבן צו מאָראַלישער שלימות.

די פאַקטן, וועלכע איך גיב דאָ איבער, אילוסטרירן דעם אור של קדושה, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון זייערע געשטאַלטן און באַשטעטיקט דאָס וואָס מיר זאָגן אין תהלים: ״אני בצדק אחזה את פניך״.

---

* אונדזער חשובער לאַנדסמאַן הרב הגאון ר׳ גדליהו הערץ, וועלכער איז נאָך יאָרן אַרומפאָרן איבער דער וועלט אין שליחות וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיטן אויפבויען די גרעסטע ישיבה אין ישראל, — איז היינט דער ראש־ישיבה פון דער אויפגעבויטער ישיבה אין תל־אביב, ״חידושי־הרי״ם״.

בשכנות פון גרויסן בית המדרש האָט זיך געפונען די הכנסת אורחים, ווו עס פלעגן איבערנעכטיקן און אויפהאַלטן זיך עטלעכע טעג יידן אָרעמעלייט, מדינה־גייער, וואָס פלעגן וואַנדערן פון שטעטל צו שטעטל און געלעבט פון דעם, וואָס גוטהאַרציקע יידן האָבן זיי געגעבן. איינמאָל, אין אַ געוויסן שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה איז מיר איינגעפאַלן אַריינצוגיין אין הכנסת אורחים און זען דעם מצב פון די אָרעמע מענטשן, צי זיי שלאָפן אויף אַ ריין געלעגער און בכלל מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך אין דער פרייער צייט, ווען זיי רוען זיך אָפּ און גייען נישט צונויפזאַמלען די נדבות אויף זייער טעגלעכער חיונה.

אַריינקומענדיק אינעווייניק האָב איך געטראָפן עטלעכע יידן זיצן אויף די אייזערנע בעטלעך, וועלכע זענען געווען פאַרזען מיט פרישע סיעניקעס מיט שטרוי, מיט אַ קישעלע אָנגעפילט מיט היי און אַ מיליטערישע דעק אויף צוצודעקן זיך ביים שלאָפן. אַ קליין נאַפט־לעמפל האָט באַלויכטן דאָס צימער.

זיי זענען געזעסן און געהאַלטן נעבן זיך די טאָרבעס. זיי האָבן זיך געפּאָרעט מיטן עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן צונויפגענומען אָדער איינגעקויפט זיך; האָבן אַרויסגענומען בלעכענע לעפל, געגרייט זיך צו זייער מלווה־מלכה. אַ ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד האָט גענומען רעדן, ווי סתם אַזוי, נישט ווענדנדיק זיך צו קיינעם:

״עץ הערט, האָב יעך געהאַט היינט אַ שבת, א ... עץ ווייסט דאָך, יאָך גיי אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. ווייס יעך דאָך שוין, אַז אַזאַ שטייגער נעמט מעז נישט פאַר אַן אורח צו אַ בכבודיקן באַלעבאָס, האָב יעך זיך נעכטן פאַרנאַכט ווען כ׳בין געקומען פון יאַדאָווע צופיס געלייגט שלאָפן און אפילו נישט געהערט ווען עץ זענט געקומען. ערשט היינט, ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען, בין יעך געווען שטאַרק הונגעריק, האָב אָפּגעדאַוונט דאָס שבתדיקע דאַווענען און אַוועקגעזעצט זיך וואַרטן, ווען יידן וועלן שוין זיצן אין די שטיבן ביי די טישן, וועל איך מיר אַריינגיין און אַ זאָג טון: יידן, גוט שבת, גיט מיר עפּעס צו עסן... גיי איך מיר אַרויס, זע אַ יינגעלע און פרעג אים, ווי עס איז דאָ פּאַראַן אַ באַלעבאָס, ווו מען מען קריגן עפּעס אָפּצועסן? ווייזט ער מיר אויף אַ טיר, אַז דאָרט וווינט שאלקע קצב כ׳קלאַפּ אָן און עס ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן. זיי האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן די שבתדיקע סעודה. די קצבטע מיט די טעכטער האָבן שוין געוואַשן ס׳געפעס. כ׳זאָג דעם קצב, אַז כ׳האָב שוין פון נעכטן אָן נישט געגעסן, האָט ער זיך אַ שטעל אויף געטון און געשריגן, אַז מען זאָל שוין אַריינגעבן עפּעס אָפּצועסן... איז דאָס געווען אַ סעודה, אַ טשאָלנט פון קאַרטאָפלעס, פענטשאַק און באָבעס, און ווי כ׳זיץ מיט אַ שטיק פלייש אין מויל, זע יעך ווי דער קצב זיצט און וויינט, מיין יעך, אַז ער איז חלילה קראַנק, אָבער ער זאָגט מיר, אַז דאָס וויינט ער פון פרייד, וואָס עס איז אים באַשערט מחיה צו זיין אַ ייד...״

אויסהערנדיק די רייד פון דעם אָרעמאַן, איז מיר געקומען אויפן זינען דער מאמר אין "זוהר" (דברים ר"ע, ג׳): "אַז ווייל איז דעם, וואָס זיצט לאַנג ביים טיש זיינעם, וואַרטנדיק טאָמער קומט אַן אָרעמאַן, ער זאָל אים מהנה זיין".

דאָ האָט זיך ווידער אָנגערופן אַ צווייטער אָרעמאַן, ער האָט זיך בשעת מעשה אויך געפּאָרעט מיט דער טאָרבע און נישט קוקנדיק צי מען הערט אים אָדער נישט, גענומען דערציילן זיין היינטיקן שבתדיקן פּאַרלויף:

"יאָך, זאָגט ער, האָב היינט געהאַט אַ שבת, נאָך אַ בעסערן פאַר אייערן... מעגט עטץ שוין הערן, וואָס יאָך האָב היינט געהאַט פאַר אַ היסטאָריע.. גיי יאָך מיר אַרויס אין שטעטל אַריין, פרעג מיר אַ יידענע, ווו ס'וווינט דאָ עפּעס אַ אָרנטלעכער ייד, וואָס האָט ליב אַן אָרעמאַן... זאָגט מיר די יידענע, ביי אינץ אין רעמבערטאָוו האָבן אַלע ליב אָרעמע מענטשן... גייטץ אַריין דאָ קעגנאיבער צו יצחק קצב (געמיינט יצחק רובין). קום יאָך אַריין צו דעם יצחק קצב, וואָס זאָל יאָך ענק דאָ זאָגן, "קאַנעהאָרע" אַ פּולע שטוב מיט קינדער. אַ גראַטשקע, אַ גערודער. געט אַ קום צו צו מיר דער יצחק קצב און זאָגט צו מיר: גוט שבת, אַן אורח?... זאָג יאָך ווי דען?... טאָ וואָס שטיי'ט איר? זאָגט יצחק קצב, נעמט, וואַשט אייך. געוואַשן זיך, גיט זי מיר אַ ברענג אַ פּולע שיסל מיט געבראָטן גענזענס, און אין דער שיסל פול מיט "זאָזע" פון דעם געבראָטנס, און צו דעם לייגט זי נאָך אַרויף נאָך אַ חלה אויפן טיש... און ווי יאָך וויל שוין נעמען בענטשן, קומט צו די קצבטע און גיט מיר אַ וואַרף אַריין אין דער שיסל נאָך אַ פּאָר שטיקער גענזנס... זאָג יאָך: הרגעץ מעך! יאָך קען נישט מער... אויב עטץ וועט נישט זיין בייז, וועל יאָך מיר דאָס מיטנעמען אין הכנסת־אורחים. צו שלוש סעודות... האָט זי מיר דאָס איינגעפּאַקט אין אַ פּאַפּיר מיט חלה מיט עטליכע קיכעלעך..."

די איבעריקע יידן וואָס זענען דאָרט געווען, האָבן זיך געגרייט יעדער אָנצוהייבן דערציילן זייער שבתדיקן פּאַרלויף, אָבער מער האָב איך שוין נישט געדאַרפן הערן, איך בין פון דאָרט אַרויס און געדאַנקט דעם באַשעפער, וואָס עס איז מיר באַשערט צו וווינען צווישן יידן, ביי וועלכע די מידה פון רחמנות און צדקה פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין זייערע הערצער. כ'האָב ערשט גענומען משיג זיין דעם זאָג פון ר׳ משה לייב סאַסאָווער: "כל זמן דו האָסט נישט ליב אַלע יידן, האָסטו נאָך גאָרנישט פאַרזוכט דעם אמתן טעם פון יראת שמיים".

און ווען מיר רעדן שוין וועגן די רעמבערטאָווער בעלי צדקה אין זייער האַרציקן רחמנות געפיל צו אָרעמעלייט, וועט אויך זיין אינטערעסאַנט איבער־צוגעבן אַ פּאַסירונג מיט אַ סיום הספר.

אין רעמבערטאָוו האָט געוווינט אַ ייד מיטן נאָמען נחמן סקורקע. אין שטעטל

האָט מען אים גערופן נחמן מאַלאַזש. ער איז געווען גבאי פון דער חברה־קדישא און זיין פרנסה איז געווען שטובן־מאָלעריי. ער איז געווען אַ פּשוטער ייד. אין דער יוגנט האָט ער נישט געלערנט, זיין פאָטער האָט אים אָנגעדונגען אַלס געהילף ביי אַ דראָשקאַזש אין פּראָגע, אָבער דערפאַר איז ער געווען געבענטשט מיט אַ דערבאַרעמדיקן האַרץ און צדקה האָט ער געגעבן מיט אַזאַ ברייטער האַנט, גלייך ער וואָלט געווען דער גרעסטער נגיד אין שטעטל.

נחמן מאַלאַזש וועלכער איז געווען ר״ל אַ קינדערלאָזער, האָט אַמאָל באַשלאָסן צו שרייבן אַ ספר־תורה אויף זיינעם און זיין ווייבס נאָמען. ער האָט אויסגעקליבן דעם בעסטן סופר און אַ גאָר באַקאַנטן ירא שמים אין פּראָגע און ווען עס איז געקומען צום סיום־הספר האָט נחמן מאַלאַזש וואָכן פריער אַריינגעקלערט ווי אַזוי צו מאַכן דעם סיום־הספר, אַז עס זאָל זיין עפּעס גאָר אויסערגעוויינלעך.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזאַ גרויסע סעודת מצווה ווי ער האָט זיך געקליבן איינצואָרדענען, איז קיין אַנדער אָרט נישט געווען ווי דער שטאָטישער גרויסער בית־המדרש. נאָכן בעטן מיין טאַטן הרב אברהם משה הערץ ז״ל, ער זאָל זיין ביים סיום הספר דער ראש המדברים, איז ער צוגעטרעטן צו די צוגרייטונגען.

ראשית כל איז ער אַוועק אין אַ פּרייטיק, ווען עס איז פאָרגעקומען דער מאַרק־טאָג, אויפגעקויפט אַלע גענדז מיט אַלע קאַטשקעס, אין פּראָגע האָט ער באַשטעלט מען זאָל אַרויסשיקן עטלעכע פעסער ביר און אַלע רעמבערטאָווער בעקערס האָט ער באַשטעלט מיטן באַקן בילקעס, לעקעכער און מיטן בראָטן אין זייערע אויוונס די גענדז מיט די קאַטשקעס, די פערטלעך קעלבערינס און די גרויסע לעקערס. צו דעם האָט ער באַשטעלט אַ חברה יונגעלייט, זיי זאָלן זיין די סאַרווערס, דערלאַנגען צו די טישן, אָנגיסן יעדן די גלעזלעך בראָנפן, ביר און צוגרייטן די פעטע שמאַלציקע הערינג מיט אייער־קיכלעך וכו׳ וכו׳. דער עיקר איז ביי נחמן מאַלאַזש געווען אַז אויף דער גרויסער סעודה זאָלן זיין וואָס מער אָרעמעלייט, אָבער ווו נעמט מען אין אַזאַ קליין שטעטל אַזויפיל אָרעמעלייט, אַז בסך הכל פלעגן זיי קומען 5—6 אַ טאָג אין שטעטל אַריין?

צו דעם האָט נחמן מאַלאַזש אויך געפונען אַן עצה, ער האָט אַרויסגעשיקט שטאַפעטן אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך, ווו ער האָט געלאָזט מודיע זיין אין די בתי מדרשים, אַז ער בעט אַלע אָרעמעלייט זאָלן קומען דעם און דעם טאָג צום סיום הספר, און אַז ער וועט יעדן צוריקגעבן די הוצאות מיט אַ שיינער נדבה אַלס צולאָג.

דער טאָג פון סיום הספר איז געקומען, דער בית המדרש איז געווען אויס־געפוצט און אויסגעשטעלט מיט טישן, אַלע לאָמפּן האָבן געברענט און צוגעהאָלפן מיט זייער ליכט באַשיינען די שמחה, און ועל כולם האָבן אין שטעטל געגומען

אָנקומען אָרעמעלייט פון די אַרומיקע שטעטלעך. אַז נחמן האָט דערזען די אָרעמעלייט, זיינע טייערע געסט, איז ער געוואָרן מלא שמחה און אַװעקגעלאָזט זיך מיט זיי אין אַ טאַנץ. די שמחה פון דעם סיום איז געװען נישט צו באַשרייבן.

נאָך אַ נאַכט הוליען און זיך משמח זיין האָט דער עולם זיך גענומען צעגיין. נחמן מאַלאַזש איז צוגעקומען צום טאַטן אין אים געזאָגט, אַז ער האַלט אַז דאָס וואָס דאָ איז פאָרגעקומען איז צו װייניק און דערפאַר געפרעגט אַן עצה וואָס זאָל ער טון? האָט דער טאַטע אים געעצהט, אַז אויב ער וויל דווקא נאָך עפּעס טון, זאָל ער צומאָרגנס נאָך מעריב איינאָרדענען אין בית המדרש אַ צוגאָב סעודה פאַר די אָרעמעלייט.

נחמן איז שוין נישט אַהיימגעגאַנגען שלאָפן, נאָר אַרומגעלאָפן צו די קצבים אויפקויפן פלייש, און אויך אַנדערע אַרטיקלען. אויפצומאָרגנס איז פאָרגעקומען אַן עקסטרא סעודה פאַר אָרעמעלייט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאַן האָט נחמן אויסגעצאָלט אַלע אַן אויסנאַם פאַר די הוצאות וואָס זיי האָבן געמאַכט און צו דעם יעדן באַזונדער צוגעגעבן אַ זילבערנעם צווייער זלאָטע.

אַזעלכע מעשים פון ר׳ נחמן מאַלאַזש איז פּשוט שווער משיג צו זיין. די חז״ל אין שקלים ט״ו אויפן פסוק אין תהילים זאָגן: ״אשרי משכיל אל דל״. עס שטייט נישט, אשרי נותן אל דל, אַז ווויל איז דעם וואָס גיט דעם אָרעמאַן. ״אשרי משכיל מיינט, אַז וווויל איז דעם וואָס איז זיך משתדל צו טאָן צדקה אויף וואָס אַ מער בעסערן וועג, וואָס וויל ניט יוצא זיין מיטן בלויזן געבן, נאָר ער גיט זיך די מי לייגט אַן שכל דערביי, אַז זיין צדקה־געבן זאָל זיין אויף אַ וואָס מער ברייטערן און פיינערן וועג.

ווער פון די רעמבערטאָווער, וואָס געפינען זיך ב״ה דאָ אין ישראל, געדענקען עס נישט דעם שיינעם מנהג, וואָס איז געווען איינגעפירט, אַז יעדן פּורים ביינאַכט בעת דער סעודה, זענען אין יעדער שטוב ביי די שיין אָנגעגרייטע טישן געשטאַנען שטויסן מיט מטבעות, נישט קיין קליין געלט מטבעות, — נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן פון זלאָטעס און צווייער זלאָטעס און אפילו פינפער זלאָטעס, פאַרשטייט זיך, אַז שטויסן מיט די גרעסערע מטבעות זענען געווען אויסגעשטעלט אין די פאַרמעגלעכע שטיבן, אָבער אויך ביי די נישט־פאַרמעגלעכע זענען געווען אָנגעגרייט שטויסן מיט קלענערע מטבעות.

אַז מען האָט געדאַרפט צונויפנעמען אַ נדבה בסתר פאַר אַ בכבודן נצרך, פלעגן זיך דערצו מתנדב זיין אַזעלכע יידן ווי: ר׳ ישראל מרדכי ביטער, ר׳ שלום גראָבאָווסקי, ר׳ ישראל אהרן ביאַלער א. א. גלייך ווי זיי זענען אַריינגעקומען, האָט מען נישט געפרעגט קיין קשיות ווער און וואָס, נאָר מען האָט אַראָפּגענומען פון די שטויסן אומגעציילט שפּאָרע מטבעות און זיי דערלאַנגט, פלעגן נאָך בשעת

מעשה צווינטשן, אַז דער מקבל בסתר זאָל געהאָלפן ווערן און איבעראַיאָר אי״ה זאָל ער זיין פון די נותנים.

עס דאַרף דאָ פאַר דורות פאַרצייכנט ווערן, אַז רעמבערטאָווער יידן האָבן מיט זייערע רמ״ח איברים מקיים געווען דעם ״כל הפושט יד נותנים לו״, ווי עס ווערט פאָרמולירט אין רמב״ם (הלכות מתנות עניים פרק שביעי), ״אַז ער זאָגט, איך בין הונגעריק, גיט מיר עסן, איז מען אים נישט בודק, טאָמער איז ער אַן אָפּנאַרער, נאָר מען דאַרף אים באַלד מפרנס זיין, ריש לקיש זאָגט וועגן דעם ענין (ויקרא רבה, בהר): ״אויב האָסטו נישט אים צו געבן, טרייסט אים מיט רייד, און זאָג אים: ביז צום טויט פאַרדריסט מיך, וואָס איך האָב נישט וואָס צו געבן״. דעריבער דאַרפן מיר דערפון לערנען אַז: ״מצוה לישראל לעשות חסד למישהו״ (מדרש תהלים נ״ב) — אַ ייד באַדאַרף חסד טאָן מיט יעדן וואָס ווענדט זיך צו ואים, מכבד זיין אַן אָרעמאַן געהער צו די גאָר הויכע ענינים. אָרעמעלייט, דור דזייער צער, יסורים און צעבראָכן געמיט, זענען מן השמים געלייטערטע. אָרעמקייט לייטערט דעם מענטש צו מידות טובות. ״הנה צרפתיך ולא בכסף בחרתיך בכור עוני״ (ישעיהו מ״ח). ״איך האָב דיך געלייטערט און ניט ווי מען לייטערט זילבער. דורך דער אָרעמקייט, דורך וועלכער דו ביזט געפייניקט געוואָרן, האָב איך דיך אויסדערוויילט״. איז געדרינגען דערפון, אַז הקב״ה האָט געזוכט אַלערליי מידות טובות פאַר די יידן און ער האָט נישט געפונען פאַר זיי נאָר אָרעמקייט. נישט פאַרגעסן דאַרפן מיר דערביי דעם ״כי יעמוד לימין אביון״ (תהלים ק״ט), גאָט ברוך הוא אַליין שטייט ביי דער רעכטער האַנט פון אָרעמאַן״.

טאָ זאָלן מיר זיך דאָס קליינע ביסל ב״ה געראַטעוועטע, אַראָפּנעמען אַ מוסר השכל פון אונדזערע קדושים וטהורים, וועלכע האָבן זוכה געווען, אַז מען זאָל זיי נאָכזאָגן דעם שבח: אין רעמבערטאָוו האָט קיינמאָל נישט געקענט פּאַסירן אַז אַן אָרעמאַן זאָל שטאַרבן פון הונגער. ווען עס וואָלט יאָ פּאַסירט אַזאַ פאַל וואָלט מען בלויז געקענט זאָגן, אַז דער מענטש איז געשטאָרבן פון בושה, וואָס ער האָט זיך געשעמט און ניט געהאַט דעם מוט אָנצוקלאַפּן אין אַ יידישער טיר. וואָלט ער נאָר אָנגעקלאַפּט וואָלט ער שוין פון קיין הונגער נישט געקענט שטאַרבן.

זאָלן מיר אין ליכט פון די זכרונות זיך גוט נעמען אין זינען אַריין, אַז דער אָנדענק פון אונדזערע קדושים וטהורים איז אויך דער לעבעדיקער מקור, פון וועלכן מיר אַלע שעפּן אונדזער גייסטיקע יניקה.



שלמה שידלאָווסקי

# במעלות קדושים וטהורים

**רעמבערטאָווער געזעלשאַפטלעך טעטיקע, אומגעקומענע על קידוש השם**
**ז' אלול 1942 אין די טרעמבלינקער גאַז־קאַמערן** (לויט א'־ב')

**דודטשע אסטזשעגא** — ערשטער מאַן פון ראַכטשע, — אַקטיווער מיטגליד אין "מזרחי"־אָרג. געזעלשאַפטלעך טעטיק, שטיצער פון ציוניסטישע קרנות און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס.

**פסח אסטזשעגא** — באַקאַנט אַלס "דער הויכער פסח" מיט זיין גוט־מוטיקייט און הומאָר, אַ בעל צדקה און בעל טובה, אומגעקומען מיט זיין פרוי מירל און קינדער.

**דודטשע ביטער** — זון פון ישראל מרדכי, אייגענטימער פון קוילן־סקלאַד, לאַנג יאָריקער פאַרוואַלטונגס מיטגליד אין רעמבערטאָווער "התאחדות", טעטיק אין געזעלשאַפטלעכע און אין סאָציאַלע אינסטיטוציעס, געשטיצט מיט געלט און מיט אַרבעט די חלוצים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אָרטיקן קיבוץ הכשרה "גורדוניה". ער האָט פאַרמאָגט געפיל און פאַרשטענדעניש פאַר העלפן אַנדערע

**לייזער ביטער** — זון פון חיים. פעאיקער ספּאָרטלער, געוומען אַנטייל אַלס פוטבאָליסט אין רעמבערטאָווער פוילישן פוטבאָל קלוב. די לעצטע יאָרן געווען טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע.

**בלומקע ביטער** — טאָכטער פון חיים. איבערגעגעבענע ציוניסטישע כלל־טוערין און מיטגלידערין אין "התאחדות", באַטייליקט זיך אין אַקציעס לטובת סאָציאַלע פאַלן.

**יעקב בימבליך** — זון פון טוביה, יונג, שיין און קליג, נישט געווען אָנגעבינדן אין קיין שום ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, און צו דער זעלבער צייט געווען אין אַלע, אַ מין כל־בוניק, ווו מען האָט אים געדאַרפן האָט ער געגעבן אַ האַנט, געהאָלפן אָרגאַניזירן יוגנטלעכע אימפּרעזעס, בלימל־אַקציעס, פוטבאָל־מעטשן, זייענדיק אַליין אַ מזג טוב־טיפּ, האָט ער אַזוי אַרום אָפּגעטיילט די מחיצה פון פאַרטיי־אָנגעהעריקייט און געווען אַ קאָלעגע מיטן גאַנצן שטעטל יוגנטלעכע, אַנטלאָפן אין די מלחמה־יאָרן קיין רוסלאַנד און פון דעמאָלט אָן פאַרפאַלן געוואָרן.

**אברהם בלאכמאַן** — דאָזאָר פון דער רעמבערטאָווער קהלה, געוויילט דורך "התאחדות", ווו ער איז געווען פאַרוואַלטונגס מיטגליד. אַ סימפּאַטישער און גוטמוטיקער, אַ בעל טובה און מכניס אורח.

**הרבנית בערגהויער** — די פרוי פון רעמבערטאָווער רב הרב אברהם דוד בערגהויער, פאָרזיצערין פון דער רעמבערטאָווער מזרחיסטישער פרויען־אָרגאַני־זאַציע "ברוריה", טעטיק אין צדקה־מוסדות, מיט האַרציקער און וואַרעמער באַציאונג צו מענטשן, און באַזונדערס צו די פרויען, וועלכע האָבן מיט איר מיטגעאַרבעט.

**שימעלע באַרדאַס** — זיין פאָטער אַ פרומער ייד, געקומען נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע קיין רעמבערטאָוו, מיט פרוי און צוויי קינדער. זיין מסחר איז געווען פאַרב־אַרטיקלען. ווען די מלחמה ברעכט אויס און רעמבערטאָווער יידן אַנטלויפן קיין אָקוניעוו, פירט שימעלע זיין אַלטן שוין איצט פאַראַליזירטן טאַטן אויף דער ראַם פון אַ ראָווער. ער אַליין גייט צופוס און שלעפּט אַזוי דעם ראָווער מיטן פאַראַליזירטן טאַטן 20 קילאָמעטער. די טאָכטער רחל, וועלכע איז פאַר דער מלחמה עולה געווען קיין ארץ־ישראל, איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין לאַנד. דער אַלטער פאָטער איז געשטאָרבן אין געטאָ, געקומען צו קבר ישראל.

**יודקע בראַמבערג** — איידעם פון מענדל קלוגמאַן, פון די מזרחיסטישע אַקטיוויסטן און שטיצער, אייגנטימער פון אַ ברעטער־סקלאַד, אַ בעל צדקה און בעל מעשים טובים.

**בערל בראַמבערג** — איידעם פון הענעך פינקעלשטיין, פון די חשובי העיר, הייזער־און ברעטער־סקלאַד־אייגנטימער, נאָענט צו די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס.

**מאַלע גאָלדשטיין** — טאָכטער פון מענדל אַ קוואַל פון יוגנט, זאָרגלאָזיקייט און לעבנס־לוסט, אַקטיוו אין "גורדוניה", פאַרמאָגט חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט.

**שמאי דאָרן** — אַ חסידישער ייד, אַקטיוו אין רעמבערטאָווער "אגודה", געקעמפט פאַר פרומקייט און קדושה פון שבת, אייגנטימער פון אַ גאַלאַנטעריע געשעפט און הויז פון מאָטל יעלען.

**מאיר דאָרן** — טעטיק אין רעמבערטאָווער "מזרחי", און אין בלאָז אָרקעס־טער ביי דער אָרגאַניזאַציע.

**בן־ציון וואָלף** — איידעם פון משה עפשטיין, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער רעמבערטאָווער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, טעטיק אין דער פאַר־וואַלטונג פון דער גמילת־חסדים קאַסע.

**לייבל ווענדריגער** — פאָטער פון ישראלקע און בערל, אַקטיוו טעטיק אין רעמבערטאָווער "לינת הצדק", אָרגאַניזירט בלימל־טעג, באַזוכט יעדן קראַנקן אין שטעטל און פאַר יעדן געהאַט תמיד אַ טרייסט וואָרט.

**יאנקעלע זאלצבערג** — אַ תלמיד חכם, פון די באַקאַנטע "אגודה" טוער אין שטעטל, אייגנטימער פון אַ מאַנופאַקטור געשעפט, זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערלעכקייט און יראת־שמיים.

**מענדל זילבערבערג** — באַקאַנט געוועזן א. נ. "מענדעלע בעדער", אַ פרומער אָפּגעהיטענער ייד, אויסגעצייכנט זיך מיט אַ גוואַלדיקער תמימות, לאַנגע יאָרן געוועזן שמש אין בית־המדרש און די אַרבעט איז ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן עבודת הקודש.

**יצחק וויינטרויב** — איידעם פון משה שאפשיק, אַ צאַרטער און איידעלער מענטש, מיט אַן אַנטוויקלטן רחמנות־געפיל, פון די מענטשן, וואָס טשעפּען נישט קיין פליג אויף דער וואַנט. זיין פרנסה — אַ גרינוואַרג־געוועלבל. זיינע איידעלע מאַניערן האָבן עדות געזאָגט, אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן צו עפּעס העכערס.

**וואווע זילבערשטיין** — פון די גרויסע פּי סוחרים אין הורט, אומפּאַרטייאיש, ברייטהאַרציק ביים שטיצן שטאָט־באַדערפענישן.

**יהושע טייבלום** — מזרחיסט, געשטיצט נאַציאָנאַלע קרנות און אַנדערע הילפס־אינסטיטוציעס, דירעקטאָר פון דער רעמבערטאָווער יידישער לייַ־באַנק און אייגנטימער פון גרעסטן ברעטער־סקלאַד. אין יאָר 1939 געמאַכט אַ רייזע נאָך ארץ־ישראל און צוריקגעקומען קיין רעמבערטאָוו עטלעכע וואָכן פאַרן אויס־ברוך פון דער מלחמה.

**משה טענענבוים** — פון די ערשטע רעמבערטאָווער באַלעבאַטים, אַקטיווער "אגודה"־מיטגליד און גאָר פרום, באַקאַנט מיט זיין פקחות און גוטהאַרציקייט.

**הערשל טענענבוים** (זון פון משה) — משגיח פון כשרות אויף דער פוילישער פּאַסאַזשיר־שיף "פּאָלאָניאַ" וועלכע האָט קורסירט אויף דער ליניע גדיניע—חיפה. דעם אַמט האָט ער באַקומען אַ דאַנק דער צענטראַלע פון "מזרחי" צוליבן באַזיצן גוט די פּוילישע שפּראַך, איידעלע מאַניערן און תמיד ריין און עלעגאַנט גע־קליידעט. צוליב כיבוד אב האָט ער געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ יידיש היטל ווען ער איז געקומען אויף אורלויב פון די רייזעס.

**זיגמונט טענענבוים** — זון פון יאנקעלע שוחט, פאַרשטייער פון די אַלגע־מיינע ציוניסטן אין רעמבערטאָוו, באַהאַוונט אין יידישער און אין וועלטלעכער ליטעראַטור, געאַרבעט סטאַביל אין אַ גרויסער וואַרשעווער פירמע אַלס בוכ־האַלטער.

**יאנקל יעלען** — פאָטער פון חוהטשע און וואָווע. ווי דער רוב פון דער משפחה יעלען, איז זיין פרנסה פי־מסחר, אַ שטילער און באַשיידענער, זיין שמייכל פאַרלעגן, ווי נישט וויסענדיק וואָס צו ענטפערן, אַז מען פרעגט אים עפּעס, חוץ פאַר קעגנזייטיקער הילף און צדקה־ענינים.

**אסתר יעלען** — טאָכטער פון מאָטל, מיטגלידערין פון דער הנהגת "גורדוניה" אין רעמבערטאָוו, פאַרדינסטן ביים אויפשטייג פון חלוצישן געדאַנק צווישן דער רעמבערטאָווער ציוניסטישער יוגנט. האַרציק, חבריש און גוטן כאַראַקטער.

**ברוך יעלען** — זון פון משה יודל. פרנסה פון דער פלייש בראַנזשע. אַנטוויקלטע געזעלשאַפטלעכע רייפקייט, אָרגאַניזאַטאָר, גרינדער און ערשטער קוכער ביים איינאָרדענען פאַר די יידישע זעלנער פון רעמבערטאָווער גאַרניזאָן פסחדיקע סדרים, און אויך מאָלצייטן אויף די גאַנצע אַכט טעג פסח. גוטער כאַראַקטער, ווייזט אַרויס וואכזאַמקייט צו יעדער געזעלשאַפטלעכער און קהלשער טעטיקייט. זיין איינציקע יונגע טאָכטער בראָניע איז געפאַלן דער ערשטער קרבן אין רעמבערטאָוו, געוואָרן דערשאָסן ביי דער שטוב דורך אַ דייטשן היטלעריסטישן רוצח.

**יחיאל יעלען** — זון פון חנינה. אינטעליגענטער יונגערמאַן, באַשיידן, טעטיק אין דער רעמבערטאָווער "התאחדות" אָרגאַניזאַציע, קאַסירער און בוכ־האַלטער פון דער ליי־קאַסע. חתונה־געהאַט עטלעכע וואָכן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה.

**מאטל יעלען** — פון די חשובע און אָנגעזעענע באַלעבאַטים אין רעמבער־טאָוו, פלייש־סוחר און פּאָדריאַטשיק פאַרן מיליטער. פון די גאָר ערלעכע און אויפריכטיקע מענטשן, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום שוועריקייטן די העלפן מענטשן און האָט עס געטון בכל לבבו ובכל מאודו; אַ זעלטענע געשטאַלט, וואָס איז געווען באַליבט ביי אַלע איינוווינער; שטרענג אָפּגעהיטן יידיש טראַדיציאָנעל לעבן; האָט געשאָנקען דער "התאחדות" אַ פּלאַץ אויף אויפצושטעלן אַן אייגענע געביידע.

**שלמה כהן** — געווינט אין קאַרעלוווקע, אַלמן מיט פיר טעכטער אין הויז; אייביק פריילעכער ווערטל־זאָגער, האָט זיך קיינמאָל נישט איבערגענומען פון זיין אביונישקייט, פלעגט זאָגן, אַז ווען גאָט העלפט אים, און ער באַקומט פאַר זיינע פיר טעכטער פיר איידעמס, מאַכט ער זיי אַלע פאַר מיליאָנערן, און בכדי צו באַווייזן, אַז ער מיינט עס ערנסט, פלעגט ער זיך אַרויפשטעלן אויף אַ בענקל און אַראָפּשלעפּן פון אויוון אַ זאַק מיט מיליאָנען צאַרישע רובלס...

**פאלע מיינעמער** — טאָכטער פון שאַיע, אַ שפּרינגענדיקע און טאַנצנדיקע, אַקטיוו אין דער הנהגה פון "גורדוניה", פאַרמאָגט גוטע אייגנשאַפטן און געווען באַליבט צווישן אירע חברים אין חברות.

**מאיר מיאַדאַוווניק** — דעם אַלטן רב'ס איידעם, אַ למדן, פון די פאָפּולערסטע און באַליבסטע יידן אין די חסידישע קרייזן; אַ מענטש מיט גרויס חריפות, דורכגעפירט פאַרפלאָנטערטע בוררותן.

**אברהם נאַגעלמאַן** — פון די "אגודה" אַקטיוויסטן. זיין מסחר איז געווען זייף, זיין זון משה איז געווען טעטיק אין "מזרחי", שפּעטער אין "התאחדות". ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אַנטלויפן טאַטע און זון פון רעמבערטאָוו קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. עס פאַלט אַ באָמבע אויפן הויז אין מינסק־מאַזאָוויעצק און ביידע ווערן דערהרגעט. זיין פרוי און די איבעריקע קינדער וועלכע זענען געבליבן אין רעמבערטאָוו זענען אומגעקומען.

**ניסן נאַשעווסקי** — קאָמוניסטישער אַקטיוויסט, טעטיק געווען אין וואַרשע, ווייל רעמבערטאָוו איז נישט געווען קיין פעלד פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. ניסן איז געווען אַ טיפּ פון אַ פאָלקס־מענטש, הויך, געזונט, גוטהאַרציק און מיט אַן אייביקן שמייכל אויפן פּנים, דעם קאָמוניזם האָט ער מיט זיין גאַנצן יוגנטלעכן ברען גענומען גאָר ערנסט... ווען בעת אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פון רעמבערטאָווער דראַמ־קרייז האָט זיך צווישן דער פּראָזע דורכגעוואָרפן אַ רעוואָלוציאָנערע לאָזונג, האָט ער זיך מיט רעש אויפגעשטעלט און מיט זיינע פעסטע הענט גענומען אַזוי דונערנדיק אַפּלאָדירן און שרייען "בראַוואָ", אַז דאָס טעאַטער האָט געציטערט. ניסן איז אומגעקומען מיט אַלע רעמבערטאָווער יידן אין טרעמבלינקע.

**שיינע סאָקאָל** — פון דער באַקאַנטער סאָקאָל־משפחה, פאַרנומען זיך מיט צדקה און מעשים טובים, געזאָרגט פאַר אלמנות און יתומים.

**משה סטאַלאָוויטש** — פון די עלטערע בכבודיקע רעליגיעזע באַלעבאַטים. שטענדיק גוט אויפגעלייגט, גרויסער בעל אמונה און בעל בטחון. זיין איינציקע טאָכטער העלע איז געשטאָרבן אין דער צייט פון דער מלחמה אין אַן אָטוואָצקער סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע.

**משה סירעק** — זון פון ר' שמערל, אַקטיווער מיטגליד אין "מזרחי" און אין בלאָז אָרקעסטער, בעתן אָקופּירן רעמבערטאָוו, אַנטלאָפן קיין בריסק, אומגעקערט זיך אַרויסצוראַטעווען זיין כלה, חוה יעלען, אָבער זיי האָבן שוין נישט געקענט אַנטלויפן פון רעמבערטאָווער געטאָ.

**שמואל סקאָוראָנעק** — דער איינציקער רעמבערטאָווער מעקלער, זייער

אַ גוטמוטיקער, צוגעלאָזענער און האַרציקער, אַ בעל חוש של הומאָר און זיינע לוסטיקע גלייכווערטלעך ווערן זיך איבערדערציילט עד היום. פון אַלע זיינע קינדער האָט זיך געראַטעוועט בלויז ד״ר אשר סקאָווראָנעק, וועלכער לעבט אין האָליווּד, אַמעריקע.

**גדליה סקאָווראָנעק** — זון פון שמואל, מיטגליד אין דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק, ספּאָרטלער, באַטייליקט זיך אַלס פוטבאָל־שפּילער אין דער רעמבערטאָווער פוילישער מאַנשאַפט. ער האָט געהאַט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט אַנטיסעמיטישע שקצים אין שטעטל און אַ דאַנק דעם איז אים געלונגען אויסצומיידן כוליגאַנישע אַרויסטרעטונגען אין רעמבערטאָוו.

**אברהם משה ערנסטער** — איידעם פון חיים פוקס, כשמו כן הוא — אַ שטענדיק ערנסטער און באַזאָרגטער, אייגנטימער פון אַ זיסוואַרג־געוועלבל, אייניציקער פאַרזאָרגער פון יידישע פרעסע. שוין פון גאַנץ פרי זענען געווען פאַרזאַמלט אַרום זיין געוועלבל צענדליקער יידן און אָפּגעוואַרט אברהםמשה׳ן, ער זאָל קומען פון דער באַן מיט די יידישע צייטונגען. אַן איידעלער און בעל רחמים, אַ זוכער פון אמת און גערעכטיקייט.

**זיסל פוטערמאַן** — אַקטיוו טעטיק אין דער מזרחיסטישער פרויען אָרגאַניזאַציע ״ברוריה״, געהאַט פאַרדינסטן ביים אָרגאַניזירן דעם פרויען־קיבוץ ״למטרה״. באַקאַנט מיט איר פיינעם כאַראַקטער און תמימותדיקע אייגנשאַפטן.

**משה פוטערמאַן** — אין דער הנהגה פון ״ויתקיניה״, שטענדיקן שמייכל, דאָס פּנים גערויטלט, גערעדט מיט פּאַטאָס. ער איז געווען פון די טיפן אמתע פריינד, וואָס זענען צופרידן צו טאָן אַ טובה.

**איטשעלע פינקל** — אייגנטימער פון אַ שפּייז־געוועלב, פון די אָנגעזעענע ראַדזינער חסידים, אַ בן־תורה און אַקטיווער טוער אין דער רעמבערטאָווער ״אגודה״. געהאַט פאַרדינסטן פאַרן פאַרשטאַרקן דאָס רעליגיעזע לעבן אין שטעטל.

**אברמקע פינקלשטיין** — זון פון הענעך. מיטגליד אין רעמבערטאָווער ״הפועל המזרחי״, אַ משכיל מיט באַזונדערע פעאיקייט צו מסחר.

**יהושע פינקעלשטיין** — זון פון הענעך. איידל און סימפּאַטיש, מיטגליד אין ״הפועל המזרחי״. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט רעמבערטאָוו, איז ער אַנטלאָפן קיין בריסק, דערנאָך געשמוגלט זיך צוריק קיין רעמבערטאָוו. אומגעקומען אין מיידאַנעק.

**שכנא פינקלשטיין** — זון פון הענעך. אָנטיילנעמער אין ״מזרחי״־אָרקעסטער; אַ קיילעכיק פּנים מיט חן־גריבעלעך, גוטמוטיק און שטענדיק אין גוטן הומאָר. ליב געהאַט צו דענקען און זיך דערטראַכטן צום עיקר.

**מאניעק פינקלשטיין** — זון פון הענעך. מיטגליד אין "הפועל־המזרחי" און אָנטיילנעמער אין בלאָז־אָרקעסטער; איידל און חבריש, פול מיט לעבן.

**מאניעק פעפער** — רעזערוו־אָפיציר אין דער פוילישער אַרמיי; טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, אָנפירער פון די רעוויזיאָניסטישע מיליטעריש פאַראַדן אין רעמבערטאָוו, אין פוילישן אומאָפּהענגיקייטס יום־טוב; אייגנטימער פון מעל־און האָבער־געווועלב בשותפות מיט זיין פרומען שווער. ער האָט גערעדט צום שווער פויליש, און דער שווער האָט אים געענטפערט אין יידיש, מיט מאמרי חז"ל. דער שווער און מאַניעק מיט דער פרוי זענען אומגעקומען. לויט קלאַנגען דאַרפן זיך זיינע צוויי זין געפינען ערגעץ אין דרום־אַמעריקע.

**איטשע פערלשטאט** — אַ למדן און פייערדיקער סטריקאָווער חסיד; אייגנטימער פון אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אין וואַרשע. ר' איטשע, וועלכער איז געווען פון די עלטסטע באַלעבאַטים אין שטעטל, האָט זיך באַקאַנט געמאַכט מיט זיינע ברייטע אונטערשטיצונגען לטובת וווילטעטיקע צוועקן. ווען דער סטריקאָווער רבי איז אַמאָל געקומען קיין רעמבערטאָוו, איז ער איינגעשטאַנען ביי ר' איטשען אין הויז. ר' איטשע איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה. די גאַנצע משפחה פערלשטאט איז אומגעקומען.

**ב. צוקער** — טאָכטער פון לייבל, שימערירט מיט ספעציעלן חן, איידעלע מאַניערן, און מיט אַ שפע פון לעבנס חכמה, — וויכטיקע און פעאיקע ראָליסטן אין רעמבערטאָווער דראַמ־קרייז "בליאונג" בעת אירע אויפטריטן אויף דער בינע, ווערט די פראָזע פון איר אַרויסגעבערענגט מיט השתפחות הנפש. אַלע קינדער פון ר' לייבל צוקער האָבן ליב געהאַט צוצוטוליען צום האָרץ די גרויסע גייסטיקע אוצרות פון יידיש. צוזאַמען מיט איר שוועסטער אומגעקומען אין טרעמבלינקע, דער איינציקער ברודער וועלוול האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך אין מעקסיקאָ־סיטי.

**יאנקל קאווערבלום** — זון פון משה, טיכטיקער אַקטיוויסט אין "ויתקיניה", מיטגליד אין דער הנהגה, מיט אַ גרויסן דורשט צום לייענען, וויסן, צו זיין אינפאָרמירט און באַהאַוונט אין וועלט־פּראָבלעמען און טיילן זיך מיט זיין וויסן און קענטניש מיט דער שטעטלשער יוגנט.

**יהושע קאווערבלום** — זון פון משה, אַ ויתקיניסט, מיט אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן, טעטיק ביים אַריינציען דורך אידעאָלאָגישע אויפקלערונגען שטעטלשע יוגנטלעכע אין די רייען פון דער ציוני. יוגנט־אָרג. "ויתקיניה".

**ישראל יצחק קינדערמאן** — איידעם פון אַלטן רב, אַ תלמיד חכם, האָט געגעבן גמרא־שעורים אין רעמבערטאָווער בית־המדרש, געווען אַקטיוו אין דער

"אגודה". באַהאַוונט אין וועלטלעכע ענינים, געשטראַלט מיט אויפריכטיקייט און ליבשאַפט צום אמת.

**אברהם רובין** — זון פון שאַלקע, פאָלקסטימלעך, מיט אַ גוטן כאַראַקטער, מענטשלעך און עטיש. צו יעדער מינוט גרייט געווען צו פאַרטיידיקן יידישן כבוד.

**יאנקל רובין** — זון פון שאַלקע. פון די איבערגעגעבנסטע און אַקטיווסטע פאַרטיי־מיטגלידער אין "התאחדות" און אין "ויתקיניה"; לאַנגיאָריקער פאַר־וואַלטונגס־מיטגליד; אַ דרוקער־אַרבעטער און האָט געשענקט דעם רוב פון די פאַרדינסטן, צוזאַמען מיט מי און ענערגיע פאַר דער פאַרטיי. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער חתונה געהאַט מיט יאנקעלע שוחטס טאָכטער, שרה טענענבוים און עס געלינגט זיי זיך איבערצושמוגלען איבערן בוג נאָך בריסק, וואָס איז געווען אָקופּירט פון די סאָוויעטן. זיי האָבן זיך אומגעקערט נאָך רעמבערטאָוו מיט דער הילף פון אַ גרענעץ־שמוגלער און ביידע זענען אומגעקומען בעת דער אַלגעמיינער רעמבערטאָווער אויסזידלונג.

**יאסל רובין** — זון פון בנימין, אַ געלאַסענער, קאַלטבלוטיקער ביז גאָר, נישט איבערגענומען זיך אין די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס (מען האָט אים אַמאָל, וווינענדיק אויף ניי־רעמבערטאָוו, באַגנבעט, אַרויסגעטראָגן אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אַהיימקומענדיק פון וואַרשע, איז אים זיין ווייב אַנטקעגנגעלאָפן מיט אַ געוויין און דערציילט וועגן דעם אומגליק. יאָסל האָט זיך אַרומגעקוקט, געזען, אַז ער איז געבליבן ביי די בלויזע פיר ווענט און אָנגערופן זיך צום ווייב: "רוזשקעלע! די גנבים האָבן "געדאַנזשעט", האָבן זיי "געדאַנזשעט". דו גיב מיר בעסער עפּעס צו עסן, ווייל ס'האַרץ חלשט מיר").

**מאיר רובין** — זון פון בנימין. אַ קנאַפּער רעדער, זייער ערלעך אין זיין קצבישן מסחר, נישט געמישט זיך צו קיינעמס ענינים.

**מאלטשע רובין** — טאָכטער פון מלך. אַ 15 יאָריקע זעלטענע שיינהייט, שוואַרצע אויגן, קלוג־שמייכלענדיקן בליק, אַריסטאָקראַטישע מאַניערן; ליבהאָבערין פון יידיש טעאַטער, געחלומט צו ווערן אַן אַקטריסע אין יידישן טעאַטער אין וואַרשע.

**מאניעק רובין** — זון פון מלך, אַקטיוו אין "ויתקיניה", באַטייליקט זיך אין דראַמקרייז פון "התאחדות". אין רעמבערטאָווער געטאָ האָט ער חתונה געהאַט מיט שיינדל רובין.

**שמואל רובין** — זון פון יצחק, אַן אומפּאַרטייאישער און פאָלקסטימלעכער מענטש מיט קאָרעקטער באַציאונג צו קליין און גרויס, מיט דרך־ארץ פאַר מענטשן מיט קולטור, דערביי איז ער אויך געווען אַ האַרציקער און בעל־רחמנות.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע איז ער אַנטלאָפן קיין ביאַליסטאָק. שפּעטער קיין בריסק, אָבער נישט געקענט זיך צופּאַסן צו די שווערע נע־ונד־באַדינגונגען און געשמוגלט זיך צוריק קיין רעמבערטאָוו.

**צבי אויפגאנג** — אייגנטימער פון אַ בלעכעריי־וואַרשטאַט און הויז פון מאַטל יעלען, געשטיצט יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, באַזונדערס די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק.

**יהושע רודניצקי** — פאַרנומען אַ חשוב אָרט צווישן די מנהיגי העיר, גוט סיטואירט, באַקאַנט אַלס בעל־צדקה פון רעליגיעזע און געז.־אינסטיטוציעס. צוזאַמען מיט אים זענען אויך אומגעקומען זיין פרוי שיינדל, און די קינדער: באַשע,ביילע, דאָבע, יוסף און הערשל.

**שעפסל רודניצקי** — איידעם פון ישעיה זילבערבערג, אייגנטימער פון אַ קאַלאָניאַל־געוועלב, געשטיצט מיט געלט די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק, האָט באַזוכט מיט זיין פרוי חיה אַלע קולטורעלע־אימפּרעזעס און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. דערביי איז ער אויך געווען צוגעבונדן צום רעליגיעזן לעבן. שמחת־תורה האָט ער געקויפט פאַר יעדן פרייז די עליה פון חתן בראשית.

**וואלף רויער** — לאַנגיאָריקער רעמבערטאָווער קהלה־סעקרעטאַר, באַזיצט שפּראַכן און וועלטלעך וויסן. ער האָט געהאַט אַ רעפּרעזענטאַטיוון אויסזען, פיינע האַלטונג און גרויסשטאָטישע באַנעמונג, איז געווען דער פאַרבינדלער פון דער קהילה מיט די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען, באַמיט זיך אין רעגירונגס־אַמטן פאַר רעמבערטאָווער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַ שווערן מצב. אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע איז ער אַנטלאָפן קיין בריסק, דערנאָך זיך געשמוגלט צוריק קיין רעמבערטאָוו. די דייטשן האָבן אים באַשטימט אַלס מיטגליד אין יידן־ראַט.

**הערשעלע רייזמאן** — זון פון יצחק, געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק און דעם דראַמקרייז „בליאונג"; שטענדיק גרייט צו לויפן אין פייער און אין וואַסער אויף אויסצופירן אַ שליחות פאַר קולטורעלע צוועקן.

**אהרן ראכמאן** — זון פון שמעון, טעטיק אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. ווען די היטלעריסטן האָבן אָקופּירט רעמבערטאָוו איז ער אַנטלאָפן קיין בריסק, אָבער נישט געקענט צופּאַסן זיך צום נע־ונד־לעבן און צוריק אומגעקערט זיך אַהיים קיין רעמבערטאָוו.

**שרה פייגע שאפּשיק** — טאָכטער פון משה, אַקטיוו אין „ויתקיניה", שפּרודל־דיק און פול מיט לעבן, מיט שוועסטערלעכער גוטסקייט. אין דער אָרגאַניזאַציע

האָט מען זי גערופן: "דער דורכפליענדער מעטעאָר". ווען זי איז אַוועקגעגאַנגען אַהיים, איז געבליבן דער בליץ פון איר פריילעכקייט.

**ברכה שטיין** — פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין "מזרחי" און אין "ברוריה", געבוירן געוואָרן צו זיין אַ גזעלשאַפטלעכע טוערין, געהאָלפן גרינדן דעם מזרחיס־טישן פרויען־קיבוץ "למטרה"; קלוג, אינטעליגענט, שיין. איר שכל איז געווען פון אַ גוטער קוואַליטעט.

**לעאָן שפיגעלמאַן** — צווייטער מאַן פון ראָכטשע אָסטשזעגא, אייגנטימער פון אַ קאָלאָניאַל־געוועלב, פאַרמאָגט גרויסאַרטיקן אויסזען, הויך, נייגונג צו דיקקייט, ער האָט תמיד געהאַט אַ גוט אויסראַזירט פנים, גאָלדענע ברילן, עלעגאַנט־פאַרקעמטע האָר, פיין־אויסגעפרעסטן אַנצוג, ווייס געפרעסט העמד מיט גאָלדענע ספינקעס, זיידענער קראַוואַט, אויסגעפוצטע לאַטשן. רעמבערטאָווער יידן זענען נישט געווינט געווען, אַז אַזאַ "לאָרד" זאָל שטיין אין אַ געוועלב און פאַרקויפן צען דעקא "לאַנדרינקעס". ווען אַ פרעמדער איז געקומען אין שטעטל און אים דערזען, האָט ער געמיינט, אַז עס שטייט פאַר אים אַ הויכער באַאַמטער. זיין באַליבט לידל איז געווען: "אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן אין פריידן, לעבן וועלן מיר ווי אין אַ גן־עדן".

**יצחק שולשטיין** — פון די ערשטע באַלעבאַטים, זיין פרנסה — שוסטעריי; פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין "גמילת־חסד", האָט אָרגאַניזירט די קוך פאַר די יידישע זעלנער פון אָרטיקן גאַרניזאָן, געשטיצט קולטור־אימפּרעזעס און צדקה־אינסטיטוציעס.

**חיים שטיין** — אַ בן־תורה, פון די חשובע רעליגיעזע באַלעבאַטים אין שטעטל, פאַרמאָגט אַ שלל לעבנס־חכמה, געווען טעטיק אין די שטעטלשע הילפס־אינסטיטוציעס און געהאָלפן מיט ראַט און טאַט.

**ת. נ. צ. ב. ה.**

יצחק קלוגמאַן

# אין רויך פון קרעמאַטאָריעס

אין קאָשמאַרן־פולע חלומות,
וואָס פייניקן אין די נעכט,
שטאָרצן אַרויס די קוימענס,
קייקלען רויך שטאַרק געדעכט.

איך שפּיז אָן מיינע אויגן,
זוך אין רויך אַ געשטאַלט,
אפשר איז זי שוין אַוועקגעפלויגן,
אָדער אפשר דאַרף זי קומען באַלד.

איך רייס און שלאָג זיך מיט כוח
דעם רויך אָנכאַפּן מיט די הענט.
פון מיינע טייערע איז דער רויך,
וואָס מען האָט זיי דאָרט פאַרברענט.

איך זוך מיין טאַטן מיטן תורה׳דיקן בליק,
געווידמעט זיין לעבן פאַרן כלל און פרט,
געזאָרגט נאָר פאַר יענעמס גליק,
פאַר זיך אַליין קיין מינוט נישט געהאַט.

די טייערע מאַמע מיט איר ליכטיק געשטאַלט,
וואָס האָט געשפרודלט מיט חכמה און חן,
איר פּנים האָט שטענדיק פון צדקות געשטראַלט
און גוטסקייט — די גוטסקייט אַליין.

אָט האָב איך דערזען אין שלענגלדיקן רויך
סילוועטן פון טאַטן, פון דער מאַמען.
אָט פליען ווייט אין הימלישן רויך
אויך די ברידער און שוועסטער, אַלע צוזאַמען.

איך קוק זיך אַיין, קוים זיי דערקענט
פֿאַרענדערט די צורה פֿון דורשט און הונגער.
כאַפּ אַ בליק אויף די הענט —
אַ שאָטן זע איך בלויז פֿון פֿינגער.

אין די קנוילן רויך זענען אָנגעקומען —
און דערקענט האָב איך גלייך —
מיינע שוועסטער, די צאַרטע בלומען,
די ברידער פֿאַרפּייניקטע, בלאַס און בלייך.

מיין שוואָגער ר׳ ישראל אהרון, לויטער אצילות,
מיטן ברייטן שטערן און שאַרפֿן מוח,
וואָס איז פֿאַרנומען מיט תורה און תפֿילות.
אויך אים זעט מען אין די וואָלקנס רויך.

אַרום אים מלאכימלעך שוועבן,
זיינע בית יעקב־קינדער, קרבנות פֿון אומקום.
פֿאַר זיי האָט ער דאָך דאָס לעבן געגעבן,
זיי זאָלן דערהאַלטן דעם צלם אלוקים.

ר׳ אהרון פּערקאַל, מיין צווייטער שוואָגער,
אַ יונגערמאַן מיט הויכע מידות.
אויך אים זע איך פֿאַרפּייניקט און מאָגער,
דער מחנך פֿון דער יוגנט אין גייסט פֿון חסידות.

אויך אים זע איך נישט איינער אַליין,
מיט אים די חסידישע בחורימלעך, וואָס ער האָט דערצויגן,
פּנימלעך פֿול מיט יידישן חן —
דורך מיינע אויגן זענען זיי דורכגעפֿלויגן.

איך שטרענג אָן מיין ראיה און קוק נאָך אַרויף,
גאַנצע משפחות, באַקאַנטע און פֿריינד,
פֿליען און פֿליען, עס נעמט נישט קיין סוף.
איך קוק און דאָס האַרץ אין מיר וויינט.

אַט פליען זיי אַלע פון גרויס ביז קליין,
קיין צייכן אין שטעטל פון זיי נישט פאַרבליבן,
נישט קיין סימן פון זייער געביין —
אַלע אין די גאַז קאַמערן אַריינגעטריבן.

עס ווילט זיך מיר שרייען, שרייען געוואַלד:
ווו זענט איר אַלע, ווו איז די וועלט?
אָבער די וועלט — גלייכגילטיק, קאַלט,
פאַרדאַרבן, דער מערדער איז דער העלד.

איך זע אינעם חלום בילדער פון פיין,
וויל איך שרייען, איז דאָס מויל ביי מיר פאַרמאַכט.
איך וויל לויפן און די פיס ווילן נישט גיין.
ווי אין יעדן חלום ליג איך אָן מאַכט.

אַזוי האָט דער חלום געפייניקט אַ גאַנצע נאַכט,
די שרעקלעכע בילדער כסדר געזען.
אין דער פרי, ווען איך האָב אויפגעוואַכט,
דערזען, עס איז ווירקלעך געשען.

פון גרויסער משפחה פאַרבליבן כמעט איינער.
דער פון הימל דעם צער נאָר ער ווייסט.
קיין שפורן פון זייערע ביינער —
נאָר דער פון הימל קען ברענגען די טרייסט.

מיר בעטן נישט בלויז די נחמה,
עס טאָרן נישט פאַרווישט ווערן די טייכן בלוט.
מיר וואַרטן פון הימל די גרויסע נקמה,
עס זאָל נישט זיין הפקר דאָס בלוט פון אַ ייד.

# טרעבלינקע

אַלע מיינע יאָרן
בלייבסטו אין מיין זכרון.
פֿאַרבינדן זענען מיט דיין נאָמען
אַלע, וואָס זענען אומגעקומען.

געבליבן בלויז אַ באַרג מיט ביינער,
ווער זיי זענען, ווייסט נישט קיינער.
זאָל איך נעמען עטלעכע ביינער צוזאַמען,
צווישן זיי אפשר אַ ביין פֿון מיין מאַמען?

די שוועסטער און ברידער — אויך זיי האָט מען דאָרטן געטריבן,
אפשר זענען די ביינער, פֿון זיי פֿאַרבליבן.
מיין מאַמען וואָלט איך דערקענט, איר ליכטיק פּנים,
האָבן דאָך ביינער נישט קיין סימנים.

ווען עס בלייבט עפּעס פֿון זיי אַ סימן,
וואָלט איך דאָרט אַהין געקומען
און נאָכן וויינען און קלאָגן
אַ קדיש נאָך זיי זאָגן.

מוראדיק איז דער חורבן,
נישט קיין זכר פֿון קיין קרבן.
אַ שוידער נעמט דורך יעדעס אבר,
נישט קיין מצבֿה, און נישט קיין קבֿר.

טרעבלינקע, שוידער וואַרפֿט אָן דיין נאָמען,
דערמאָנט אין גיפֿטיקע טויט־סמען.
קינדער מיט מאַמעס צוזאַמען.
געבליבן דאָרט אין די פֿלאַמען.

טויט־גרויל האָט זיך אויף אַלעמען צעלייגט,
פֿון אומשולדיק בלוט איז דאָרט ערד צעווייקט.
אַ גיהינום פֿון יסורים און פּיין אָן אַן עק,
אַ ים פֿון טרערן און בלוט אָן אַ ברעג.

טרעבלינקע וועט פאַרבלייבן אַ ירושה,
אַ שפּיי אַ בלוטיקער, אַ שוואַרצע בושה.
אַ קללה אויף דורות און אויף איצט,
אַ וואָרענונג פאַר מענטשהייט אויסגעקריצט.

אַלע שרעקן, אַלע שוידערן פון דאָרטן
זאָלן אָנפילן צורדס גאַס און גאָרטן.
טרעבלינקע שרייט פון אונדזער בלוט אַרויס:
גרויס וועט זיין די נקמה, גרויס.

טרעבלינקע־גרויל פאַר שונאי־ישראל אַ תהום,
זאָל צעטרייסלען זייער וועלט און רוים.
זייער פסק שוין צוגעגרייט אין הימל,
ווי ס'שטייט אין תהילים, קאַפּיטל פּ' גימל.

הקב"ה איינגעהילט אין פורפור־קלייד,
האָט זיין שטראָף פאַרן צורר גרייט,
דער גרויל וועט אים נישט ווערן געשענקט.
ער וועט באַצאָלן פאַר יידיש בלוט, געדענקט!

## ט ר ב ל י נ ק ה

טרבלינקה! **עד יומי האחרון**
נחרת שמך אצלי בזכרון.
בהעלות שמך מר לי מר
הרי גזלת ממני, כל היקר.

נשאר שם, רק גל עצמות —
מי הם? עד היום בבחינת סוד
האם ללקוט כמה מהם
בכדי למצוא ביניהם, עצם מהאם?

גם אחי ואחיותי נשרפו שם לאפר —
אולי גם מהם, עצם נשאר.
את האמא הלא אני אכיר במאור פניה,
אבל בעצמות טושטשו כל סימניה.

לו היה נשאר, סימן או אות,
מי לא היה רץ, שמה לראות,
לבכות על היגון, העמוק מני ים
ולאמר קדיש לזכרונם.

איום ונורא הוא החורבן,
אין שום זכר מאף קרבן.
פחד וחלחלה, מרעיד כל אבר,
אין מצבה, ואין שום קבר.

ארורים יהיו כל אלה, שנתנו ידם,
והטביעו יקירי בנהרות נחלי דם.
ההשגחה העליונה תשפוך עליהם זעם
על שפיכת דם יהודי על לא עוול בכפם.

טרבלינקה — אימה ופחד. שומו שמים,
גזלת מכולנו שמחת החיים.
כל שמחה מהולה בדמעות
ולא יתכן מנוח לתולדות.

הייתכן באהלינו הנחת ?
לא ! דור על דור חזון הפחד
בין אנשים עוד יזדקר,
לנצח המגור במוחם ינקר.

שנים על שנים בי בוכה הקול,
מגיע משמי־על ומעומק השאול,
מתחנן וקורא, מילל וגווע,
ואני כל הזמן לעזרה משווע.

כל דמעה, כל טיפת דם
לא ישכח, הכל נרשם.
בעד כל פרט ופרט
דינם בתהילים פ״ג מפורט.

שונאי ישראל, יום הדין הולך ומתקרב,
הקב״ה בפורפוריון שלו, על כס המשפט ישב.
הפורפוריון, בדמם של ישראל הוא טבול
וכל שונאי ישראל, יקבלו התגמול.



ר' יצחק קלוגמן מספיד את קדושינו על הר הזכרון בירושלים

# ויהי...

רמברטוב, אָקוניב, מילוסנה — אחדות מני רבות בגלות פולין, קהילות יהודיות טהורות, זעירות, אפורות היו נראות בששת ימי החול של השבוע, אבל לאמיתו של דבר היה מורגש בהן הווי מיוחד של מסורת אדיקות בצד עירנות לנעשה ב"אהלי שם". מתוך עירנות עקבו אחרי המאבק הלאומי שהלך וכבש בסערה את אלפי הקהילות היהודיות אשר ברחבי פולין. רבים מבני רמברטוב, אוקוניב ומילוסנה היו אחר כך לבוניה ומגשימיה בתוך המחנה הלאומי הצעיר, שקם ביהדות תוססת זו. נוער זה, רובו חניכי בית המדרש וישיבות היה, ללא תוארים מקובלים, ללא כתרים ואבני־חן חיצוניים, אבל מלובנים באש יוקדת פנימית ומפועמים בערגה מתמדת להתעלות רוחנית, ולאן שנדדו וככל שנדדו — תמיד נשאר על לוח לבם את זכר נעוריהם, את כמיהתם לעיירת הולדתם, ולאחר עשרות בשנים, ובמיוחד לאחר חורבן האימים, עומדות עדיין העיירות לנגד עינינו כתמול שלשום.

לא רק זכרונות מטושטשים, אלא זכרונות חיים של נוף הילדות, מתחת לסף חיינו היום־יומי הועלו מחדש והם מאירים לנגד עינינו בשלל צבעיהם. עשרות שנים כבר מאחורינו והנה נפתח מאליו מקור מוצנע של זכרונות, חוויות ורשמי נערות ובחרות שהיו טמונים כאילו לעד. זכרונות, זכרונות וכולם מעלים עמם דפים של אהבה, של פצעים שהגלידו, נשכחו ושוב... את כאבם אנו מרגישים.

עשרות בשנים ארגו אבותינו ועיצבו אורח חיים צנוע, הווי עממי. תמיד היו שלמים בנפשם ושלווים ברוחם, עד שבאו קלגסי היטלר ובמחי־יד־מרצחים אחד מחו את הכל, בנחלי דם טהור שטפו את אבני עיירותינו.

חלף־עבר רעש הירידים ושאון הסחר־מכר, שככה המולת התגרניות והרוכ־לים ליד דוכניהם עם סחורות מסחורות שונות. שוממים ורעבים עומדים הרחובות והסימטאות. טף וזקן יחדיו הלכו בדרכם האחרונה.

לא עוד יבקע קול התפילה מבתי הכנסת, לא עוד יישמע ברחובותיהן ניגון דרדקי החדר וחובשי בית המדרש, לא עוד יסופר בהם על ימות המשיח והגאולה.

ריקות הן העיירות, ריקות מיהודיהן, ריקות מאופין היהודי. רגל־רשע הלמה והלמה ותרמוס לבבות שואפים.

מחנה־המוות טרבלינקה בלע את הכל ואין באפשרותנו לבוא ולהשתטח על קבר המונים זה ולשפוך את מרי־שיחתנו.

לכן, לא נסתפק במצבת־אבן שנציב לכם, קדושי קהילותינו. לא די באבן ובשיש להנציח את זכרכם הקדוש, הורינו, אחינו, קרובינו וחברינו היקרים לנו. דפי הספר הצנוע הזה, ספר הזכרון המוקדש לכולכם, כקהילות ולכל אחד מכם כיחידים, כאברים למשפחה, למשפחה אחת שיחד חייתה ויחד נפחה את נשמתה בקדושה ובטהרה.

**יצחק קלוגמן**

# אוקוניב

## י. שולמן

# העיירה וקורותיה



וקוניב נמצאת במרחק כ־28 ק"מ מורשה, בירת פולין, ראשיתו של הישוב, שהוקם על יד נחל דלוגה, מגיעה לתקופות רחוקות. קיימים עקבות המראים, שעוד בתחילת המאה השש־עשרה היה קיים שם כפר קטן בשם דלוגה וולה. בשנת 1358 העניק המלך זיגמונד את הכפר לבעל־האחוזה סטניסלב אוקון והוא הפך את המקום לישוב עירוני שנקרא על שמו אוקוניוב, וחל עליו החוק הגרמני, קיבל שלטון עצמי לפי מתכונת הערים הגרמניות ושוחרר מעול המסים לתקופה של שמונה שנים, התקיימו בו גם ירידים.

במרוצת הזמן הישוב גדל, התפתח ונהפך למרכז פוליטי וצבאי חשוב, שימש גם כמקום מפגש לקבוצות פוליטיות, בעיקר בתקופת המלך סטיפן בטורי ולאחר הדחתו, בשנת 1587.

בשנת 1703 ישב תקופה קצרה בעיירה המלך קארול ה־12 עד שהתנפלו עליו הליטאים ובקושי עלה בידי המלך להמלט. מאות חיילים שודיים מצאו אז את מותם והעיירה הוצתה ונשרפה. אולם אחרי זמן קצר שוב נבנתה והתפתחה.

במשך השנים, עד שנת 1831, גדלה העיירה והגיעה לסטאטוס של עיר־מחוז, עם תחנת משטרה גדולה ובית משפט מרכזי.

בשנת 1831 נהרסה העיירה ונשרפה כתוצאה מפעולות צבאיות. כל מוסדות המחוזיים הועברו לעיר מינסק. במשך עשרות שנים העיירה נשארה הרוסה, ללא התפתחות ולירידה ניכרת במעמדה הכלכלי והמינהלי.

בשנת 1865 עברה העיירה לבעלות יאן לובינסקי. מספר האוכלוסיה בעיירה היה אז 549 נפש, בתוכם 139 יהודים, 5 בתי לבנים, 51 בתי־עץ, כנסיה גדולה, שנבנתה בשנת 1540, ובית־ספר בנוי לבנים. מדי שנה התקיים יריד גדול שנהפך למסורת במשך מאות השנים עד פרוץ מלחמת העולם השניה.

למרות היותו ישוב קטן היווה מרכז מסחרי לסביבה הכפרית, שהיתה די גדולה.

על חיי האוכלוסיה בין מלחמת העולם הראשונה והשניה אין תיאורים מקוריים ואין מספרים מדוייקים. מעריכים, כי חיו באוקיניב כ־450 משפחות נוצריות וכ־160 משפחות יהודיות.

היתה בעיירה כנסיה נוצרית גדולה, בית קברות אזורי, בית ספר יסודי גדול, בשני מבנים.

## התפתחות הישוב היהודי

התפתחות הישוב היהודי היתה הדרגתית. בית המדרש היה גדול ביחס למספר התושבים. בין כותלי בית המדרש התרכזו גם חיי החברה של העיירה, שם שמעו יהודי העיירה ידיעות מן המתרחש בעולם הגדול, על הנעשה בעולם היהודי והלא־יהודי. סוחרים, שהיו נוסעים לורשה ולערים אחרות לרגלי מסחר, היו מספרים את רשמיהם למרבית תושבי העיירה, שבדרך כלל בילו כל ימיהם בתחומי העיירה ובסביבתה הקרובה.

למותר לומר שגם ויכוחים "סוערים" התנהלו בין כותלי בית המדרש על נושאים שהיו מנסרים בעולמם ובעולם היהודי בכלל.

## החינוך היהודי

הילד היהודי התחיל להרגיש ביהדותו משמלאו לו שלוש שנים בלבד. בגיל זה נשלח אל החדר ללמוד אלף־בית. לא נדרש לכך שום חוק בדבר חינוך חובה כל יהודי בעיירה ידע כי מחובתו לדאוג לכך שבנו יקבל חינוך יהודי מסורתי חיו שנים, שלושה "חדרים", שבהם לימדו "עברי" וחומש. היו מלמדים, שבאו ממרחקים, ואצלם למדו גמרא ומשניות. בבית המדרש, לאלה שהמשיכו, היה הלימוד ממדרגה גבוהה יותר. שם נעשה "חריש עמוק" בסוגיות חמורות עם כל המפרשים, אם כי לא בשיטה מסודרת, אולם בידיעות רחבות, והיו כאלה שעברו על חלק הגון מן הש"ס. מלבד זה למדו "מגינים" ו"יורה דעה" והתגברו במלוא ההתלהבות על דף של "טורי זהב".

מסתבר שכל הילדים היטיבו ללמוד במידה כזאת, אך היו תקופות שחלק רב מיהודי העיירה חינכו כך את בניהם. אחרי שגמרו לימודיהם אצל המלמדים היו יושבים קבוצות־קבוצות של בחורים ולומדים בפני עצמם.

בשנת 1925 נפתחו שערי בית הספר היסודי הכללי גם לילדי היהודים. בהתחלה ביקרו את בית הספר רק בנות ואחר כך גם בנים.

החל משנות העשרים היו בעיירה שלושה מורים שלימדו עברית, יידיש וחשבון. על־פי־רוב למדו אצלם בנות.

## פעולות תרבות

גאוות הנוער המתבגר בין שתי מלחמות העולם היתה הספריה ע"ש י.ל. פרץ שנוסדה ע"י קבוצת פעילים מקרב הנוער והיתה העשירה ביותר בכל הסביבה. סביב הספריה התרכז הנוער שהתחיל לעזוב את ספסלי בית המדרש ונתפס לרעיונות הראדיקליים, לכל מיני אידיאולוגיות. עם הזמן הצטרף מרבית הנוער לתנועות החלוציות לגווניהן.

רבים מצאו פורקן בעסקנות מפלגתית ותרבותית ובבליעת ספרים בסוציו־לוגיה, פילוסופיה וספרות כאבטודידקטים. בשנות העשרים היתה תופעה לא נדירה ויכוחים בין צעירים על הגל ומרקס, שפינוזה ובורוכוב, אם כי ספק רב אם באמת כולם הבינו את יצירותיהם וחדרו לעומק דעתם, אך עצם העובדה שדנו והתווכחו על נושאים אלה מעידה על היצר לדעת והשכלה שקינן בליבם של צעירי אוקיניב.

הפעילים גילו יוזמה בשטחי תרבות שונים: הרצאות, ערבי־שאלות, להקה דרמטית וכיו"ב. החוג הדרמטי ע"י הספריה עמד על רמה גבוהה והשחקנים, חובבים מקומיים, הצטיינו בתפקידיהם. המשתתפים תרמו מרוחם וממרצם שלא על מנת לקבל פרס. ההכנסות מן ההצגות היו מוקדשות לצרכי חברה ותרבות. אחרי כל הצגה היו דנים ומתווכחים על הצדדים החיוביים או השליליים שבמשחק.

חברי החוג הדראמטי עשו את עבודתם באמונה ומאמצם לא היה לשוא. הקהל שמילא את האולם קיבל את ההצגות בתשואות.

## התנועה הציונית

רעיון הציונות התחיל לחדור אל הציבור בעיירתנו עוד לפני מלחמת העולם הראשונה, אולם ההתארגנות הראשונה התקיימה בשנות השלושים, כשנוסדה "גורדוניה" והיא ריכזה סביבה את מיטב הנוער באוקינייב ומילוסנה. צעירי "גורדוניה" היוו למעשה את הגרעין הראשון להפצת הרעיון הציוני בעיירה ובסביבתה. המארגנים עמדו בקשר עם המרכז בורשה והפעילות העיקרית היתה סביב בית המדרש, אורגנו פגישות בין החברים, וויכוחים, ערבי־הסברה, ניהול תעמולה למען הרעיון הציוני בקרב הנוער.

לכאורה נדמה היה, שהחיים של יהודי אוקינייב התנהלו על מי־מנוחות, אך כל משפחה לחוד היוותה עולם בפני עצמו. למרות שהעיירה לא נתברכה בהרבה "גבירים", וגם אלה שנשאו שם זה התבלטו ברכושם רק ביחס לרוב יהודי העיירה שהיו מחוסרי נכסים, בכל זאת היתה אוקינייב מפורסמת בנדיבות ליבם של תושביה.

## ועד הקהילה

הקהילה דאגה לצרכי הציבור, היה בית־מרחץ, בית־קברות אזורי וכו׳.

בראש הקהילה עמד ועד בן ארבעה חברים וארבעה סגנים, שנבחרו לא לפי מפתח פוליטי, רק לפי כשרונותיהם ומקומם בציבור והם עשו את עבודתם שלא על מנת לקבל פרס. העבודה המעשית בוצעה ע״י מזכיר הקהילה בשכר חודשי מלבד הייצוג בפני השלטונות בענייני התושבים, הופיע בכל הבעיות הקשורות בפעילות הקהילה.

ועד הקהילה דאג לענייני כשרות וטהרת המשפחה. הרב ושני השוחטים קיבלו משכורתם מקופת הקהילה. בית־המטבחיים הגדול שירת את כל האיזור ואת כל הסוחרים שעסקו בהובלת בשר לורשה.

## עזרה הדדית

בשנת 1927 נוסדה קופת גמילת חסדים, שהקציבה לנצרכים הלוואות לזמן ארוך ללא רבית. מוסד זה עבד במרץ ועשה גדולות בשביל האוכלוסיה המרוששת, ביחוד בשנים שרגלי החנוונים היהודים ובעלי המלאכה נדחקו ע״י השלטונות הפולניים. נהנו מעזרת הקופה החנוונים שהוצרכו לפרוע שטרות בעד הסחורה שקנו ובלי ההלוואה לא יכולים להחזיק מעמד.

בעת צרה ומצוקה, או במקרה מחלה היו מושיטים עזרה בדרכים שונות.

קרוב לתשעים אחוז מהאוכלוסיה הנוצרית התקיימו על עבודה חקלאית והשאר — פועלי בנין ובעלי מקצועות אחרים. היהודים ברובם הגדול עסקו במסחר בכל ענפיו, גם ממכר הבשר היה בידי יהודים, פרט לבשר חזיר. הפדיון העיקרי בחנויות היה כמובן ביום השוק.

היו גם יהודים בעלי־מקצוע, כגון: אופים, חייטים, סנדלרים, צבעים, פועלים פשוטים ובעלי־עגלה; היה בית חרושת לגזוז, היחידי בסביבה. צעירים רבים היו נוסעים לורשה לעבודות שונות, בעיקר בענף העור והמחט.

בפולין האנטישמית, שבה הורע מצב היהודים מיום ליום והנוער, שלא ראה לפניו הרבה אפשרויות להסתדר בעבודה ופרנסה, התחיל לעזוב את העיירה. עשרות רבות של מיטב הנוער היגרו לצרפת ולארצות אמריקה הדרומית. קשיי העליה גרמו שרק יחידים יכלו לצפות לעלות ארצה.

וכך נמשך מצב העניינים עד לאותה שעה טראגית, שהטילה את יהדות פולין לידי משטרו של היטלר, של צורר היהודים הגדול והמסוכן ביותר בכל הדורות ורק מעטים ובודדים מעיירתנו ניצלו. אוקונייב היהודית, כשאר קהילות ישראל בפולין, חרבה ונמחקה מן הארץ.

ישראל יוסף שארפשטיין־סארפיין

# אוקוניעווער געשיכטע

אונדזער שטעטל אָקוניעוו, האָט געהערט צו די היסטאָריש־אַלטע יידישע ישובים אין פוילן, לויט דאָקומענטן וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשעווער אַרכיוו און אין דער וואַרשעווער סטאַראָסטווע, מיט וועלכע עס האָבן זיך באַקאַנט די אַלטע אָקוניעווער קריסטלעכע איינוואוינער, דער דענטיסט אַכאַטניצקי און דער פעלדשער סקאָלניצקי, דערוויסן מיר זיך, אַז נאָך אין די צייטן פון קאָשטשושקאָ, בערך אין יאָר 1780 (אין יאָר 1797 האָט קאָשטשושקאָ אָנגעפירט מיט דעם באַרימטן פוילישן אויפשטאַנד קעגן די רוסן אין פרייסן), האָבן שוין דעמאָלט יידן געוווינט אין אָקוניעוו, לויט די דאָקומענטן, האָבן זיך אין יענער צייט געפונען ביי די 10 טויזנט איינוואוינער דערונטער אַ בכבודע גרופּע יידישע פאַמיליעס (די צאָל איז נישט באַצייכנט אין די דאָקומענטן).

פון היסטאָרישן באַדייט, דאַרף אויך דערמאָנט ווערן, אַז שוין אין די פוילישע געשיכטלעכע דאָקומענטן ווערט גערעדט וועגן דער ״שלאַכט ביי אָקוניעוו״ אין דער זעלבער מאָס ווי עס רעדט זיך וועגן דער ״שלאַכט ביי גראָכאָוו״.

מיין באָבע שרה שאַרפשטיין ע״ה, האָט מיר געפלעגט דערציילן, אַז אָקוניעוו אין אירע יונגע יאָרן, האָט געהאַט גאָר אַן אַנדערן אויסזען, ווי מיר האָבן עס געקענט אין אונדזערע יאָרן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין יענע צייטן, לויט די רייד פון מיין באָבע שרה, איז דער טייך געווען אַ סך ברייטער און טיפער. די יידישע איינוואוינער, לויט ווי זי האָט עס געהערט פון אירע עלטערן, האָבן זיך אַלע קאָנצענטרירט און געוווינט אַרום דעם טייך, מעגלעך, אַז די סיבה איז געווען וואָס אין אָקוניעוו האָט זיך אין יענער צייט געפונען אַ וואַסער־מיל און די יידן האָבן זיך מפרנס געווען פון ברענגען און פירן מעל און תבואה.

ווי עס האָט מיר מיט יאָרן צוריק דערציילט דער אויבנדערמאָנטער קריסט־לעכער פעלדשער סקאָלניצקי, האָבן אָקוניעווער יידן זיך אויך באַטייליקט אין פוילישן אויפשטאַנד פון 1863. איינער פון די אויפשטענדלער, לויט ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, איז געווען מיין זיידע יהושע שאַרפשטיין, וועלכער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די שלאַכטן.

ערשט מיט יאָרן שפּעטער ווען דער יידישער ישוב איז זיך צעוואַקסן, איז מען צוגעטרעטן בויען אַ בית־המדרש און גלייכצייטיק האָבן די אָקוניעווער יידן אָפּגעקויפט אַ געוויסן שטח ערד אויף אַ בית־עולם. ביי דער געלעגנהייט ווערט זיין אינטערעסאַנט איבערצוגעבן, ווי עס האָט מיר אויך דערציילט מיין באָבע, אַז נאָכן הייליקן דעם שטח ערד אַלס יידישער בית־עולם, האָבן די זקני העם באַשלאָסן אָוועקצושטעלן ביים אַריינגאַנג פון ליידיקן בית־עולם־שטח אַ וואַך, וועלכער זאָל היטן דעם בית־עולם ביז עס וועט זיך מאַכן אַ מת, וואָס מען וועט ברענגען אויפן נייעם בית־עולם צו קבר ישראל. די וואַך פלעגט זיך כסדר טוישן ביז מען האָט געבראַכט דאָרט צו קבורה דעם ערשטן יידישן נפטר, און דאָס איז געווען קיילע מלכה'ס מאַן, וועלכער איז געווען דער איידעם פון אָקוניעווער חשובן באַלעבאָס יונה סאַפּירשטיין. ערשט דאַן האָט מען אַראָפּגענומען די וואַך.

פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז באַקאַנט, אַז די ערשטע קהילה איז געשאַפן געוואָרן אויף אַ פאַרזאַמלונג אין בית־המדרש. אָקוניעוו האָט דאַן אויס־געקליבן צוויי דאָזאָרעס. שפּעטער האָט מילאָסנע צוגעשיקט אַ דאָזאָר.

פון די ערשטע רבנים, וועלכע זענען געזעסן אין אָקוניעוו אויפן כסא־הרבנות, איז געווען דער ערשטער הרב אליעזר פריידקוס. דעם צווייטנס נאָמען דערמאָן איך זיך נישט, שפּעטער זענען אויך צוגעקומען אין שטעטל צוויי שוחטים.

אין די צייטן, ווען די רוסן זענען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אין פוילן, איז אויך אָקוניעוו געוואָרן אַ מקור פון פרנסה און אין שטעטל האָבן זיך באַזעצט צענדליקער יידישע משפחות פון די אַרומיקע מקומות. דער פרנסה־קוואַל האָט זיך געעפנט מיט דעם מאָמענט ווען די רוסן האָבן באַשלאָסן אויפ־צושטעלן אַרום אָקוניעוו ריזיקע קאַזאַרמעס פאַרן רוסישן מיליטער. דער שטח פון די אויפגעשטעלטע קאַזאַרמעס און מאַנעווערס־פעלדער האָט זיך געצויגן אויף צענדליקער קילאָמעטער און דערגרייכט ביז וואָלאָמין און רעמבערטאָוו. אַ טייל יידן זענען געוואָרן פּאַדריאַטשיקעס, צושטעלער פאַרן מיליטער. אַרום זיי האָט זיך אַנטוויקלט דער מסחר, און אויך האַנטווערקעריי.

דער פרנסה־קוואַל האָט זיך אָפּגעשטעלט, מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די דייטשן האָבן אָקופּירט אָקוניעוו און איבערגעפירט די קאַזאַרמעס און קאַשאַרן קיין רעמבערטאָוו, אַזוי אַז דער מיליטערישער צענטער ביזן אָנפאַנג פון דער צווייטער וועלט מלחמה, איז געוואָרן און געבליבן רעמבערטאָוו.

מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן, ווען אָקוניעווער יידן האָבן פאַרלוירן זייער פרנסה, האָבן זיי בלית ברירה זיך איבערגעוואָרפן אויף אַ צווייטן פרנסה־קוואַל, אויף שמוגל. מען האָט געשמוגלט פון אָקוניעוו קיין וואַרשע ברויט, פלייש, נאַפט, בראָנפן און אַנדערע אַרטיקלען, אין וועלכע די גרויסע שטאָט האָט זיך

געגנויטיקט. סוחרים אין גרעסערן מאַסשטאַב זענען געווען איינצלנע. די איבעריקע יידישע איינוווינער האָבן געצויגן זייער פרנסה פון קליינע געוועלבלעך, געווען בעלי מלאכות, ווי: שוסטער, שניידער, קאַמאַשנמאַכער, סטאָלאַרעס, אַ קאָוואַל בעלי־עגלות. אין שטעטל זענען אויך געווען צוויי בעקערייען, די איבעריקע האָבן זיך פאַרנומען מיט פלייש־מסחר. אַ טייל יוגנטלעכע זענען יעדן טאָג געפאָרן אַרבעטן אין וואַרשע.

אין דער צייט, ווען דער עלטערער דור האָט זיין גייסטיקע אויסלעבונג געפונען אין לערנען אַ בלאַט גמרא און זיך אָפּגעבן מיט מצוות און מעשים טובים, האָט די יוגנט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטעטל און מיט דער צייט איבערגעגאַנגען צו אַ העכערע מדרגה פון דעראָבערן וויסן און בילדונג געוואָרן אַבאָנענטן פון יידישע צייטונגען וואָס זענען דערשינען אין וואַרשע, ווי דער "היינט", "מאָמענט" א. א., דורשטיק געלייענט ניי־דערשינענע ביכער.

שטופנווייז ווערט די יוגנט אַריינגעצויגן דורך פאַרשידענע פּאַרטיי טוער, וועלכע קומען פון די גרויסע שטעט, און פּאָליטישן לעבן. אַ טייל שליסן זיך אָן אין די ציוניסטישע רייען, אַנדערע אין לינק־סאָציאַליסטישע רייען און די טעטיקייט פון די פאַרשידענע פּאַרטייען נעמט אָן מיט דער צייט אַ ברויזנדיקן כאַראַקטער.

מיט דער צייט ווערט אין אָקוניעוו געשאַפן אַ ביבליאָטעק מיט 500 יידישע ביכער, אַ יידישע שול, וועלכע איז אָנגעשלאָסן אין "ציש"א", עס ווערן אַראָפּגעברענגט פאַר דער יידישער שול, צוויי יידישע לערער, לייזער און שיינדל קוטנער, עס ווערט אויך געגרינדעט אַ דראַמקרייז, וועלכער פירט אויף פאָרשטעלונגען אין דערנעבנדיקן מילאָסנע, ווו עס געפינט זיך אַ קיינער טעאַטער־זאַל. דער קרייז ווערט אויך איינגעלאַדן נאָך סטאַניסלאַוואָוו און וואָלאָמין. אין רעפּערטואַר געפינען זיך: "דער דבוק", "7 געהאָנגענע", "דער דאָרפס־יונג" א. א. — די איינקונפטן פון די פאָרשטעלונגען ווערן פאַרנוצט אויף איינצוקויפן ביכער און פאַרזאָרגן די יידישע שול מיטן געהעריקן אינווענטאַר.

אין יענער צייט זענען אויך פאָרגעקומען שטרייטן צווישן דעם רעליגיעזן סעקטאָר און דער פּאָרטגעשריטענער יוגנט. די פרומע האַרציקע און ערלעכע יידישע טאַטעס האָבן אויף די אַלערליי מאָדערנע מעשים פון דער יוגנט, געקוקט ווי אויף מעשים, וואָס זענען קעגן יידישן דת, און זענען עלול אַראָפּצופירן פון דרך הישר. עס איז אַדורך אַ געגנוג לאַנגע צייט ביז זיי האָבן זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז זיי וועלן נישט געווינען דעם קאַמף מיט זייערע עקשנותדיקע זין און טעכטער, און צוביסלעך האָט דער עלטערער דור שלום געמאַכט מיטן גורל.

זינט פוילן איז געוואָרן אַ מלוכה פאַר זיך האָט די עקאָנאָמישע לאַגע פון די

אָקוניעווער יידן זיך שטאַרק פאַרערגערט און דאָס האָט באַוויזן אַ טייל יוגנטלעכע אויסצוּוואַנדערן אין אַנדערע לענדער, עמיגרירן קיין פראַנקרייך, אַרגענטינע, אַמעריקע, אַנדערע, ווי לייזער קוטנער, יהודה שולמאַן (קלמנ׳ס זון) א.א. זענען עולה קיין ארץ־ישראל.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה קומט דער סוף צום איבער צוויי הונדערט יאָריקן יידישן ישוב אין אָקוניעוו. די מערדערישע דייטשן דער־מאָרדן אַלע יידישע איינוווינער, אונדזערע טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און ברידער, אונדזערע משפחות און פריינד און אין היסטאָרישן אָקוניעוו בלייבן בלויז איבער די מתים, וואָס רוען אין זייערע קברים אויפן אַרטיקן בית־עולם.

---



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטעטל און מיט דער צייט איבערגעגאַנגען צו אַ העכערער מדרגה פון דעראָבערן וויסן און בילדונג.

# בית אבי

## לדמותו של אבי הרב הראשי באוקיניב

אבי הצדיק והחסיד הבקי בש"ס ובפוסקים, הרב המאה"ג מו"ה אליעזר שמואל יוסף בן הרב ר' דוד היה הרב הראשי באוקיניב, מילוסנה ורמברטוב. שימש בכס הרבנות 30 שנה בעיר אוקיניב ובשאלות ותשובות אבני נזר, דף ל"ג, יש כמה שאלות של אבי ז"ל, עליהן עונה בתשובותיו הרב הקדוש מסוכצ'וב.

אימי הצנועה הרבנית פעשאַ בת ר' צבי, מותיקי חסידי אלקסנדר, איש חסיד ונדיב, עמלה בפרנסת הבית ובגידול בניה לתורה וליראת שמים. היו בבית 4 בנים, יחיאל ויואל נפטרו במיתה טבעית, דוד ואייזיק ניספו בשנות הפורענות. היו עוד שתי אחיות: רבקה וגולדה, וגם הן ניספו בשנות הפורענות בגיטו וארשה.

אבי ז"ל נפטר בתרפ"ד, אבל גיסי, בעלה של אחותי רבקה שהיה ממלא מקומו של אבי ז"ל, שימש כרב הראשי בעיירות אוקיניב ומילוסנה. היו לו בנים ובנות, וכולם נספו בשנות הפורענות בגיטו וארשה.

מסכת חייו והליכותיו של אבי צריכה לימוד. בעניני העולם היה ממש מחוסר עזרה בכל דרכיו, נפשו העדינה בחלה ממשחקי־כבוד זולים, אולם כאשר היה צריך לעשות למען הדת לא נרתע מכל קושי, לא חסך כל מאמץ ונלחם בעוז ובמרץ עד שהשיג את מטרתו.

כזה נתגלה כאשר נקרא לכהן כרבה של אוקיניב והעיירה היתה אַז בלי מקוה, כי נשרפה טרם בואו, התחיל מיד להשתדל לבנותה מחדש, ערך היכרות עם השלטונות ובמיוחד עם מושל המחוז בוורשה והשקיע הרבה עמל, יוזמה וחכמה עד שעלה בידו להשיג את הרשיון ולבנות את המקוה מחדש.

ענוותן היה אבי עד קצה הגבול ויותר מזה. סמל לטוהר הלב, לזוך וליופי הנפש האצילה. מעולם לא דיבר בגנותו של איש ותמיד נזהר בכבודו של חברו, וכל שכן שנזהר לבל יצער במשהו את מישהו, ניהל בעיר את עניני הרבנות ופעולות החסד, דאג לכל עניני הקהילה והתפקידים השלימו זה את זה בהרמוניה נפלאה.

כל מעייניו היו נתונים בעיקר ליהודי עירו, למצבם הרוחני ולשמירה על הצביון התורתי של החיים השוטפים, והתקשר בעבותות־אהבה אמיצים עם טובי

למדניה של העיר ושמו כפוסק בדיני תורה נודע למרחקים. הריצו אליו שאלות מערים אחרות, פנו אליו בשאלת־עצה ובבקשת־סיוע מכל החוגים והשכבות. אף כי בדיני־תורה עמד על דעתו בתקיפות ולא חת מפני איש, היו הכל מחבבים אותו. האנשים חשו ברוך ובנועם ששפע ממנו.

כשהשיב את נשמתו הטהורה ליוצרה בא האדמו״ר מאמשינוב לנחם אותנו ואמר שהסתלקותו האבילה את יהדות התורה, כי הוא קיפל באישיותו דעת תורה ומדות תרומיות, מבני העליה שהם מועטים.

אמי פעשע, צנועה וקדושה, נפטרה בירושלים. היא היתה בתו של הנדבן המפורסם, ר׳ צבי זילברברג, מחסידי אלכסנדר; אשה שתוכה כברה, שמחשבתה, דיבורה ומעשיה צמודים היו זה לזה, ועל כן רבים העריכו, חיבבו והעריצו אותה.

הורי העמידו משפחה לתפארת. אחי יואל למד בישיבות ליטא ונהרג בזמן מלחמת העולם. אחי דוד ואייזיק הצטיינו בגדלות תורנית וניספו בשואה. אותו הגורל פקד גם את אחותי רבקה ושאר בני המשפחה. נשארתי אני יחידי משמונה ילדים.

כל מה שסיפרתי הוא כאין וכאפס לעומת מה שרציתי וצריך הייתי לספר על חייהם ומותם. אולם אין לשון בעולם שבה ניתן לתאר את השואה שעברה עלינו, מה שהרגשנו באותו זמן, וכל זמן שאנו קיימים, יישאר זכרונם אתנו. תמיד אנחנו אתם ולעולם לא ימושו מלבנו.



שמעון אהרנזאָן

# הרב אליעזר רוזשאַני

## דער מרא דאתרא פון אקאָניעוו



אַלד נאָך דער פטירה פון אַלטן רב הרב פריידקורס האָט די אלמנה פון פאַרשטאָרבענעם רב פאַרלאַנגט פון די אקוניעווער שטאָט־טאַטעס, אַז אַלס ממלא מקום זאָל פאַרנעמען דעם כסא הרבנות איר איידעם הרב אליעזר רוזשאַני.

הרב רוזשאַני האָט דעמאָלט געוווינט אין וואַרשע און זיך מפרנס געווען פון אַ געוועלבל. ער פלעגט אַמטירן אַלס רב בלויז אין די ימים נוראים אין שטעטל מראָזי. די אָרטיקע יידן האָבן נישט געקענט ביי זיך פּועלן, אַז אין די הייליקע טעג זאָל זייער שטעטל בלייבן אָן אַ מרא דאתרא און זיי פלעגן דעם הרב רוזשאַני אַראָפּברענגען צו זיך ביז איבער די ימים נוראים. נאָך די ימים נוראים האָט זיך ווידער אַלץ צוריקגעקערט צום אַלטן. הרב רוזשאַני איז צוריקגעפאָרן אין זיין געוועלבל און מראָזי איז ווייטער געבליבן אָן אַ רב.

היות ווי הרב רוזשאַני איז געווען אַ מיטגליד אין "מזרחי" אין וואַרשע, האָבן די אָקוניעווער מזרחיסטן גלייך אַקצעפּטירט דעם פאָרשלאַג פון דער אַלטער רביצין, און זענען געפאָרן קיין וואַרשע אים איינלאַדן צו קומען פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות.

הרב רוזשאַני האָט דאַן פאַרקויפט זיין דירה מיטן געוועלב און איז מיט זיין משפחה געקומען קיין אָקוניעוו. דאַן איז אויסגעבראָכן די גרויסע מחלוקת די חסידים אין אָקוניעוו האָבן בשום אופן נישט מסכים געווען, אַז אַ מזרחיסטישער רב זאָל זיין זייער מרא דאתרא און זיי האָבן אים אָנגעהויבן באַיקאָטירן, נישט געוואָלט דאַווענען מיט אים אין זעלבן מנין און בכלל אים אויסגעמיטן.

היות ווי אין אָקוניעוו האָבן געוווינט אַ גרעסערע צאָל אַמשינאָווער חסידים, האָבן די מזרחיסטישע יידן באַשלאָסן אַראָפּצופאָרן צום אַמשינאָווער רבין און אים בעטן, ער זאָל משפיע זיין אויף זיינע חסידים, זיי זאָלן מסכים זיין אויף הרב אליעזר רוזשאַני, וועלכער איז געווען אַ למדן מופלג.

נאָך דעם ווי דער אַמשינאָווער רבי האָט אויסגעהערט די דעלעגאַציע, האָט ער דערקלערט, אַז לויט זיין מיינונג איז הרב אליעזר רוזשאַני ראוי צו זיין אָקוניעווער

רב, האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו דריי פון זיינע חסידים, געבעטן, זיי זאָלן נישט דערפירן צו קיין חלול השם און מסכים זיין אויף הרב רוזשאַני.

די אַנדערע חסידים ווי די גערער, פּאַריסאָווער, ראַדזימינער א. א. האָבן אָבער נישט מסכים געווען מיטן אַמשינאָווער רבינס פּסק און באַשלאָסן ווייטער צו קעמפן קעגן רב.

אין דער זעלבער צייט האָט רעמבערטאָוו אָנגעהויבן מאַכן באַמיאונגען זיך אָפּצורייסן פון אָקוניעוו, געוואָלט האָבן אַן אייגענעם רב און אַן אייגענע קהילה. עס זענען וועגן דעם ענין אַוועק פּעטיציעס צום סטאַראָסטווע, צום בילדונג־ און רעליגיע־מיניסטעריום, אַדוואָקאַטן האָבן געאַרבעט מעשים און עס איז געווען לעבעדיק און פריילעך.

דאָס בילדונג און רעליגיע־מיניסטעריום האָט באַשלאָסן, אַז רעמבערטאָוו האָט דאָס רעכט אויף אַ באַזונדערע קהילה ביי דער גמינע פון וואַווער.

די צוויי שטעט, וועלכע זענען צענדליקער יאָרן געווען פאַראייניקט, זענען אָפיציעל געוואָרן פונאַנדערגעטיילט. ווען דער ענין איז אָפיציעל אַריין אין קראַפט האָט אָקוניעוו זיך גענומען גרייטן צו וויילן אַ רב. די קאַנדידאַטן זענען געווען: הרב רוזשאַני, געשטיצט דורך דער מערהייט באַפעלקערונג. דער צווייטער קאַנדידאַט איז געווען פון די חסידים. זיי האָבן אָבער געזען, אַז ביי וואַלן וועלן זיי פאַרשפּילן, זענען זיי געפאָרן קיין רעמבערטאָוו און באַוויזן צו ווירקן אויף 40 חסידישע באַלעבאַטים, זיי זאָלן קומען קיין אָקוניעוו אין טאָג פון די וואַלן און שטימען פאַר זייער רב.

פון דעם פּלאַן האָבן זיך אָבער דערוווּסט די אָנהענגער פון הרב רוזשאַני, זענען זיי געפאָרן קיין רעמבערטאָוו צוזאַמען מיט דער אַלטער רביצין, האָבן אַפּעלירט צו די רעמבערטאָווער יידן און זיי אויפגעקלערט, אַז הרב רוזשאַני האָט פאַרקויפט זיין דירה מיטן געוועלב און עס קומט אים אויס צו בלייבן אָן אַ פּת לחם. הערנדיק די אויפקלערונג האָבן רעמבערטאָווער יידן באַשלאָסן, אַז זיי מישן זיך נישט בפרט אַז בקרוב וועט אַרויס דער דעקרעט אַז זיי אַליין וועלן זיך קענען קלויבן אַן אייגענעם רב, און האָבן באַשלאָסן אַז זיי וועלן נישט פאָרן קיין אָקוניעוו שטימען קעגן הרב רוזשאַני עס זענען דאַן פאַרגעקומען די וואַלן אין אָקוניעוו און הרב רוזשאַני איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מרא דאתרא פון אָקוניעוו און פאַרנומען דעם כסא הרבנות ביז די נאַציס האָבן אים אומגעבראַכט צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה.

---

שמעון אהרנזון

# דער אויפקום און אומקום פון יידישן יישוב



י מיין פאָטער ר׳ אשר און זיידע ר׳ מעכל בין איך אויך געבוירן אין אָקוניעוו און דאָרט האָב איך פאַרבראַכט מיינע שענסטע יוגנט־יאָרן. דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָרט געזען, געהערט און איבערגעלעבט, איז טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. עס זענען געווען צייטן, ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלץ, וואָס כ׳האָב געזען אַרום זיך, איז צונויפגעוואַקסן מיטן שטעטל, עפּעס ווי עס וואָלט עקזיסטירט זינט דעם אויפקום פונעם ישוב. ערשט שפּעטער איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער יידישער ישוב איז אַנטשטאַנען נאָך אין יאָר 1640 און פאַרמאָגט הינטער זיך אַ רייכע געשיכטלעכע פאַרגאַנגענהייט.

ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן אָקוניעווער יידן געפירט זייערע מתים צו קבורה אויפן בית־עולם אין דער געגנט פון שמולעוויזנע, נעבן פראַגע, אַ מרחק פון 15 ק״מ. ביים אָנהייב פון 20־סטן יאָרהונדערט, ווען אין שטעטל האָבן זיך געפונען קרוב הונדערט יידישע משפחות, האָט מיין זיידע ר׳ מעכל צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע חשובע באַלעבאַטים, באַשלאָסן, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט ס׳שטעטל זאָל האָבן אַן אייגענעם בית־עולם און מען זאָל נישט דאַרפן פירן די מתים אַזאַ וועיטן מהלך. זיי האָבן אָפּגעקויפט אַ שטח באָדן הינטערן שטעטל און אים באַשטימט פאַרן בית־עולם.

דער ערשטער נפטר וועלכן מען האָט קובר געווען אויפן נייעם בית עולם איז געווען מיין זיידע אַליין, ר׳ מעכל. אינטערעסאַנט וועט זיין איבערצוגעבן, אַז היות מען לאָזט נישט אַן איינצלנעם מת אַליין אויף אַ נייעם בית הקברות, האָט דאָס שטעטל אָנגעשטעלט אַ באַצאָלטן שומר, וועלכער האָט אַזוי לאַנג געהיטן דאָס קבר, ביז אין שטעטל האָט זיך געמאַכט אַ נייער נפטר.

## דער רב, קהילה און דאזארעס

נאָך דער פּטירה פון אַלטן רב, הרב פרידקוס, ווערט געוויילט אַלס נייער רב זיין איידעם הרב אליעזר רוזשאַנין. אין דער ערשטער קהילה־פאַרוואַלטונג, נאָך

אין די צייטן פון אַלטן רב, זענען געווען פּאַרטרעטן די דאָזאָרעס: יואל־דוד זילבערשטיין, נחמן נאשעווסקי און אַבפּאַל. ווען עס זענען אין יאָר 1920 געוואָרן דורכגעפירט נייע וואַלן, זענען אויסגעוויילט געוואָרן די דאָזאָרעס: חיים־שמחה גראַדזשיצקי, דוד אייזנפיש, בן־ציון ביטער פון רעמבערטאָוו א. א.

אונדזער שטעטל איז געווען קליין און מער נישט דערגרייכט ווי ביז 150 משפחות אין 1939, ס'הייסט ביי 700 נפשות. די סיבה פון דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון אונדזער שטעטל איז צוליב דעם, וואָס מיר האָבן זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער אין אַ זייט פון דער באַן־ליניע וואַרשע—שעדלעץ. אויך האָט דאָס שטעטל נישט פאַרמאָגט קיין פּרנסה מקורות ווי פאַבריקן, הורט מסחר א. א. וו. אַזוי אַז אויפן געביט פון בנינים פאַר רעליגיעזע באַדערפענישן האָבן מיר געפילט אַ מאַנגל. אַזוי למשל, איז אין אָקוניעוו נישט געווען מער ווי איין בית־מדרש. אמת איז, אַז דער איינער בית המדרש איז געווען געבויט אויף אויפצונעמען אַלע יידישע איינוואוינער, אָבער נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אין שטעטל האָבן זיך געפונען פרומע יידן, יראים ושלמים, וועלכע זענען געווען חסידים פון גער, אַמשינאָוו, פּאַריסאָוו א. א. און זיי האָבן געשטרעבט, ווי עס האָט זיך געפירט אין דער חסידישער וועלט, אַז יעדע גרופּע זאָלן האָבן איר שטיבל, אָבער ליידער נישט געקענט דאָס דערגרייכן. אין דעם פאַל איז אין שטעטל צו הילף געקומען דער אָנגעזעענער גערער חסיד ר' הערשל פּרוזשניאַק, וועלכער האָט אין זיין באַקוועמער דירה אָפּגעטיילט איין צימער, ווו די חסידישע יידן פלעגן דאָרט איינאָרדענען אַ מנין. מיט דער צייט איז ר' הערשל פרוזשניאַקס צימער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מקום מפגש פאַר די חסידים. יעדן שבת־פאַרנאַכט איז דאָרט געוואָרן אָפּגעריכט שלוש־סעודות מיט דביקותדיקע זמירות, שמחת־תורה פלעגט מען דאָרט הוליען און טאַנצן, אַז ס'גאַנצע שטעטל איז זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף וווּנדער.

## יידישע פּרנסות

יידן האָבן זיך מפרנס געווען פון געוועלבלעך, שוסטעריי, שניידעריי. אַ דאַנק דעם וואָס אָקוניעוו האָט זיך געפונען אין דער נאָענט פון מיליטערישע קאַזאַרמעס, זענען אויך געווען אַ טייל יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו פאַרבינדן מיט זיי מסחר. עס זענען געווען אויך אייניקע קצבים, וועלכע פלעגן שחטן פאַר די יידן פון די אַרומיקע ישובים. געווען מילכיקער, וועלכע פלעגן אין די נעכט אַרומפאָרן מיט פערד און וועגעלע און אויפקייפן ביי די פּויערים מילך, אייער, הינער און שפּעטער פאָרן קיין רעמבערטאָוו און מילאָסנע פאַרקויפן. געווען אויך דאָרף־גייער, וועלכע פלעגן אויף אַ גאַנצער וואָך אַוועקגיין אין די דערפער מסחרן, טוישן

סחורה פאַר סחורה אָדער קויפן פאַר מזומנים. געווען אויך גרויסע פליישׂ־סוחרים, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט איפקויפן פאַרטיעס קי און קעלבער פון די אַרומיקע דערפער א. א. וו.

## דער יאַר־יאַריד

די וויכטיקסטע אַטראַקציע איז געווען דער אָקוניעווער יאַר־יריד, וועלכער איז פאָרגעקומען יעדעס יאַר און אין דעם זעלבן טערמין. דאָס איז געווען אַ טאָג אין יאַר, וואָס אָקוניעווער יידן האָבן געמאַכט פרנסה, און עס איז אַ סברה, אַז פון דעם איינעם טאָג האָבן אַ טייל יידן געהאַט צו לעבן שיינע עטלעכע חדשים.

עס איז געווען אַ יריד מיט אַלע כללים און פיטשעווקעס. שוין עטלעכע טעג פריער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען סוחרים פון שטעט און שטעטלעך, אפילו פון וואַרשע און פראַגע. דערוויל האָבן יידן פאַרדינט ביי זיי פאַר אכסניה, פאַרן קאָכן די גוטע מאָלצייטן. די פויערים און הענדלער פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער זענען אָנגעקומען מיט אַ נאַכט פריער אויף זייערע וועגענער אָנגעפאַקט מיט כל מיני סחורות שבעולם.

דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ איז אין טאָג פון יריד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גאַנצער שטאָט, אָנגעשטעלט מיט בוידן, מיט טישלעך און מיט וועגענער. טויזנטער מענטשן האָבן אָנגעפילט דעם מאַרק. מען האָט געקויפט און פאַרקויפט, סחורות, פראָדוקטן, אַלץ וואָס דאָס האַרץ האָט פאַרלאַנגט, אפילו מיט פערד און בהמות איז געגאַנגען אַ מסחר. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין קונצנמאַכער, קאָרטן־לייגער, קעשענע־גנבים און סתם אַפעריסטן.

פון די עקזיסטירנדיקע פאַרטייען אין אָקוניעוו, איז געווען זייער טעטיק די "מזרחי"־אָרגאַניזאַציע, די אַקטיוויסטן און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זענען געווען: שמעון אהרנזאָן, קלמן שולמאַן, יצחק ווינאָגוראַ, ישראל חיים נוימאַן און יעקב־דוד וויסגלאַס.

## פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס

פון די ציוניסטישע פאַרטייען האָט אויך געפירט אַ טיכטיקע און אַקטיווע טעטיקייט די "התאחדות" און איר יוגנט־אָרגאַניזאַציע "גורדוניה".

אין יאָר 1924 איז געגרינדעט געוואָרן די י. ל. פרץ ביבליאָטעק. אירע גרינדער זענען געווען מאיר און בונם אהרנזאָן. די ביבליאָטעק, וועלכע האָט אין אָנהייב זיך נישט פאַרנומען מיט קיין פאַרטייאישער טעטיקייט און בלויז געזאָרגט פאַר די קולטור־הצטרכותן פון שטעטל, האָט געענדערט איר אויסזען מיטן אָנקום פון

לערער אליעזר קוטנער, אַ געוועזענער ישיבה בחור, געקענט גוט לערנען און פאַרמאָגט אַן אָפענעם קאָפּ. אָט דער אליעזר קוטנער, וועלכער איז פון אַ ישיבה בחור געוואָרן אַ פייערדיקער אַגיטאַטאָר פאַר דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָט זיך אויסגעקליבן אַריינצוציען אין זיין נעץ אַריין די אָקוניעווער ישיבה־בחורים.

אין אָקוניעוו האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ גרופּע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן געקענט גוט לערנען. פאַר גאָר אַ גוטן ישיבה בחור האָט זיך גערעכנט אַ בחור וואָס האָט געקענט אָפּזאָגן גאַנץ "עירובין", "בבא בתרא" און נאָך אַ פּאָר מסכתות. צו דער גרופּע האָט זיך קוטנער צוגעטשעפּעט און מיט זיי פּאַרפירט לומדישע שמועסן. דער סוף איז געווען אַז ער האָט זיי כמעט אַלע אַריבערגעצויגן אויף זיין זייט און פון זיי געמאַכט אויס ישיבה־בחורים. צו דער גרופּע האָבן געהערט: עזרא זשיטעלני, וואָלף רויער, ישראלקע שאַרפשטיין, משה זילבערשטיין, הערשל אייזענפיש, יחיאל שטיינמאַן (יחיאל שטיינמאַן איז אגב היינט צו טאָג אַ פירנדיקע פּערזאָן אין דער פּאַריזער קאָמוניסטישער פאַרטיי).

עס האָט געטראָפן, אַז אין אַ שבת פרי, האָבן דער אָקוניעווער רב און אַ גרופּע באַלעבאַטים זיך דערוווּסט, אַז דער אליעזר קוטנער גייט האַלטן אַ רעפעראַט אין דער ביבליאָטעק, זענען זיי אַוועק זאָגן די פאַרזאַמלטע אַביסל מוסר, אָבער דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן דעם רב מיט די באַלעבאַטים אַרויסגעשטויסן פון דער ביבליאָטעק און איינגעאָרדנט באַלד אַ דעמאָנסטראַציע ביים בית המדרש, אויסרופנדיק פאַרשידענע לאָזונגען צום קאַמף קעגן קלער. אינטערעסאַנט, אַז דער זעלבער אליעזר קוטנער האָט שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געפינט זיך היינט אין אַ קיבוץ.

## דער דראַמקרייז און זיין רעפּערטואַר

ביי דער י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק האָט אויך עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרייז וועלכער איז טעטיק געווען פון 1921 ביז 1932. דער קרייז האָט אויפגעפירט ערנסטע פאָרשטעלונגען, ווי: "דער גולם", "דער דבוק", "7 געהאָנגענע" א. א. אין קרייז האָבן אָנטיילגענומען: משה זילבערשטיין, יהושע שאַרפשטיין, יהושע און חיים זילבערשטיין, חנה גלוקאָווסקי, זבולון אהרנזאָן, איטשע מאָרגנשטערן, פּערל שאַרפשטיין, רחל לאה רויער, יחיאל שטיינמאַן א. א. די רעזשיסערן זענען געווען פון אייגענע כוחות, יחיאל שטיינמאַן, איטשע מאָרגענשטערן א. א.

אָקוניעוו האָט אויך פאַרמאָגט אַ גוט אָרגאַניזירטע גמילת־חסדים־קאַסע, וועלכע האָט אַרויסגעגעבן הלוואות ביז 300 זלאָטעס. אין דער גמילת חסדים־קאַסע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1927 און עקזיסטירט ביזן אויסברוך

פון דער מלחמה אין 1939, זענען געווען טעטיק: שמעון אהרנזאָן, אהרן בערג, לייב מענדל שוחט יעקב דוד ווייסגלאַס און קלמן שולמאַן.

## חדרים און מלמדים

מלמדים האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט מער ווי חדרים, די ערשטע מלמדים זענען געווען: מעכעלע, אפרים לאָזער און חיים יהושע. אין די שפּעטערע יאָרן האָט זיך פאַרנומען מיט מלמדות און הוראה: ר׳ שמואל יעקב אַבראַמאָוויטש, אַ ייד אַ תלמיד חכם און משכיל, פלעגט לערנען מיט בחורים גמרא צוגעבנדיק צו די פירושים וועלטלעכע באַמערקונגען. פון די איבעריקע דרדקי־מלמדים זענען געווען: ר׳ אלתר אייזנשטיין, משה שעדלעצער, שמחהלע און אפרים לאָזער, וועלכער איז אויסער מלמד אויך געווען דער בעל תפילה אין בית־המדרש.

די אַלגעמיינע לערע האָבן די יידישע קינדער באַקומען אין דער פּוילישער פאָלקס־שול. אין די אָוונטן איז אַראָפּגעקומען, פּריוואַט געדונגען דורך עטלעכע באַלעבאַטים, אברהם קרופּניק פון רעמבערטאָוו, וועלכער האָט געלערנט מיט די קינדער דקדוק און עברית.

## דער אָנהייב פון חורבן

אין סעפּטעמבער 1939 ברעכט אויס די צווייטע וועלט מלחמה, און אין דעם ערשטן טאָג סוכות טרעטן די היטלעריסטן אַריין אין אָקוניעוו, אָנקומענדיק נישט פון וואַרשע נאָר דורך ווישקאָוו. אין די ערשטע מינוטן פון זייער איינטריט ווערט דערשאָסן דער אָקוניעווער 18 יאָריקער ירחמיאל ווינאגוראַ. ווי אַן עד ראיה גיט איבער, איז דערשאָסן געוואָרן נאָך אַ ייד.

דער מילאָסנער באַלעבאָס צבי נאַשעווסקי, וועלכער האָט איבערגעלעבט אין דורכגעמאַכט דעם מילאָסנער געטאָ, גיט איבער, אַז נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן באַשלאָסן איינצופירן די געטאָס, איז פון די מילאָסנער און אָקוניעווער יידן באַשטימט געוואָרן אַ יודן־ראַט, וועמענס פאָרזיצער עס איז געווען דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער אָקוניעווער קהילה, און געוועזענער פּוילישער אָפיצער ה׳ לובלינער, וועלכער איז געווען זייער אַן אָרנטלעכער און פיינער מענטש, קיינעם קיין שלעכטס נישט געטון און זייער פיל געהאָלפן די געטאָ־איינוווינער פון מילאָסנע און אָקוניעוו.

לויט ווי צבי נאַשעווסקי גיט איבער, זענען די יידן־ראַטן אין רעמבערטאָוו אָקוניעוו און מילאָסנע פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן.

די היטלעריסטן האָבן צוזאַמענגערופן די פאָרשטייער פון די פּוילישע גמינעס

פון די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך און פון זיי פאַרלאַנגט אַז יעדע גמינע, וועלכע האָט געקענט די איינוווינער זאָל פאַרשלאָגן, ווער פון די יידן עס איז, לויט זייער מיינונג, פּאַסיק צו זיין אין יודן־ראַט. די גמינע פאַרשטייער פלעגן דאַן פאָרשלאָגן די קאַנדידאַטן, וועלכע זענען מערסטנטייל געווען פון די חשובע און רייכע באַלעבאַטים און די היטלעריסטן האָבן גלייך באַשטעטיקט דעם אויסוואַל.

פון די מילאָסנער און אָקוניעווער יידן זענען דעמאָלט באַשטימט געוואָרן אין יודן־ראַט מיטן זיץ אָרט אין מילאָסנע די פאָלגנדע באַלעבאַטים: יודל פרידמאַן, מענדל וואַרע, חיים גרשון זילבערשטיין, יעקב דוד ווייסגלאַס, צבי נאַשעווסקי, אברהם דוד פרידמאַן, וועלוול גלוקאָווסקי. די אויסגעקליבענע יידן, וועלכע האָבן נישט געוווסט מיט וואָס מען עסט דאָס און וואָס מען דאַרף נעמען טאָן, האָבן זיך געפונען אין גרויס פאַרלעגנהייט. דאַן איז זיי איינגעפאַלן אָראָפּ־צובריינגען לובלינערן, וועלכער איז געהאַט אַנטלאָפן קיין וואַרשע און דאָרט געהאַנדלט אויף דער גאַס מיט ליכט, זיי האָבן אים צוגעזאָגט אַ הויכן געהאַלט, אבי ער זאָל קומען איבערנעמען דאָס עסק. לובלינער, וועלכן עס איז שוין נמאס געווען דאָס האַנדלען מיט ליכט איבער די וואַרשעווער גאַסן, האָט מסכים געווען. ער איז געקומען און איבערגענומען דעם אַמט, אָנפירנדיק פּאַקטיש מיט אַלץ און אַלעמען.

לאַנג האָבן די יידן אין מילאָסנע געפּרוווט טראָגן אין האַרצן דעם טליענדיקן פונק פון האָפענונג, אַז אפשר וועט פאָרט געלונגען איבערצולעבן די ביטערע צייט, ביז עס איז געקומען דער באַפעל, אַז אַלע יידן דאַרפן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אין יענעם פינצטערן טאָג האָבן יידן גענומען אַנען די גרויסע געפאַר פון פאַר־ניכטונג און טויט און איינער האָט געפרעגט ביים אַנדערן: וואָס וועט זיין? וואָס וועט געשען? אַלע פּנימער זענען געווען בלאַס, די הענט האָבן געציטערט און די פינגער האָבן קאָנווולסיוו געקלאַמערט זיך אין די נאָענטסטע.

אין חודש מערץ פון יאָר 1942 זענען די מילאָסנער און אָקוניעווער יידן אָפּגעפירט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ אַריין און פון וואַרשעווער געטאָ זענען זיי מיט אַלע וואַרשעווער יידן בעת די אויסזידלונגס־אַקציעס אָפּגעפירט געוואָרן נאָך טרעבלינקע ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען על קידוש השם.



# מילאָסנע

צבי (הערש־פסח) נאשעווסקי

## מענטשן און געשטאַלטן



מילאָסנע, אָדער ווי מען האָט עס גערופן ניי מילאָסנע, איז אַ יונג שטעטל. געשיכטלעך דאַרף כאַרצייכנט ווערן, אַז ניי מילאָסנע, וועלכע האָט זיך געפונען אויפן וועג וואַרשע—מינסק־מאַזאָוויעצק, בערך 22—20 קילאָמעטער פון דער הויפט־שטאָט, האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן אַלס יידישער ישוב אין יאָר 1912 און עס האָבן דעמאָלט געוווינט אין מילאָסנע בסך־הכל דריי יידישע משפחות. אויף שבת פלעגן קומען עטלעכע יידישע דאַרפסלייט פון דאָרף יוניוועקע, נאָענט פון מילאָסנע און דאַן האָט מען געקענט צונויפשטעלן אַ מנין.

שפּעטער זענען יידן פון די אַרומיקע געגנטן געקומען זיך באַזעצן אין מילאָסנע עס זענען געקומען יידן פון מינסק־מאַזאָוויעצק, פון רעמבערטאָוו און אפילו פון גראָכאָוו און פראַגע. די ערשטע זענען געווען: מאָטל גרינשפּאַן, שלמה יאָסל נאַשעווסקי, שלמה יודל מיט זיין איידעם משה, משה ווינאַגורא, נחמן נאַשעווסקי, משה גראַביע, אלתר, יודל, אברהם, לייזער, יאַנקל און שמואל הערצקע פרידמאַן, חיים שפּעקמאַן, אהרן בערג, נתן נייפעלד, לייבל ראַכמאַן, שמואל דוד באָרוצקי, משה באָראָווסקי א. א.

במשך פון יאָרן איז מילאָסנע געוואָרן באַקאַנט אַלס קוראָרט און איז זיך צעוואַקסן. ביזן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939 האָבן אין מילאָסנע געלעבט 150 יידישע משפחות, סהייסט 600 נפשות. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון 2000 משפחות.

קיין אייגענע יידישע קהילה האָט מילאָסנע קיינמאָל נישט געהאַט. אונדזער שטעטל איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער אָקוניעווער יידישער קהילה, צו וועלכער

עס האָבן אויך אָפיציעל געהערט אַזעלכע ישובים, ווי גראָכאָוו, רעמבערטאָוו, וואָוועַר און אַלט־מילאָסנע. נישט געווען אויך קיין מקום קדוש, ביז דער שפּעטערער אָקוניעוווער קהילה פּרעזעס און מילאָסנער תושב ר׳ אהרן בערג האָט אָפּגעגעבן אַ האַלב הויז אויף אַ שול. פריער האָט מען געדאַוונט אין אַ פּריוואַטער שטוב ביי מאָטל גרינשפּאַן. די אָפיציעלע בעלי־תפילות זענען געווען: נתן נייפעלד און לייבל ראָכמאַן.ביידע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער מתיקותדיק דאַווענען.

אין מילאָסנע האָט עקזיסטירט אַ גוט־איינגעאָרדנטע גמילת־חסדים־קאַסע, וועמענס גרינדער זענען געווען: יודל פרידמאַן, משה גאָטליב א.א.

עס האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן געפירט אַ לעבהאַפטיקע פּאָליטישע און קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. צווישן זיי: די י. ל. פּרץ ביבליאָטעק, התאחדות, מזרחי, גורדוניה, בית״ר, ווי אויך די נישט אָפיציעלע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

קיין יידישע שולן האָבן אין מילאָסנע נישט עקזיסטירט. די איינציקע איז געווען די אַלגעמיינע מלוכהשע פּאָלקס־שול. אין די אָוונטן פלעגט קומען פון רעמבערטאָוו דער ספּעציעל־איינגעלאַדענער יידיש לערער אברהם קרופּניק, וועלכער האָט געלערנט די קינדער לייענען און שרייבן יידיש.

אין שטעטל איז אויך מער נישט געווען ווי איין חדר. דער מלמד האָט געהייסן וואָלף מאַנדל, אַ שטרענג רעליגיעזער ייד, מיט אַ לאַנגער הדרת פּנימדיקער באָרד, אַ למדן, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין אַ פאַרברענטער רעוויזיאָ־ניסט און גרויסער אָנהענגער פון השכלה.

דאָס שטעטל מילאָסנע האָט זיך מפרנס געווען ערשטנס פון דער פליישבראַנזשע. פּונקט ווי אין רעמבערטאָוו האָבן אויך אין מילאָסנע זיך געפונען פלייש־צושטעלער פאַרן מיליטער. עס איז אויך געווען אַ גרויסע פאַבריק פון הילצערנע קאָפּעטעס פאַר שוסטער, וועלכע האָט געהערט צו אַ וואַרשעווער ייד מינץ. אין מינצ׳ס פאַבריק זענען געווען באַשעפטיקט איבער 100 ארבעטער צווישן זיי אויך אַ טייל קריסטן.

די מילאָסנער דאָזאָרעס אין דער אָקוניעווער קהילה זענען געווען: נחמן נאַשעווסקי (ערשטער דאָזאָר), אהרן בערג (שפּעטער קהילה־פּרעזעס), משה באָראָווסקי און יודל פרידמאַן.

אין יאָר 1942 איז די מילאָסנער קהילה געוואָרן ליקווידירט. פון די 600 נפשות האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט נישט מער ווי צוויי צענדליק יידן, די איבעריקע יידן, אנשים נשים וטף, זענען דורך די מערדערישע נאַציס אָפּגעפירט געוואָרן קיין טרעמבלינקע, וווּ זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות על קידוש השם והעם.

## מיין ברודער דער בעל־תשובה

אין מילאָסנע איז געווען אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי, און וועלכער מיין ברודער משה נאַשעווסקי איז געווען אַ פירנדיקער אַקטיוויסט און דאָס האָט מיין טאַטן, אַ פרומער ייד און אָנגעזעענער באַלעבאָס אין שטעטל, פאַרשאַפט גרויס צער. עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן קיין רייד און קיין תחנונים. מיין ברודער משה האָט אַלץ געוווסט בעסער...

משה האָט זיך נישט באַנוגנט מיט זיין טעטיקייט אין מילאָסנע. ער האָט געהערט צו די, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קאָמוניסטישער אַרבעט אין דער גאַנצער געגנט אַרום און אויך אין וואַרשע. אין די פוילישע קאָמוניסטישע קרייזן האָט מען פון אים שטאַרק געהאַלטן. ער פלעגט דורכפירן אַקציעס, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן.

אין אַ געוויסן טאָג איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער מוז אויפהענגען אַ רויטע פאָן אויף דער וויללע פון מאַרשאַל פילסודסקי אין סוילעיוווּעק. ער האָט זיך גענומען צו הילף זיין פוילישן פּאַרטיי־חבר קאַזשימיערטשיק און ביידע האָבן זיך אַרויסגעלאָזט קיין סולעיוווּעק אויספירן דאָס שטיקל אַרבעט.

איך בין געווען אַלע יאָרן דער פלייש־צושטעלער אין דער וויללע פון מאַרשאַל פילסודסקי און אַלע וואַכן האָבן מיך זייער גוט געקענט און מיך דורכגעלאָזט אָן שום שוועריקייטן. מיין ברודער משה, וועלכער איז געווען זייער ענלעך צו מיר, האָט די פאָן אַריינגעפּאַקט אין פלייש און צוקומענדיק צום טויער איז די וואַך געווען זיכער, אַז דאָס בין איך. אויף קאַזשימערטשיקן האָט ער אָנגעוויזן, אַז ער דאַרף אים האָבן צוליב מסחר־ענינים און אַזוי אַרום זענען זיי אַריין אינעווייניק.

זייענדיק אינעווייניק איז אים שוין נישט שווער געווען אויסצופירן זיין אויפ־גאַבע. ער האָט זיך אומבאַמערקט אַרויפגעכאַפּט אויפן דאַך פון פילסודסקיס הויז, פאַרוואָרפן די רויטן פאָן און גיך אַוועק צוריק צום טויער, אָבער דאַן האָבן די וועכטער אים דערקענט. געווען צווישן זיי אַ פּאָליציאַנט, וואָס האָט געווּסט וועגן זיין קאָמוניסטישער טעטיקייט. קאַזשימערטשיקן איז געלונגען צו אַנטלויפן טראָץ דעם וואָס מען האָט אים נאָכגעשאָסן. מיין ברודער משה האָט באַקומען אַ קויל אין פוס און געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער. מען האָט אים אַרעסטירט און באַקומען פאַר דעם שטיקל אַרבעט צוויי יאָר טורמע, אָבער נאָכן אָפּזיצן די צוויי יאָר איז ער ווייטער אַרעסטירט געוואָרן אין וואַרשע בעתן איבערפירן אַ שרייב־מאַשין ער האָט זיך געוואָרפן אויף די פּאָליציאַנטן און גענומען זיי טיילן קלעפּ, וועלנדיק אין דער מהומה אַנטלויפן. עס איז אים אָבער נישט געלונגען און דאָס מאָל איז ער פאַרמשפּט געוואָרן אויף פינף יאָר טורמע.

נאָכן אָפּזיצן די פינף יאָר האָט מען אים געשיקט דינען אין מיליטער, האָפנדיק, אַז דאָרט וועט מען אים אַרויסשלאָגן זיינע קאָמוניסטישע שגעונות. קומענדיק אין מיליטער נעמט ער גלייך אָרגאַניזירן אַ קאָמוניסטיש קעמערל. עס דויערט נישט לאַנג און אין דעם קאָמוניסטישן קעמערל אין מיליטער זענען געוואָרן אַריינגעצויגן 150 זעלנער און אָפיצירן. איינער איז דורכגעפאַלן און בעת דער אויספאָרשונג האָט ער זיך איינגעבראָכן און אַלע פאַרשיט. מיין ברודער משה איז דאַן געוואָרן פאַרמשפּט אויף פרישע 9 יאָר טורמע. אויפן זיבעטן יאָר איז אויסגעבראָכן די מלחמה און משה איז אַוועק קיין ביאַליסטאָק און פון דאָרט קיין קיעוו. דאָרט האָבן זיך אים געעפנט די אויגן און ער האָט דערזען, אַז עס איז עפּעס נישט דאָס, פאַר וועלכן ער האָט געקעמפט אַלע יאָרן. אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אונטערן פרייעם הימל איז ער אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע, וואָס האָט נישט געקענט געפעלן די קיעווער פאַרטיי־פירער און די ענקאַווערע האָט אים געוואָלט אַרעסטירן, אָבער אים איז געלונגען צו אַנטלויפן און צוריקפאָרן קיין בריסק, פונוואַנען ער האָט זיך געלאָזט גיין צופוס דורכן פאַרפרוירענעם בוג אויף דער צווייטער זייט גרענעץ. די הינט פון דער רוסישער גרענעץ־וואַך זענען אים נאָכגעלאָפן און שרעקלעך צעביסן. געריסן פון אים שטיקער, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און אַ באַגאָסענער מיט בלוט ווייטער געשפּאַנט, ביז ער איז לסוף אָנגעקומען קיין מילאָסנע.

זיינע חברים אין מילאָסנע האָבן אויף אים געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן „משה, ווי קומט עס וואָס דו ביסט צוריקגעקומען פון דאָרט?"

משה'ס ענטפער איז געווען קאַטעגאָריש און פאַרביסן:

„איידער אַ קוש פון אַ קאָמוניסט, וויל איך בעסער שטאַרבן פון אַ דייטשער קויל".

ווען מילאָסנע ווערט ליקווידירט געלינגט אים צוזאַמען מיט מיר און נאָך עטלעכע צו אַנטלויפן אין שטעטעלע סטאַניסלאַווע, ביי מינסק. דאָרט האָבן די יידן נאָך געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז ביי זיי וועט עס נישט געשען. אָבער דער טרויעריקער טאָג איז געקומען. דעמאָלט האָב איך זיך געבעטן ביי מיין ברודער משה: „קום, לאָמיר אַנטלויפן. די דייטשן גייען אויך סטאַניסלאָווע ליקווידירן".

ער האָט מיר דאַן געענטפערט, אַז ער איז מיד. מער קען ער נישט און וויל מער נישט וואַנדערן. משה איז אומגעקומען צוזאַמען מיט די סטאַניסלאַווער יידן אין טרעמבלינקע.





אביש הענדל

# מיין זיידנס "צארסקיער־הויף" אין מילאסנע

מיין זיידע ר׳ נתן הענדל איז געווען באַקאַנט אין אונדזער שטעטל מילאָסנע אַלס שאַרפער ביאַלאָבזשעגער חסיד. ער פלעגט ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן פאָרן צום רבין נאָך ביאַלאָבזשעג, אָבער אַ חוק ולא יעבור איז ביי אים געווען צו פאָרן צום רבין יעדן יום־כיפור.

דער זיידע איז אויך געווען אַ גרויסער עושר, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן ברעטער־סקלאַד, האָט מיט דער ברייטער האַנט געשטיצט אַלע צדקה־אינסטי־טוציעס. באַזונדערס האָט ער זיך פּאָפּולער געמאַכט ביים עולם מיט זיינע גמילת־חסדים־מעשים, באַרגנדיק געלט יעדן וואָס האָט זיך גענויטיקט, אָן באַוואָרענישן, בלויז אויפן וואָרט און אָן פּראָצענטער.

גרויס צופרידנקייט האָט אויך אַרויסגערופן ביי די מילאָסנער יידן דער פאַקט וואָס מיין זיידע איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אויף זיין פּלאַץ אויפ־געבויט, פאַר זיין געלט, אַ מקווה. מיט יאָרן שפּעטער האָט ער אויפגעבויט די צווייטע מקווה, וועלכע איז געווען פאַרזען מיט פאַרשידענע אויסבעסערונגען.

דער הויף, ווו דער זיידע און די באָבע פּערל האָבן געוווינט, איז געווען באַקאַנט א. נ. "דער צאַרסקיער הויף", אַ רמז אויף רהבות און מלכותדיקס. אין דעם הויף האָבן זיך געפונען אַ ריי בנינים, אין וועלכע עס האָבן אויך געוווינט מיינע עלטערן. אין אַ צווייטן בנין האָט געוווינט דעם זיידנס זון ר׳ זכריה מיט זיין פאַרצווייגטער משפחה. אַ ספּעציעלער בנין אין הויף איז געוואָרן אָנגערופן הכנסת־אורחים. דער בנין האָט אויך געדינט אויף צו מאַכן אַ ברייטן קידוש פאַר שטעטלשע יידן בעת אַ יאָר־צייט, אַ יום־טוב, אַ שמחה. דאָרט פלעגן געפראַוועט

ווערן יעדן שבת־צו־נאַכטס מלווה מלכהס מיט פריש געקאָכטע שבת־צו־נאַכטיקע מאכלים, ווי קאַרטאָפל מיט רויטן באָרשט און געפּרעגלטע קאָטלעטן. ביז שפּעט, נאָך האַלבער נאַכט, פלעגן זיך הערן די געזאַנגען פון די זמירות.

כ׳דערמאָן זיך אין אַ גאַנצער ריי פרומע מילאָסנער באַלעבאָטים, וועלכע פלעגן זיין מיין זיידנס חשובע געסט, צווישן זיי: משה גראַביע, מענדל זעליג שטיינבערג, לייביש ראַכמאַן, לייביש מענדל פוקס, יעקב קאָטלינאַ, לייביש רוסעט, אהרן בערג, משה ווינאָגוראַ, שמואל גרינבערג, יודל, אברהם און יעקב פרידמאַן, יעקב דעמבוס, יהושע און וואָלף מילער, מש הבאַראָווסקי, משה אבפּאַל, וואָלף מיינעמער, בערל דמבר, מענדל גראַבאָווסקי, זכריה נייפעלד, גרשון קרישעווסקי, ברכה׳טשע זשאַראָוו, יוסף זאַלצבערג, שלמה יוסף נאַשעווסקי, שלמה פּערקאַל, צאַלקע און לייבל דעמבוס, שמואל דוד באַראַצקי און צענדליקער אַנדערע, וועמענס נעמען איך קען זיך נישט דערמאָנען. די טייערע יידן זענען דורך די דייטשע רוצחים גרויזאַם אומגעברענגט געוואָרן.

דער טאַטע מיינער, ר׳ פנחס, איז געגאַנגען אין די דרכים פון זיינע עלטערן, פון מיין זיידן ר׳ נתן, איז געווען פון די שאַרפע אַמשינאָווער חסידים, איינער פון די טיש־זיצערס ביים רבין. אויך די מאַמע מיינע האָט זיך פאַרנומען מיט צדקה און מעשים טובים און געווען אַ גאָר ערלעכע און גוטהאַרציקע פרוי.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, ווען די מאַמע מיט דער מחותנתטע מיינע האָבןביידע געלאָזט שרייבן אַ ספר תורה פאַרן מילאָסנער בית־המדרש. און דעם זעלבן שבת־צו־נאַכטס, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פייערליכער סיום־הספר מיט אַ סעודת מצווה, איז אויך אין מילאָסנע אויפגעפירט געוואָרן דורכן אָרטיקן דראַמ־קרייז יעקב גאָרדינס פּיעסע "די משפּחה" זייענדיק אַ מיטגליד אין קרייז, בין איך געווען פאַרטרעטן אין דער פּיעסע מיט דער ראָל פון גדליהן. קיין צווייטער אויף מיין פּלאַץ מיך צו פאַרטרעטן איז נישט געוואָרן צוגעגרייט.

וואָזשע טוט מען? גיין אויפן סיום הספר, אָדער דערפירן מען זאָל די מענטשן צוריקגעבן דאָס געלט פאַר די בילעטן, אָפּרופן די פאָרשטעלונג? די מיטגלידער פון דראַמקרייז, דערוויסנדיק זיך פון מיין קווענקלעניש. האָבן מיך געוואָלט צערייסן אויף שטיקער, דראָענדיק, אַז "די געשיכטע וועט עס מיר נישט מוחל זיין". דער סוף איז געווען אַז די בינע האָט גובר געווען און כ׳בין אויפגעטרעטן אַלס גדליה אין דער פאָרשטעלונג. צומאָרגנס אינדערפרי איז מיין טאַטע געקומען צו מיר און באַגריסט מיך בזה הלשון:

"שלום עליכם, ר׳ גדליה!"

אנשטאָט צו דערלאַנגען מיר די האַנט צו דעם ברייטן שלום עליכם, האָט ער

זי בלויז אויפגעהויבן אַביסל העכער און מיר אַראָפּגעלאָזט צוויי פּייערדיקע פּעטש, זאָגנדיק דערביי: "די מאַמע מאַכט אַ סיום הספר און דער זון גייט זיך אַוועק שפּילן טריאַטער"...

אין צוזאַמענהאַנג מיט די זכרונות פון מיין שטעטל מילאָסנע, וואָלט אויף אַן אמת "די געשיכטע מיר קיינמאָל נישט מוחל געווען", איך זאָל נישט דער־מאָנען דאָ אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, וואָס גיט אונדז אַ שטיקל באַגריף פונעם אַמאָליקן יידישן שטייגער אין די יידיש־פּוילישע שטעטלעך.

צו מיין מאַמען האָט זיך אַמאָל געוואָנדן אַן עלטערע פרוי, וואָס איז געקומען פון דער פרעמד און האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס גוטע קעכין און פּעאיקע אָנצופירן מיט דער הויז־ווירטשאַפט. מיין מאַמע, וועלכע האָט זיך טאַקע גענויטיקט אין אַזאַ פרוי, האָט איר גלייך צוגענומען צו דער אַרבעט, און איר אָפּגעגעבן אַ באַזונדער חדר אין אונדזער הויז.

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט זיך ווידער צו מיין פאָטער געוואָנדן אַ בכבודער עלטערער פרומער ייד, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָגן צו זיין אַ מלמד און לערנען מיט אונדז קינדער. מיין פאָטער און מיין פעטער זכריה האָבן צווישן זיך דורכ־געשמועסט און באַשלאָסן אים צוצונעמען אַלס מלמד, ער זאָל לערנען מיט אונדז און מיטן פעטער זכריהס קינדער. געלערנט האָבן מיר ביי אונדז אין הויז, ווו מיין פאָטער האָט דעם מלמד אָפּגעגעבן אויך אַ באַזונדער חדר צום וווינען.

מאַכט זיך אַ מעשה, ווען מיין מאַמע האָט זיך אין אַ פאַרטאָג איבערגעוועקט, האָט זי צו איר גרעסטער דערשטוינונג דערזען ווי דער מלמד גנבעט זיך שטילער־הייט אַריין אין חדר פון דער קעכין... זי איז געבליבן אָן לשון, און נישט געוווּסט וואָס פריער צו טון, וועקן דעם טאַטן, אָדער נעמען שרייען גוואַלד...

צומאָרגנס אינדערפרי ווען דער טאַטע האָט אַריינגערופן דעם מלמד און אים גענומען מאַכן פאַרוווּרפן, און שוין גרייט געווען אים צו הייסן גיין, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מלמד מיט דער קעכין זענען מאַן־און־ווייב... זיי האָבן זיך ספּעציעל געמאָלדן אָפּגערוקט מיט אַ שטיקל צייט צו דער אַרבעט, עס זאָל נישט איינפאַלן, אַז זיי זענען אַ פאַרפאָלק, מורא האָבנדיק אַז אַ פאַרפאָלק וועט מען נישט וועלן צונעמען צו אונדז אין הויז אַריין.

פון אונדזער שטעטל מילאָסנע, צוזאַמען מיט אַלע יידן איז מער נישט געבליבן ווי זכרונות. אַלע זענען זיי טראַגיש אומגעברענגט געוואָרן אין טרעמבלינקע, צווישן זיי אויך מיין ערשטע פרוי רייזל.



אברהם שפּעקמאַן

# די היטלעריסטן
# אקופּירן מילאַסנע



ונדזער שטעטל מילאָסנע איז דעם ערשטן טאָג סוכּות, בעת די שטעטלשע איינוווינער האָבן זיך געפונען ביים דאַוונען אויפגעציטערט געוואָרן פון אַ שטאַרקער קאַנאָנאַדע און אומאויפהערלעכע שיסערייען, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן פון הינטער דעם שטעטל. עס איז געוואָרן אַ שטאַרקע בהלה און יידן האָבן זיך גענומען צעלויפן יעדער צו זיך אַהיים. מען האָט געוווּסט אַז עס איז מלחמה, אָבער קיינעם איז אפילו נישט געקומען אויפן דמיון, אַז די דייטשן זאָלן אַזוי שנעל זיך געפינען אין דער נאָענט.

צו וואָס האָבן די דייטשן געדאַרפן אַזאַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע און שיסעריי ביים דערנענטערן זיך צו מילאָסנע, ווו זיי האָבן בכלל קיין ווידערשטאַנד נישט אָנגעטראָפן? וועגן דעם האָבן מיר זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער, ווען דאָס שטעטל איז שוין געווען אָקופּירט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גורם דערפון זענען נישט געווען קיין דיוויזיעס פון פּויליש מיליטער, וועלכע האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט און נישט דערלאָזט אַז מילאָסנע זאָל אַריינפאַלן אין דייטשע הענט, נאָר צוויי העלדישע קריסטלעכע פרויען.

די ערשטע העלדישע קריסטין וועמענס נאָמען איך האָב לײדער פאַרגעסן, האָט געוווינט אין דאָרף דלוגאַ שלאַכעצקאַ, דאָס דאָרף האָט זיך געפונען אויפן וועג פאָרן אַריינפאָר אין מילאָסנע. אין דעם דאָרף האָט געוווינט די פרוי פון אַ פּוילישן לעגיאָנער. ווען די דייטשן זענען אָנגעקומען אין דאָרף איז די פרוי איינע אַליין אַרויס מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און מיטן ערשטן שאָס דערהרגעט אַ דייטשן אָפיצער. פאַרשטייט זיך, אַז די העלדישע פרוי איז גלייך דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן, דאָס איז אָבער געווען פאַר זיי אַ צו קליינע שטראָף, האָבן זיי אַרומגערינגלט דאָס דאָרף און עס גענומען באַשיסן מיט אַרטילעריע און מאַשין־געווער, אויסהרגענדיק אַ סך מענער און פרויען פון דאָרף.

דעם צווייטן קבלת־פּנים האָבן זיי באַקומען פון אַ צווייטער קריסטלעכער פרוי, ווען זיי האָבן זיך נאָכן אָפּפאַרטיקן מיטן דאָרף דערנענטערט צו מילאָסנע.

באַלד אין אָנהויב שטעטל האָט געוווינט אַ פרוי, וועמענס מאַן, אַ קאַפּיטאַן אין דער פּוילישער אַרמיי, האָט זיך געפונען אויפן פראָנט, אויך די פרוי האָט זיך נישט געקענט באַהערשן דערזעענדיק די היטלעריסטן אַרום איר הויז. זי האָט דאַן מיטן מאַנס רעוואָלווער, וועלכער האָט זיך געפונען אין שטוב, אַרויס־געשאָסן דורכן פענסטער און דערהרגעט אַן אַנדערן דייטשן אָפיצער.

דער כעס פון די היטלעריסטישע באַנדיטן נאָך דעם צווייטן פאַל איז געווען אויסערגעוויינלעך ווען זיי האָבן דערזען, אַז אויך אין דעם פאַל האָט געשאָסן אַ פּוילישע פרוי, האָבן זיי זי צוזאַמען מיט נאָך 60 קריסטן, וועלכע זיי האָבן אַרויס־גענומען פון די הייזער, אָפּגעפירט אויף אַ ליידיקן פּלאַץ און זיי באַוואָרפן מיט גראַנאַטן. זייערע קערפּערס זענען שפּעטער באַגראָבן געוואָרן דורך מילאָסנער יידן אין אַ ברידער־קבר. נאָך דעם פאַל זענען זיי שוין נישט אַריין נאָך מילאָסנע אַזוי האָפערדיק און זיכער. די צוויי פאַלן זענען געווען די סיבה פון דער שטאַרקער קאַנאָנאַדע און געדיכטער שיסעריי.

אויך סילעיוועק פאַר מילאָסנע האָט זיך געגרייט אויפצונעמען די דייטשן מיט עטלעכע ביקסן־שאָסן, אין דעם שטעטל, ווו עס איז געווען די רעזידענץ פון מאַרשאַל פּילסודסקי, האָבן זיך נאָך געפונען עטלעכע זעלנער, וועלכע האָבן באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די געפאַנצערטע דיוויזיעס.

דער פּוילישער מיניסטער מאַראַטשעווסקי, וועלכער האָט געוווינט אין סולעיוועק, האָט געוווסט מיט וואָס פאַראַ כוח די היטלעריסטן מאַרשירן און אַז די עטלעכע שאָסן פון די זעלנער וועלן דערפירן צו אַ שרעקלעכער בלוט־פאַר־גיסונג און צענדליקער אָדער אפשר הונדערטער מענטשן פון דער ציוויל באַפעל־קערונג וועלן באַצאָלן מיט זייערע לעבנס. ער האָט זיי באַפוילן צו לייגן דאָס געווער און אַליין איז ער אַרויס צו די דייטשן מיט אַ ווייסער פאָן אין איין האַנט. און אַ טאַץ ברויט מיט זאַלץ אין דער צווייטער האַנט און אַדאַנק דעם איז סולעיוועק נישט באַשאָסן געוואָרן.

ווען די דייטשן זענען, שאַרענדיק זיך ביי די ווענט, אַריין אין מילאָסנע, האָבן זיי געשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס. אויף יעדן פענסטער, וואָס מען האָט נישט באַוויזן באַצייטנס צו פאַרמאַכן. פון די ווילדע שיסערייען זענען דעמאָלט דערהרגעט געוואָרן לייבל ראָכמאַן און דאָס יונגע מיידל רייזל ניסנבוים. טראָץ דעם אַלעם האָבן זיך נאָך געפונען עטלעכע פּוילישע זעלנער, וועלכע האָבן געעפנט אויף זיי אַ פייער. נאָך אַ קורצן קאַמף זענען די עטלעכע פּוילישע זעלנער אומגעקומען.

ביים אָקופּירן דאָס שטעטל האָבן זיי גלייך פאַראָרדנט, אַז אַלע מענער, יידן און קריסטן, זאָלן פאַרלאָזן זייערע היימען און זיך צוזאַמענקומען אויפן ליידיקן

פלאַץ. ווער עס וועט געפונען ווערן אין שטוב, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַלע מענער זענען געווען פאַרזאַמלט אויפן פלאַץ און געוואָרן אַרומגענומען מיט אַ קייט פון באַוואָפנטע דייטשע סאָלדאַטן. אַלע זענען געטריבן געוואָרן אין דער ריכטונג פון רעמבערטאָוו ביז צום דאָרף מאָראַוויעץ, בערך 8 קילאָמעטער פון מילאָסנע. דאָרט האָט מען אַלע מענער אַריינגעטריבן אין אַ פאַלוואַרק און באַפוילן זיך אויסצוזעצן אויף דער ערד. עס איז אַרויסגעקומען אַן אָפיצער אָנגעטון אין אַ פוילישן מונדיר און זיך צו אונדז אַלע געוואָנדן אין פויליש:

"איר האָט דערהרגעט דייטשע סאָלדאַטן און דערפאַר מוזט איר אַלע ליידן. אייער פוילן עקזיסטירט נישט מער"...

ערשט אין אָוונט האָבן זיי גענומען באַפרייען די מענער, וואָס זענען געווען עלטער פון 50 יאָר, די יינגערע האָבן געדאַרפן נאָך שלאָפן דאָרט אַ נאַכט אויף דער ערד, אָן עסן און אָן וואַסער. ערשט צומאָרגנס זענען אַלע געוואָרן באַפרייט.

מיר זענען צוריקגעקומען דערשעפטע נאָך מילאָסנע. דער גיהנום היטלער־ריסטישע אָקופּאַציע האָט זיך ערשט פאַר אונדז אָנגעהויבן.



מיטגלידער פון אָקוניעווער און מילאָסנער "גורדוניה".

משה און יעקב בערג

# דער נס צוליב
# אונדזער פּאָטערס תהלים־זאָגן

דער אַנטיסעמיטישער קורס וואָס האָט געבושעוועט אין פּוילן, אין די יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה, פאַרשפּרייטנדיק גיפט און האַס קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל מילאָסנע.

די אַנטיסעמיטישע ענדעקעס און "נאַראַ"־לייט האָבן ביי אונדז אין שטעטל אויסגעקליבן אַלס קרבן אונדזער פּאָטער צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה.

אונדזער פּאָטער ר' אהרן בערג, אַ פרום רעליגיעזער ייד, פון די חשובע אַמשינאָווער חסידים, איז געווען פון די עשירים אין אונדזער געגנט, באַזיצנדיק אַ גרויסן ברעטער סקלאַד און בורעבדיק הייזער אין מילאָסנע און אין אומגעגנט.

אונדזער פּאָטער האָט אויך פאַרנומען אַ חשובע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע, זייענדיק דער ראש הקהל פון דער אָקוניעווער־מילאָסנער קהילה, און אין דער זעלבער צייט געווען אַקטיוו טעטיק אין פאַרשידענע צדקה אינסטיטוציעס.

די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן נאַראַ־לייט, ענדעקעס, פון אונדזער געגנט האָבן באַשלאָסן דורכצופירן אַ טייוולאַנישן פּלאַן וואָס זאָל אָפּהילכן איבער פּוילן, און זיי באַצייכענען אין זייערע קרייזן אַלס "העלדן פון ערשטן גראַד" און בכדי דורכצופירן דעם מערדערישן פּלאַן, האָבן זיי אויסגעקליבן אונדזער פּאָטער ר' אהרן בערג ז"ל.

דאָס הויז אין וועלכן מיר האָבן געוווינט איז געווען דאָס אייגנטום פון אונדזער פּאָטער, בעתן קויפן דאָס הויז האָט אונדזער פּאָטער איין העלפט פון הויז אָפּגעגעבן פאַר אַ שול, גמילת־חסדים קאַסע און לינת־הצדק.

אונדזער פּאָטער וועלכער איז געווען ווי געזאָגט אַ פרום אָפּגעהיטענער ייד, האָט זיך נוהג געווען, אַז יעדן שבת פרי כעלות השחר האָט ער זיך אויפגעהויבן זאָגן תהלים, ווינטער פלעגט ער זאָגן תהלים אין שטוב. אין די זומער חדשים אויף דער פאַרמאַכטער גלעזערנער ווערענדע, וועלכע האָט אונדז אויך געדינט פאַר אַ סוכה.

ויהי היום אין אַ געוויסן זומערדיקן פאַרטאָג אין יאָר 1937, ווען אונדזער פּאָטער איז אַרויס מיטן תהלים אין האַנט זאָגן תהלים, האָט ער פלוצים באַמערקט

ווי האַרט ביי דער וואַנט וואָס פירט צו די צימערן שטייט אַ פּאַרמאַכטע ריזיקע פּירקאַנטיקע בלעכענע פּושקע, און צו דער פּושקע איז צוגעטשעפּעט אַ זייגער, וועלכער האָט אויסגעקלאַפּט אַ טיק־טאַק, אונדזער פּאָטער דערזעענדיק דאָס איז צוריק אַריינגעלאָפן אין שטוב און געמאַכט אַ גוואַלד: אַ באָמבע!

מיר זענען אַלע נאָך געווען פאַרזונקען אין שלאָף, אָבער דעם פּאָטערס אומאויפהערלעך געשריי: אַ באָמבע! אַ באָמבע! האָט אונדז אַרויסגעריסן פון די בעטן, און דער פּאָטער האָט אונדז אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף דער וועראַנדע נישט פאַרלירנדיק קיין מינוט. האָבן מיר ביידע געכאַפּט טעפּ מיט וואַסער און גענומען גיסן אויף דער בלעכערנער פּודלע, מיר האָבן נישט געוויסט פון קיין גרענעץ, נאָר לויט דעם ווי די וועראַנדע איז פול געוואָרן מיט וואַסער, קען מען זיך משער זיין אַז מיר האָבן קיין וואַסער אין אונדזער עקסטאַזער שרעק נישט געזשאַלעוועט.

די אויפגעוועקטע שכנים האָבן גלייך אַרויסגערופן די אָרטיקע פּאָליציי, אָבער די קליינשטעטלדיקע פּאָליציאַנטן האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג ווי אַזוי זיך אומצוגיין אין אַזאַ פאַל, דער פּאָליציי פּשאָדאָווניק האָט גלייך טעלעפאָנירט נאָך רעמבערטאָוו, און טעלעפאָניש אַרויסגערופן פון אָרטיקן גאַרניזאָן סאַפּערן.

די באַלד אָנגעקומענע גרופּע סאַפּערן זענען גלייך צוגעטרעטן צו מאָנטירן די פּושקע מיטן זייגער, און צו אונדזער גרעסטער דערשטוינונג האָבן זיי פעסט־געשטעלט אַז דאָס איז אַ באָמבע מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פאַרניכטונגס קראַפט, און אַז דער זייגער איז געווען אָנגעשטעלט אויף אַ האַלבע שעה שפּעטער ווי אונדזער פּאָטער איז אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע תהילים זאָגן, — גלייכצייטיק האָבן זיי צוגעגעבן אַז דאָס געגאָסענע וואַסער האָט געהאָלפן אומ־שעדלעך מאַכן די אַמוניציע.

ווען די סאַפּערן האָבן שפּעטער געוויגן די באָמבע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז עס איז דאָרט געווען נישט ווייניקער ווי 14 קילאָ ט.נ.ט., און ווען די באָמבע רייסט אויף וואָלטן נישט בלויז מיר אַלע אומגעקומען נאָר אויך די איינוווינער פון די שכנותדיקע הייזער.

אַזוי אַרום איז אונדזער משפּחה ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט אַדאַנק אונדזער פּאָטערס תהילים זאָגן, וואָס איז דעמאָלט באַצייכנט געוואָרן, ווי דער נס צוליב תהלים זאָגן.

ליידער זענען אָבער אונדזערע עלטערן נישט נצול געוואָרן 5 יאָר שפּעטער, אונדזער פּאָטער אהרן, אונדזער מוטער שרה און אונדזערע 5 שוועסטער: שאָשע, מלכה, מאַניע, חיה און נעכע זענען דורך די באַרבאַרישע היטלעריסטן אַרויס־געפירט געוואָרן נאָך טרעמבלינקע וווּ זיי זענען דאָרט אומגעקומען על קידוש השם.



בעטי האַרן־אַסטזשעגאַ, פּיטסבורג

# דער גאַנג דורך אַלע גיהנומס

די מלחמה־זכרונות, וועלכע איך פֿאַרצייכן דאָ פֿאַרן רעמבערטאָווער, אָקוניעווער און מילאָסנער יזכור־בוך, רופֿן ביי מיר אַרויס פֿאַר־שידענע אַסאָציאַציעס און כ'טראַכט אַז ווען איך וואָלט די איבער־לעבענישן געלייענט אין אַ בוך, וואָלט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז כ'לייען אַ פֿאַנטאַסטישע געשיכטע. כ'שטיי פֿאַר מיינע אייגענע דערינערונגען ווי פֿאַר אַ רעטעניש און קען נישט באַגרייפֿן מיטן קלאָרן פֿאַרשטאַנד, ווי אַזוי עס איז מיר געלונגען אַרויסצוקומען גאַנץ פֿון די אַלע סכּנות איבער סכּנות און בלייבן לעבן.

## דער אַריינמאַרש פֿון היטלעריסטישע חיילות

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, ווען די היטלעריסטישע חיילות זענען אַנגעפֿאַלן אויף פּוילן, האָב איך זיך געפֿונען אַלס 17־יאָריק מיידל צוזאַמען מיט מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער אין אונדזער היים אינעם שטעטל מילאָסנע. די דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די גאַנצע געגנט ביי וואַרשע און בתוכם אויך אונדזער שטעטל מילאָסנע. די עקספּלאָזיעס האָבן אַנגעוואָרפֿן גרויס שרעק אויף מיין משפּחה וועלכע איז באַשטאַנען פֿון מיין פֿאָטער דוד, מיין מוטער חיה, מיינע ברידער אברהם־מרדכי און יאַנקל־יאָסל; מיינע שוועסטערס שרה־ליבע, שיינדל, עטל און איך. ווילנדיק זיך אַליין טרייסטן און פֿאַרלייכטערן די שווערע הערצער האָבן מיר געגלויבט, אַז די פּוילישע אַרמיי, וועלכע האָט זיך פֿאַר דער מלחמה אַזוי באַרימט, אַז ווי נאָר היטלער וועט וואַגן צו פֿאַרנעמען

איין שפּאַן פון דער פּוילישער ערד, ווען זיי באַלד צומאַרגנס מאַרשירן אונטער די לינדן און אָקופּירן בערלין, אָבער, אַז מיר האָבן דערהערט אין דער ערשטער נאַכט פון ראש־השנה די מעכטיקע דעטאָנאַציעס פון די אויפגעריסענע באָמבעס, וואָס די היטלעריסטישע עראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן אויף וואַרשע און דער אָפּהילך האָט דערגרייכט ביז אונדזער שטעטל, אַ מרחק פון 15 קילאָמעטער האָבן מיר דערפילט ווי שווער עס איז אונדזער מצב. מיר האָבן אויך דערזען ווי דער הימל איבער וואַרשע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שטיק העליש פייער און פאַר אונדז איז שוין געווען קלאָר די פּוסטע באַרימערייַ פון די פּוילישע אָפיצערן, וועמענס געווער עס איז באַשטאַנען פון אויפגעבלאָזענע פראַזן און פון גאַנצע אַרסענאַלן גאָרסעטן וואָס זיי פלעגן טראָגן הינטער די מונדירן, זיי זאָלן אויסזען שלאַנק...

דעם ערשטן טאָג סוכות האָט די דייטשע אַרמיי אַריינמאַרשירט קיין מילאָסנע.

אָנהויב 1941 האָט אין מילאָסנער געטאָ זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די דייטשן קלויבן זיך צו עוואַקואירן די יידן פון שטעטל און זיי אַוועקפירן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. איך האָב דאַן, מיט דער הסכמה פון מיינע עלטערן פאַרלאָזט דאָס געטאָ און אַוועק צופיס נאָך רעמבערטאָוו, ווו איך בין עטלעכע וואָכן געווען אין געטאָ, ביי מיין פעטער דעם קצב יאַנקל אָסטזשעגאַ. במשך דער צייט בין איך נישט אַרויס פון דער ווּיִנונג. איך ווייס נאָר, אַז פון רעמבערטאָווער געטאָ איז געשמוגלט געוואָרן פלייש פאַרן וואַרשעווער געטאָ דורך קריסטלעכע שמוגלער. די רעמבערטאָווער און מילאָסנער קצבים זענען פאַקטיש געווען די הויפּט־צושטעלער פון פלייש פאַרן וואַרשעווער געטאָ.

נאָך עטלעכע וואָכן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די מילאָסנער יידן זיצן אויף זייערע ערטער און איך האָב זיך דאַן אומגעקערט צוריק נאָך מילאָסנע צו מיין משפחה.

## מיין אַנטלויפן פון מילאָסנע

ווען די דייטשן טרעטן צו אין אַפּריל 1942 אַרויסצופירן די מילאָסנער יידן פון שטעטל, געלינגט מיר זיך אַרויסצושמוגלען פון מילאָסנע און זיך אַריינ־באַקומען אין וואַרשעווער געטאָ, ווו איך האַלט זיך אויף ביי מיין מומען אויף נאָוואָליפּקי 56.

אָנקומענדיק אין וואַרשעווער געטאָ האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין סאַמע גיהנום. מענטשן זענען געפאַלן אין די גאַסן פון הונגער. די פאַרבייגייער האָבן אַריבערגעשפּרייזט די טויטע קערפּערס און געלאָפן ווייטער. קינדער, ווי סקעלעטן, אויסגעדאַרטע און טייל געשוואָלענע פון הונגער, זענען

געזעסן אָדער געלעגן אויסגעלייגט אויף די טראָטואַרן, נישט געהאַט שוין קיין כוח אויסצושטרעקן די הענטלעך און בעטן, מען זאָל זיי געבן עפּעס צו עסן. אויך דער קוואַל פון טרערן איז ביי זיי שוין געווען אויסגעטריקנט. זייערע אויס־געדאַרטע גופים האָבן געטראָגן דעם גאַנצן וויי־און־ווינד פון די וואַרשעווער יידן.

אַריינצוקומען אין געטאָ איז געווען אַ סך לייכטער ווי אַרויסצוקריגן זיך. ווי אַזוי האָט מען געקענט אַנטלויפן אַז די געטאָ־מויערן זענען געהיטן געוואָרן 24 שעה אין מעת־לעת פוןביידע זייטן? דאָס בלויזע דערנענטערן זיך צו די געטאָ־מויערן איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנס־געפאַר. זיי פלעגן שיסן אין וואָרענישן אויף יעדן איינעם אויף וועלכן זיי האָבן געהאַט אַ חשד, אַז ער פּרווט זיך דערנענטערן צו דער מויער.

מיין פאָטער וועלכער איז געווען אין מילאָסנע אַ פליייש־סוחר, און ווי אַנדערע קצבים פאַרקויפט צו די שמוגלערס פלייש פאַרן וואַרשעווער געטאָ, האָט געבעטן איינע פון די שמוגלערינס, אַ מילאָסנער קריסטין אַז ווען זי וועט זיין אין וואַרשע זאָל זי זיך פאַרבינדן מיט מיר. ער האָט איר געגעבן מיין מומעס אַדרעס, וווּ איך האָב זיך אויפגעהאַלטן.

## מיין וועג צוריק צום מילאָסנער געטאָ

אין אַ געוויסן טאָג איז די קריסטין צו מיר געקומען און מיר איבערגעגעבן אַז זי האָט אַן אויפגאַבע מיך אַרויסצושמוגלען פון געטאָ.

זי האָט געקענט די גאַנצע אַרומצוימונג פון געטאָ, געוווּסט וווּ עס איז גרינגער דורכצוגיין אויף דער אַרישער זייט. זי האָט מיך צוגעפירט צו אַן אָרט, וואָס איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט, און וווּ עס האָט זיך טאָג און נאַכט געדרייט אַ דייטשער סאָלדאַט אויף דער וואַך. זי האָט מיר געגעבן אָנווייזונגען, אַז דעם און דעם טאָג, אין אַ באַשטימטער שעה זאָל איך צוקומען אַהין. זי אַליין וועט שטיין פון דער צווייטער זייט נעבן אַ פינף שטאָקיקער הויז. דעם סטרוזש וועט זי אָפּקויפן. ווען דער וואַכמאַן וועט בעתן מאַרשירן זיך אויסדרייען, זאָל איך פּייל־אויסן־בויגן זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד, זיך דורכשאַרן דורך די דראָטן, אַריבערלויפן אויף דער צווייטער זייט און אַריינלויפן אין דעם גרויסן הויז אַריין.

איך האָב מיך צוגעפּאַסט צו דער קריסטינס אָנווייזונגען און אין דער באַ־שטימטער שעה, צו דער מינוט און ווען דער סאָלדאַט האָט זיך בעת זיין מאַרשירן אַהין און צוריק אויסגעדרייט, האָב איך שנעל זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און ווי אַ שלאַנג זיך דורכגעריטשט דורך די דראָטן. בעת איך האָב זיך אויפ־געשטעלט און גענומען לויפן צום טויער, האָט דער דייטשער זעלנער מיך באַמערקט

און גענומען שיסן אין מיין זייט, אָבער איך האָב שוין געהאַט באַוויזן אַריינ־צולויפֿן אין הויז און בין אין דער גרעסטער בהלה אַרויסגעלאָפֿן ביז אויפֿן קינפֿטן שטאָק.

די קריסטין האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז דער זעלנער איז מיר נאָכ־געלאָפֿן, האָט אָבער נישט געוווּסט אין וועלכן טרעפּן־איינגאַנג איך בין פֿאַר־שווּנדן. ער איז אַרויף אין טרעפּן־איינגאַנג, וואָס האָט זיך געפֿונען אין מויער ביזן לעצטן שטאָק. נישט געפֿינענדיק מיך דאָרט, איז ער אַרויפֿגעלאָפֿן אין אַן אַנדערן טרעפּן־אריינגאַנג, ביז ער איז מיד געוואָרן און זיך צוריקגעקערט אויף זיין פּאָסטן. דורך דער גאַנצער צייט איז דער סטרוזש נישט אַרויס פֿון זיין שטוב און זיך בכלל נישט באַוויזן.

ווען עס איז נאַכט געוואָרן בין איך פֿאָרזיכטיק אַראָפּ און זיך געטראָפֿן מיט דער קריסטין, וועלכע האָט געדולדיק געוואַרט אַ פֿאַרשטעקטע אין אַ ווינקל. זי האָט מיך גלייך אַוועקגעפֿירט צום וואַקזאַל און מיר זענען אָפּגעפֿאָרן נאָך מיעדזשעשין. אין יענער צייט זענען מיינע עלטערן מיט דער משפּחה שוין געווען אַרויסגעפֿירט פֿון מילאָסנע אין דעם פּאַלעניצער געטאָ. אַזוי אַז צומאָרגנס בין איך צוגעגאַנגען דורך הינטער וועגן די עטלעכע קילאָמעטער צום פּאַלעניצער געטאָ און זיך דאָרט צוריק אָנגעשלאָסן מיט מיין משפּחה.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן זיך אין פּאַלעניצער געטאָ פֿאַרשפּרייט פּאַרעקשנטע קלאַנגען, אַז די דייטשן קלייבן זיך אַרויסצופֿירן אַלע יידן, אָדער ווי זיי פֿלעגן עס באַצייכענען: „אויסזידלונג״! דאָס וואָרט האָט אָנגעוואָרפֿן אַ טויט־שרעק אויף יעדן איינעם, יעדער האָט שוין געוווּסט, אַז דער פּאַקטישער באַדייט פֿונעם וואָרט איז: ליקווידאַציע.

## די אויסזידלונג

עס געלינגט מיט מיט מיין פֿאָטער זיך אַרויסצובאַקומען פֿון געטאָ. לויטן פּלאַן האָט מיין פֿאָטער, וועלכער האָט געהאַט פֿיל באַקאַנטע פּויערים אין די אַרומיקע דערפֿער, געדאַרפֿט צוגרייטן אַ מקום מקלט פֿאַר דער מאַמען, שוועסטערס און ברידער און דערנאָך זיי אַרויספֿירן פֿון געטאָ אינעם באַהעלטעניש אין דאָרף. אין דער צייט, ווען מיין פֿאָטער האָט זיך פֿאַרנומען מיטן זוכן אַ באַהעלטעניש פֿאַר דער פֿאַמיליע, איז דערווייל פֿאָרגעקומען די אויסזידלונג.

באַלד נאָך דער אויסזידלונג פֿון פּאַלעניצער געטאָ ווערט מיין פֿאָטער קראַנק אויף אַ טיפֿוס, און שטאַרבט אין איינעם פֿון די דערפֿער, און קומט צו קבורה אויף אַן אָפֿן פֿעלד און איך בלייב איינע אַליין עלנט ווי אַ שטיין אויפֿן חסד און רחמים פֿון מיין פֿאָטערס באַקאַנטע פּויערים, וועלכע וואַרפֿן מיר צו פֿון צייט צו צייט

עפעס עסן, אָבער הייסן מיך ווי ווייט מעגלעך זיך דערווייטערן פון זייערע היימען. צו דעם פלעגן זיי מיך נאָך "טרייסטן" און זאָגן: וואָס קומט אַרויס, באַלטשע, וועסט לעבן נאָך אַ טאָג, אָבער צום סוף וועסטו מוזן אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן.

אויף מיינע וואַנדערונגען אין די דערפער האָב איך זיך צוגעקוקט צו שרעקלעכע טראַגעדיעס, וועלכע האָבן מיך דערשיטערט ביז אין די טיפעניש: אָט איז דער 16 יאָריקער העניעק פון מילאָסנע (ליידער געדענק איך נישט זיין פאַמיליע נאָמען). אין אָנהויב פון דער מלחמה פאַרלירט ער אַ פוס און גייט מיט דער הילף פון קוליעס. עס געלינגט אים אויסצומיידן די עוואַקואַציע אין ער וואַנדערט אַרום איבער די דערפער. עס איז אַ פראָסטיקער טאָג, דער בחור איז האַלב פאַרפרוירן. ער קלאַפּט אָן אין אַ פויערשע כאַטע, בעט, מען זאָל אים אַריינלאָזן זיך אַביסל אָנוואַרעמען. דער פויער יאָגט אים אַוועק און וויל אים איבער דער שוועל נישט אַריבערלאָזן. אַ שעה שפּעטער, ווען ער גייט זוכן ערגעץ אַנדערש אַן אָרט ווו זיך אָנצוואַרעמען, ווערט ער אַנטדעקט דורך אַ דייטשן פּאַטרול און זיי דערשיסן אים אויפן אָרט.

אין אַן אַנדער אָרט, אַ בונקער מיט 7 באַהאַלטענע יידן צווישן זיי אַ יינגעלע פון 7 יאָר, אַ יתום, וועמענס עלטערן זענען אומגעקומען. דער בונקער ווערט אַנטדעקט און זיי ווערן אַלע דערשאָסן. די פויערים זאָגן מיר, אַז איך דאַרף זאָרגן וועגן זייער קבורה. איך גראָב אײנע אַליין אַ קבר, און איך, דאָס 20 יאָריקע מיידל, בין די 7 קרבנות מיטן קינד קובר מיט מיינע אייגענע הענט אין אַ ברידער־קבר.

איך פיל, אַז מער קען איך נישט. צו וואָס דאָס מאַטערן זיך? איך וויין זיך אויס, זאָג אָפּ "שמע ישראל!" און גיי אַוועק צום סאָלטיס פון דאָרף. אַריינ־קומענדיק זאָג איך אים: "איך בין אַ יידישקע, גיט מיך איבער אין די הענט פון די דייטשן, זיי זאָלן מיך דערשיסן".

דער סאָלטיס, וועלכער האָט נאָך פאַרמאָגט אַ פונק מענטשלעכקייט, נעמט מיך אָפּרעדן, ער מיטן ווייב באַרואיקן מיך און טרייסטן, אַז שוין אינגיכן ענדיקט זיך די מלחמה און עס שטייט מיר נאָך פאָר אַ לעבן. זיי גיבן מיר אָפּצועסן און אַ געלעגער און הערן דערביי נישט אויף צו רעדן: "הער נאָר אַ געדאַנק פון אַ מיידל, אַליין זיך הייסן שיסן".

ביים סאָלטיס האָב איך מער ווי די נאַכט נישט געקענט זיין. אינדערפרי האָבן זיי מיך אַרויסבאַגלייט און אָנגעזאָגט, כ'זאָל זיך היטן, אַז די דייטשן זאָלן מיך נישט כאַפּן.

מיין באַשלוס איז אָבער געווען אַן ענדגילטיקער. גייענדיק האָב איך געבעטן,

אַז אַ דייטשער פּאַטראָל זאָל מיך טרעפן און מיט מיר אַ סוף מאַכן, איך האָב מיך געלאָזט אויפן וועג צו מיין היימשטעטל מילאָסנע, און אויפן גאַנצן וועג נישט אָנגעטראָפן קיין שום פּאַטראָל.

אָנקומענדיק אין מילאָסנע, בין איך גלייך אַוועק אין פּוילישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט און דאָרט געטראָפן דעם איינציקן פּאָליציאַנט גאַלאַ, וועלכער האָט זייער גוט געקענט מיין פאַמיליע, דער פּאָליציאַנט גאַלאַ איז נאָך פאַר דער מלחמה באַקאַנט געווען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אַלס גאָר פיינער און אָרנטלעכער מענטש און אפילו באַצייכנט געוואָרן אַלס אוהב ישראל. גלייך ביי מיין אָריינקומען האָב איך זיך געוואָנדן צו גאַלאַן, ער זאָל טעלעפאָנירן צו דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, זיי זאָלן מיך נעמען און דערשיסן.

דער פּאָליציאַנט גאַלאַ האָט זיך אַזש אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ און אויסגעשריגן: וואָס פאַראַ משוגענער איינפאַל איז דאָס? אַליין זיך איבערצוגעבן אין די לאַפּעס פון די רוצחים? ער האָט מיך גענומען באַרואיקן און צוזאָגן גאָלדענע גליקן אַבי איך זאָל אויפגעבן מיין פּלאַן, ער האָט איבערגעלאָזט דעם קאָמיסאַריאַט און מיך אַהיימגעפירט, ווו ער מיטן ווייב האָבן מיר געגעבן צו עסן. זיין אַהיימפירן מיך צו זיך איז געווען צוליב דעם, ווי ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט, וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז אינצווישן זאָל נישט אָנקומען דער צווייטער פּאָליציאַנט. יענער איז געווען אַ מערדער און פלעגט קיינמאָל נישט וואַרטן, אַז די דייטשן זאָלן דערמאָרדן די געכאַפּטע יידן, נאָר ער פלעגט זיי אַליין מיט אַ סאַדיסטישער הנאה דערשיסן.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווען דאָס ניין־יאָריקע יינגעלע גאָטליב פון מילאָסנע האָט זיך געראַטעוועט פון דער אויסזידלונג און פלעגט זיך אַרומוואַלגערן קלויבן אין די מיסטן עפּעס עסן און ביינאַכט שלאָפן אין אַ קוילן־וואַגאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער באַן־ראַמפּע. דאָס קינד האָט אַזוי לאַנג באַוויזן זיך אויסצובאַהאַלטן ביז דער באַנדיטישער פּאָליציאַנט האָט זיך דערוווּסט אַז ער שלאָפט אין קוילן־וואַגאָן. אין אַ ווינטער נאַכט איז ער אַוועק צום וואַגאָן, דאָס קינד איז געלעגן איינגענורעט און איינגעקאָרטשעט אין שמאַטעס. דער פּאָליציאַנט האָט אַרויס־געצויגן דעם רעוואָלווער און דאָס קינד דערשאָסן אין וואַגאָן.

דאָס זענען נאָר עטלעכע פאַקטן פון מיינע שוידערלעכע איבערלעבענישן. עס זענען שפּעטער געווען אַ סך שווערע סיטואַציעס און נישט איינמאָל בין איך געוואָרן מיד און אַפּאַטיש. אָן כוחות ווייטער צו ראַנגלען זיך פאַרן לעבן האָב איך געבעטן אויף זיך דעם טויט.

ענדלעך איז אָנגעקומען דער גרויסער טאָג אין יאָר 1944 און די סאָוויעטישע אַרמיי האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע און מילאָסנע איז געוואָרן באַפרייט.

צבי נאשעוווסקי

# דער שמוגל אין געטא

## רעמבערטאָוו, מילאָסנע און אָקוניעוו האבן באזארגט ווארשעווער געטא מיט פלייש


ויט די גביית עדות פון יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט אין וואַרשעווער געטאָ, איז באַקאַנט, אַז אין וואַרשעווער הערמעטיש פאַרמאַכטן געטאָ, זענען טאָג־טעגלעך געוואָרן אַריינגעשמוגלט גרויסע זאַפּאַסן שפּייז און צווישן די וויכטיקסטע פּראָדוקטן האָט זיך געפונען רינדערן פלייש.

עס איז אָבער אין קיין שום פלאַץ נישט אָנגעגעבן די מקורות פון וואַנען עס איז געקומען דאָס כשר פלייש פאַר דער וואַרשעווער באַפעלקערונג. על כן איז געשיכטלעך וויכטיק איבערצוגעבן, אַז די הויפּט־צושטעלער פון כשר פלייש פאַרן וואַרשעווער געטאָ זענען געווען די יידישע קצבים פון רעמבערטאָוו, מילאָסנע און אָקוניעוו, וועלכע האָבן מיט דער הילף פון ספּעציעלע גוט באַצאָלטע פּוילישע שמוגלער און שמוגלערינס אַריינגעפירט חודשלעך ביי די צוויי טויזנט בהמות געשאָכטענע אויף כשר. בלויז פון מילאָסנע האָב איך און מיינע שותפים געשאָכטן יעדן חודש 500 קי וועלכע זענען געווען אַלע באַשטימט פאַרן וואַרשעווער געטאָ.

נישט לייכט איז אָנגעקומען צוזאַמענצושטעלן חודש ביי חודש צוויי טויזנט קי. איך מיט מיינע שותפים, וועלכע האָבן געאַרבעט אויפן מילאָסנער פּראַנט, האָבן אָבער נישט קוקנדיק אויף אַלע שוועריקייטן אונדזער אויפגאַבע דורכגעפירט.

אַלס פלייש־סוחר פון פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַט גרויס קאַנטשאַפט מיט די פּריצים און פּויערים פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און כ׳פלעג אין די צייטן פון געטאָ איבערקויפן די זשאַנדאַרמעריע, די פּוילישע פּאָליציי און סאָלטיס פון דער גמינע, כדי צו קענען זיך פריי באַוועגן אין די נעכט און אָפּקויפן ביי די פּויערים די לעבעדיקע בהמות, געצאָלט הויכע פּרייזן און נישט איינמאָל בין איך אַריינגעפאַלן מיט טראַנספּאָרטן צו 25 קי און מער, אין די הענט פון די דייטשן. זיי פלעגן פּראָסט פשוט צונעמען ביי די ספּעציעלע בהמות־פירער

און זיי נאָך דערלאַנגען שווערע קלעפּ־פּאַר אַ צולאָג. אויך די פּוילישע פּאָליציי־קאָמיסאַרן האָבן אין פאַרשידענע ערטער אויסגענוצט די געלעגנהייט און צוגענומען; די קי פאַר זייער אייגענעם פאַרברויך אויף מילך און שפּעטער זיי פאַרקויפט אויף פלייש.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט באַקומען צוגעשטעלט כשר פלייש אויך פון אַנדערע מקורות, אָבער מיר איז עס נישט באַקאַנט. רעמבערטאָוו האָט אויף דעם פלייש־שמוגל פאַרלייגט אַ גאַנצן קאָנצערן, צו וועלכן עס האָבן געהערט אַלע רעמבערטאָווער קצבים און זיי זענען געווען איי די צענדליקער.

---

**פאַרשוווּנדענע יאָרן**



איינס פון די געציילטע בילדער, וואָס זענען געוואָרן אָפּגעראַטעוועט און דערמאָנען אונדז אין די שיינע טעג פון אונדזער יוגנט — אויף אַ ל״ג בעומר־אויספלוג, אויף וועלכן עס זענען געווען צוזאַמען יוגנטלעכע פון אָקוניעוו און מילאָסנע.

# דער וועג פון פיין און גרויל

**אויפגענומען אין "יד ושם" אין ירושלים**

**גבית־עדות פון הירש נאשעווסקי**

## נעמען און ערטער דערמאָנטע אין גבית־עדות

הרב לייזער רוזשי — רב אין מילאָסנע; יעקב־דוד — קהילה פרעזעס; אהרן בערג, שמעון אהרונזאָן, קאזשיק לויפער; פרידמאַן שפעקמאַן — מיט־גלידער אין מילאָסנער יודנראַט; לובלינער, ד"ר לעווין, הערמאַן, שלמהלע, זלמן־לייזער גאָלדשטיין, וועלוועלע קאזשיק, חיים־גרשון זילבערשטיין.

איך הייס נאַשעווסקי הירש, געבוירן אין מילאָסנע אין יאָר 1902 דאָס שטעטל איז 18 קילאָמעטער פון וואַרשע. צו ערשט איז אין אונדזער שטעטל ניט געווען קיין מנין יידן, דערנאָך איז דאָס שטעטל געוואַקסן און אין יאָר 1942 זענען אין שטעטל געווען 550 נפשות.

יידן האָבן זיך פּאַרנומען מיט האַנדל און מלאכה. עס זענען געווען קצבים, שפּייז הענדלער, האָלץ הענדלער, סוחרים, שוסטער, שניידער. עס איז אויך געווען אַ ציגל־פאַבריק וואָס האָט אָנגעהערט צו אַ ייד.

אין שטעטל איז געווען איין שול. דער לעצטער רב אין שטעטל איז געווען הרב לייזער רוזשי. ער איז אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ.

ס'איז ביי אונדז געווען אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ גמילות־חסדים־קאַסע. אַ קורצע צייט איז אויך געווען אַ יידישע באַנק.

אין שטעטל זענען געווען בערך 20.000 איינוווינער. פון וואַרשע איז מען צו אונדז געקומען אין די זומער חדשים אויף דאַטשע. ס'איז אויך געווען ביי אונדז אַ קאָלאָניע פאַר קינדער אין דער צייט פון די וואַקאַציעס.

בראש פון אונדזער קהילה איז געשטאַנען יעקב־דוד (דעם פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט). איינער פון די דאָזיקע איז געווען אהרון בערג. אויך שמעון אהרונזון איז געווען אין די קהילה.

יידישע שולן זענען אין שטעטל ניט געווען. קינדער זענען געפאָרן לערנען קיין וואַרשע. עס זענען געווען זייער ווייניק קינדער וועלכע האָבן געלערנט אין פּריוואַטע שטובן ביי לערער.

אַ סך יידישע בעלי־מלאכה'ס האָבן געאַרבעט אין וואַרשע. איך בין געווען אַ קצב. אויך מיין גאַנצע משפּחה זענען געווען קצבים.

אין 1922 האָב איך חתונה געהאַט. מיין פרוי האָט געהייסן שרה אייזנ־שטיין. מיר האָבן גוט געלעבט און געהאַט פרנסה.

פרייטיק, דעם 1־טן סעפטעמבער 1939, ווען איך בין געווען אין געשעפט האָט מען פלוצלינג אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן. איך בין אַנטלאָפן מיט מיינע צוויי קינדער אין וואַלד אַריין, ווייל דאָס געשעפט איז געווען ניט ווייט פון דער באַן־סטאַציע. אויך מיין שוויגער איז מיט אונדז אַנטלאָפן. מיר זענען געווע־ אין וואַלד אַ גאַנצן שבת.

מיינער אַ חבר פון מילאָסנע איז אַוועק קיין סטאַניסלאַוואָוו און מוצאי־שבת האָט ער געשיקט אַ פערד און וואָגן מיך צו ברענגען קיין סטאַניס־לאַוואָוו. מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. באַקאַנטע וועלכע איך האָב דאָרט געהאַט האָבן מיר געגעבן אַ געוועלב איך זאָל דאָרט אַריינלייגן מיינע זאַכן וועלכע איך האָב מיטגענומען.

אַרום 10 אַ זייגער ווען איך בין אַרויס אין גאַס האָט מען גענומען שיסן אין שטעטל. די דייטשן האָבן זיך איבערגעשאָסן מיט די פּאָליאַקן.

צו מאָרגנס האָט מען אין סטאַניסלאַוואָוו אַלע יידן אַרויסגעטריבן אין אַ פּאַר־מאַכטן הויף אַריין. נעבן מיר איז געשטאַנען אַ ייד, אַ בן־תורה. איך האָב געזען אַז ער וויל אַנטלויפן. איך האָב אים גענומען ביי דער האַנט און אים געבעטן ער זאָל ניט לויפן, ווייל מען וועט אים שיסן. דערווייל האָט אַ קריסטן געעפנט דאָס טויער און דער ייד האָט גענומען לויפן. מען האָט אים גלייך דערשאָסן ער איז געווען אַ פרעמדער ייד ניט פון אונדזער שטעטל.

אונדז אַלע האָט מען אַרויסגעפירט אויפן מאַרק ווו עס זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אַ 70—80 יידן און זיי האָבן געהאַלטן די הענט אין דער הויך. דאָס איז געווען דעם דריטן סעפטעמבער. איך בין אויך געשטאַנען מיט די הענט אין דער הויך.

דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אַרויסנעמען מענטשן צום שיסן. איך האָב זיך אָפּגערוקט אַלץ מער אין אַ זייט מען זאָל מיך ניט נעמען. אַ דייטש האָט זיך צו אונדז געווענדעט מיר זאָלן אַוועקגעבן געלט, גאָלד, ציגאַרעטן, ווערטפולע זאַכן, וועט מען אונדז לאָזן לעבן. איך האָב גענומען דעם דייטש ביי דער האַנט און מיט אים אַריין אין שטוב. איך האָב אים אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט וואָס איך האָב געהאַט, אַ גאָלדן זייגערל און נאָך אַנדערע זאַכן. ער האָט מיך אָפּגעלאָזט.

אַנדערע יידן האָבן אויך געוואָלט געבן געלט און גאָלד, האָט ער מער ניט געוואָלט און גענומען שיסן. 7 מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן. זייערע נעמען געדענק איך ניט.

דערנאָך זענען אָנגעקומען אַ גרופּע זעלנער מיט אַן אָפיציר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט וואָס דאָ קומט פאָר, פאַרוואָס מען האַלט די יידן מיט די הענט אין דער הויך. ער האָט אַ געשריי געגעבן מען זאָל אונדז שנעל אָפּלאָזן. מען האָט אונדז טאַקע באַלד אָפּגעלאָזט.

ערב יום־כיפור בין איך צוריקגעגאַנגען אין מיין שטעטל. ביי מיר האָט געאַרבעט פאַר דער מלחמה אַ פאָלקס־דייטש מיטן נאָמען אַדאָלף. ער האָט געוווינט אַ פּאָר קילאָמעטער אונטער דער שטאָט. ווען איך בין אַוועק האָט ער גענומען מיין איינציקע קו וואָס איך האָב געהאַט, איר געגעבן עסן, און געבראַכט מיר און פאַר די קינדער עסן. איך האָב שוין גאָרנישט געהאַט, ווייל איך האָב אַלץ אַוועקגעגעבן דעם דייטש.

פון געוועלב האָט מען מיר צוגענומען אַלע זאַכן און צעטיילט די קריסטן.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין מילאָסנע האָט מען מיר דערציילט אַז מען האָט אַרויסגעטריבן דעם רב און אַלע יידן מיט די הענט אין דער הויך. מען האָט זיי געטריבן 20 קילאָמיטער פון דער שטאָט. דעם רב האָט מען אַריינגעשטאָכן אַ באַגנעט אין פּוס. אויך פּאָליאַקן האָבן זיי געטריבן. דערנאָך האָט מען זיי אָפּגעלאָזט.

נאָך יום־כפור האָט דער פאָלקס־דייטש אדאָלף מיר צוריקגעשיקט די קו מיט אַ בריוול. דעם קריסט וואָס האָט מיר געבראַכט די קו האָט ער אָנגעזאָגט אַז אויב ער וועט מיר ניט איבערגעבן די קו וועט ער אים שיסן.

ס'איז געוואָרן אַ ביסל רואיקער, און מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן. איך האָב ווידער זיך פאַרנומען מיט פלייש האַנדל. מען האָט אַ ביסל ראַבירט, פאַרשטייט זיך. עס זענען ביי אונדז געווען גנבים וועלכע האָבן די דייטשן אָנגעוויזן ביי וועמען צו ראַבירן.

מען האָט באַפוילן אַלע יידן צו טראָגן בלאָע לאַטעס. אין 1941 האָט מען געהייסן מאַכן אַ געטאָ, אָבער מיר האָבן זיך באַמיט ביי דער פּאָליציי און ביים וואָיט מען זאָל עס כסדר אָפּלייגן. דער סוף איז געווען אַז מען האָט טאַקע קיין געטאָ אין מילאָסנע ניט געמאַכט. יידן האָבן געוווינט אָפּגעזונדערט אין עטלעכע הייזער, אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל. די גויים וועלכע האָבן דאָרט געוווינט האָט מען איבערגעפירט אין יידישע הייזער פון וואַנען מען האָט די יידן אַרויסגעפירט.

מען האָט ביי אונדז געשאַפן אַ יודנראַט. אין יודנראַט זענען געווען פרידמאַן, שפּעקמאַן. זיי אַליין האָבן נישט געוואָלט זיין אין יודנראַט, נאָר די גמינע האָט באַפוילן אַז זיי זאָלן זיין דער יודנראַט. ביי אונדז האָט דער יודנראַט גאָרניט געטאָן אַליין. אין שול וווּ דער יודנראַט איז געזעסן, האָט מען

אַלץ באַשלאָסן און יעדן געפרעגט וואָס מען זאָל טאָן. יעדער האָט געגעבן עצות און מען האָט זיך מיט יעדן גערעכנט.

ביי אונדז האָט געוווינט אַ געוויסער לובלינער. ער איז געווען אַ געלערנטער מענטש, געדינט אין פוילישן מיליטער און געווען סטאַרשי סערזשאַנט ער איז בשעת די מלחמה אנטלאָפן קיין וואַרשע. מיר האָבן געשיקט צו אים קיין וואַרשע אונדזערס אַ ייד ער זאָל אים צוריקברענגען און ער זאָל פירן דעם יודנראַט. ביט פרידמאַן ניט שפּעקמאַן האָבן געקענט פירן און דערליידיקן אַלע ענינים. מ'האָט געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלן מענטש. האָבן מיר באַשלאָסן אים צו צאָלן ער זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיטן יודנראַט. ער איז געווען אַן ענערגישער מענטש און האָט אַלץ אָרנטלעך דערליידיקט.

אין מערץ 1942 איז ביי אונדז געווען די אויסזידלונג. איך בין גראָד געווען אין ווענגראָוו אין האַנדלס־ענינים, האָט מען מיר געזאָגט אַז ס'איז געקומען פון וואַרשע אַן ס.ס.־מאַן וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיטן אויסזידלען יידן. מען האָט אים געדאַרפט שאַפן ערגעץ אָפּצועסן אַ מיטאָג. איך בין געגאַנגען צו אַ באַקאַנטן קריסט און אים געבעטן ער זאָל מאַכן פאַרן ס.ס.־מאַן אַ מיטאָג. דערנאָך האָבן מיר געגעבן דעם קריסט אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס ער זאָל אונדז זאָגן וואָס ער האָט מיט אים גערעדט, צי מען וועט אונדז אויסזידלען. דער קריסט האָט געזאָגט אַז ניט. מיר האָבן געהאַט צו דעם קריסט צוטרוי און אים געגלויבט. איך בין געפאָרן קיין ווענגראָוו, און ווען איך בין געקומען צוריק דורך סטאַניסלאַוואָוו האָב איך דאָרט געהערט אַז מען האָט אויסגעזידלט אָקוניעוו. איך האָב געשיקט אַ שליח קיין מילאָסנע ער זאָל זען וואָס עס הערט זיך דאָרט, איז ער צוריקגעקומען און דערציילט אַז מען האָט שוין אויסגעזידלט מילאָסנע אין וואַרשעווער געטאָ. איך בין שוין ניט געפאָרן קיין מילאָסנע, נאָר קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. מיין פרוי וועלכע איז דאָרט געווען האָט מיר דערציילט אַז די פּאָליציי איז מיך געקומען זוכן. זיי האָבן מיר געוואָלט צו וויסן געבן אַז מען זידלט אויס מילאָסנע. מיין פרוי האָט זיי געבעטן זיי זאָלן איר זאָגן וואָס פאַר אַ סוד זיי האָבן מיר איבערצוגעבן, האָבן זיי איר געזאָגט אַז מען וועט אויסזידלען מילאָסנע. זי איז געגאַנגען און דערציילט אין יודנראַט כדי מען זאָל אַנטלויפן. ווער עס האָט געקענט איז אַנטלאָפן. די וועלכע האָבן ניט באַוויזן, האָט מען אַרומגערינגלט און אַוועקגעפירט קיין וואַרשע. אַ סך האָט מען באַלד געשאָסן.

פאַרן אַרויספירן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט צוויי גרויסע קוישן, און געהייסן מען זאָל דאָרט אַריינלייגן גאָלד, זילבער, געלט, אויב ניט וועט מען זיי שיסן. ביי איינעם אַ ייד, ניט פון אונדזער שטאָט האָט מען געפונען אַ ביסל געלט אין קעשענע, האָט מען אים באַלד געשאָסן.

איך מיט מיין פרוי זענען געווען אין מינסק־מאַזאָוויעצקער געטאָ. פריער איז מיין פרוי מיט די קינדער געווען אין וואַרשעווער געטאָ. מיר האָבן זיך צעטיילט ווייל מיר האָבן געהאַט משפחה אין וואַרשע. איך בין געווען אין מינסק־מאַזאָוויעצק און אַ ביסל געהאַנדלט. איך בין געווען אין ס ט א ק ביי מינסק מאַזאָוויעצק און פון דאָרט געשיקט סחורה. קריסטן האָבן מיך געמסרט און די דייטשן האָבן מיך אַוועקגעשיקט קיין ס א ק א ל א װ פ אָ ד ל אַ ס ק. דאָס איז געווען אין 1942, דעם 10־טן מאַי. פון יודנראַט איז מען געקומען זען ווער איך בין און פון וואַנען איך קום. איך האָב זיי געבעטן צו געבן צו וויסן צו מיין שוויגער און שוועגערן אין מינסק מאַזאָוויעצק און אויך צו מיין פרוי אין וואַרשעווער געטאָ. מיין פרוי איז גלייך אַוועק קיין מינסק מאַז. ווו זי האָט געהאַט משפחה. שפּעטער איז זי צו מיר געקומען און געוואָלט מיך אַרויסראַטעווען. זי איז געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר און ער האָט מיר געגעבן איינשטיכן איך זאָל באַקומען טיפוס. מען האָט גוט דערפאַר באַצאָלט, און איך האָב באַקומען טיפוס.

דער דייטשער הויפּטמאַן, ה ע ר מ אַ ן האָט ער געהייסן, האָט געפרעגט דעם דאָקטאָר וויפל געלט ער האָט דערפאַר באַקומען. ער האָט אים גאָרניט געענטפערט.

דערווייל איז מיר בעסער געוואָרן און מען האָט מיך אַוועקגעשיקט קיין ט ר ע ב ל י נ ק ע. דאָס איז געווען דעם 20־טן מאַי 1942. געפירט האָט מען מיך געשלאָסן אין קייטן. מיין פרוי האָט מיך באַגלייט צו דער סטאַציע.

אין טרעבלינקע האָט מען מיר אַראָפּגענומען די קייטן און מען האָט מיך געפירט צום שיסן. דערווייל איז אָנגעקומען עפּעס אַ דייטש און האָט מיך געהייסן צוריקשיקן אין לאַגער. מען האָט מיר געגעבן אַרבעט אין גאָרטן. דאָרט איז געווען אַ ווענגראָווער ו ע ל װ ו ל ק אַ ז ש י ק. אים האָט מען געברענגט קיין טרעבלינקע 4 וואָכן פריער. ער האָט געשיקט אַן אַרבעטער וועלכער האָט געקענט אַרויסגיין אויסער די דראָטן, און געפרעגט ווער איך בין. איך האָב אים געזאָגט אַז איך בין נאַשעווסקי. ער האָט געזאָגט אַז ער ווייסט שוין, ווייל אין ווענגראָוו האָט מען געהערט וועגן מיר. איך האָב קאַזשיקן ניט געקענט. 4 אַ זייגער האָט מען געענדיקט די אַרבעט און איך בין אַריין אין לאַגער. איך האָב זיך באַקאַנט מיט קאַזשיקן. איך האָב דאָרט געטראָפן נאָך איין ווענגראָווער, ז ל מ ן ־ ל י י ז ע ר ג אַ ל ד ש ט י י ן. ער האָט מיר געזאָגט אַז אויב איך וועל דאָ איבערלעבן אַ טאָג אָדער צוויי וועט זיין גוט.

צו מאָרגנס ווען איך בין געגאַנגען צו דער אַרבעט, האָט מיר איינער געזאָגט: גיי וואַש דיר אָפּ דעם קאָפּ פון זייף. איך בין צוגעגאַנגען צו אַ שפּיגל, האָב איך געזען אַז איך בין גראָ געוואָרן דאָס האָט ער געמיינט אַז איך בין פאַרזייפט.

איך האָב געהאַט איינגענייט אין די הויזן געלט. ביינאַכט נאָך דער אַרבעט

האָב איך אַרויסגענומען דאָס געלט און אַוועקגעגעבן קאָזשיקן. איך האָב אים געזאָגט אַז אַזוי ווי מיר אַלע דריי זענען פון איין געגנט, זאָלן מיר אַלע לעבן צוזאַמען. ווען איך עפּעס באַקומען פון דער היים, וועלן מיר זיך אַלע טיילן. וועט איר עפּעס האָבן וועט איר מיר געבן. אַזוי זענען מיר געווען צוזאַמען גאַנצע 4 חדשים. מיר האָבן געאַרבעט ביים גראָבן גריבער פאַר טויטע.

מיר האָבן באַשלאָסן אַלע צו אַנטלויפן. מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך 7 מאַן. אַ חוץ אונדז וועלכע האָבן געאַרבעט שוואַרצע אַרבעט, זענען געווען נאָך 50 האַנטווערקער. איבער זיי האָט געהאַט אויפזיכט דער הויפּטמאַן. ער איז געווען זייער אַ שלעכטער, נאָר די האַנטווערקער האָבן געהאַט ביי אים מזל. די ערשטע צייט זענען מיר געווען צוזאַמען מיט די האַנטווערקער אין איין באַראַק. אַ מאָל איז ער געקומען און אונדז געזען, האָט ער געפרעגט ווער מיר זענען און אונדז אַרויסגעטריבן פון באַראַק. מיר האָבן געמיינט אַז ער וועט אונדז שיסן. נאָר ער האָט אונדז אָפּגעלאָזט און אָנגעזאָגט דעם אונטערשאַרפירער אַז מיר טאָרן ניט זיין צוזאַמען מיט די האַנטווערקער. ער האָט אונדז באַזעצט צווישן די קריסטן. מען האָט אונדז געפירט צו שווערע אַרבעט. מיר האָבן געגראָבן גריבער, אויסגעלאָדן צעמענט פון וואַגאָנען, אויסגעגראָבן קאַרטאָפל.

אַ מאָל איז ער געקומען און געזען ווי מיר האָבן אויסגעלאָדן אַ וואַגאָן קאַרטאָפל. מיר זענען געווען 3—4 מאַן. ער איז זייער צופרידן געווען פון אונדזער אַרבעט, האָט ער אונדז געבערענגט ברויט מיט וווּרשט. ער האָט געמיינט אַז מיר וועלן די אַרבעט מאַכן אין אַ 2—3 טעג, נאָר מיר האָבן עס געמאַכט אין איין טאָג.

ווידער אַ מאָל האָבן מיר געאַרבעט ביים גראָבן אַ קעלער. קריסטן האָבן דאָרט געאַרבעט און אונדזערע 10 מאַן. אונדז האָט מען צעטיילט אויף 2 גרופּן צו 6 מאַן, מיר זאָלן אַרויסטראָגן די ערד און מאַכן אַ באַרג. מיר האָבן געטראָגן נאשעס פון אַ 50 ק״ג אויף אַ באַרג אַרויף. צווישן דער אַרבעט פון אונדזער גרופּע און דער אַנדערער גרופּע איז געווען אַ גרויסער אונטערשייד. מיר האָבן פאַר דער זעלבער צייט געמאַכט פיל מער. דער הויפּטמאַן איז געקומען און געזען אונדזער אַרבעט, האָט ער פאַר אונדזער גרופּע געבערענגט ברויט מיט שטיקער וווּרשט.

אָבער מיר האָבן זיך אַלץ אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו אַנטלויפן. מיר האָבן געזען אַז מען וועט אונדז לסוף ליקווידירן. מען האָט געבערענגט מענטשן און זיי אויסגעשאָסן. אַ מאָל האָט מען געבערענגט 40 מאַן פון טשעכן, יונגע אינטעליגענטע חברה. מען האָט זיי אַרויסגעפירט צום שיסן. מען האָט זיי געצווינגען פאַרן טויט צו זינגען. דערנאָך האָט מען געבערענגט פרויען פון וואַרשע. מען האָט זיי באַלד אַוועקגעפירט אין וואַלד צום שיסן. מען האָט אויך געבערענגט מענער. די פאַכמענער האָט מען אַריינגעפירט צו אונדז, און די אַנדערע האָט מען געשאָסן.

איך מיט קאַזשיקן האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן צוזאַמען. אַ מאָל האָט מען אונדז 12 מאַן געפירט אין וואַלד אַריין צו גראָבן קאַלקעס. דער גרופן פירער פון אונדזערע היטער איז געווען אַן אוקראַינער מיטן נאָמען ראָק. ער איז געווען אַ גרויסער לאָבוז און אַנטיסעמיט. ער האָט געזוכט צו הרגענען לויפערן. איך בין געווען זייער אַ פעיקער מענטש, און שטענדיק געקענט איבערקויפן וועמען מען האָט געדאַרפט. איך האָב געזוכט אַ וועג און אויך דעם ראָצן איבערקויפן אַז ער זאָל אונדז ניט טשעפען. איך האָב מיט אים ניט געטרינקען, נאָר איך האָב אַריינ־געשיקט קאַזשיקן און לויפערן אין אַ סטאַדאָלע וואָס איז דאָרט געווען. זיי האָבן מיט אים געטרינקען און שלום געמאַכט.

דעם טאָג ווען מיר האָבן געאַרבעט אין וואַלד, איז ראָק מיט אונדז געקומען אָבער באַלד אַוועק. עס זענען מיט אונדז געבליבן צוויי אוקראַינער מיט ביקסן און זיי האָבן אונדז געהיטן. איך האָב געזאָגט צו לויפערן אַז איצט דאַרפן מיר באַפאַלן די צוויי אוקראַינער, זיי צובינדן צו אַ בוים און אַנטלויפן. דריי פון אונדזער גרופע האָבן מסכים געווען מיט מיר: שלמהלע און קאַזשיק. די אַנדערע ניין מאַן — האָבן ניט געוואָלט. צוויי מאַן אויף איינעם קען מען גיין, איינער אויף איינעם איז אַ גרויסע ריזיקע. אַזוי איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן. מיר האָבן נאָך געדאַנקט גאָט אַז עס האָט קיינער זיך ניט אַרויסגעכאַפּט אין לאַגער אַז מיר האָבן געוואָלט טאָן אַזאַ זאַך.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען ס'איז נאָך ניט געעפנט געוואָרן ביי אונדז דער טויטן לאַגער.

נאָך אַ זעקס וואָכן האָט מען גענומען ברענגען אין טויטן לאַגער צום גאַזירן. פאַר דעם האָב איך איין טאָג דאָרט געאַרבעט. דער וואָס האָט דאָרט ניט גוט געאַרבעט, האָט באַקומען 25 שטעקנס, און איז געבליבן ליגן. דאָרט האָט מען געאַרבעט איין שעה לענגער ווי ביי אונדז. איך האָב געזאָגט דעם קאַפּאָ אַז אויב מען וועט אונדז שיקן דאָרט צו אַרבעט, וועלן מיר זיך נעמען דאָס לעבן. מער בין איך טאַקע אַהין ניט געגאַנגען.

באַלד האָט מען גענומען ברענגען מענטשן אין לאַגער און זיי פאַרגאַזעוועט.

ווען מען האָט געמאַכט דעם קעלער האָב איך געדאַרפט פירן ציגל, דאָס איז געווען ניט ווייט פון דאָרט. איך בין דאָרט צו מיטן פערד, און געזען מענטשן וועלכע האָבן געשריגן "שמע ישראל". אין דעם האָב איך געהערט אַ שאָס, און געזען ווי אַ פרוי אין גאַנצן נאַקעט אַנטלויפט און שלעפּט פאַר דער האַנט אַ קליין קינד. זי איז געלאָפן אויפן וועג קיין סטאַק. אויף דעם וועג האָט מען געפלעגט אַנטלויפן.

ווען דער קאַפּאָ האָט געזען אַז איך בין נאָך נישטאָ פון דער אַרבעט, האָט

ער געמיינט אַז איך בין אַנטלאָפן מיט די פערד, איז ער געקומען צו לויפן צו מיר און האָט מיך צוריק געפירט אין לאַגער. איך בין אַהין מער ניט געגאַנגען.

דערווייל האָט אונדז דער סעקרעטאַר פון הויפטמאַן געזאָגט אַז פאַר אַ האַלבן מיליאָן זלאָטעס קענען מיר איבערקויפן מען זאָל אונדז איבערפירן אויפן אָרט פון די האַנטווערקער. אָבער ווי אַזוי קען דאָס געלט קומען צו אונדז?

מיר האָבן זיך דערוווסט אַז ס׳עס דאַרפן אַרויספאָרן קיין אָטוואָצק עטלעכע מענטשן פון לאַגער: דער קאַפּאָ, דער דאָקטאָר, און אַ געוויסער ה ע נ י ג פון כ ע ל ם (?). (ער האָט מיר אַ מאָל געראַטעוועט מיין לעבן). איך האָב געטראַכט אַז דורך זיי וועט מיר געלונגען צו שאַפן דאָס געלט.

דערווייל האָב איך באַגעגנט אין לאַגער אַ קריסט וועלכער איז מיר געווען עפּעס באַקאַנט. איך האָב אים געפרעגט ווער ער איז, האָט ער מיר געזאָגט אַז ער איז ניט ווייט פון מילאָסנע. ער איז געזעסן אין לאַגער 3 חדשים פאַר גנבענען קוילן. איצט דאַרף ער שוין באַפרייט ווערן. האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר אַ טובה טאָן און מיטנעמען אַ בריוו קיין מילאָסנע. האָט ער מיר צוגעזאָגט. איך האָב אָנגעשריבן דעם בריוו, איינגענייט אים אין זיינע הויזן, און ער האָט אים געדאַרפט איבערגעבן איינעם אַ קריסט אַז ער זאָל אים איבערשיקן צו מיין ווייב אין וואַרשעווער געטאָ.

מיין פרוי האָט דעם בריוו דערהאַלטן, און איז אַוועק קיין א ט ו ו א צ ק צוזאַמען מיט קראַנקע אויף טובערקולאָז וועלכע מען האָט דאָרט אַהין איבער־געפירט. זי האָט דאָרט געוואַרט אויפן אויטאָ וואָס האָט געדאַרפט קומען פון אונדזער לאַגער אָבער אַזוי ווי ער איז ניט געקומען, איז זי מיט דער באַן געפאָרן קיין קאַסאָוו. דאָרט האָט זי זיך געטראָפן מיטן אויטאָ וואָס איז דערווייל צוריק געפאָרן פון אָטוואָצק, און זי האָט דערציילט אַז דאָס וואַרשעווער געטאָ איז שוין אַרומגערינגלט. מען האָט באַלד גענומען ברענגען אין לאַגער אַריין מענטשן פון געטאָ.

ווען מען האָט גענומען גאַזעווען מענטשן, האָט מען געברענגט 300—400 מענטשן אין דער גאַז קאַמער, און עס האָט געדויערט 15 מינוט דאָס פאַרגאַזעווען. יעדע 15 מינוט האָט מען געברענגט אַ נייע פּאַרטיע. מיר האָבן אַזוי געציילט וויפל מענטשן מען האָט שוין פאַרגאַזעוועט. מיר האָבן געציילט צען טויזנט, פופציק טויזנט, הונדערט טויזנט. מיר האָבן אַלץ געמיינט אַז זיי וועלן צוקומען צו אַ געוויסע צאָל און וועלן אָפּשטעלן דאָס גאַזעווען.

איך האָב געטראַכט צו אַנטלויפן. איך האָב געאַרבעט מיט אַ פערד און געוואָלט מיט אים אַנטלויפן. ביינאַכט לויכט מען אַרום מיט אַ פערד וועל איך זיך מאַכן אַ וועג צום אַנטלויפן. אָבער עס איז מיר נישט געלונגען. די האַנטווערקער

האָבן אונדז געהיטן. זיי האָבן מורא געהאַט אַז מען ועט זיי מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער אַנטלויפן.

אַ מאָל האָט מען אַרויסגעהאַנגען אַ ווייסע פאָן, און מיד האָט מען אַרויס־גענומען אויפן פּלאַץ איך זאָל לייגן ברעטער. איך האָב ניט געוווּסט אויף וואָס די ברעטער זענען. דערנאָך האָט זיך דאָרט אַראָפּגעלאָזט אַן עראָפּלאַן און הימלער איז אַראָפּ. אין אַ מאַשין איז ער צוגעפאָרן צום לאַגער זען ווי מען גאַזירט די מענטשן.

דערנאָך האָט מען אונדזער גרופּע גענומען צום האַקן שטיינער און מאַכן אַ וועג פון אונדזער לאַגער צום צווייטן.

דאָרט זענען געווען צוויי טשעכישע יינגלעך, שאָפערן, און מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו אַנטלויפן. מיר האָבן געדאַרפט הרגענען דעם שומר, און די שאָפערן האָבן אונדז געזאָלט אַוועקפירן. איך האָב געקענט אַלע דאָרטיקע וועגן, און איך האָב געזען אַז מיט דעם וועג וועלן מיר אַדורכפאַלן. ווען איך בין געווען אין תפיסה האָט מיר אַ גנב געזאָגט אַ גוט וואָרט: אַז אַ גנב האָט 20 וועגן, דער פּאָליציאַנט, דאַקעגן, האָט נאָר איין וועג. איך האָב די זאַך אויפגעכאַפּט, און געדענקט. איך האָב געזאָגט צו די חברה אַז מיר קענען ניט אויף דעם וועג אַנטלויפן.

אין דעם טאָג זענען אַרבעטער צוריקגעקומען פון אורלויב אין קאַסאוו, און האָבן צו מיר געשריגן אַז זיי האָבן פאַר מיר אַ גרוס פון מיין פרוי און אויך אַ פּעקל. האָב איך גאָרניט געענטפערט. איך בין געווען פאַרנומען מיט איין געדאַנק: היינט מוז איך אַנטלויפן.

איך האָב גענומען זוכן אַן אַנדער וועג ווי אַזוי צו אַנטלויפן. דאָרט איז געווען אַ פריצל, האָב איך געגעבן געלט ער זאָל קויפן בראַנפן און קאָלבאַס, ער זאָל מיר דאָס צוגרייטן צום מיטאָג ווען מיר וועלן קומען פון דער אַרבעט, וועלן מיר עס נעמען.

ווען איך בין צוריק געקומען אין לאַגער בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַן עגמת־נפש, ווייל אַלע האָבן גערעדט אַז צוליב מיר זענען זיי ניט אַנטלאָפן. איך האָב אָבער געוווּסט אַז מען האָט ניט געקענט לויפן.

דערווייל האָט מען אונדז גערופן אויף אַרבעט. גלייך ווי איך בין געקומען אויפן אַרבעטס אָרט, האָב איך צוגערופן דעם אוקראַינער, און אים איינגעלאַדן צו מאַכן אַ טרינק. איך האָב אים אָנגעגאָסן אַ גלאָז בראַנפן, און אויך זיך אַ גלאָז כדי ער זאָל ניט מיינען אַז איך וויל אים אָנשכורען. איך האָב אים געגעבן נאָך אַ גלאָז בראַנפן מיט צובייס. די קריסטן האָבן אויך געהאַט קאַרטאָפל מיט מילך. מען האָט געגעסן און געטרינקען.

דערווייל האָט ווער פון דרויסן געשריגן צו מיר: נאשעווסקי, דער אונטער־שאַרפירער קומט צו פאָרן. מיר זענען געגאַנגען שנעל יעדער צו זיין אַרבעט. מיר האָבן געהאַקט גרויסע שטיינער אויף שטיקלעך. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע.

דער אונטערשאַרפירער איז אַריין צו אַ שיקסע און האָט דאָרט מיט איר פאַרברענגט. ביי דער אַרבעט איז מיר צעבראָכן געוואָרן דער שטול פונעם האַמער און ווען דער אונטערשאַרפירער איז פאַרן ענדיקן די אַרבעט אַרויס פון הייזל ווו ער האָט פאַרברענגט מיט די שיקסע, בין איך צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט: הער אונטערשאַרפירער, דער שטול איז קאַפוט געגאַנגען. איך וועל מאָרגן ניט האָבן מיט וואָס צו אַרבעטן. ער האָט מיר געענטפערט אַז מאָרגן וועט מען סיי ווי מער ניט אַרבעטן.

ווי איך האָב דאָס דערהערט האָב איך געזאָגט צו דער חברה: מען דאַרף באַלד אַנטלויפן.מיר זענען זיך צעלאָפן אויף צוויי גרופּן. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן די שיך און געלאָפן. איך בין געלאָפן קיין סטאַק, נאָר ניט אויפן הויפּט וועג ווייל מען האָט געוווּסט אַז אַלע וועלכע אַנטלויפן פון לאַגער לויפן קיין סטאַק.

מיר זענען אַוועק 15 מינוט נאָך 4 און האַלב 7 זענען מיר שוין געווען אין סטאַק, דאָס איז געווען אַ מרחק פון 26 קילאָמעטער.

איך בין אָנגעקומען קיין סטאַק מיט נאָך 7 מאַן. דורך אַ פּאַסטוך האָב איך צו וויסן געגעבן אַ באַקאַנטן ייד ווו איך געפין זיך. דער ייד האָט צו ערשט ניט געגלויבט, אָבער דערנאָך איז ער געקומען און אונדז אַלע אַריינגענומען צו זיך אין שטוב ווו מיר האָבן איבער־גענעכטיקט. איך האָב ביי דעם ייד גענומען געלט און דאָס געגעבן צו פיר מאַן און זיי זענען אַוועק קיין סטאַניסלאַוואָוו ווו מיין ברודער איז געווען. איך האָב געבעטן צו וויסן צו געבן קיין מינסק־מאַזאָוויעצק, ווו ס׳זענען געווען מיין שוועגערין און שוויגער. איך האָב געזאָגט אַז איך וועל צו זיי קומען אַ טאָג שפּעטער.

דער ייד האָט געהאַט אַ טאָכטער וועלכע האָט ניט אויסגעזען ווי אַ יידישע. איך האָב זי אוועקגעשיקט מיט אַ פּאָר פערד קיין קאַסאָוו צו ברענגען מיין פרוי.

פאַרן אויסזידלען דאָס וואַרשעווער געטאָ, איז מיין פרוי אַוועק קיין אטוואָצק. פון דאָרט איז זי געקומען קיין קאַסאָוו כדי צו טרעפן זיך מיט מענטשן פון לאַגער וועלכע האָבן געפלעגט קומען קיין קאַסאָוו און דורך זיי איבערשיקן מיר אַ פּעקל עסן זי איז דאָרט געווען ביי אַ קאַפּאָ וועלכער איז יעדן זונטיק געקומען צו זיין פרוי. אויך אַנדערע מענער פון לאַגער פלעגן זונטיק קומען קיין קאַסאָוו צו זייערע פרויען.

מײַן פֿרױ איז געגאַנגען אין יודנראַט בעטן מען זאָל מיר העלפֿן עפּעס מיט עסן, און בכלל אפֿשר קענען זײ װאָס טאָן פֿאַר מיר.

װען מײַן פֿרױ איז געװען בײַם קאַפּאָ, איז געקומען דאָס מײדל װעלכע איך האָב געשיקט און געפֿרעגט אויף די פֿרױ נאַשעװוסקי. זי האָט געזאָגט אַז זי איז די פֿרױ נאַשעװוסקי. דערװײַל איז אין שטוב אַרײַן דער אײדעם פֿון פֿאַרזיצער פֿון יודנראַט. כמעט יעדן טאָג האָט ער געפּלעגט קומען קײַן קאַסאָװ פֿון לאַגער. מײַן פֿרױ האָט אים געפֿרעגט צי ער װעט מיטנעמען פֿאַר מיר אַ פּעקל. ער האָט געזאָגט אַז איך בין שױן ניטאָ אין לאַגער. דאָ האָט דאָס מײדל באַשטעטיקט אַז איך בין בײַ זײ אין שטוב. מײַן פֿרױ האָט זיך אױפֿגעזעצט אױפֿן װאָגן און געפֿאָרן צו מיר. קײַן סטאָק איז געװען 20 קילאָמעטער און געפֿאָרן זענען זײ בײַנאַכט.

דערװײַל האָט דער פֿאַרזיצער פֿון דער װענגראָװער יידנראַט אַרױסגעגעבן אַ באַפֿעל מען זאָל כאַפּן די אַלע 7 אַנטלאָפֿענע פֿון לאַגער. איך בין געװען אין סטאָק אין אַ שטוב צװישן יידן און זײ דערצײלט װאָס עס קומט פֿאָר אין לאַגער. צװײ מאָן זענען פֿריער אַנטלאָפֿן פֿון די גאַז קאַמערן, און האָבן דערצײלט װעגן דער פֿאַרניכטונג פֿון די יידן װעלכע װערן געשיקט אין לאַגער, אָבער מען האָט זײ ניט געגלױבט. מיר האָבן די יידן געגלױבט. בעת דעם שמועס זענען געקומען דער פֿאַרזיצער פֿון יודנראַט מיט פּאָליצײ און האָבן מיך אַרעסטירט.

עס זענען דאָרט געװען מענטשן װעלכע האָבן מיך געװאָלט אַרױסגנבֿענען, אָבער דער יודנראַט האָט מיך גוט געהיטן. איך האָב געפֿרעגט דעם פּרעזעס פֿון יודנראַט, אַ חסידישער ייד, װאָס װעסטו האָבן דערפֿון װאָס װעסט מיך איבער־געבן צו די דײַטשן? ער האָט געענטפֿערט אַז צוליב מיר דאַרפֿן ניט אַלע יידן געהרגעט װערן איך האָב אים געזאָגט אַז מען װעט סײ װי הרגענען מיך און דיך און אַלע אַנדערע. אָבער ער האָט ניט מסכים געװען מיך צו באַפֿרײַען.

בײַנאַכט האָט מען מיך אײַנגעזעצט אין אַ שטוב װאָס איז געװען אין מיטן כדי מען זאָל מיך ניט קענען אַרױסגנבֿענען. דאָרט איז ניט געװען קײַן פֿענצטער דורך װעלכע זײ האָבן מורא געהאַט אַז מען װעט מיך באַפֿרײַען מיט כּוח. איך האָב געזאָגט צו די פּאָליצײ אַז קײַן טרעבלינקע װעל איך ניט גײן. איך האָב זײ דערצײלט אַז מען האָט געבראַנגט צװײ געכאַפּטע ייִנגלעך װעלכע זענען אַנטלאָפֿן פֿון לאַגער, און אַ נאַכט פֿאַר מײַן אַנטלױפֿן האָט מען זײ געהאַנגען. איך האָב זײ געזאָגט אַז איך װעל ניט דערלאָזן מען זאָל מיך הענגען. לאָזט מיך אַרױס װען ניט, װעט פֿאַלן קרבנות. אױב איר װילט פֿון מיר געלט, װעל איך אײַך געבן װיפֿל איר װילט. איך װעל זיך דאָס אײַנשאַפֿן בײַ די היגע סוחרים, נאָר גײן אױף אַ זיכערן טױט, קומט ניט אין באַטראַכט.

איינער פון די פּאַליציאַנטן האָט מיר געענטפערט, אַז אויב ער וועט זען אַז עס וועט זיין שלעכט, וועט ער מיך אַרויסלאָזן. זיין נאָמען געדענק איך ניט.

צו מאָרגנס פרי האָט מען אַוועקגעשיקט אַ רייטער צום יודנראַט און אים געזאָגט אַז מען קען מיך, נאַשעווסקין, אַלס אָרנטלעכער מענטש און איך האָב ניט פאַרדינט מען זאָל מיך אויסגעבן צו די דייטשן. דער פּרעזעס האָט באַפוילן מען זאָל מיך אַרויסלאָזן. אויך איינער פון מיין שטאָט, חיים גרשון זילבערשטיין אַ מיטגליד פון יודנראַט, האָט פאַר מיר געבעטן מען זאָל מיך אַרויסלאָזן.

איך בין שוין געווען באַפרייט, ווען מיין כּרוי איז געקומען קיין סטאַק. זי האָט אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט וואָס זי האָט געהאַט זילבערשטיינען. זי האָט ניט איבערגעלאָזט פאַר זיך אַפילו קיין 10 זלאָטעס. איך האָב געהאַט אין דער געגנט אַ סך באַקאַנטע קריסטן און ווו איך בין געקומען, אין אַ דאָרף אָדער שטעטל, יידן און קריסטן, האָבן מיר געהאָלפן.

איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט אַ קריסטן קיין סטאַניסלאַוואוו. דאָס איז געווען אַ 40 ק״מ. אויפן וועג האָב איך געהאַט אַ באַקנטן פּריצל ביי וועלכן איך האָב שטענדיק געהאַלטן סחורה. ער האָט געפּלעגט מיר געבן עסן. ער האָט זיך צו מיר באַצויגן ווי צו אַ ברודער. אָבער איצט ווען איך בין געקומען, האָט מען מיך שוין ניט אַריינגעלאָזט. די צייט איז געווען פאַר יידן אַזוי שלעכט אַז מען האָט מורא געהאַט מיט עפּעס צו העלפן אַ ייד. מען האָט שוין געוווסט אַז מען ברענגט אום די יידן, מען גאַזעוועט. איך האָב דאָרט געוואָלט איבערנעכטיקן, נאָר איך האָב געמוזט אַוועק.

עס איז שוין געווען 10 אַ זייגער ביינאַכט, האָב איך געזאָגט די קריסטן אַז מיר זאָלן אַריין אין ווייץ און דאָרט איבערנעכטיקן, און 3 אַ זייגער וועלן מיר ווייטער גיין.

עס איז דאָרט געווען אַ שטיקל וועג, ווו עס האָבן זיך געדרייט פּאָליציי, וועלכע האָבן געשמט אַלס אַנטיסעמיטן. זיי האָבן געשאָסן די יידן, וועלכע זענען דאָרט דורכגעגאַנגען. איך האָב גערעכנט דאָס שטיקל וועג דורכצוגיין גאַנץ פרי ווען די פּאָליציי וועט דאָרט ניט זיין.

איך בין געשלאָפן אַ ביסל לענגער. ביז די קריסטן האָט מיך אויפגעוועקט, איז שוין געווען פאַרטאָג. באַלד האָב איך באַמערקט ווי עס גייט אַ פּאָליציאַנט מיט נאָך אַ קריסט. במשך צוויי יאָר וואָס איך בין געגאַנגען אויף דעם וועג, האָב איך קיינמאָל ניט געטראָפן קיין פּאָליציאַנט. נאָר דער פּאָליציאַנט איז אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. אַ ביסל ווייטער האָב איך ווידער געזען צוויי פּאָליציאַנטן זיי האָבן פאַרהאַלטן אַ קריסט מיט אַ קו. איך האָב געטראָגן אַ שפּאַדל, די קריסטן

אַ גראַבליע. אָנגעטאָן בין איך געווען ווי אַ פויער, אַזוי זיי האָבן מיך ניט פאַר־האַלטן. איך בין פון דאָרט שנעל אַוועק.

אויפן וועג בין איך אַריין צו אַ קריסט און געפרעגט ווו מיר געפונען זיך און ווו איז דער וועג קיין סטאַניסלאַוואָוו, ווייל איין וועג האָט געפירט אין אַן אַנדער שטעטל. מען האָט מיר געוויזן דעם וועג. איך האָב אַ ביסל געבלאָנדזשעט, אָבער לסוף אַרויס אויפן ריכטיקן וועג.

אין אַ דאָרף 4 ק״מ פון סטאַניסלאַוואָוו בין איך אַריין צו אַ קריסט און איך האָב דאָרט געטראָפן יידן וועלכע זענען אַנטלאָפן פון שטעטל. זיי האָבן דערציילט אַז מען האָט אויסגעזידלט מינסק־מאַזאָוויעצק. איצט האָב איך שוין ניט געהאַט ווו צו גיין.

מיין פרוי האָט געזאָלט קומען, אָבער זי האָט פאַרבלאָנדזשעט און איז אָנגעקומען קיין סטאָק. דאָרט האָט זי זיך דערוווסט אַז מען גייט אויסזידלען דאָס שטעטל, איז זי אַוועק צו אַ קריסט ווו איך בין געווען ווען איך בין אַנטלאָפן פון טרעבלינקע. זי איז דאָרט געווען אַכט טעג.

אויך איך בין געווען ביי דעם קריסט אַן אַכט טעג, און איך האָב באַשלאָסן צו גיין געוואָר ווערן ווו מיין פרוי איז. איך בין אַוועק אין שטעטל און דאָרט האָב איך געהערט אַז עס פעלן שוין אַ סך יידן וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט קיין טרעבלינקע.

איך האָב אויסגעזוכט אַ באַקאַנטן קריסט און אים געבעטן ער זאָל פאָרן זוכן מיין פרוי. ער האָט זי געפונען און זי געבראַנגט. דאָס איז געווען 2 וואָכן פאַר ראש השנה 1942.

אין זעלבן טאָג איז געקומען מיינער אַ ברודער, משה, און האָט דערציילט אַז ער האָט געטראָפן די שוויגערס אַ מיידעלע און זי האָט אים געזאָגט אַז אין קאַלושין געפונען זיך באַהאַלטן די שוועגערין מיט אירע קינדער, דער שוואָגער, די שוויגער און נאָך מענטשן, צוזאַמען 18 מענטשן. זיי זענען אויף אַ בוידעם. זיי האָבן ניט וואָס צו עסן, און לעבן פון בלעטער פון בוראַקעס. די שוויגער, 85 יאָר אַלט, איז אַראָפּ כדי צו ברענגען אַ ביסל וואַסער, האָט מען זי געכאַפּט און אַוועקגעפירט קיין קאַלושין ווו מען האָט קאָנצענטרירט אַ סך יידן אַוועקצושיקן.

ווי איך האָב דאָס געהערט האָב איך געבעטן אַ באַקאַנטן קריסט און אַ פּאָליציאַנט, געגעבן זיי 500 זלאָטעס און ברויט, זיי זאָלן אַרויסראַטעווען די קינדער און ווען ער וועט נאָר קענען.

ער איז געקומען אַהין, גערופן די קינדער אָבער זיי האָבן זיך ניט אָנגערופן. ער האָט זיי געזאָגט: איר ווייסט אַז אייער פאָטער איז אַוועק פון טרעמבלינקע?

אויב איר וועט אייך ניט אָפּרופן, גיי איך אַוועק. דעמאָלט האָבן זיי געעפנט דעם בוידעם. ער האָט זיי אַריינגעגעבן עטלעכע ברויט און איז אַוועק.

ער איז צוריקגעקומען און מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון זיי. איך האָב אים געפרעגט: וואָס טוט מען כדי זיי אַרויסצובאַקומען פון דאָרט? ער האָט געזאָגט אַז ער וועט נאָך אַ מאָל פאָרן און זיי ברענגען. צו מאָרגנס האָב איך אים געשיקט, אָבער די קינדער זענען שוין דאָרט ניט געווען.

דערנאָך בין איך געוואָר געוואָרן אַז מען האָט זיי אַריבערגעפירט קיין קאַלושין, אין אַן אַרבעטס־לאַגער. איך בין אַוועק נאָך זיי און זיי געבראַכט קיין סטאַ־ניסלאַוואָוו.

אין שטעטל זענען געווען בײַ אַ 5 מנינים יידן און מען האָט זיי דערווייל ניט געטשעפּעט. ראש השנה האָבן מיר געדאַוונט בצבור. דער עולם האָט זיך מיט מיר געפרייט ווען מען האָט מיך געזען צוריק פון טרעמבלינקע.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז ערב סוכות. עס זענען געקומען פּאָליציי און מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז דאָ דאַרף עפּעס פּאַרקומען. מיין פרוי האָט מיר געזאָגט אַז איך זאָל נעמען צוויי קינדער און מיט זיי אַוועקגיין. זי אַליין וועט זיך שוין אַן עצה געבן. אַז זי האָט געקענט אַרויס פון וואַרשעווער געטאָ, וועט זי זיך ווייטער אַן עצה געבן.

איך האָב גענומען די קינדער און אַוועק. איך בין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר קילאָ־מעטער און זיך צוריקגעקערט. מיין האַרץ האָט מיך עפּעס ניט געלאָזט ווייטער גיין. צוריקקומענדיק האָב איך מיין פרוי געזאָגט, אַז איך האָב וועמען געטראָפן און מען האָט מיך געהייסן צוריקקערן, אַלץ כדי זי זאָל ניט האָבן קיין עגמת־נפש.

צומאָרגנס האָבן מיר געהערט אַז מען האָט געהייסן די וועכטער אונדז גוט היטן, די פּאָליציי האָבן זיך כסדר געדרייט און מען האָט געזען אַז זיי גרייטן זיך צו עפּעס. אין מילאָסנע האָט מיר די פּאָליציי געזאָגט וועגן דער אויסזידלונג, אָבער דאָ האָב איך מיך מיט זיי ניט געקענט.

אַרום 9—10 אַזייגער בייַנאַכט האָבן עטלעכע פון מיין משפחה אין שטעטל באַשלאָסן אַוועקגיין פון שטעטל. דערווייל זענען אָנגעקומען ס.ס.־מענער און מען האָט גענומען שיסן. דאָס איז געווען אין ערשטן טאָג סוכות. מיר זענען אַנטלאָפן אין פעלד. מען האָט געשאָסן אויף אונדז, און איך בין געפאַלן. אויך מיין פרוי איז געפאַלן. דערנאָך האָב איך זיך אויפגעשטעלט און געכאַפּט די קינדער פאַר די הענט. איך האָב געמיינט אַז די פרוי זעט מיך, אָבער זי האָט מיך פאַרלוירן. ס'איז געווען פינצטער און אַ שטאַרקער ווינט, מען האָט ניט געזען און ניט געהערט. איך האָב גענומען שרייען: שרה, שרה, אָבער זי האָט זיך ניט אָנגערופן. איך האָב ניט אויפגעהערט צו שרייען ביז זי האָט דערהערט און געענטפערט.

אַזוי זענען מיר ווידער געווען צוזאַמען. די קריסטן אין דער געגנט האָבן געפּלעגט כאַפּן יידן און זיי איבערגעבן אין די הענט פון די דייטשן.

איך האָב באַשלאָסן צו גיין צו דעם קריסט ביי וועלכן איך בין געווען איבער אַ וואָך צייט ווען איך בין אַנטלאָפן פון טרעמבלינקע. איך האָב געטראַכט צו זיין ביי אים נאָר איין נאַכט און דערנאָך אַוועק צוריק אין שטעטל ער האָט מיך אָבער ניט געוואָלט אַריינלאָזן. איך האָב ניט געהאַט קיין ברירה און אַריין אין וואַלד.

די קינדער זענען געווען הונגעריק און איך האָב ניט געהאַט וואָס זיי צו געבן. איין יינגעלע איז אַלט געווען 9 יאָר און דער אַנדערער — 11 יאָר. ס׳איז שוין געווען אַרום 5 אַזייגער האָב איך געזען אַ קליין שייגעצל. האָב איך אים געבעטן ער זאָל אונדז ברענגען עפּעס צו עסן. ער האָט אונדז געברענגט 3 מייערן. איך האָב געגעבן די קינדער און די פרוי יעדן איין מייער.

אין דער פרי האָב איך זיך געלאָזט אויפן וועג קיין מילאָסנע. איך האָב געשפּירט פון אַ שטוב אַ ריח פון באַקן ברויט. איך בין אַריין און געפרעגט וויפל זי וויל פאַר אַ קילאָ ברויט. זי האָט זיך געהייסן געבן 200 זלאָטעס. געקאָסט האָט אָפּיציעל אַ קילאָ ברויט ניט מער ווי 3 זלאָטעס. איך האָב באַצאָלט וויפל זי האָט געהייסן אבי די קינדער זאָלן ניט הונגערן.

די צווייטע נאַכט האָב איך ווידער גענעכטיקט אין וואַלד. דאָרט האָט מיך דערזען אַ קריסטין, וועלכע האָט געקליבן שוואמען. זי איז געווען אַן אַרבעטערין פון אַ ציגל פאַבריק. זי האָט מיך געפרעגט וואָס איך טו דאָ. איך האָב איר געזאָגט אַז איך פאָר קיין וואַרשע. איך האָב מורא געהאַט איר צו זאָגן דעם אמת. זי האָט מיר געזאָגט אַז איך זאָל בלייבן אויפן זעלבן אָרט, און זי וועט שוין אונדז היטן און וואָרענען צי עס גייט ווער. זי איז אַ היים געגאַנגען און צוגעגרייט פאַר אונדז עסן און אונדז געברענגט אין וואַלד.

ביינאַכט זענען מיר ווידער אַוועק צו אַ קריסט אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין אָרט פאַר אונדז. דערווייל איז אָנגעקומען מיינס אַ חבר, וועלוועלע מילער, און ער האָט אויך געוואָלט דאָרט אַריין, אָבער אויך אים האָט מען ניט געוואָלט אַריינלאָזן.

מיר זענען אַוועק צו אַ קריסט, אַ געוויסער בוסקי. ביי אים זענען מיר געווען עטלעכע וואָכן. ער האָט אונדז גוט אויפגענומען אָבער עס איז ביי אים ניט געווען גענוג אָרט פאַר אונדז. דערנאָך זענען מיר אַוועק צו אַ קריסט באַראַנאָווסקי. דאָרט בין איך געווען מיט מיין משפחה, וועלוועלע מילער און אַ פאָרל רוזשי (זיי וווינען איצט אין רחובות). זיי זענען געווען חתן־כלה און איך האָב זיי געגעבן חופה וקידושין.

דאָרט ביי באַראַנאָווסקין זענען מיר געווען עטלעכע חדשים. דערנאָך האָט די קריסטן, באַראַנסקיס פרוי גענומען רעדן אַז זי קען ניט האַלטן קיין קינדער, בין איך אַוועק צו אַן אַנדערער קריסט. דאָרט האָט מען אונדז שאַנטאַזשירט און מיר האָבן פון דאָרט געמוזט אַוועק.

איך האָב געשיקט וועלוועלען צו אַ קריסט פרעגן, צי ער וועט אונדז אַריינ־לאָזן. דער קריסט האָט מסכּים געווען. ער האָט געוווינט פיר הייזער פונעם אָרט ווו מיר זענען געווען ביז איצט באַהאַלטן אָבער כדי קיינער פון די שכנים זאָל זיך נישט אָריענטירן און נישט וויסן ווו אַהין מיר זענען אַוועק. האָב איך צוגעטראַכט אַזוי. מיר וועלן אַריין צו אַ קריסט און בעטן אונדז צו לאָזן ביי אים אין שטוב נאָר אַ צוויי שעה, און פון דאָרט וועלן מיר אַוועק צו אונדזער נייעם אָרט.

איך בין אַריין צו אַ קריסטן, אַ שכנה, און פאַר 30 זלאָטעס האָט זי אונדז געלאָזט זיין ביי איר 3 שעה. דאָס איז געווען 3 אַ זייגער פּאַרטאָג, פון דאָרט זענען מיר אַוועק אומבאַמערקט אין אונדזער נ״ע באַהעלטעניש. דאָרט האָבן מיר איבערגעלעבט 14 חדשים ביז צו דער באַפרייאונג. איך בין דאָרט געווען מיט מיין פרוי און קינדער, וועלוועלע און נאָך אַ משפחה פון 3 נפשות, צוזאַמען 11 נפשות. מיר האָבן אים געגעבן געלט און ער האָט אונדז באַזאָרגט עסן.

ווען איך בין שוין געווען אין דער מלינה האָט דער סעקרעטאַר פון דער גמינע מיך אויסגעזוכט און דורך אַ ייד געשיקט מיך רופן. ער האָט געהייסן קאָוואַלקעוויטש. ער האָט מיר געגעבן 4000 זלאָטעס. דאָס איז געווען אין סוף 1943 אָדער אָנה״יב 1944. איך האָב געבעטן ער זאָל אונדז העלפן. ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט אַלץ טאָן וואָס נאָר מעגלעך. ער האָט מיך געפרעגט ווען איך וועל ווידער קומען נאָך געלט. איך האָב אים געזאָגט אַז אין דריי חדשים אַרום. ער האָט געזאָגט אַז ער איז ברוגז אויף מיר ווייל ווי אַזוי וועל איך קענען דורכקומען גאַנצע דריי חדשים מיט דער סומע? ער האָט מיך געהייסן קומען אין אַ חודש אַרום.

אין אַ חודש שפּעטער האָט ער מיר ווידער געגעבן געלט. פאַר דעם געלט האָבן מיר געקויפט פּראָדוקטן. מיר האָבן אויך באַקומען אונטערשטיצונג פון דער פּאַרטיי.

מיר האָבן אַמאָל זיך געדאַרפט טרעפן מיט אַ ייד וועלכער איז אַוועק אין וואַרשעווער געטאָ און האָט געזאָלט קומען אין וואָלד אונדז עפּעס איבערגעבן. דערווייל האָט אונדז דאָרט דערזען אַ יונגער קריסט. ער האָט געפרעגט: מיט וואָס קען איך אייך העלפן? ער האָט אונדז געגעבן 20 זלאָטעס און אונדז געווינטשן מיר זאָלן איבערלעבן די מלחמה.

אַן אַנדער מאָל ווען איך בין געגאַנגען צו קאָוואַלקעוויטשן, דאָס איז געווען

ווען די אַמעריקאַנער האָבן פאַרנומען צפון אַפריקע, האָט מיך געטראָפן איינער אַ פּאָליאַק. ער האָט מיך מכבד געווען מיט בראנפן און געהייסן זיך האַלטן מוטיק ביזן סוף פון דער מלחמה.

אין אויגוסט 1944 זענען געקומען די רוסישע טאַנקן און אונדז באַפרייט. די ערשטע צייט זענען מיר געווען ביי קריסטן אין דאָרף, שפּעטער זענען מיר אַוועק קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. פון דאָרט בין איך אַוועק קיין לאָדזש. דאָרט בין איך געווען ביז סוף 1944. דערנאָך בין איך אַוועק קיין דייטשלאַנד, אין פּריימאַן. איך בין דאָרט געווען ביז 1947. איך בין אָנגעקומען קיין ישראל אין 1948. איך וווין אין בת־ים, האָב אַ געוועלב. איינער פון מיינע זין איז געפאַלן אין מלחמת השחרור. דער צווייטער אַרבעט ביי ברילי‌אַנטן.

דאַטע און אָרט פון געבוירן: 1902, מילאָסנע, וואַרשעווער וואָיעוו.
באַשעפטיקונג: קצב.
אַדרעס: בת־ים, רח' ירושלים 65.
פון דער משפּחה אומגעקומען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה:
עלטערן: —

פאָטער — **שלמה־יוסף נאַשעווסקי**, געב. 1869, אומגעקומען אין מילאָסנע אין 1942.

מוטער — **רבקה נאשעווסקי** (קידער), געב. 1870, אומגעקומען אין מילאָסנע אין 1942.

ברודער — **ישראל נאַשעווסקי**, געב. 1900, אומגעקומען אין אָקוניעוו אין יאָר 1942.

ברודער — **משה נאשעווסקי**, געב. 1910, אומגעקומען אין סטאַניסלאווו (פּאָוויאַט מינסק־מאַזאָוויעצק) אין 1942.

ברודער — **אהרון נאַשעווסקי**, געב. 1907, אומגעקומען אין טרעבלינקע צוזאַמען מיט זיין פרוי שרה און 5 קינדער.

שוועסטער — **מינדל וואטאזש** (נאַשעווסקי), געב. 1904, אומגעקומען אין מילאָסנע אין 1942 צוזאַמען מיטן מאַן.

שוועסטער — **סאשע נאַשעווסקי**, געב. 1917, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין 1942.

שוועסטער — **פריידקע נאַשעווסקי**, געב. 1919, אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ אין 1942.

שלמה שידלאווסקי

# אויף די וועגן פון נע-ונד



עג פון אומאויפהערלעכן פחד, האָט געהערשט אין רעמבערטאָוו, נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, די יידן האָבן ווי שאָטנס זיך אַרומ־געשלייכט און פון יעדנס אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ פּיינלעכע שרעק. יעדער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף זיין צוגעגרייט אויף שווערע גזירות, שיקאַנעס און פּיין. די ערשטע רעאַקציע איז געווען, נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן פון שונא אין דעם אנגענומענעם פון לאַנגע דורות פויליש יידישן טראַדיציאָנעלן טראַכט. צו דעם צוועק האָבן יידן בחפזון פאַרטוישט די קיילעכיקע יידישע היטלען אויף די א. ג. ״ליציפּעט״־היטלען; די לאַנגע קאַפּאָטעס אויף קורצע מאַרינאַרקעס און אַ טייל יידן האָבן אויך די בערד אונטערגעבונדן מיט פאַטשיילעס.

די קורץ־געקליידעטע האָבן באַהאַלטן די קאַפּעלושן און זיך אָנגעטאָן אין די א. ג. ״נאַרטשיאַרסקע״ היטלען, און אנשטאָט לייכטע לאַטשן, אַרויפגעצויגן אויף די פיס שטיוול. (יידן האָבן אין יענער צייט נאָך נישט געאַנט, אַז מיטן ענדערן די הלבשה קענען זיי זיך נאָר פאַרשטעלן פאַר די דייטשן, אָבער נישט פאַר זייערע שכנים די פּאָליאַקן. עס איז גענוג געווען, אַז דער מינדעסטער שייגעץ, אַ קעשענע גנב, זאָל אָנווייזן מיט אַ פינגער אויף אַ ייד, און זאָגן: יודע! אַז דער גורל פון ״פאַרשטעלטן״ ייד זאָל זיין אַ געחתמעטער).

גלייך אין די ערשטע טעג פון היטלעריסטישן אַריינמאַרש אין רעמבערטאָוו, האָבן זיי איינגעאָרדנט זייער קאָמענדאַנטור אין דער פוילישע אָפיצירן־שול אויפן ״פּאָליגאָן״. זייער ערשטע אַרבעט איז באַשטאַנען צו צווינגען רעמבערטאָווער יידן ריין צו מאַכן דעם באַן־וואקזאַל, די ביוראָען פון ״פּאָליגאָן״ און פון ״פּאַטשיסק״.

דער רעמבערטאָווער וואקזאַל ווי די באַן־ליניע, זענען נישט געווען צעשטערט, בלויז אַלע שויבן פון באַן־וואקזאַל זענען געווען אויסגעהאַקט. דאָס צובראָכענע גלאָז איז געווען פונאַנדערגעשפּרייט איבערן גאַנצן שטח.

דעם ערשטן סעפטעמבער 1939 האָבן די דײַטשן באָמבאַרדירט די רעמבער־טאָווער באַן־סטאַציע. איין באָמבע איז אַריין אין ראָג־הויז בײַ דער סטאַציע וואָס איז געשטאַנען נעבן וואָקזאַל. דאָס הויז האָט געהערט צום באַקאַנטן קריסטלעכן צוקערניע־אייגנטימער קושעווסקי, איז געוואָרן צושמעטערט און באַגראָבן אונטער זיך אַלע קריסטלעכע אײַנוווינער, מיטן צוקערניע־אייגנטימער און זיין פרוי. פון דער דעטאָנאַציע בעתן באָמבע אויפרײַס זענען אַלע שויבן אויפן וואָקזאַל געוואָרן צעבראָכן אויף פיצלעך.

ווידער אויפן "פּאָליגאָן" און אין "פּאָטשיסק", האָבן די פּוילישע אָפיצירן און די באַאַמטע פאַרניכטעט פאַרן אַנטלויפן די איינריכטונגען. עס האָבן זיך געוואַלגערט הונדערטער צעבראָכענע ביוראָ־טישן, שענק, שטולן. די עלעקטרישע איינריכטונג איז געוואָרן געגצלעך צעשטערט און אין די צימערן און קאָרידאָרן האָבן זיך געוואַלגערט טאָנען דאָקומענטן.

די היטלעריסטן זענענדיק די "ירושה" וואָס די פּוילישע אָפיצירן האָבן זיי איבערגעלאָזט, האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אָרדענונג מיט יידישע הענט. עטלעכע באַוואָפנטע היטלעריסטן זענען אַרויס אויף דער פּילסודסקיעגאָ גאַס אויסזוכן אַ פאַראַנטוואָרטלעכן ייד, וועלכער זאָל זאָרגן פאַר אַרבעטס־הענט. די גאַסן זענען אָבער געווען אַלע אָפּגעליידיקט. יעדער איז געווען פאַרשלאָסן אין זיינע ד' אמות, מורא האָבענדיק זיך צו ווייזן אין גאַס.

גראָד איז אַרויסגעגאַנגען מענדעלע גאָלדשטיין פון זיין שוסטער־וואַרשטאַט, וועלכער האָט זיך געפונען אין פראָנט אויף דער פּילסודסקיעגאָ. די היטלעריסטן, דערזעענדיקאָ ייד מיט אַ שיינער פּאַטריאַרכאַלער באָרד, האָבן זיי אים צוגערופן און אים באַשטימט אויפן אָרט פאַרן "עלטסטן", וועלכער דאַרף במשך פון איין שעה צושטעלן די ערשטע פּאַרטיע 20 אַרבעטער צום וואָקזאַל. דערבײַ מוזן די אַרבעטער מיטברענגען פון זייערע היימען בעזעמער, לאָפּאַטעס און קוישן. פאַרן נישט אויספילן פּינקטלעך דעם באַפעל, האָבן זיי אים דערקלערט, וועט ער דערשאָסן ווערן.

מענדעלע גאָלדשטיין, וועלכער איז באַקאַנט געווען אין רעמבערטאָוו אַלס "מענדעלע שוסטער" איז געבליבן אָן לשון. ווו זאָל ער דאָ נעמען 20 אַרבעטער, ווען אַלע זענען פאַרשלאָסן אין זייערע היימען. וויסנדיק אָבער, אַז די היטלעריסטן וועלן זייער דראָונג אויספירן, האָט ער מיט אַלע כוחות גענומען לויפן אין יידישע שטיבן, און מיט טרערן אין די אויגן זיך געבעטן:

"יידן האָטס רחמנות און קומטס צו דער אַרבעט"...

ווען מען האָט אין יידישע שטיבן דערהערט, אַז עס דראָט מענדעלען דער־

שאָסן צו ווערן, אויב מען וועט זיך נישט צושטעלן צו דער אַרבעט, האָט מער נישט געגומען ווי צען מינוט און 20 יונגע מענטשן, פאַרזאָרגט מיט לאָפּעטעס און בעזעמער, זענען צוזאַמען מיט מענדעלען אַוועק צום וואקזאַל צו דער אַרבעט.

אינמיטן דער אַרבעט פון אָפּרוימען דאָס גלאָז, איז צו מיר צוגעקומען דער נייער דייטשער סטאַציע־נאַטשאַלניק און פאַראָרדנט, איך זאָל גיין מיט אַ באַן־מיליציאָנער אין די שטובן, צונויפנעמען אָנגעפּילטע לאָמפּן מיט נאַפט און אויך ליכט, ווייל צוליב דער באַשעדיקטער עלעקטרישער באַלייכטונג קענען זיי נישט ביינאַכט אַרבעטן אין דער וואקזאַל־געביידע (ווי איך האָב שפּעטער באַמערקט, איז די אַרבעט זייערע באַשטאַנען אין באַקומען און איבערשיקן טעלעפּרינטער־ידיעות).

דער באַן־מיליציאָנער, אַ באַוואָפנטער מיט אַ ביקס, האָט מיר געגעבן אַ צייכן, מיר זאָלן גיין. איך בין מיט אים אַוועק אין דער ריכטונג פון ניי־רעמבערטאָוו, וואָס איז געווען באַוווינט אויסשליסלעך פון קריסטן. מיין כוונה איז געווען אויסצומיידן שרעק אין די יידישע היימען. יידן זענען שוין געווען גענוג אָנגעשראָקן, איך זאָל נאָך דאַרפן אַריינקומען צו זיי, מיט אַ באַוואָפנטן דייטש.

די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין ניי־רעמבערטאָוו האָבן אונדז געגעבן גענוג נאַפט־לאָמפּן מיט נאַפט און ליכט. זיי זענען צופרידן געווען, וואָס זיי קומען אָפּ מיט אַזאַ "נישטיקער קאָנטריבוציע"...

צו די אַרבעטן אויפן "פּאָליגאָן" און אין "פּאָטשיסק", זענען גענומען געוואָרן נישט נאָר די וועלכע האָבן זיך צוגעשטעלט אויפן וואקזאַל, נאָר אויך צענדליקער אַנדערע יידן. מען האָט געאַרבעט פון גאַנץ פרי ביזן צופאַלן פון דער נאַכט, אָן עסן און אָן אָפּרו. די אויפזעער, וועלכע האָבן אונדז געהיטן, האָבן מער נישט געטון די גאַנצע צייט פון אונדזער אַרבעט, ווי געשריגן: שנעלער, שנעלער!

ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן מיר געמוזט שנעל לויפן אַהיים, ווייל ווי עס איז פינצטער געוואָרן, האָט זיך אָנגעהויבן די "נאַכט־שפּערע" און פאַרן באַוויייזן זיך אין גאַס אין דער צייט האָט געדראָט דערשאָסן צו ווערן.

די צייט פון דער "נאַכט־שפּערע" האָבן דערווייל די היטלעריסטן אויסגענוצט אויף רויבערייען אין יידישע היימען, גערויבט פראַנק און פריי, וואָס עס איז זיי נאָר געפעלן און וואָס עס האָט נאָר געהאַט אַ ווערט.

אין איינעם אַן אָוונט, אין דער צייט, פון דער "נאַכט־שפּערע", בין איך געווען אין דער וווינונג פון שאָלקע רובין. אין שטוב איז דאַן געווען שאָלקע, זיין פרוי יאָספע, זייערע זין אברהם און יאַנקל, די זיבעצן־יאָריקע טאָכטער ריווטשע און דאָס 8 יאָריקע טעכטערל סאָלטשע. פּלוצים דערהערן זיך שווערע באַשטיוולטע טריט. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ היטלעריסט מיט אַ פּנים, וואָס

וואַרפֿט אָן אַ פּחד, אפילו ווען מען טרעפֿט אים אין גאַס צווישן הונדערטער דורכגייענדיקע.

די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטון ביים איבערטרעטן די שוועל, איז געווען צוצושליסן די טיר און דעם שליסל האָט ער זיך אַריינגערוקט אין קעשענע אַריין דאָס האָט ער געמאַכט זייער לאַנגזאַם און נישט געאיילט. אַזוי נישט געאיילטער־הייט איז ער אַריין אין עס־צימער און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, נישט אַרויס־ברענגענדיק אפילו קיין איין וואָרט.

אַלע זענען געשטאַנען אַרום טיש איבערראַשטע און דערשראָקענע. שאָלקע איז געזעסן אויבנאָן און געשוויגן. מיר אַלע האָבן נישט אויסגערעדט קיין וואָרט און געוואַרט וואָס דער היטלעריסט מיט דער צורה פֿון אַ תּלין האָט דאָ צוזאָגן. ער האָט זיך אָבער נישט געאיילט, בלויז אַרומגענומען אַלע מיט די אויגן, אַרויס־גענומען אַ ציגאַרעט און פֿאַררויכערט, פּאַמעלעך אָפּגעשיט דעם אַש און אַזוי לאַנגזאַם, אַרויסציענדיק ביי אַלע דאָס חיות, אַריינגעשטעקט די האַנט אין לעדער־נעם פּוטעראַל, פּאַמעלעך געעפֿנט און אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, געהאַלטן אים אייניקע מינוט, באַקוקט פֿון אַלע זייטן און בעתן אוועקלייגן דעם רעוואָלווער אויפֿן טיש, האָט ער געעפֿנט דעם פּיסק און צײַלנדיק יעדעס וואָרט, געזאָגט:

״מיט דיזן רעוואָלווער, האָבע איך זיבן יודן אין פֿאַלעניצע דערשאָסן״...

פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָך אַזאַ ״דערקלערונג״ זענען מיר אַלע געבליבן ווי פֿאַרשטייפֿט. אָבער צופֿיל דענקען האָט ער נישט געגעבן די מעגלעכקייט, און באַלד ווידער געלאַסן געזאָגט: ״אַלע מוזן אַרויסלייגן אויפֿן טיש די פּאָרטפּעלן מיטן געלט, גאָלד און ביזשוטעריע״.

שאָלקע רובין, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין רעמבערטאָוו אַלס פֿאַר־מעגלעכער ייד, האָט גראָד געטראָגן ביי זיך אַ פֿולן פּאָרטפּעל מיט גרויסע פּאַפּירענע באַנקנאָטן. דערהערנדיק די פֿאָדערונג פֿון דעם באַנדיט, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס אין צימער איז געווען האַלב־טונקל, געווען בלויז באַלויכטן מיט אַ נאַפֿט לאָמפּ אויפֿן טיש, האָט ער זייער קונציק אַרויס־געצויגן דעם פּאָרטפּעל און אַריינגעשטופּט אים אין הענטל פֿון זיין 8־יאָריקער טאָכטער סאַלטשע.

די קליינע סאַלטשע, וועלכע איז געווען זייער אַ קלוג קינד, האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימן פֿון פֿאַרלוירנקייט, האָט זיך זייער פּאַרזיכטיק גענומען אַוועקשאַרן פֿון טיש און צוגעשאַרט צום פּלושענעם אָטאָמאַן. ווער עס געדענקט די פּלושענע אָטאָמאַנעס אין פּוילן, ווייס אויך, אַז אַזאַ אָטאָמאַן, האָט געהאַט פֿון ביידע זייטן ״וואָלקעס״. צווישן ״וואַלעק״, וועלכער האָט זיך געלאָזט אַרונטער־נעמען און דעם אָטאָמאַן, איז געווען אַ צוזאַמענפּרעסטע מחיצה, די קליינע

סאַלטשע האָט נישט לאַנג געקלערט און אַריינגעשטיפּט דעם פּאָרטפּעל מיטן געלט צווישן דעם "וואַלעק" און אָטאָמאַן.

יעדער פון אונדז האָט אַרויסגעלייגט אויפן טיש זיין געלט. קיין גרויסע סומעס איז עס נישט געווען. אויך שאַלקע האָט "אויסגעקראַצט" פון די קעשענעס עטלעכע צענדליק זלאָטעס. יאַספּע האָט אַוועקגעלייגט איר קידושין־רינגל, עמעץ האָט צוגעלייגט צוויי ניקלנע האַנט־זייגערלעך.

דער היטלעריסט האָט אַלץ פּאַוואָליע צוגעשאַרט צו זיך און גענומען זייער פאַרזיכטיק איבערציילן די באַנקנאָטן. ער איז אָבער נישט צופרידן געווען פון רויבּ. ווייזט אויס, אַז די קריסטלעכע שכנים, וועלכע האָבן אים אָנגעוויזן אין וועלכע יידישע שטובן עס לוינט צו רויבן, האָבן אים פאַרזיכערט "בעסערע פאַר־דינסטן" ביי שאַלקען, האָט ער נאָכן אַראָפּלאָזן אַלץ, וואָס מיר האָבן אים געגעבן אין די טאַשן זיינע, אָפּגעגעבן אַזאַ מין פייערלעכע באַנדיטישע דערקלערונג:

עס טוט מיר זייער לייד, אָבער אַזוי ווי איר האָט נישט אַלץ אַרויפגעלייגט אויפן טיש, בין איך געצוווּנגען צו מאַכן אַ רעוויזיע"...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט, באַפוילן, אַז איינער פון די שטוב־מענטשן זאָל אים צולייכטן מיטן נאַפט לאָמפּ און ער האָט זיך געלאָזט זוכן אין אַלע צימערן, אויפגעעפנט די שענק און שופלאָדן און אַלץ איבערגעוואָרפן. געזוכט אין די בעטן צווישן בעטגעוואַנט און אונטער די בעטן. אין רעזולטאַט פון אַ שעה זוכן, האָט ער מער נישט געפונען ווי אַ פּאָר נייע געמזענע כאַלעוועס וואָס אברהם האָט זיך געהאַט געקויפט צו מאַכן אַ פּאָר נייע שטיוול. דעם פּאָרטפּעל מיטן געלט האָט ער נישט געפונען. ער האָט זיך באַגנוגנט מיט די כאַלעוועס, וועלכע ער האָט "קאָנפיסקירט" און זיך געלאָזט צו דער טיר.

שוין שטייענדיק אינדרויסן, האָט ער געוואָרנט קיינעם נישט צו דערציילן פון זיין "וויזיט" דאָ, ווייל אין קעגנפאַל... ער האָט נישט פאַרענדיקט, נאָר בלויז אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן רעוואָלווער, זאָגענדיק דערביי: "גוטע נאַכט, שלאָפן זי וואָהל!"

דער מצב אין שטעטל איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. דער האַנדל האָט זיך אָפּגעשטעלט. די קרעמער, וועלכע האָבן נאָך געהאַט וואָס צו פאַרקויפן האָבן נישט פאַרקויפט, נישט קענענדיק צוריקקויפן אַנדערע סחורות. בעיקר האָבן די סוחרים איינגעקויפט זייער סחורה אין וואַרשע. איצט, ווען עס איז אַ סכנה צו פאָרן מיטן צוג קיין וואַרשע און צו דעם איז אויך נישטאָ ביי וועמען צו קויפן, ווייל אויך די וואַרשעווער סוחרים האָבן נישט פאַרקויפט, טאָ צו וואָס די ריזיקע פון פאָרן. די זעלבע זאַך איז אויך געווען מיט יונגעלייט, וועלכע האָבן געאַרבעט אין וואַרשע. די וואַרשטאַטן זענען געווען פאַרמאַכט, און עס איז

נישט געווען וועגן וואָס צו פאָרן, האָבן זיך יידן אין שטעטל אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַסט די ביטערניש האָט געדרוקט, דער פּחד איז געווען גרויס און קיין הילף זעט מען דערוויל נישט זאָל אַזוי גיך קומען.

אינצווישן זענען אָנגעקומען ידיעות פון איינצלנע וועלכע עס איז געלונגען אַריינצוקומען אין ביאַליסטאָק. די ידיעות זענען געווען דערפרייענדיקע, זיי האָבן מיטגעטיילט, אַז זיי זענען גליקלעך, וואָס זיי האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון היטלע־ריסטישן גיהנום און אַז אין ביאַליסטאָק לעבן יידן פראַנק און פריי, אָן פּחד און אָן מורא. צווישן די סאָוויעטישע אָפיצירן און סאָלדאַטן זענען דאָ אַ סך יידן, וואָס רעדן יידיש. אויף טריט און שריט זענען אויפגעהאָנגען הילכער אויף סלופּעס, און דאָס געזאַנג הערט זיך פון די הילכער אַ גאַנצן מעת לעת...

דערהערנדיק אַזעלכע "זינגענדיקע" ידיעות, האָט יינגוואַרג באַשלאָסן, אַז דאָס איז עס, מען דאַרף זיך לאָזן אין וועג אַריין און אַנטלויפן וואָס שנעלער. אַ טאָג שפּעטער נאָכן אָנקומען די ידיעה פון "זינגענדיקן ביאַליסטאָק", זענען שוין צענדליקער יונגעלייט, באַלאָדן מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, געווען אויפן וועג צו דער דייטש־סאָוויעטישער גרענעץ אין מאַלקין.

די פאַמיליע־מענטשן, בעיקר מיט קינדער, האָבן דערוויל זיך אָפּגעהאַלטן פון אַנטלויפן, עס איז זיי נאָך פאַרבליבן דער טעם אין די ביינער פונעם וואַלגערן זיך מיט ווייב און קינדער אין אָקוניעוו, בעתן אַנטלויפן פון רעמבערטאָוו, פאַרן אַריינקום פון די דייטשן. די פאַמיליע מענטשן האָבן געטענהט צו זייערע קינדער אָדער קרובים, קודם פאָרט איר אין גרייט צו אַ שטיקל מקום מקלט, ווו דעם קאָפּ אָנועקצולייגן. דערנאָך וועלן מיר נאָכקומען. ליידער, איז דער חשבון געווען אַ שלעכטער. ווען דער געדאַנק פון אַנטלויפן איז ביי זיי רייף געוואָרן, איז שוין געווען צו שפּעט. די געסטאַ־אָפּצוימונג, הינטער וועלכער זיי זענען געווען הערמעטיש אָפּגעשלאָסן, האָט אויך אָפּגעצוימט די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן און זיך ראַטעווען דאָס לעבן.

דער וועג פון דער אַנטלויפנדיקער רעמבערטאָווער יוגנט, בעיקר בעתן פּרוּוון איבערשרייטן די גרענעץ ביי מאַלקין, איז נישט געווען אויסגעצירט מיט קיין רויזן. נישט דאָ איז דאָס אָרט צו דערציילן וועגן דעם, אָבער דאָס וויכטיקסטע איז, אַז אַלע זענען פריער אָדער שפּעטער אַדורך די גרענעץ און אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק.

ביי די רעמבערטאָווער יוגנט האָט אין אַלע צייטן געהערשט אַן אַחדות־געפיל. דאָס גאַנצע שטעטל יוגנטלעכע האָבן שטענדיק זיך באַטראַכט ווי איין פאַמיליע נישט קוקנדיק וואָס עס זענען געווען פאַרטייאישע חלוקי־דעות, האָט איינער צום צווייטן געפילט אַ נאָענטקייט. איצט ווען די ערשטע גרופּע פון 15—20

יוגנטלעכע איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, איז זייער ערשטער באַשלוס געווען · זיין צוזאַמען, נישט צעשיידן זיך. יעדער האָט געפילט, אַז דאָס זיין צוזאַמען, וועט זיי גאָר אַ סך לינדערן די בענקעניש צו די איבערגעלאָזטע פאַמיליעס, אָבער זייענדיק שוין אין ביאַליסטאָק האָבן זיי איינגעזען, אַז דאָס זיין אַלע צוזאַמען איז אַ שווערע הלכה דורכצופירן, מען מוז דאָך האָבן אַ דירה וואָס זאָל קענען אַריינעמען אַלע 15—20 יוגנטלעכע אונטער איין דאַך. דאָ האָט זיך גאָר אַרויסגעוויזן, אַז נישט בלויז פאַר 20 מענטשן אַ געמיינזאַם אָרט איז שווער צו געפינען, נאָר אפילו פאַר אַן איינצלנעם איז שווער צו באַקומען אַן אָרט. ווו נאָר אַ בית־מדרש, שול, טעאַטער, געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע — אַלץ איז געווען באַזעצט דורך פּליטים.

די רעמבערטאָווער גרופּע, האָבן אָבער נישט אַזוי לייכט געוואָלט אויפגעבן זייער פּלאַן, אין בהסכם כולם איז באַשלאָסן געוואָרן צו פּרווון זוכן גלייך אין אַן אַנדערער שטאָט.

נאָכן איבערנעכטיקן די ערשטע נאַכט, ווער אויפן וואקזאַל, און ווער סתם אונטערן פרייען הימל, האָבן זיי זיך צומאַרגנס פרי געטראָפן אויפן ביאַליסטאָקער וואקזאַל און אין עטלעכע שעה שפּעטער שוין געווען אויפן וועג קיין בריסק.

אָנקומענדיק קיין בריסק האָבן זיי זיך גיך איבערצייגט, אַז די לאַגע דאָ איז נישט פיל בעסער ווי אין ביאַליסטאָק. אויך דאָ איז אַלץ געווען שוין "פאַרכאַפּט" פון פּליטים.

דער דראַנג צו זיין צוזאַמען איז אָבער געווען גרעסער ווי די אַנטוישונג. זיי האָבן נישט אויפגעגעבן זייער פּלאַן און זענען אַוועק איבער דער שטאָט זוכן.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין אַ געסל, נישט ווייט פון דער דאָמבראָוו־סקיעגאָ גאַס, האָט איינער פון דער גרופּע, משה דיסטעלמאַן, באַמערקט אַ הויז, וואָס איז געטראָפן געוואָרן דירעקט פון אַ באָמבע און פון גאַנצן הויז איז געבליבן אַן איינגעפאַלענע חורבה.

משה דיסטעלמאַן האָט אָבער באַמערקט, אַז אין פראָנט פון דעם איינגעפאַלענעם הויז, איז געבליבן אַ צימער אָדער צוויי, און אין דער דירה ווּינען מענטשן (שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָרט האָבן זיך אַריינגעצויגן די געוועזענע אייגנטימער פון הויז, אַן עלטער יידיש פּאָר־פאָלק).

דאָ איז דיסטעלמאַנען איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אויב עס איז געשען אַ נס און עס איז געבליבן שטיין גאַנץ אַ דירה, אפשר געפינען זיך אין דער באָמבאַרדירטע חורבה נאָך צימערן נישט באַשעדיקטע?

די גאַנצע חברה האָבן זיך אַ לאָז געגעבן אין דער חורבה אַריין, געקראָכן איבער צעבויגענע שינעס און אָנגעוואָרפענע ציגל, און דערשטוינטע האָבן זיי

אין סאַמע מיטן פון דעם חרובן הויז אָנגעטראָפן אויף אַ גאָר גרויסע מציאה, גאַנצע צוויי צימערן מיט אַ קוך, על פי נס נישט באַשעדיקטע. קיין מעבל איז אין די צימערן נישט געווען, אויסער עטלעכע טישן און שטולן. ווייזט אויס, אַז מען האָט דאָ אַלץ "אויסגעשאַברעוועט". די סיבה פאַרוואָס עס איז דורך קיינעם נישט באַוווינט געוואָרן, לאָזט זיך נאָר אויסטייטשן דערמיט, וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט ריזיקירן צו וווינען אין אַ באָמבאַרדירט הויז.

די רעמבערטאָווער גרופּע האָבן נאָכן אַרומקוקן זיך פון אַלע זייטן "פעסט־געשטעלט", אַז די דירות זענען "אייזן שטאַרק" און קענען אויסהאַלטן יאָרן, כיבע עס וועט זיין אַן ערד ציטערניש...

נאָכן פאַרנעמען די צוויי דירות האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט ווי די רעמבער־טאָווער חברה האָבן געברענגט צושלעפּן פון אַנדערע חורבות פאַרשידענע ווירט־שאַפטס־כלים: טעפּ, שיסלען, אַ שאַנק אָן טירן, קאָצן און נאָך אַזעלכע וויכטיקע זאַכן. שפּעטער האָט מען געקויפט שטרוי און געמאַכט געלעגערס אויף דער ערד. מיט מזל איז די חברה געבליבן צוזאַמען ווו מען האָט געפּלאַנעוועט און די פרייד פון אויסבויען זיך אַן אייגענע נעסט איז געווען גאָר געהויבן.

מען איז דורכגעשלאָפן די נאַכט בשלום און דאָס הויז איז נישט איינגעפאַלן, האָט מען זיך צומאָרגנס אוועקגעזעצט שמועסן תכלית, ווייל די פּאָר זלאָטעס, וואָס יעדער האָט זיך מיטגעבראַכט, האָט נישט געקענט קלעקן אויף אַ לענגערע צייט, מען זאָל זיצן און עסן פון גרייטן. על כן האָבן חברה פּראָקלאַמירט פייערלעך, אַז זייער נעסט ווערט אָפיציעל אַנערקענט אַלס "רעמבערטאָווער קאָלאָניע" וועלכער רעמבערטאָווער עס וועט אַהערקומען, וועט אויפגענומען ווערן מיט אָפענע אָרעמס און באַקומען אַ שעניק שטרוי אויף צו שלאָפן. בנוגע "פּרנסה" איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די מענער גייען אַלע אַרבעטן. דאָס פאַרדינטע געלט ווערט איבערגעגעבן אין די קאַסע פון דער "קאָלאָניע". די מיידלעך בלייבן אין הויז. זייער אַרבעט וועט באַשטיין אין קאָכן קאָלעקטיוו פאַר אַלע, רוימען, און וועש וואַשן.

אויך איינער פון דער גרופּע מענער איז געבליבן אין הויז. ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס עקאָנאָם, קאַסירער, איינקויפער פון די פּראָדוקטן פאַר דער "קאָלאָניע" און אויפנעמען רעמבערטאָווער, וועלכע וועלן קומען זיך דאָ "באַזעצן"...

חברה יונגוואַרג איז נאָכן באַשלוס גלייך אַוועק אין דער אַרבעטס־פאַרמיט־לונגס־ביוראָ, ווו מען האָט זיי גלייך אויפגעכאַפּט מיט אָפענע אָרעמס, ווייל אין יענער צייט האָבן די "פּליטים" זיך נישט "געריסן" צו גיין צו עפנטלעכע אַרבעטן. מען האָט זיי גלייך באַשטימט צו אַרבעטן ביים רייניקן די באַן־שינעס פון שניי, פאַר כך וכך רובל אַ טאָג און אַ שפּייז־פּאַיאָק.

בלויז איינע פון די מיידלעך, יאַדזשע גרינבערג, איז נישט געבליבן זיצן אין הויז. אַלס גוטער פּאַכמאַן האָט זי באַקומען פּריוואַטע אַרבעט ביי אַ מאָדיסטין. װי איז געווען די בעסטע פֿאַרדינערין. זי האָט מער פֿאַרדינט ווי די זעקס מענער, וואָס האָבן געאַרבעט ביים רייניקן דעם שניי. יאַדזשע, וועלכע איז געווען זייער אַ געטרייע און איבערגעגעבענע, האָ טאַריינגעטראָגן אין דער קאַסע פון דער "רעמבערטאָווער־קאָלאָניע" איר גאַנצן פֿאַרדינסט און מיטגעגעסן בלויז דעם לחם עוני, וואָס איז געוואָרן צוגעגרייט פֿאַר אַלע פון קאָלעקטיוו.

אינצווישנצייט האָט מען זיך דערוווּסט אין רעמבערטאָוו, אַז חברה יונגוואַרג האָבן באַוויזן זיך צו עפּענען אַן אייגענעם "האָטעל" אין בריסק. די פֿאַנטאַזיעס זענען געפֿלויגן ביז אין הימל אַריין. געווען אַזעלכע וואָס האָבן "געוווּסט" צו דערציילן אַז די "האָטעל־אייגענטימער" מאַכן אַ קאַפּל מיט גאָלד און זיי קענען מאַכן נאָך מער. נאָר זיי ווילן קיינעם נישט פֿאַרדינגען שוין קיין "צימערן". די ליידיקע "צימערן" האַלטן זיי בלויז פֿאַר רעמבערטאָווער, וועלכע וועלן אַריבער־קומען קיין בריסק.

עס האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט, ווי עס האָבן גענומען אָנקומען יונגוואַרג פון רעמבערטאָוו און זענען גלייך פון ביאַליסטאָק מיטן ערשטן צוג אָפּגעפֿאָרן נאָך בריסק אין אייגענעם "האָטעל" אַריין. זיי האָבן זיך שנעל איבערצייגט, אַז בכדי אַריינצוקומען אין "האָטעל" אַריין, מוז מען קריכן אויף בערג מיט ציגל דורך צובויגענע אייזנס, צובראָכענע פענסטער, אַז מען דאַרף האָבן נסים ביי מען קומט אַריין אין "האָטעל" אַריין. מען זאָל זיך נישט אויסלענקען אַ פיס אָדער אין בעסטן פֿאַל אָנוועקרייסן די הויזן.

זיי האָבן געלאַכט פון טייל רעמבערטאָווער יידנס פֿאַנטאַזיעס. אַלע האָבן מיטגעלאַכט און אין רעזולטאַט איז פון אַלע געקומענע געוואָרן איין משפחה אַלע צוזאַמען האָבן געפֿונען אַ דערלייכטערונג אין זייערע צרות דערמיט וואָס זיי זענען צוזאַמען.

ווער ווייסט ווי לאַנג די "רעמבערטאָווער קאָלאָניע" וואָלט אַזוי עקזיסטירט ווען נישט אַ גרופּע סאָוויעטישע אָפיצירן, וועלכע זענען געקומען פון רוסלאַנד מיט זייערע פרויען, האָבן נישט געהאַט ווו צו וווינען און געוואָרפן אַן אויג אויף דער "קאָלאָניע". יעדע נאַכט איז געקומען עפּעס אַן אָפיציר, אַן אַגיטאַטאָר גענומען אויפקלערן מיט קליגע רייד ווו דאָס סאָוויעטישע פֿאָלק וואַרט אויף אונדז און קענען זיך גאָרנישט דערוואַרטן מיר זאָלן שוין קומען צו זיי. וואָס דאַרפן מיר זיך דאָ וואַלגערן אויף די פּאָדלאָגעס, אַז דאָרט שטייען גרייט פֿאַר אונדז, אין סאַמע מאָסקווע, די בעסטע דירות מיט טעלעפאָנען. היות ווי אַלע מענער דאָ זענען נאָך קאַוואַלערן (דער דורכשניטליכער עלטער פון די "קאָלאָניסטן

איז געווען צווישן 17 און 24 יאָר), וואַרטן דאָרט ספּעציעלע "באַרישניעס" באַלעט־טענצערינס, וועלכע וועלן אייך אַלע אויפכאַפּן...

די אַלע "קלוגע רייד" האָבן נישט געמאַכט קיין רושם אויף קיינעם און מען האָט אים בפירוש דערקלערט, אַז דערווייל האַלט עס נישט דערביי...

געזען, אַז מיט גוטן גייט עס נישט, האָבן זיי גענומען צושטעלן פאַראָרדנונגען, אַז די פּליטים טאָרן נישט וווינען נאָענט פון דער גרענעץ. יעדער "ביעזשעניעץ" מעג וווינען הונדערט קילאָמעטער ווייט פון דער גרענעץ.

זעענדיק אַז עס איז נישט גוט, האָט די "קאָלאָניע" באַשלאָסן, אַז אנשטאָט צו פאָרן 100 קילאָמעטער ווייטער — בעסער לאָזן זיך קיין רוסלאַנד אויף אַרבעט. די, וואָס האָבן אָבער נישט געהאַט קיין חשק צו פאָרן קיין רוסלאַנד, זענען זיי צוריק צום דייטש קיין רעמבערטאָוו און ליידער פאַרענדיקט זייערע לעבנס אין טרעמבלינקע.

במשך פון דער צייט פון דער עקזיסטענץ פון דער "רעמבערטאָווער קאָלאָניע", האָבן זיך אין איר אויפגעהאַלטן, אָדער זענען געווען אַ קורצע צייט, פאָלגנדע רעמבערטאָווער יוגנטלעכע. איך ברענג אויך דאָ נעמען פון רעמבערטאָווער וועלכע זענען געווען אין אַנדערע שטעט פון מערב אוקראַינע און מערב ווייס־רוסלאַנד, לויטן א״ב׳ :

אַליוועגשטיין לייבל, אַליוועגשטיין פייגע, אַליוועגשטיין אַדעלע, אייזענשטאַרק אהרן, ביטער בן־ציון, ביטער לייזער, ביטער אַדעלא, ביטער רעגינע, בימבליך אברהם, בימבליך יאַנקל, בלאַוואַטניק שמואל, בראַנדעס לובע און ראָמעק, גרינבערג יאַדזשע, גרינבערג יאָסל, דיסטעלמאַן משה, וועגדריגער ישראל, וועגדרי־גער בערל, טענענבוים שרה, טענענבוים רבקה, טענענבוים סעוועק, ברידער טורעק, יעלען איטשע, יעלען יחיאל, יעלען יצחק, מאַרכאַן פייוול, מיינעמער בלומע, מארכעווקא שרה, מאיעווסקי אסתר, מאיעווסקי חיה, סירעק משה, פוקס לאָזער, פוקס שיינדל, פינקלשטיין יהושע, פינקלשטיין מאָניעק, פינקלשטיין שכנא, קלוגמאַן אַנשל, קלוגמאַן לייבל, קלוגמאַן שלמה שאול, קירשמאַן פסח, קאַווערבלום שרה, רובין מלך, רובין שמואליק, רובין מאָניעק, רובין מאַלציע, רובין שיינדל, רובין שמואל (בן יצחק), רובין יאַנקל (בן שאַלקע), רייזמאַן רבקה, רייזמאַן אברהם, ראַבינערזאָן מרדכי, ראָזענשיין מעכל, ראַיער וואָלף, ראַפּאַפּאָרט מרדכי, ראָסיאַן פנחס, ראכמאַן אהרן, פרידמאן יאָסל, פרידמאַן אַנשל און שיינדל, שטיינמאַן משה, שטיינמאַן חנציה, שטיינמאַן הענעך, שטיינמאַן שמואל, שאַפּשיק בנימין.

פון דער אויסגערעכנטער דאָ גרופּע, האָבן זיך צוריקגעקערט נאָך רעמבערטאָוו און זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעמבלינקע :

פינקלשטיין יהושע, פינקלשטיין שכנא, פינקלשטיין מאָניעק, סירעק משה,

טענענבוים שרה, קלוגמאַן אַנשל, קלוגמאַן לייבל, קלוגמאַן שלמה שאול, רובין יאַנקל (בן שאָלקע), רובין מאַניעק (בן מלך), רובין שיינדל, רובין שמואל (בן יצחק), ראַיער וואָלף, טענענבוים סעוועק, וועגדריגער ישראל, וועגדריגער בערל און ראַכמאַן אהרן.

אומגעבראַכט דורך די דייטשן אין יאָר 1941 אין ביאַליסטאָק אָדער באַראַנאָ־וויטש בעתן אָנהויב פון די מלחמה מיט רוסלאַנד:

גרינבערג יאָזשע, טענענבוים רבקה, יעלען יחיאל, רובין מלך, רובין מאַלטשע.

געשטאָרבן אין רוסלאַנד:

פוקס לאָזער, ביטער בן־ציון, מאַרכאַן פייוול. פאַרפאַלענע אָן ידיעות: רובין שמואליק (בן מלך), בימבליך יאַנקל.

געבליבן אין רוסלאַנד:

ראַפּאַפּאָרט מרדכי, יעלען איטשע.

לעבן אין אַמעריקע:

גרינבערג יאָסל, קירשמאַן פסח, קירשמאַן לובע, בימבליך אברהם, יעלען יצחק, בראַנדעס לובע און ראָמעק, ברידער שטיינמאַן, ד״ר אשר סקאַווראָנעק און ברידער פעפער.

די איבעריקע לעבן און געפינען זיך אין ישראל.

צום סוף ווילן מיר דאָ צוגעבן אַ כאַראַקטעריסטישן פּרט: אין די אַלע שטעט פון די פאַרנומענע געביטן דורך די סאָוויעטן און מערב־אוקראַינע און אין מערב־ווייס־רוסלאַנד פון געוו. פוילן, איז במשך פון דער גאַנצער צייט, זינט דעם אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי ביזן איבערפאַל פון די היטלעריסטן אויף רוסלאַנד אין 1941, האָט נישט עקזיסטירט קיין איין איינציקע ״סאָסיעטי קאָלאָניע״ פון יידישע פליטים, וועלכע זענען אָנגעקומען פון גאַנץ פוילן, ווו עס האָבן געשאַפן די רעמבערטאָווער.

די רעמבערטאָווער יוגנטלעכע זענען געווען די איינציקע אויף דעם געביט, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון גרינדן אַזאַ ״שבת אחים־קאָלאָניע״, בכדי אויף דעם וועג צו פאַרלייכטערן זייער שווערן יסורימדיקן וואַנדער־וועג, זייער בענקעניש, איינזאַמקייט, געבענדיק אויף דעם וועג איינער דעם צווייטן טרייסט, צוגלייך מיט ראַט און טאַט.

דער געדאַנק איז נישט געקומען פון זיך, דאָס איז געווען דער פועל־יוצא פון צוזען אין די רעמבערטאָווער היימען די טיפע זאָרג פון זייערע עלטערן צו העלפן איינער דעם צווייטן און די שטענדיקע גרייטקייט צו העלפן בויט־באַדערפטיקע.

**ש. ש.**

# תנקום על בית ישראל
# ועל עם השם כי נפלו בחרב...

## געהאַלטענער הספד פון שלמה שידלאָווסקי
## אויף אַן אזכרה אין תל־אביב

דורכגענומען מיט טיפן צער, זענען מיר היינט מזכיר אונדזערע רעמבערטאָווער אָקוניעווער און מילאָסנער קדושים.

וויפל מיר זאָלן זיך נישט אָנשטרענגען, קענען מיר אַלץ נישט באַגרייפן וואָס עס איז אַזעלכעס פאָרגעקומען מיט אונדזערע פאַרשניטענע משפחות, דער ווייטאָג איז צו אומגעהויער פאַר אונדזערע מוחות צו קענען אויפנעמען דאָס געשעענע. דער מענטשלעכער באַוווסטזיין און די מענטשלעכע עמפינדלעכקייט אויף ווייטיק איז נישט אומבאַגרענעצט. מיר זענען פעאיק אויפצונעמען אין זיך געשעענישן, נישט מער ווי ביז צו אַ געוויסער גרענעץ, אָבער כדי צו קענען משיג זיין דעם גאַנצן שוידער פונעם חורבן — דאָס גייט אַריבער ווייט אויסער די גרענעצן פון מענטשלעכן באַוווסטזיין.

ווען ירמיהו הנביא זאָל איצט זיין מיט אונדז, וואָלט ער נישט אויסגעקלאָגט קיין איכה. ער וואָלט געשוויגן, ווי עס שוויגן אונדזערע קדושים. אויף אַזאַ צאָרן איז שוין נישטאָ קיין שום קלאָג און קיין שום טרייסט־וואָרט. נישטאָ קיין ווערטער אויף צו באַקלאָגן, און צו טרייסטן.

קענען מיר דען ווי געהעריק באַקלאָגן, אָדער גאָר זיין געטרייסט, ווען פון אונדזערע עלטערן, פון אַלע נאָענטע און טייערע, איז מער נישט פאַרבליבן קיין שפור. מיר הערן תמיד די לעצטע אָפקלאַנגען פון זייערע מידע טריט ווען מען האָט זיי געפירט אַן באַוויינערס אויף דעם וועג, פון וועלכן זיי האָבן זיך שוין מער קיין לעבעדיקע נישט צוריקגעקערט, און ס'איז נישט געבליבן קיין סימן פון זייער געביין, קיין קבר אויפצושטעלן אַ מצבה.

ווי און ווינד איז אונדז, לאָמיר אויפלעבן די נשמות פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס אין די טרעמבלינקער פייערן. לאָמיר פרווון אויסזוכן די מאַמעס קרבן מנחה־סדור, דעם טאַטנס טלית, אַ העמדל פון אַ קינד.

אומזיסט איז אונדזער זוכן, ווייל פוסט און וויסט איז אַלץ, בלויז אויף די מיסטן האָבן זיך געוואַלגערט צעבראָכענע שפילצייג פון אַ געשחטן קינד

עטרות פון טליתים, אַ קאַפּל, אַ היטל און אין די אויערן קלינגען די לעצטע אקאָרדן פון די יללות און געוויינען פון אונדזערע עלטערן אין די פאַרפּלאָמבירטע וואַגאָנען נאָך טרעמבלינקע, די קלאַנגען פון זייער לעצטן "יתגדל ויתקדש" נאָך זיך אַליין.

אויף אַן אסיפה פון די גדולי הדור אין ניו־יאָרק, בעת די נאַצישע מערדער האָבן פאַר די אויגן פון דער גאַנצע וועלט אומגעברענגט מיליאָנען יידן, איז אויפגעטרעטן דער לאָמזער רב הרב הגאון שאַצקעס, וועלכער האָט געזאָגט: "...אויב אַזעלכע גרויזאַמקייטן קענען פּאַרקומען פאַר די אויגן פון אַ וועלט, וואָס גרויסט זיך מיט איר ציוויליזאַציע און קולטור, דאַן מעג אַזאַ וועלט זיך איבערקערן, און זאָל פון איר צוריק ווערן אַ תוהו ובוהו".

"מיר לערנען אין חומש — האָט הרב שאַצקעס ווייטער געזאָגט — אַז ווען די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, איז די ערד געווען תוהו ובוהו, אַ וויסטעניש און גאָטס גייסט האָט געשוועבט איבערן וואַסער. זאָל פון דער וועלט ווערן צוריק תוהו ובוהו, וועט כאָטש גאָטס גייסט שוועבן איבערן וואַסער!"

די וועלט איז נישט אונטערגעגאַנגען, אונטערגעגאַנגען איז בלויז אונדזער וועלט אין אונדזערע שטעט און שטעטלעך וועלן שוין מער יידישע מאַמעס נישט פאַרוויגן זייערע קינדער, מען וועט שוין מער קיין שבתים און ימים טובים פּראַווען. קיינער וועט שוין דאָרט נישט געבוירן ווערן, און קיינער וועט שוין דאָרט נישט קומען צו קבר ישראל.

געווען אַ וועלט, פאַרשוווּנדן, אָפּגעמעקט און נישטאָ!

דעם אכזריותדיקסטן גורל פון זינט די וועלט שטייט איז באַשערט געווען אונדזערע משפחות, אויף זיי איז נגזר געוואָרן אויסצווייטיקן די טראַגיק פון דעם גאַנצן וועלטאַל. זיי זענען "אויסגעוויילט" געוואָרן צו זיין די פּאַרציקונג פון דער ווילדער היטלער־חיה אין גערמאַנישן דזשונגל; דער דזשונגל, וווּ יעדעס גרעזל איז אָנגעזאַפּט מיט יידיש בלוט, יעדער גרוב אַ מאסן קבר און יעדער בוים אַ תליה.

נישטאָ קיין שטראָף אויף דער וועלט, און אפילו נישט אין גיהנום, וואָס זאָל זיין אָנגעמאָסטן אויף די מערדער. ווען אַלע פאַרברעכנס אויף דער וועלט וועלן שוין זיין פאַרגעבן מיט מחילה, וועט בלייבן הענגען אין וועלט־חלל דער פינסטערער פלעק פון דייטשן נאַציזם.

אין תהלים קאַפּיטל ע"ט ווערט געקלאָגט אַ ווייַ געשריי אויפן חורבן בית המקדש "מזמור לאסף ה'! עס זענען געקומען גויים אין דיין נחלה, זיי האָבן מטמא געווען דיין הייליקן פּאַלאַץ, די טויטע לייבער פון דיינע קנעכט האָבן זיי

געגעבן צו עסן די פויגל, דאָס פלייש פון דיינע חסידים צו די חיות פון דער ערד, זיי האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט ווי וואַסער אַרום ירושלים, און עס איז נישטאָ קיינער ווער עס זאָל זיי באַגראָבן״.

ביי אונדזער חורבן איז קיין לייבער, און קיין ביינער אויך נישט פאַרבליבן, דער טיראַנישער שונא האָט אפילו קיין זכר פון אונדזערע קדושים נישט געלאָזט. קען דען דאָס דער מענטשלעכער מוח באַגרייפן, קענען דאָס די גרעסטע תנאים פאַרטייטשן? מיר זאָלן אפילו צען מאָל דורכגיין די מסכת ברכות.

וויי, ווי עס טוט וויי, ווען מיר וויסן, אַז פון אונדזער שטאָם און שורש איז געבליבן בלויז מחשבה, און אַז די איינציקע ירושה אונדזערע איז דער נעכטן. און אויב דער נעכטן איז אַלץ וואָס עס איז אונדז פאַרבליבן, ליגט אויף אונדז דער הייליקער חוב צו באַלעבן דעם נעכטן מיט אַ רוח חיים, אַז זיינע הייליקייטן זאָל אַרויסאָטעמען פון זיך מיט אַזאַ כוח, אַז אונדזער גייסט זאָל זיין געקניפּט מיט די לעבנס פון אונדזערע עלטערן, וועלכע האָבן מיט זייער יידישקייט, פשטות, און מעשים טובים געשאַפן ווערטן, וואָס דער צוועק איז געווען צו פאַרזיכערן דעם המשך פון זייער יידישקייט, און דאַן וועט מקויים ווערן די תפילה פון אל מלא רחמים: ״ותהיה נשמתם צרורות בצרור החיים״. זייערע נשמות וועלן דעמאָלט זיין אָנגעבינדן אין בינד פון לעבן — פון אונדזער לעבן!

דאָס אָנקניפן אונדזער גייסט מיט די לעבנס הינטער אונדז, העלפט אונדז אויך הערן די קדושימס תפילה־טענה צו די הימלען: ״באַשעפער פון דער וועלט. זע ווי אונדזערע האָפענונגען ליגן צעשמעטערטע ביי אונדזערע שוועלן.

מיר האָבן שוין מער קיין כוח און קיין טרערן נישט, ווייל אַלע געוויינען, האָבן מיר שוין אויסגעוויינט און אַלע תפילות אויסגעבעטן.

גאָט אין הימל, ווו האָסטו גענומען אַזאַ שרעקלעכן פיינט פאַר אונדז? פאַרוואָס האָסטו דווקא אויף דיין פאָלק ישראל אַרויפגעלייגט די לייד און לאַסט פון דער גאַנצער וועלט? קענען מיר דען געפינען אַ טרייסט אין דעם צדיק ורע לו, רשע וטוב לו? זענען מיר דען אַזעלכע צדיקים, פאַר אַזוי פיל שלעכטס?״

מיט די ווערטער זענען זיי דעם לעצטן וועג געגאַנגען, טאָ וואָס בלייבט אונדז נאָך איבער מער, ווי צו זאָגן צו די הימלען אונדזער תפילה:

אבינו שבשמים, אונטער דיינע פליגלען ברענג די הייליקע און ריינע, אַלע וואָס אומגעברענגט האָט זיי די האַנט פון שונא, אַלע וואָס זענען פון דער וועלט געגאַנגען אָן באַוויינערס — ווי די ליכט אין הימל שיינען זיי די געלייטערטע נשמות פון די פאַרפייניקטע גופים. ווען די לעצטע רגע האָט מיט טויט אויף זיי געלויערט, האָט דאָס קלאָרע האַרץ צו יושר אויף דער וועלט גערופן. פאַרשאָלטן זאָלן ווערן די צינדער און צעשטערער.

שטייט אויף, געפייניקטע, שטייט אויף צו חצות! שטייט אויף צו קללה אויפן מערדערישן שונא!

שטייט אויף צו חצות, קלאָגט אַרויס פון זיך דעם וויי און צאָרן מיט קללד און חרמה אויף די מערדער און אויף זייערע נאָכווייענישן עד סוף כל הדורות.

ברידער מיינע, זאָלן מיר שווערן
ביי דער מאַמעס ריינע טרערן,
ביי די זילבער־בערד פון אבות,
ביים אַש פון קינדער אָן אַ צאָל
און ביי זייער לעצטן שמע ישראל:
קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

לזכרון עד





מיינע טייערע עלטערן
יצחק און מרים באָדקער
וועלכע זענען אומגעברענגט געוואָרן אין טרעמבלינקע

פאַראייביקט:
עליזאבעט זאָבאַק, פאַר. שטאַטן



**ז׳ אלול, אין יום הזכרון נאָך די חרוב־געוואָרענע יידישע קהילות: רעמבערטאָוו, אָקוניעוו און מילאָסנע.**

**אַ גרופּע רעמבערטאָווער ביים זכרון־שטיין אינעם וואַלד, וואָס די שארית הפליטה פון אונדזערע קהילות האָבן געפלאַנצט אין די ירושלימער בערג.**

**אין דער ערשטע ריי:** גליקע ראַפּאָפּאָרט; **אין דער צווייטער ריי (רעכטס):** שלמה הובערמאַן ז״ל; **דריטע ריי (רעכטס):** מרדכי ראַבינערזאָן און שמחה פוקס.



אַ גרופּע רעמבערטאָווער, אָקוניעווער, און מילאָסנער לאַנדסלייט, נאָך דער אזכרה און יזכור־טאָג ז׳ אלול אין געפלאַנצטן רעמבערטאָוו, אָקוניעוו און מילאָסנער וואַלד, ביי די קדושים הייל אין די ירושלימער בערג.

„שימה דמעתי בנאדך הלא בספרתך" (תהלים נ"ו ט')



טיף און גרעענצלאז איז דער צער נאָכן גרויזאמען אומקום
פון מיין משפחה די קדושים

טאַטע־מאַמע:

**חיים־יהודה** און **דבורה־פערל פוקס**

ברודער און שוועגערין:

**משה־יחיאל** און **קוזע** מיט זייער זון **יצחק**

שוועסטער און שוואָגער:

**חיה־גאלדע** און **אברהם־משה ערנסטער**

מיט זייערע קינדער: **הערשל, פייגע** און **ברוריה**

ברודער און שוועגערין:

**אהרן־דוד** און **פערל** מיט זייער טעכטערל

שוועסטער: **טשארנע**

ברידער:

**אליעזר קלמן** און **עוזר־זלמן**

ה' ינקום דמם!

פאַראייביקט

**שמחה פוקס**, חיפה

# הבו לנו שם ושארית!

וכך נהגו אבותינו ואבות־אבותינו במשך דורות שרשמו בדפי הספרים את ימי־זכרון (יאָרצייטן) לאבא ואמא, לקרובי־משפחו־תיהם שהלכו לעולמם.

עם רדת השואה נכחדו גם הספרים, נמחקו שמותיהם, נעלמו ונשכחו התאריכים שהיו קודש לכל המשפחה.

בדפים אלה המצורפים לספר הזכרון אנו שואפים להמשיך במסורת הנעלה של "יקרא דשכבי" וכן "יקרא דחיי" גם יחד, למען זכר האבות לא יסוף מזרעם. כי על כן השארנו את העמודים, בהם יוכל כל אחד משרידי קהילתנו להציב ציוני־מזכרת לנפטרים והקדושים במשפחתו, לרשום בהם את שמותיהם, גילם, מתי ואיפה ניספו, נהרגו, נרצחו או מתו על משכבם והיכן מקום־קבורתם.

ובבוא היום, אחרי מאה ועשרים, ימשיכו גם צאצאינו לרשום לתוך ספר־הנצחה זה את יום־זכרון של אלה שהלכו לעולמם, את שמותיהם של אבותיהם ואמותיהם, אחיהם ואחיותיהם הנפטרים, וכל אלה שזכרם נישא בלב לאהבה ולהערצה — שיבואו על הכתוב לזכרון עד.

כן ישאר מקום לרישום כל מאורע וכל מקרה הראוי לציון.

......................................................................................................................

......................................................................................................................

......................................................................................................................

......................................................................................................................

......................................................................................................................

......................................................................................................................

